# כתובים

## חמש מגילות
## דניאל
## עזרא
## נחמיה
## דברי הימים א, ב

אידיש פון

**יהואָש**

פאַרלאַג
„תַנַךְ"
ניו־יאָרק
1936

**אַזוי ווי עס זיינען נישט געפונען געוואָרן קיין אינהאַלטספאַרצייכענישן פאַר חמש מגילות, האָבן די אַרויסגעבער באַשלאָסן בלויז צו באַצייכענען די קאַפּיטלען און די זייטן.**

# שִׁיר הַשִּׁירִים


| קאַפּיטל | זייט |
|---|---|
| א | 1 |
| ב | 3 |
| ג | 5 |
| ד | 7 |
| ה | 10 |
| ו | 13 |
| ז | 15 |
| ח | 17 |

# שִׁיר הַשִּׁירִים

**א** 1 דאָס געזאַנג פון געזאַנגען, וואָס פון שלמהן.

2 קושן זאָל ער מיך מיט די קושן פון זיין מויל;
וואָרום בעסער פון וויין איז דיין ליבשאַפט.
3 ווייל צום גערוך זיינען דיינע אײלן,
געקלערטע בוימל איז דיין נאָמען[א],
דרום האָבן יונגפרויען דיך ליב.

4 צי מיך נאָך דיר, לאָמיר לויפן! —
זאָל דער מלך מיך ברענגען אין זיינע קאַמערן,
מיר וועלן זיין לוסטיק און פריילאַך מיט דיר,
מיר וועלן לויבן דיין ליבשאַפט
מערער פון וויין.
אמת ליב האָט מען דיך.

5 שוואַרץ בין איך, אָבער שיין,
טעכטער פון ירושָלַיִם,
ווי די געצעלטן פון קֵדָר,
ווי די פאָרהאַנגען שלמהס.
6 ניט קוקט מיך אָן וואָס איך בין שוואַרצלאַך,
וואָרום די זון האָט מיך אָפּגעברענט.
די זין פון מיין מוטער האָבן געצערנט אויף מיר,
זיי האָבן מיך געמאַכט אַ היטערן פון די
ווייגערטנער;

א וואָרטשפּיל: שֶׁמֶן — שְׁמֶךָ.

מײַן אײגענעם װײנגאָרטן האָב איך ניט אָפּגעהיט.

[7]זאָג מיר דו װעמען מײַן זעל האָט ליב,
װוּ פּיטערסטו,
װוּ מאַכסטו הויערן אין מיטן טאָג?
װאָרום נאָך װאָס זאָל איך זײַן װי אַן אַרומטרײַבערן
בײַ די סטאַדעס פֿון דײַנע חברים?

[8]אויב דו װײסט עס דיר ניט,
דו שענסטע פֿון פֿרויען,
גײ דיר אַרויס אין די טריט פֿון די שאָף,
און פּיטער דײַנע ציקעלאַך בײַ די פּאַסטוכ־
געצעלטן.
[9]צו אַ פֿערדין אין פּרעהס רײַטװאָגן
האָב איך דיך געגליכן, געליבטע מײַן.
[10]שײן זײַנען דײַנע באַקן אין די קײטלאַך,
דײַן האַלדז אין די שנורן.
[11]גילדערנע קײטלאַך דיר װעלן מיר מאַכן,
מיט פּינטלאַך פֿון זילבער.

[12]בעת דער מלך איז געװען אויף זײַן הסב־בעט,
האָט מײַן נאַרד געגעבן זײַן ריח.
[13]אַ בינטל מירע װאָס רוט צװישן מײַנע בריסט,
איז מײַן געליבטער מיר.
[14]אַ הענגל ציפּערבלומען אין עין־גדיס װײַנגערטנער
איז מײַן געליבטער מיר.

[15]ביסט שײן, געליבטע מײַן, ביסט שײן,

דײַנע אויגן זײַנען טויבן.

[16]ביסט שײן געליבטער מײַן, און ליבלאַך,
גרין אויך איז אונדזער געלעגער;
[17]אונדזערע הויזבאַלקנס צעדערן,
אונדזערע װאַנטברעטער ציפּרעסן.

ב [1]איך בין אַ רויז פֿון שָרון,
אַ ליליע פֿון די טאָלן.

[2]װי אַ ליליע צװישן די דערנער,
אַזוי איז מײַן געליבטע צװישן די טעכטער.

[3]װי אַן עפּלבוים צװישן די װאַלדבוימער,
אַזוי איז מײַן געליבטער צװישן די זין.
אין זײַן שאָטן געלוסט איך צו זיצן,
און זיס איז זײַן פּרוכט צו מײַן גומען.

[4]ער האָט מיך געבראַכט אין דער װײַנקאַמער,
און זײַן פֿאָן איבער מיר איז ליבשאַפֿט געװען.

[5]לאַבט מיך מיט טרויבקוכנס,
קװיקט מיך מיט עפּל,
װאָרום קראַנק פֿון ליבשאַפֿט בין איך.
[6]זײַן לינקע האַנט אונטער מײַן קאָפּ,
און זײַן רעכטע זאָל מיך אַרומנעמען.

[7]איך באַשװער אײַך, טעכטער פֿון ירושלַיִם,
בײַ די הירשן אָדער בײַ די הינדן פֿון פֿעלד,
אויב איר װעט װעקן

און אויב איר וועט אויפוועקן די ליבשאַפט,
ביז זי וועט באַגערן.

8 האָרך! מיין געליבטער!
אָט־אָ קומט ער;
ער שפרינגט איבער די בערג,
ער הופט איבער די הייכן.
9 מיין געליבטער איז געגליכן צו אַ הירש,
אָדער צו אַ הינד אַ יונגן;
אָט־אָ שטייט ער הינטער אונדזער וואַנט,
ער קוקט דורך די פענצטער,
ער בליקט דורך די גראַטקעס.

10 האָט זיך אָפּגערופן מיין געליבטער,
און געזאָגט צו מיר:
שטיי דיר אויף מיין געליבטע,
מיין שיינע, און קום דיר.

11 וואָרום זע, דער ווינטער איז אַריבער,
דער רעגן איז פאַרגאַנגען, אַוועק.

12 די בלומען האָבן זיך באַוויזן אין לאַנד,
די צייט פון געזאַנג איז געקומען,
און דער קָול פון דער טורטלטויב
לאָזט זיך הערן אין אונדזער לאַנד.

13 דער פייגנבוים צייטיקט זיינע פריפייגן,

און די ווײַנשטאָקן אין בליאונג גיבן אַ ריח.
שטיי דיר אויף, מײַן געליבטע,
מײַן שײנע, און קום דיר.

14 מײַן טויב אין די שפּאַלטן פון פעלז,
אין דער פאַרבאָרגעניש פונעם באַרגטרעפּ;
לאָז מיך אָנזען דײַן פּנים,
לאָז מיך הערן דײַן קול,
וואָרום דײַן קול איז זיס;
און דײַן פּנים איז שײן.

15 כאַפּט אונדז די פיקס,
קלײנע פיקס וואָס פאַרדאַרבן די ווײַנגערטנער,
וואָרום אונדזערע ווײַנגערטנער זײַנען אין בליאונג.

16 מײַן געליבטער געהערט מיר;
און איך געהער אים,
דעם וואָס וואַנדערט
צווישן די ליליען.

17 ביז פאַרווײען וועט דער טאָג;
און אַנטרינען וועלן די שאָטנס;
דריי זיך אום, מײַן געליבטער;
און זײַ געגליכן צו אַ הירש,
אָדער צו אַ הינד אַ יונגן,
אויף די צעשפּאָלטענע בערג.

ג 1 אויף מײַן געלעגער בײַ נאַכט
האָב איך געזוכט דעם וואָס מײַן זעל האָט ליב;

איך האָב אים געזוכט,
און האָב אים ניט געפונען.
2„לאָמיך אויפשטיין און אַרומגיין אין שטאָט,
אין די מערק און אין די גאַסן,
לאָמיך זוכן דעם וואָס מיין זעל האָט ליב״.
איך האָב אים געזוכט,
און האָב אים ניט געפונען.
3האָבן מיך געטראָפן די וועכטער
וואָס גייען אַרום אין דער שטאָט:
דעם וואָס מיין זעל האָט ליב
צי האָט איר געזען?
4קוים בין איך אַוועק פון זיי,
באַלד האָב איך געפונען,
דעם וואָס מיין זעל האָט ליב;
האָב איך אים אָנגענומען
און האָב אים ניט אָפּגעלאָזט,
ביז איך האָב אים געבראַכט
אין הויז פון מיין מוטער,
און אין קאַמער פון מיין געווינערן.

5איך באַשווער אייך, טעכטער פון ירושָלַיִם,
ביי די הירשן אָדער ביי די הינדן פון פעלד,
אויב איר וועט וועקן
און אויב איר וועט אויפוועקן די ליבשאַפט,
ביז זי וועט באַגערן.

6ווער איז די וואָס גייט אויף פונעם מדבר,
אַזוי ווי זיילן פון רויך,
באַרייכערט מיט מירע און ווירויך,

מיט אַלערליי ווירצשטויב פון קרעמער?

7 אָט איז דאָס בעט פון שלמהן,
זעכציק גיבורים אַרום איר,
פון די גיבורים פון ישׂראל;
8 אַלע באַגורט מיט אַ שווערד,
געניט אין מלחמה;
איטלאַך זיין שווערד אויף זיין דיך,
פון וועגן דער אַנגסט אין די נעכט.

9 אַ הימלבעט האָט זיך מלך שלמה געמאַכט
פון האָלצן פון לבֿנון;
10 אירע זיילן האָט ער פון זילבער געמאַכט,
איר אָנלען פון גאָלד,
איר אויסבעט פון פורפל;
אינעווייניק געפלאַסטערט מיט ליבשאַפט
פון די טעכטער פון ירושלים.

11 גייט אַרויס, טעכטער פון ירושלים,
און קוקט אָן מלך שלמה,
אין דער קרוין וואָס זיין מוטער האָט אים באַקריינט,
אין טאָג פון זיין חתונה,
און אין טאָג פון זיין האַרצפרייד.

ד 1 ביסט שיין, געליבטע מיין, ביסט שיין,
דיינע אויגן זיינען טויבן
פון דיין שלייער אַדורך;
דיינע האָר ווי אַ סטאַדע ציגן

וואָס לאָזן זיך אַראָפּ פֿון באַרג גִלעָד.
2 דיינע ציין ווי אַ סטאַדע שאָף געטאָקטע,
וואָס קומען אַרויף פֿון געוועש,
וואָס צווילינגן זיך אַלע[א],
און ניטאָ קיין פֿאַרוואַרפֿערן[א] צווישן זיי.
3 ווי אַ רויט פֿאָדים זיינען דיינע ליפּן,
און דיין מויל איז באַחֵנט;
ווי אַן אויפשניט מילגרוים איז דיין שלייף
פֿון דיין שלייער אַדורך.
4 דיין האַלדז ווי דער טורעם פֿון דוד,
אויף אָנצוקוקן געבויט —
טויזנט פֿאַנצערס הענגען אויף אים,
אַלע שילדן פֿון די גיבורים.
5 דיינע צוויי בריסט ווי צוויי הירשלאַך,
צווילינגס פֿון אַ הירשין,
וואָס פּיטערן זיך צווישן די ליליען.

6 ביז פֿאַרווייען וועט דער טאָג
און אַנטרינען וועלן די שאָטנס,
וועל איך מיר גיין צום באַרג פֿון מירע,
און צום בערגל פֿון ווייַרויך.

7 ביסט אין גאַנצן שיין, געליבטע מיין,
און קיין פֿעלער איז אין דיר ניטאָ.

8 מיט מיר פֿון לבָנון, מיין כּלה,
מיט מיר פֿון לבָנון זאָלסטו קומען;
וועסט אַראָפּקוקן פֿון שפּיץ פֿון אֲמָנָה,

א ווערטשפּיל: שָׁכֻּלָּם – שַׁכֻּלָה.

פון שפּיץ פון שׂניר און חרמון,
פון די וווינונגען פון די לייבן,
פון די בערג פון די לעמפּערטן.

9האָסט סהאַרץ מיר געפאַנגען,
שוועסטער מיין כלה,
האָסט סהאַרץ מיר געפאַנגען
מיט איינעם פון דיינע בליקן,
מיט איין שנור פון דיינע האַלדזבענדער.

10ווי שיין איז דיין ליבשאַפט,
שוועסטער מיין כלה,
ווי בעסער דיין ליבשאַפט פון וויין,
און דער ריח פון דיינע אײלן,
פון אַלערליי בשׂמים!

11האָניקזאַפט טריפן[א] דיינע ליפּן, מיין כלה,
האָניק און מילך איז אונטער דיין צונג,
און דער ריח פון דיינע קליידער
ווי דער ריח פון לבנון.

12אַ פאַרשלאָסענער גאָרטן
איז מיין שוועסטער מיין כלה,
אַ פאַרשלאָסענער ברונעם,
אַ פאַרחתמעטער קוואַל.

13דיינע צווייגן — אַ סאָד מילגרוימען
מיט טייערע פּרוכט,
ציפּערבלומען מיט נאַרדן;

14נאַרד און זאַפראַן,

[א] וואָרטשפּיל: נֹפֶת תִּטֹּפְנָה.

געווירצראָר און צימערינג
מיט אַלערליי ווייררויכבוימער,
מירע און אַלאָען
מיט אַלערליי געקליבענע בשׂמים.

15 אַ גאָרטנקוואַל,
אַ ברונעם לעבעדיקע וואַסער.
און פלוסן פון לבָנוֹן.

16 דערוועק דיך, צפון־ווינט,
און קום, דו דָרום־ווינט;
בלאָז אויף מיין גאָרטן,
זיינע בשׂמים זאָלן פליסן,
זאָל קומען מיין געליבטער אין זיין גאָרטן,
און עסן זיין טייערע פרוכט.

ה 1 איך בין געקומען אין מיין גאָרטן,
שוועסטער מיין כּלה,
געקליבן מיין מירע מיט מיינע בשׂמים;
געגעסן מיין סאָט מיט מיין האָניק,
געטרונקען מיין וויין מיט מיין מילך.

עסט, חברים,
טרינקט און באַרוישט אײַך מיט ליבשאַפט.

2 איך שלאָף און מיין האַרץ איז אויף;
האָרך! מיין געליבטער קלאַפּט;
עפן מיר, מיין שוועסטער, מיין געליבטע,

מיין טויב, מיין אומשולדיקע,
וואָרום מיין קאָפּ איז פול מיט טוי
מיינע לאָקן מיט טראָפּנס פון נאַכט.

3 איך האָב אויסגעטאָן מיין העמדל,
ווי קען איך עס אָנטאָן?
איך האָב געוואַשן מיינע פיס,
ווי קען איך זיי אַיינריכטן?

4 האָט מיין געליבטער אויסגעשטרעקט
זיין האַנט דורכן טירלאָך,
און מיינע אינגעווייד האָבן געברומט צו אים.
5 בין איך אויפגעשטאַנען עפענען מיין געליבטן,
און מיינע הענט האָבן מירע געטריפט,
און מיינע פינגער פליסיקע מירע
אויף די הענטלאַך פון ריגל.
6 איך האָב געעפנט מיין געליבטן,
אָבער מיין געליבטער איז פאַרשוווּנדן, אַוועק –
מיין זעל איז אויסגעגאַנגען ווען ער האָט גערעדט
צו מיר –
איך האָב אים געזוכט,
און האָב אים ניט געפונען;
איך האָב אים גערופן,
און ער האָט מיר ניט געענטפערט.
7 האָבן מיך געטראָפן די וועכטער
וואָס גיין אַרום אין דער שטאָט,
האָבן זיי מיך געשלאָגן,
האָבן זיי מיך פאַרווונדט;

אַראָפּגענומען מײַן מאַנטל פֿון מיר
האָבן די װעכטער פֿון די מויערן.

[8]איך באַשװער אײַך, טעכטער פֿון ירושָלַיִם,
אַז איר װעט געפֿינען מײַן געליבטן,
װאָס איר זאָלט אים זאָגן:
אַז קראַנק פֿון ליבשאַפֿט בין איך.

[9]װאָס איז דײַן געליבטער פֿאַר אַ געליבטער,
דו שענסטע פֿון פֿרויען?
װאָס איז דײַן געליבטער פֿאַר אַ געליבטער,
װאָס דו האָסט אַזוי אונדז באַשװאָרן?

[10]מײַן געליבטער איז קלאָר און גערויטלט,
די פֿאָן פֿון צען טויזנט.
[11]זײַן קאָפּ איז פֿײַן גינגאָלד,
זײַנע לאָקן געקרײַזלט,
שװאַרץ װי דער ראָב.
[12]זײַנע אויגן װי טויבן
בײַ בעכן פֿון װאַסער;
געבאָדן אין מילך,
אײַנגעזעצט אין פֿולן.
[13]זײַנע באַקן װי אַ בײַט בשׂמים,
װי טורעמלאַך געװירצן;
זײַנע ליפּן ליליען
װאָס טריפֿן פֿליסיקע מירע.
[14]די הענט זײַנע גילדערנע װאַלצן
מיט גאָלדשטײן באַזועצט;
זײַן לײַב אַ שטיק עלפֿנבײַן
מיט סאַפּירן באַדעקט.

[15]זיינע שענקלען מירמלזיילן
געגרונטפעסט אויף שוועלן פון גינגאָלד;
זיין אָנבליק ווי דער לבֿנון,
אויסדערוויילט ווי די צעדערן.
[16]זיין גומען איז זיסקייט,
און ער אין גאַנצן אַ גלוסטיקייט.
דאָס איז מיין געליבטער,
און דאָס איז מיין חבר,
טעכטער פון ירושלַיִם.

ו [1]וווהין איז געגאַנגען דיין געליבטער,
דו שענסטע פון פרויען?
וווהין האָט זיך געקערט דיין געליבטער,
אַז מיר זאָלן אים זוכן מיט דיר?

[2]מיין געליבטער האָט גענידערט צו זיין גאָרטן
צו די בייטן פון בשׂמים,
צו וואַנדערן אין די גערטנער
און אויפקלייבן ליליען.

[3]איך בין מיין געליבטנס,
און מיין געליבטער איז מיין—
דער וואָס וואַנדערט צווישן די ליליען.

[4]ביסט שיין, מיין געליבטע, ווי תּרצה,
ליבלאַך ווי ירושָלַיִם,
פאָרכטיק ווי מחנות באַפאָנטע.
[5]קער אַוועק דיינע אויגן פון מיר,

וואָרום זיי האָבן מיך באַוועלטיקט.
דיינע האָר איז ווי אַ סטאַדע ציגן
וואָס לאָזן זיך פון גִלעָד אַראָפּ.
6 דיינע ציין ווי אַ סטאַדע שאָף
וואָס קומען אַרויף פון געוועש,
וואָס צווילינגן זיך אַלע,
און ניטאָ קיין פאַרוואַרפערן צווישן זיי.
7 ווי אַן אויפשניט מילגרוים איז דיין שלייף,
פון דיין שלייער אַדורך.

8 זעכציק די מלכּות,
און אַכציק די קעפּסווייבער,
און יונגפרויען אָן צאָל.
9 איינע מיין טויב, מיין אומשולדיקע;
איינע איז זי ביי איר מוטער,
אויסדערוויילט איז זי ביי איר געווינערן.
טעכטער האָבן זי געזען און זי געלויבט,
מלכּות און קעפּסווייבער — און זי גערימט:
10 ווער איז די וואָס קוקט אַרויס ווי דער פרימאָרגן,
שיין ווי די לבנה,
לויטער ווי די זון,
פאָרכטיק ווי מחנות באַפאָנטע?

11 צו דעם נוסגאָרטן האָב איך געניդערט,
צו באַקוקן די שפּראָצן פון טאָל,
צו זען אויב געבליט האָט דער ווייַנשטאָק,
אויב געצוויט האָבן די מילגרוימען.
12 ניט ווִיסנדיק האָט מיין זעל מיך געבראַכט

צו די רייטוועגן פון מיין פירשטלאַכן פאָלק.

ז קער צוריק, קער צוריק, שולמית,
קער צוריק, קער צוריק,
מיר זאָלן דיך אָנקוקן.

וואָס וועט איר זען אין שולמית?

אַזוי ווי אַ טאַנץ אין צוויי רייען.

2 ווי שיין דיינע טריט אין סאַנדאַלן,
דו פירשטלאַכע טאָכטער!
דיינע רונדע דיכן ווי צירונג
געמאַכט פון די הענט פון אַ קינצלער.
3 דיין נאָפּל אַ בעכער אַ רונדער;
עס פעלט ניט דער מישוויין.
דיין בויך אַ הויפן ווייץ
מיט ליליען באַצוימט.
4 דיינע צוויי בריסט ווי צוויי הירשלאַך,
צווילינגס פון אַ הירשין.
5 דיין האַלדז ווי אַ טורעם פון עלפנביין;
דיינע אויגן—די טייכן אין חשבון
ביים טויער פון בת־רבים;
דיין נאָז ווי דער טורעם פון לבנון
וואָס קוקט צו דמשק.
6 דיין קאָפּ אויף דיר ווי דער כּרמל,
און די לאָקן פון דיין קאָפּ אַזוי ווי פּורפּל;
אַ מלך איז אין די פלעכטן פאַרקניפּט.

7וי שיין ביסטו און ווי זיס ביסטו,
געליבטע, אין תּענוגים!
8דערדאָזיקער וווּקס דײַנער
איז געגליכן צו אַ טײַטלבוים,
און די בריסט דײַנע
צו הענגלאַך טרויבן.
9איך האָב געזאָגט:
איך וועל אַרויפגיין צום טײַטלבוים,
און וועל אָננעמען זײַנע צווײַגן;
און דײַנע בריסט זאָלן זײַן
אַזוי ווי הענגלאַך פון ווײַנשטאָק,
און דער ריח פון דײַן פּנים
ווי עפּל;
10און דײַן גומען ווי ווײַן גוטער
וואָס גייט גלאַטיק אַראָפּ מײַן געליבטן,
וואָס מאַכט רעדן די ליפּן פון שלאָפיקע.

11איך בין מײַן געליבטנס,
און צו מיר איז זײַן געלוסט.

12קום, געליבטער מײַן,
לאָמיר אַרויסגיין אין פעלד,
לאָמיר נעכטיקן צווישן די ציפּערבלומען.
13לאָמיר זיך פעדערן צו די ווײַנגערטנער,
לאָמיר זען אויב געבליט האָט דער ווײַנשטאָק,
אויב געעפנט האָבן זיך די קווײטן,
אויב געצוויט האָבן די מילגרוימען;
דאָרטן וועל איך געבן מײַן ליבשאַפט צו דיר.

14 די ליבעפּעלאַך גיבן אַרויס אַ ריח,
אוּן פאַר אונדזערע טירן
זײַנען אַלערלײ טײַערע פרוכט,
נײַע און אַלטע,
וואָס איך האָב באַהאַלטן
פאַר דיר, מײַן געליבטער.

ח 1 והלוואַי ביסטו ווי אַ ברודער מײַנער
וואָס האָט די בריסט פון מײַן מוטער געזויגן!
איך וואָלט דיך געטראָפן אין גאַס, דיך געקושט,
און מע וואָלט מיך ניט פאַראַכט.
2 איך וואָלט דיך געפירט, דיך געבראַכט
אין הויז פון מײַן מוטער וואָס לערנט מיך;
דיר טרינקען געגעבן פון ווײַן געקאָכטן,
פון זאַפט פון מײַן מילגרוים.

3 זײַן לינקע האַנט אונטער מײַן קאָפּ,
און זײַן רעכטע זאָל מיך אַרומנעמען.

4 איך באַשווער אײַך, טעכטער פון ירושָלַיִם,
איר זאָלט ניט וועקן
און ניט אויפוועקן די ליבשאַפט,
ביז זי וועט באַגערן.

5 ווער איז די וואָס גייט אויף פון עם מדבר,
זיך טוליענדיק צו איר געליבטן?

אונטערן עפּלבוים האָב איך דיך אויפגעוועקט

דאָרט האָט דײַן מוטער געװײטאָקט מיט דיר,
דאָרט האָט געװײטאָקט די װאָס האָט דיך געבאָרן.

6 טו מיך אַרויף װי אַ זיגל אויף דײַן האַרצן,
װי אַ זיגל אויף דײַן אָרעם,
װאָרום שטאַרק װי דער טויט איז די ליבשאַפט,
האַרט װי דער קבר די אײפערזוכט;
אירע פלאַמען זײַנען פלאַמען פײער,
אַ פלאַקער פון גאָט.
7 גרויסע װאַסערן קענען ניט פאַרלעשן די ליבשאַפט,
און טײַכן װעלן זי ניט אַװעקפלײצן.
אַז אַ מענטש זאָל געבן פאַר ליבשאַפט
דעם גאַנצן פאַרמעג פון זײַן הויז,
פאַראַכטן אים װאָלט מען פאַראַכט.

8 אַ קלײנע שװעסטער האָבן מיר,
און זי האָט נאָך קײן בריסט ניט;
װאָס זאָלן מיר טאָן מיט אונדזער שװעסטער
אין דעם טאָג װאָס מע װעט איר רעדן?

9 אויב זי איז אַ מויער,
װעלן מיר בויען אויף איר אַ זילבערנע מויערקרוין;
און אויב זי איז אַ טיר,
װעלן מיר זי פאַרשפּאַרן מיט צעדערברעטער.

10 איך בין אַ מויער,
און מײַנע בריסט װי די טורעמס;
דענסמאָל בין איך געװען אין זײַנע אויגן

אַזוי ווי אַ קוואַל פון גליק.

[11]אַ וויינגאָרטן האָט שלמה געהאַט אין בַּעַל־הָמוֹן,
האָט ער געגעבן דעם וויינגאָרטן צו היטער;
איטלאַכער פלעגט ברענגען
פאַר זיין פרוכט טויזנט זילבערשטיק.
[12]מיין אייגענער וויינגאָרטן איז ביי מיר.
די טויזנט זיינען פאַר דיר, שלמה,
אָבער צוויי הונדערט פאַר די וואָס היטן זיין פרוכט.

[13]דו וואָס זיצסט אין די גערטנער,
די חברים האָרכן אויף דיין קָול,
לאָז מיך אים הערן.

[14]אַנטלויף, געליבטער מיין,
און זיי געגליכן צו אַ הירש,
אָדער צו אַ הינד אַ יונגן,
אויף די בשׂמים־געבערג.

# רות



| קאַפּיטל | זייט |
| --- | --- |
| א | 1 |
| ב | 3 |
| ג | 6 |
| ד | 8 |

# רות

**א** [1]און עס איז געווען אין די טעג וואָס די שופטים[א] האָבן
געהערשט, איז געווען אַ הונגער אין לאַנד. און אַ מאַן
איז געגאַנגען פון בֵּית־לֶחֶם־יהודה זיך אויפצוהאַלטן אין
פעלד פון מואָב, ער מיט זיין ווייב און זיינע צוויי זין.
[2]און דער נאָמען פון דעם מאַן איז געווען אֱלִימֶלֶך, און דער
נאָמען פון זיין ווייב נָעֳמִי, און דער נאָמען פון זיינע צוויי
זין מַחלון און כִּליון — אֶפרָתער פון בֵּית־לֶחֶם־יהודה. און
זיי זיינען געקומען אין פעלד פון מואָב, און זיינען דאָרטן
געווען.
[3]איז געשטאָרבן אֱלִימֶלֶך, נָעֳמִיס מאַן, און זי איז איבער־
געבליבן, מיט אירע צוויי זין. [4]און זיי האָבן גענומען
מואָבער ווייבער: דער נאָמען פון איינער איז געווען עָרפָּה
און דער נאָמען פון דער צווייטער רות. און זיי זיינען
דאָרטן געזעסן אַרום צען יאָר.
[5]און זיי ביידע, מַחלון און כִּליון, זיינען געשטאָרבן, און
די פרוי איז געבליבן פאַרעלנדט פון אירע ביידע קינדער
און איר מאַן. [6]און זי איז אויפגעשטאַנען מיט אירע שניר,
און האָט זיך אומגעקערט פון פעלד פון מואָב, וואָרום זי
האָט געהערט אין פעלד פון מואָב אַז גאָט האָט געדאַכט אָן
זיין פאָלק, זיי צו געבן ברויט. [7]און זי איז אַרויס פון דעם
אָרט וואָס זי איז דאָרטן געווען, און אירע ביידע
שניר מיט איר, און זיי זיינען געגאַנגען אין וועג, כּדי זיך
אומצוקערן צום לאַנד יהודה.
[8]האָט נָעֳמִי געזאָגט צו אירע ביידע שניר: גייט קערט

א זע שופטים ב, 16.

אײַך אום איטלאַכע צו איר מוטערס הויז. זאָל גאָט טאָן
מיט אײַך חסד אַזוי װי איר האָט געטאָן מיט די גע־
שטאָרבענע און מיט מיר. 9זאָל אײַך גאָט געבן איר זאָלט
געפינען מנוחה איטלאַכע אין הויז פון איר מאַן.
און זי האָט זײ געקושט; און זײ האָבן אויפגעהויבן זײער
קול און האָבן געװײנט. 10און זײ האָבן צו איר געזאָגט: ניין,
נײערט מיר װעלן מיט דיר זיך אומקערן צו דײַן פאָלק.
11האָט נָעֳמי געזאָגט: קערט אײַך אום, טעכטער מײַנע,
צו װאָס זאָלט איר גײן מיט מיר? האָב איך דען נאָך זין
אין מײַן לײַב, אַז זײ זאָלן אײַך װערן פאַר מאַנען? 12קערט
אײַך אום, טעכטער מײַנע, גײט, װאָרום איך בין צו אַלט צו
האָבן אַ מאַן; לאָמיך שױן זאָגן, איך האָב אַ האָפענונג, איך
זאָל נאָך די נאַכט האָבן אַ מאַן, און זאָל אויך געבערן זין,
13װעט איר דען אויף זײ אויסקוקן ביז זײ װעלן גרויס װערן?
װעט איר צוליב זײ בלײַבן זיצן ניט צו נעמען קײן מאַן?
ניין, טעכטער מײַנע! װאָרום מיר איז פיל ביטערער פון
אײַך, װײַל גאָטס האַנט איז אויסגעגאַנגען אויף מיר.
14האָבן זײ אויפגעהויבן זײער קול און האָבן װידער
געװײנט. און עָרפָּה האָט זיך צעקושט מיט איר
שװיגער, אָבער רות האָט זיך באַהעפט אָן איר. 15האָט זי
געזאָגט: זע, דײַן שװעגערן האָט זיך אומגעקערט צו איר
פאָלק און צו איר גאָט; קער זיך אום נאָך דײַן שװעגערן.
16האָט רות געזאָגט: זאָלסט מיך ניט בעטן דיך צו פאַרלאָזן,
זיך אומצוקערן פון הינטער דיר, װאָרום װוהין דו װעסט
גײן, װעל איך גײן, און װוּ דו װעסט נעכטיקן, װעל איך
נעכטיקן; דײַן פאָלק איז מײַן פאָלק, און דײַן גאָט איז מײַן
גאָט. 17װוּ דו װעסט שטאַרבן, װעל איך שטאַרבן, און
דאָרטן װעל איך באַגראָבן װערן. זאָל מיר גאָט טאָן אַזוי

און נאָך מער! נאָר דער טויט וועט פאַנאַנדערשיידן צווישן
מיר און צווישן דיר.
18און זי האָט געזען, אַז זי האַלט זיך פעסט צו גיין מיט
איר, און זי האָט אויפגעהערט זי אָפּצורעדן. 19און זיי
זיינען ביידע געגאַנגען ביז זיי זיינען געקומען קיין בית־לחם
און עס איז געווען, ווי זיי זיינען אָנגעקומען קיין בית־לחם,
אַזוי האָט די גאַנצע שטאָט געטומלט מיט זיי, און די
[ווייבער] האָבן געזאָגט: איז דאָס נעמי? 20האָט זי צו זיי
געזאָגט: איר זאָלט מיך ניט רופן נעמי[א], רופט מיך מרה[ב],
וואָרום דער אַלמאַכטיקער האָט מיר זייער פאַרביטערט.
21אַ פולע בין איך אַרויסגעגאַנגען, און ליידיק האָט מיך גאָט
אומגעקערט. נאָך וואָס רופט איר מיך נעמי, אַז גאָט איז
מיין קלעגער געוואָרן, און דער אַלמאַכטיקער האָט מיר
שלעכטס געטאָן.
22אַזוי האָט זיך אומגעקערט נעמי, און איר שנור רות די
מואָבערן מיט איר, די וואָס האָט זיך אומגעקערט פון דעם
פעלד פון מואָב. און זיי זיינען אָנגעקומען אין בית־לחם
אין אָנהייב גערשטנשניט.

ב 1און נעמי האָט געהאַט איר מאַנס אַ קרוב, אַ וויל
פאַרמעגלאַכן מאַן פון אלימלכס משפחה, וואָס זיין
נאָמען איז געווען בועז.
2און רות די מואָבערן האָט געזאָגט צו נעמין: לאָמיך
גיין, איך בעט דיך, אין פעלד, און איך וועל אויפקלייבן
זאַנגען הינטער דעם וואָס איך וועל געפינען לייטזעליקייט
אין זיינע אויגן. האָט זי געזאָגט צו איר: גיי, מיין טאָכטער.
3איז זי אַוועק, און איז געקומען און האָט געקליבן אין
פעלד הינטער די שניטערס, און אויף איר טראַף האָט זיך

א זיסע. ב ביטערע.

געטראָפן דאָס שטיק פעלד פון בּוֹעַזן וואָס פון אֱלִימֶלֶכס
משפּחה. 4ערשט בּוֹעַז איז אָנגעקומען פון בֵּית־לֶחֶם, און
האָט געזאָגט צו די שניטערס: גאָט מיט אײַך! און זײ האָבן
צו אים געזאָגט: בּענטשן זאָל דיך גאָט! 5האָט בּוֹעַז געזאָגט
צו זײַן יונג וואָס איז געשטאַנען איבּער די שניטערס: וועמעס
איז דידאָזיקע יונגע פרוי? 6האָט געענטפערט דער יונג
וואָס איז געשטאַנען איבּער די שניטערס, און האָט געזאָגט:
דאָס איז אַ יונגע פרוי אַ מוֹאָבערן, וואָס האָט זיך אומ־
געקערט מיט נָעֳמִין פון דעם פעלד פון מוֹאָב; 7און זי האָט
געזאָגט: לאָמיך קלײַבּן, איך בּעט דיך, און אויפזאַמלען
צווישן די גאַרבּן הינטער די שניטערס; און זי איז געקומען
און איז געשטאַנען פון זינט פרימאָרגן אַזש בּיז אַצונד; דאָס
בּלײַבּן אירס אין דער הײם איז בּלויז געווען אַ ווײַלע.
8האָט בּוֹעַז געזאָגט צו רותן: פאַרוואָר דו הערסט, מײַן
טאָכטער? זאָלסט ניט גײן קלײַבּן אין אַן אַנדער פעלד,
און זאָלסט אויך ניט אַוועקגײן פון דאַנען; נאָר דאָ זאָלסטו
זיך האַלטן מיט מײַנע מײדלאַך. 9דײַנע אויגן זאָלן זײַן
אויף דעם פעלד וואָס זײ שנײַדן, און זאָלסט גײן הינטער
זײ. פאַרוואָר איך האָב בּאַפוילן די יונגען, דיך ניט
אָנצורירן; און אַז דיר וועט דאָרשטן, זאָלסטו גײן צו די
כּלים, און טרינקען פון וואַנען די יונגען שעפּן.
10איז זי געפאַלן אויף איר פּנים, און האָט זיך געבּוקט צו
דער ערד, און האָט צו אים געזאָגט: פאַרוואָס האָב איך
געפונען לײַטזעליקײט אין דײַנע אויגן, מיך צו דערקענען,
אַז איך בּין אַ פרעמדע? 11האָט בּוֹעַז געענטפערט און האָט
צו איר געזאָגט: דערצײלן איז מיר דערצײלט געוואָרן אַלץ
וואָס דו האָסט געטאָן מיט דײַן שוויגער נאָך דײַן מאַנס טויט,
און אַז דו האָסט פאַרלאָזן דײַן פאָטער און דײַן מוטער,

און דאָס לאַנד פון דיין געבאָרנשאַפט, און ביסט געגאַנגען
צו אַ פאָלק וואָס דו האָסט ניט געקענט פון נעכטן־אייער־
נעכטן. [12]זאָל גאָט באַצאָלן דיין טואונג, און דיין שׂכר זאָל
זיין פאַרפול פון יהוה דעם גאָט פון ישׂראל, וואָס דו ביסט
געקומען זיך באַשיצן אונטער זיינע פליגלען. [13]האָט זי
געזאָגט: לאָמיך געפינען לייטזעליקייט אין דיינע אויגן מיין
האַר! ווייל דו האָסט מיך געטרייסט, און ווייל דו האָסט
גערעדט צום האַרצן פון דיין דינסט, און איך בין צומאָל
ניט ווי איינע פון דיינע דינסטן. [14]האָט בּוֹעַז צו איר געזאָגט:
אין דער צייט פון עסן, גענען אַהער, און וועסט עסן פון
דעם ברויט, און וועסט אײַנטונקען דיין ביסן אין זויערס.
און זי איז געזעסן ביי דער זייט פון די שניטערס, און מע
האָט איר דערלאַנגט געבּרענטע זאַנגען, און זי האָט געגעסן
און איז זאַט געוואָרן, און האָט נאָך איבערגעלאָזן. [15]און ווי
זי איז אויפגעשטאַנען צו קלייבן, האָט בּוֹעַז באַפוילן זיינע
יונגען, אַזוי צו זאָגן: אויך צווישן די גאַרבן זאָל זי קלייבן,
און איר זאָלט זי ניט פאַרשעמען. [16]און אויך אַרויסציען
פון די בינטלאַך זאָלט איר פאַר איר אַרויסציען, און
איבערלאָזן, אַז זי זאָל אויפקלייבן; און איר זאָלט ניט
אָנשרייען אויף איר.
[17]און זי האָט געקליבן אין פעלד ביזן אָוונט, און זי
האָט אויסגעקלאַפּט וואָס זי האָט אָנגעקליבן, און עס איז
געווען אַרום אַן אֵיפָה גערשטן. [18]און זי האָט עס גענומען
און איז אַריינגעגאַנגען אין שטאָט. און איר שוויגער האָט
געזען וואָס זי האָט אָנגעקליבן, אויך האָט זי אַרויסגענומען
און איר געגעבן וואָס זי האָט איבערגעלאָזן נאָך איר זעט.
[19]האָט איר שוויגער צו איר געזאָגט: ווו האָסטו געקליבן
היינט, און ווו האָסטו געאַרבעט? געבענטשט זאָל זיין דער

וואָס האָט זיך אומגעקוקט אויף דיר! האָט זי דערציילט
איר שוויגער ביי וועמען זי האָט געאַרבעט, און זי האָט
געזאָגט: דער נאָמען פון דעם מאַן וואָס איך האָב ביי אים
היינט געאַרבעט, איז בּוֹעַז. [20]האָט נָעֳמי געזאָגט צו איר
שנור: געבענטשט זאָל ער זיין פון גאָט, וואָס האָט ניט פאַר־
לאָזן זיין חסד מיט די לעבעדיקע און מיט די טויטע! און
נָעֳמי האָט צו איר געזאָגט: דער מאַן איז אונדזערער אַ
נאָנטער, ער איז פון אונדזערע אויסלייזער[א]. [21]האָט רות
די מוֹאָבערן געזאָגט: ער האָט מיר אויך אָנגעזאָגט: לעבן
די יונגען וואָס ביי מיר זאָלסטו זיך האַלטן, ביז וואַנען זיי
וועלן ענדיקן דעם גאַנצן שניט וואָס ביי מיר. [22]האָט נָעֳמי
געזאָגט צו רות איר שנור: עס איז גוט, מיין טאָכטער, אַז דו
זאָלסט אַרויסגיין מיט זיינע מיידלאַך, און מע זאָל דיך ניט
אָנטרעפן אין אַן אַנדער פעלד.
[23]און זי האָט זיך געהאַלטן אָן בּוֹעַזעס מיידלאַך, צו
קלייבן ביז צום סוף פון גערשטנשניט און ווייצשניט. און זי
איז געזעסן ביי איר שוויגער.

ג [1]און נָעֳמי איר שוויגער האָט צו איר געזאָגט: מיין טאָכ־
טער, זאָל איך דיר ניט אויפזוכן אַן אָפּרו וואָס זאָל גוט
זיין פאַר דיר? [2]און אַצונד איז ניט בּוֹעַז אונדזערער אַ
קָרוב – דער וואָס דו ביסט געווען מיט זיינע מיידלאַך?
אָט ווינטשופלט ער די נאַכט דעם שייער גערשטן. [3]זאָלסטו
זיך אַרומוואַשן און באַזאַלבן, און אָנטאָן אויף דיר דיינע
קליידער, און אַראָפּנידערן צום שייער; זאָלסט זיך ניט
לאָזן מערקן פון דעם מאַן, ביז ער האָט געענדיקט עסן
און טרינקען. [4]און עס וועט זיין ווי ער וועט זיך לייגן, אַזוי
זאָלסטו מערקן דעם אָרט וואָס ער וועט זיך דאָרטן לייגן,

א אַ קָרוב וואָס האָט דאָס רעכט אויסצולייזן אָדער נעמען פאַר זיך.

און זאָלסט צוקומען און אָפּדעקן זיין צופוסן, און זיך
אַוועקלייגן; און ער וועט דיר זאָגן וואָס דו זאָלסט טאָן. 5האָט
זי צו איר געזאָגט: אַלץ וואָס דו זאָגסט מיר וועל איך טאָן.
6און זי האָט אַראָפּגענידערט צום שייער, און האָט געטאָן
אַזוי ווי אַלץ וואָס איר שוויגער האָט איר געהייסן. 7און
בּוֹעַז האָט געגעסן און געטרונקען, און זיין האַרץ איז געווען
פריילאַך, און ער איז געגאַנגען זיך לייגן אין עק פון דעם
תּבואה־הויפן. איז זי צוגעקומען שטילערהייט, און האָט
אָפּגעדעקט זיין צופוסן, און האָט זיך געלייגט. 8און עס איז
געווען אין האַלבע נאַכט, האָט דער מאַן אויפגעציטערט,
און ער האָט זיך אויסגעדרייט, ערשט אַ פרוי ליגט אים צו־
פוסן. 9האָט ער געזאָגט: ווער ביסטו? האָט זי געזאָגט:
איך בין רות דיין דינסט; און זאָלסט אויסשפּרייטן דיין בּרעג
קלייד איבער דיין דינסט, וואָרום אַן אויסלייזער ביסטו.
10האָט ער געזאָגט: געבענטשט זאָלסטו זיין פון גאָט, מיין
טאָכטער; דיין לעצטע גוטסקייט האָסטו נאָך שענער געטאָן
פון דער ערשטער, ניט צו גיין נאָך די בּחורים, צי אָרעם
צי רייך. 11און אַצונד, מיין טאָכטער, זאָלסטו ניט מוֹרא
האָבן; אַלץ וואָס דו וועסט זאָגן, וועל איך דיר טאָן, וואָרום
דער גאַנצער טויער פון מיין פאָלק ווייס אַז דו ביסט אַ
ווֹילע פרוי. 12און אַצונד, יאָ אמת, אַז אַן אויסלייזער בין
איך, אָבער פאַראַן אַן אויסלייזער נענטער פון מיר.
13בּלייב די נאַכט, און עס וועט זיין אין דער פרי, אויב ער
וועט דיך אויסלייזן, איז גוט, זאָל ער אויסלייזן; אויב אָבער
ער וועט דיך ניט וועלן אויסלייזן, וועל איך דיך אויסלייזן,
אַזוי ווי גאָט לעבט! ליג בּיז אין דער פרי.
14איז זי געלעגן בּיי אים צופוסן בּיז באַגינען, און זי איז
אויפגעשטאַנען איידער איינער האָט געקענט דערקענען

דעם אַנדערן; וואָרום ער האָט געזאָגט: עס זאָל ניט דער־
ווּסט ווערן אַז די פֿרוי איז געקומען אין שייער.
15און ער האָט געזאָגט: גיב אַהער דאָס טוך וואָס אויף
דיר, און האַלט עס צו. האָט זי עס צוגעהאַלטן, און ער
האָט אַריינגעמאָסטן זעקס מאָס גערשטן, און אַרויפֿגעטאָן
אויף איר. און ער איז אַריינגעגאַנגען אין שטאָט.
16און זי איז געקומען צו איר שוויגער, האָט זי געזאָגט:
ווי איז דאָס מיט דיר, מיין טאָכטער? האָט זי איר דערציילט
אַלץ וואָס דער מאַן האָט צו איר געטאָן. 17און זי האָט
געזאָגט: די זעקס מאָס גערשטן האָט ער מיר געגעבן, ווייל
ער האָט צו מיר געזאָגט: זאָלסט ניט קומען מיט ליידיקן
צו דיין שוויגער. 18האָט זי געזאָגט: זיץ, מיין טאָכטער,
ביז וואַנען וועסט וויסן ווי די זאַך וועט אויספֿאַלן, וואָרום
דער מאַן וועט ניט רוען, ביז ער האָט געענדיקט די זאַך
היינט.

ד 1און בּוֹעַז איז אַרויפֿגעגאַנגען צום טויער, און האָט
זיך דאָרטן געזעצט, ערשט דער אויסלייזער פֿון
וועמען בּוֹעַז האָט גערעדט, גייט פֿאַרביי. האָט ער געזאָגט:
קום אַהער זעץ זיך דאָ, דער און דער. איז ער צוגעקומען
און האָט זיך געזעצט.
2און ער האָט גענומען צען מענטשן פֿון די עלטסטע פֿון
שטאָט, און ער האָט געזאָגט: זעצט אײַך דאָ. און זיי האָבן
זיך געזעצט. 3האָט ער געזאָגט צום אויסלייזער: נָעֳמִי וואָס
האָט זיך אומגעקערט פֿון פֿעלד פֿון מוֹאָב, פֿאַרקויפֿט דאָס
שטיק פֿעלד וואָס האָט געהערט צו אונדזער ברודער צו
אֱלִימֶלֶכן. 4האָב איך געקלערט: איך וועל אַנטפּלעקן
דיין אויער, אַזוי צו זאָגן: קויף עס אַנטקעגן פֿאַר די וואָס

זיצן דאָ, און אַנטקעגן פאַר די עלטסטע פון מיין פאָלק. אויב דו ווילסט אויסלייזן, לייז אויס! אויב אָבער מע וועט ניט אויסלייזן, זאָג מיר, כּדי איך זאָל עס וויסן, וואָרום ניטאָ קיינער אַחוץ דיר אויסצולייזן, און איך בין נאָך דיר. האָט ער געזאָגט: איך וועל אויסלייזן. [5]האָט בּוֹעַז געזאָגט: אין דעם טאָג וואָס דו קויפסט דאָס פעלד פון נָעֳמיס האַנט, און פון רות דער מוֹאָבערן, האָסטו געקויפט די ווייב פון דעם געשטאָרבענעם, כּדי אויפצושטעלן דעם נאָמען פון דעם געשטאָרבענעם אויף זיין נחלה. [6]האָט דער אויסלייזער געזאָגט: איך קען עס ניט אויסלייזן פאַר מיר, וואָרום איך וועל נאָך פאַרדאַרבן מיין אייגענע נחלה. לייז דיר דו אויס וואָס איך דאַרף אויסלייזן, וואָרום איך קען ניט אויסלייזן.

[7]און אַזוי איז געווען פאַרצייטן אין ישׂראל: ביי אַן אויסלייז אָדער ביי אַן אויסבייט, צו באַפעסטיקן עפּעס אַ זאַך, האָט איינער אַראָפּגעצויגן זיין שוך און געגעבן דעם אַנדערן און דאָס איז געווען צום עדות אין ישׂראל.

[8]האָט דער אויסלייזער געזאָגט צו בּוֹעַזן: קויף עס דיר. און ער האָט אַראָפּגעצויגן זיין שוך. [9]און בּוֹעַז האָט געזאָגט צו די עלטסטע, און צו דעם גאַנצן פאָלק: איר זייט עדות היינט, אַז איך האָב אָפּגעקויפט אַלץ וואָס האָט געהערט צו אֶלִימֶלֶכן, און אַלץ וואָס האָט געהערט צו כִּליוֹנען און מַחלוֹנען, פון נָעֳמיס האַנט. [10]און אויך רות די מוֹאָבערן מַחלוֹנס ווייב האָב איך געקויפט מיר פאַר אַ ווייב, כּדי אויפצושטעלן דעם נאָמען פון דעם געשטאָרבענעם אויף זיין נחלה, אַז דער נאָמען פון דעם געשטאָרבענעם זאָל ניט פאַרשניטן ווערן פון צווישן זיינע ברידער, און פון דעם טויער פון זיין אָרט; איר זייט עדות היינט. [11]האָט געזאָגט דאָס גאַנצע פאָלק וואָס אין טויער, און די עלטסטע: עדות!

גאָט זאָל געבן אַז די ווײַב וואָס קומט אָן אין דײַן הויז, זאָל
זײַן אַזוי ווי רחל און אַזוי ווי לאה וואָס זײ בײדע האָבן אויפ־
געבויט דאָס הויז פון ישׂראל! און טו אויף העלדישקײט אין
אֶפרָת, און האָב אַ באַרופֿענעם נאָמען אין בֵּית־לֶחֶם! [12]און
דײַן הויז זאָל זײַן אַזוי ווי דאָס הויז פון פֶּרֶצן וואָס תָּמָר האָט
געבאָרן יהודהן, פון דעם זאָמען וואָס גאָט וועט דיר געבן
פון דערדאָזיקער יונגער פרוי!
[13]און בּוֹעַז האָט גענומען רותן, און זי איז אים געוואָרן
פאַר אַ ווײַב, און ער איז צו איר געקומען, און גאָט האָט
איר געגעבן טראָגשאַפֿט, און זי האָט געבאָרן אַ זון. [14]האָבן
די ווײַבער געזאָגט צו נָעֳמִין: געלויבט איז גאָט וואָס ער האָט
דיך הײַנט ניט געלאָזן אָן אַן אויסלײזער, און זאָל זײַן נאָמען
זײַן באַרופֿן אין ישׂראל! [15]און ער זאָל דיר זײַן פאַר אַ
דערקוויקער פון דער זעל, און אויף אויסצוהאַלטן דײַן
עלטער וואָרום דײַן שנור וואָס האָט דיך ליב, האָט
אים געבאָרן, וואָס זי איז דיר בעסער ווי זיבן זין.
[16]און נָעֳמִי האָט גענומען דאָס קינד, און האָט עס אַרײַנ־
געטאָן אין איר בוזעם, און זי איז אים געווען פאַר אַ דער־
ציערן. [17]און די שכנות האָבן אים געגעבן אַ נאָמען, אַזוי
צו זאָגן: אַ זון איז געבאָרן געוואָרן בײַ נָעֳמִין; און זײ האָבן
גערופֿן זײַן נאָמען עוֹבֵד. דאָס איז דער פאָטער פון יִשַׁי
דעם פאָטער פון דודן.
[18]און דאָס זײַנען די געבורטן פון פֶּרֶצן: פֶּרֶץ האָט גע־
באָרן חֶצרוֹנען; [19]און חֶצרוֹן האָט געבאָרן רָמען, און רָם
האָט געבאָרן עַמינָדָבן; [20]און עַמינָדָב האָט געבאָרן נַחשוֹנען,
און נַחשוֹן האָט געבאָרן שַׂלמָהן; [21]און שַׂלמוֹן האָט געבאָרן
בּוֹעַזן, און בּוֹעַז האָט געבאָרן עוֹבֵדן; [22]און עוֹבֵד האָט גע־
באָרן יִשַׁין, און יִשַׁי האָט געבאָרן דודן.

# אֵיכָה


| קאַפּיטל | זייט |
| --- | --- |
| א | 1 |
| ב | 6 |
| ג | 10 |
| ד | 16 |
| ה | 19 |

# אֵיכָה

א  א 1ווי איז געבליבן זיצן אַליין
די שטאָט פון פיל פאָלק;
געוואָרן ווי אַן אַלמנה
די פירשטין צווישן די אומות;
די האַרנטע צווישן די מדינות
געוואָרן צו צינז!
ב  2וויינען טוט זי וויינען בײַ נאַכט,
און איר טרער איז אויף איר באַק;
זי האָט ניט קיין טרייסטער
פון אַלע אירע ליבהאָבער;
אַלע אירע גוטע פרײַנט האָבן געפעלשט אָן איר,
זיי זיינען איר שׂונאים געוואָרן
ג  3יהודה איז אין גלות אַוועק
אין פּײַן און אין גרויס קנעכטשאַפט;
זי זיצט צווישן די פעלקער,
זי געפינט ניט קיין רו;
אַלע אירע נאָכיאָגערס האָבן זי דערגרייכט
צווישן די ענגענישן.
ד  4די וועגן פון ציון טרויערן,
ווײַל ניטאָ די וואָס קומען אויף יָום־טוב;
אַלע אירע טויערן זיינען וויסט,
אירע כֹּהנים זיפצן,
אירע יונגפרויען זיינען פאַראומערט,
און זי, ביטער איז איר.

ה [5]אירע פֿיינט זיינען געוואָרן די קעפּ;
אירע שׂונאים זיינען אין שַׁלווה;
וואָרום גאָט האָט זי פֿאַראומערט,
פֿאַר די פֿיל פֿאַרברעכן אירע;
אירע קליינע קינדער זיינען אַוועק אין געפֿאַנגענשאַפֿט
פֿאַרויס פֿאַרן פֿיינט.
ו [6]און אַרויס איז פֿון טאָכטער צִיוֹן
דער גאַנצער גלאַנץ אירער;
אירע האַרן זיינען געוואָרן ווי די הינדן,
וואָס געפֿינען ניט קיין פּיטערונג,
און זיי זיינען געגאַנגען אָן כּוח
פֿאַר דעם נאָכיאָגער.

ז [7]ירושָׁלַיִם דערמאָנט זיך
אין די טעג פֿון איר פּיין און אירע וואָגלענישן,
אַלע גלוסטיקייטן וואָס זי האָט געהאַט
אין די טעג פֿון אַמאָל.
ווען איר פֿאָלק איז געפֿאַלן פֿון דער האַנט פֿון פֿיינט,
און זי האָט ניט קיין העלפֿער געהאַט,
האָבן די פֿיינט געקוקט אויף איר,
געלאַכט אויף איר אונטערגאַנג.
ח [8]זינד געזינדיקט האָט ירושָׁלַיִם,
דרום איז זי פֿאַר אַן אומריינער געוואָרן;
אַלע וואָס האָבן זי געאַכט, פֿאַראַכטן זי,
ווייל זיי האָבן געזען איר שאַנד;
יאָ, זי אַליין טוט זיפֿצן,
און קערט זיך אַהינטער.
ט [9]איר אומריינקייט איז געווען אין אירע ברעגן.

זי האָט ניט געדאַכט אָן איר סוף;
דרום האָט זי װוּנדערלאַך געניִדערט,
זי האָט ניט קיין טרייסטער.
זע, גאָט, מיין פּיין,
וואָרום דער שׂונא טוט זיך גרייסן.
י 10דער פיינט האָט אויסגעשפּרייט זיין האַנט
אויף אַלע אירע גלוסטיקייטן;
וואָרום זי האָט געזען ווי די פעלקער
זיינען געקומען אין איר הייליקטום,
די וואָס דו האָסט באַפוילן,
זיי זאָלן אין דיין עדה ניט קומען.
כ 11דאָס גאַנצע פאָלק אירס זיפצט,
זיי זוכן ברויט;
זייערע גלוסטיקייטן האָבן זיי אַוועקגעגעבן
פאַר שפּייז,
דעם נפש צו דערקוויקן.
זע, גאָט, און קוק
ווי נידעריק איך בין געוואָרן.

ל 12ניט געשען זאָל עס אייך, אַלע וועגגייער!
טוט אַ קוק, און זעט,
צי איז דאָ אַ ווייטאָק ווי מיין ווייטאָק,
וואָס איז מיר אָנגעטאָן געוואָרן,
ווען גאָט האָט מיך פאַראומערט,
אין טאָג פון זיין גרימצאָרן.
מ 13פון דער הייך האָט ער אַראָפּגעשיקט אַ פייער
אין מיינע ביינער, און זיי באַוועלטיקט;
ער האָט פאַרשפּרייט אַ נעץ פאַר מיינע פיס,

עֶר האָט מיך אַהינטער געקערט;
וויסט האָט ער מיך געמאַכט,
קראַנק אַ גאַנצן טאָג.
נ 14 פאַרקניפּט מיט זיין האַנט
איז דער יאָך פון מיינע זינד;
זיי פּלעכטן זיך, זיי לייגן זיך אַרויף אויף מיין האַלדז;
ער האָט געמאַכט שטרויכלען מיין כּוח;
גאָט האָט מיך געגעבן אין הענט,
אַז איך קען ניט אויפשטיין.
ס 15 גאָט האָט געמאַכט צונישט
אַלע מיינע גיבורים אין מיר;
ער האָט גערופן אויף מיר אַן איינזאַמלונג,
צו צעבּרעכן מיינע יונגעליט;
ווי אַ קעלטער האָט גאָט געטרעטן
די יונגפרוי טאָכטער יהודה.
ע 16 דערויף טו איך וויינען,
מיין אויג, מיין אויג רינט וואַסער;
וואָרום ווייט איז אַ טרייסטער פון מיר,
וואָס זאָל דערקוויקן מיין זעל;
מיינע קינדער זיינען פאַרוויסט,
וואָרום דער שׂונא האָט איבערגעשטאַרקט.
פ 17 ציון צעשפּרייט אירע הענט,
זי האָט ניט קיין טרייסטער;
גאָט האָט באַפוילן אַקעגן יעקב
רונד אַרום אים זיינע פיינט;
ירושלים איז געוואָרן
פאַר אַן אומריינער צווישן זיי.

צ 18גאָט איז גערעכט,
וואָרום איך האָב ווידערשפּעניקט זײַן מויל;
הערט, אַלע פֿעלקער, איך בעט אײַך,
און זעט צו מײַן ווייטאָק:
מײַנע בחורים און מײַנע מײדלאַך
זײַנען אַוועק אין געפֿאַנגענשאַפֿט.
ק 19איך האָב גערופֿן מײַנע ליבהאָבער,
האָבן זײ מיך אָפּגענאַרט;
מײַנע כּהנים און מײַנע עלטסטע
זײַנען אויסגעגאַנגען אין שטאָט,
ווען זײ האָבן שפּײַז זיך געזוכט,
זײ זאָלן זײער נפש דערקוויקן.
ר 20זע, גאָט, ווי מיר איז ענג,
מײַנע אינגעווײד ברענען,
מײַן האַרץ קערט זיך איבער אין מיר,
ווײַל ווידערשפּעניקן האָב איך ווידערשפּעניקט;
דרויסן נעמט אַוועק די שווערד,
אין הויז איז ווי דער טויט.
ש 21זײ האָבן געהערט ווי איך זיפֿץ,
אָבער איך האָב ניט קײן טרײסטער;
אַלע מײַנע שׂונאים האָבן געהערט מײַן אומגליק,
זײ פֿרײען זיך וואָס דו האָסט דאָס געטאָן;
ברענג דעם טאָג וואָס דו האָסט אָנגעזאָגט,
און זאָלן זײ ווערן ווי איך!
ת 22זאָל קומען אַל זײער בײז פֿאַר דיר,
און טו צו זײ
אַזוי ווי דו האָסט צו מיר געטאָן,
פֿאַר אַלע מײַנע זינד;

וואָרום פיל זיינען מיינע זיפצן,
און מיין האַרץ איז קראַנק.

א ב [1]ווי האָט גאָט אין זיין כּעס
פאַרוואָלקנט די טאָכטער פון ציון!
אַראָפּגעוואָרפן פון הימל צו דער ערד
די שיינקייט פון ישׂראל,
און ניט געדאַכט אָן זיין פוסבייִנקל
אין טאָג פון זיין כּעס!
ב [2]גאָט האָט אומגעבראַכט אָן רחמנות
אַלע וווינונגען פון יעקב;
צעשטערט אין זיין צאָרן
די פעסטונגען פון טאָכטער יהודה;
זיי געבראַכט צו דער ערד;
פאַרשוועכט דאָס קיניגרייך און זיינע האַרן!
ג [3]ער האָט אָפּגעהאַקט מיט גרימצאָרן
דעם גאַנצן האָרן פון ישׂראל;
ער האָט צוריקגעצויגן זיין רעכטע האַנט
פון פאַרן שׂונא,
און געבערענט אין יעקב ווי אַ פלאַמפייער
וואָס פאַרצערט רונד אַרום.
ד [4]ער האָט געשפּאַנט זיין בויגן ווי אַ שׂונא,
זיך געשטעלט מיט זיין רעכטער האַנט ווי אַ פיינט,
און געהרגעט אַלע גלוסטיקע פון אויג;
אין געצעלט פון טאָכטער ציון
האָט ער אויסגעגאָסן ווי אַ פייער זיין גרימצאָרן.
ה [5]גאָט איז געוואָרן ווי אַ שׂונא,
ער האָט אומגעבראַכט ישׂראל;

אומגעבראַכט אַלע אירע פּאַלאַצן,
צעשטערט זײַנע פעסטונגען,
און געמערט בײַ טאָכטער יהודה
קלאָגעניש און קלאָג.
ו [6]און ער האָט אָפּגעפּליקט ווי אַ גאָרטן זײַן בײדל
ער האָט צעשטערט זײַן זאַמלאָרט;
גאָט האָט געמאַכט פאַרגעסן אין ציון
אַ יום־טוב און אַ שבת,
און פאַראַכט אין זײַן גרימצאָרן
דעם מלך און דעם כּהן.
ז [7]גאָט האָט פאַרלאָזט זײַן מזבח,
אַוועקגעוואָרפן זײַן הײליקטום;
איבערגעענטפערט אין האַנט פון דעם שׂונא
די מויערן פון אירע פּאַלאַצן;
זײ האָבן קולות געמאַכט אין גאָטס הויז
אַזוי ווי אין אַ יום־טוב.
ח [8]גאָט האָט געטראַכט צו צעשטערן
די מויער פון טאָכטער ציון;
ער האָט געצויגן אַ מעסטשנור,
ער האָט ניט אָפּגעהאַלטן זײַן האַנט פון אומצוברענגען,
און געמאַכט טרויערן די פעסטונג און די מויער;
אין אײנעם זײַנען זײ פאַרשניטן געוואָרן.
ט [9]אַײַנגעזונקען אין דער ערד זײַנען אירע טויערן,
ער האָט צעשטערט און צעבראָכן אירע ריגלען;
איר מלך און אירע האַרן זײַנען צווישן די פעלקער,
ניטאָ מער קײן תּורה;
אַפילו אירע נביאים
געפינען ניט אַ זעאונג פון גאָט.

י 10 זיי זיצן אויף דער ערד און שווייגן,
די עלטסטע פון טאָכטער ציון,
זיי האָבן אַרויפגעטאָן שטויב אויף זייער קאָפּ,
זיי האָבן אָנגעגורט זאַק;
אַראָפּגעלאָזט זייערע קעפּ צו דער ערד
האָבן די יונגפרויען פון ירושלַיִם.
כ 11 מיינע אויגן גייען אויס פון טרערן,
מיינע אינגעווייד ברענען,
מיין לעבער איז אויסגעגאָסן אויף דער ערד,
אויף דעם בראָך פון דער טאָכטער מיין פאָלק;
ווייל קליינע קינדער און זויגעדיקע
חלשן אין די גאַסן פון שטאָט.
ל 12 זיי זאָגן צו זייערע מוטערס:
ווו איז קאָרן און וויין?
ווען זיי חלשן ווי דערשלאָגענע
אין די גאַסן פון שטאָט,
ווען זייער זעל גיסט זיך אויס
אויף דער ברוסט פון זייערע מוטערס.
מ 13 וואָס זאָל איך דיר עדותן?
וואָס זאָל איך צו דיר גלייכן, טאָכטער ירושלַיִם?
וואָס זאָל איך פאַרגלייכן צו דיר, און דיך טרייסטן,
יונגפרוי טאָכטער ציון?
אַז גרויס ווי דער ים איז דיין בראָך —
ווער קען דיך היילן?
נ 14 דיינע נביאים האָבן דיר געזען
פאַלשקייט און אָפּנאַרעניש,
און זיי האָבן ניט אַנטפּלעקט דיין זינד,
אומצוקערן דיין געפאַנגענשאַפט;

און זיי האָבן דיר געזען נבֿואות
פֿון פֿאַלשקייט און פֿאַרפֿירעניש.
ס 15אַלע פֿאַרבייגייער פּאַטשן אויף דיר מיט די הענט,
זיי שמוצערן, און שאָקלען זייער קאָפּ
אויף טאָכטער ירושלים:
איז דאָס די שטאָט וואָס מע האָט גערופֿן
די קרוין פֿון שיינקייט,
די פֿרייד פֿון דער גאַנצער ערד?
פּ 16געעפֿנט זייער מויל אויף דיר
האָבן אַלע דיינע שׂונאים;
זיי שמוצערן, און קריצן די ציין;
זיי זאָגן: מיר האָבן זי אײַנגעשלונגען;
פֿאַרוואָר, דאָס איז דער טאָג וואָס מיר האָבן
געהאָפֿט אויף אים,
מיר האָבן דערגרייכט, מיר האָבן דערלעבט.
ע 17גאָט האָט געטאָן וואָס ער האָט געטראַכט,
ער האָט אויסגעפֿירט זיין וואָרט
וואָס ער האָט אָנגעזאָגט פֿון אַמאָליקע טעג;
ער האָט צעשטערט אָן רחמנות,
און דערפֿרייט דעם שׂונא איבער דיר,
דערהייכט דעם האָרן פֿון דיינע פֿיינט.

צ 18זייער האַרץ האָט געשריען צו גאָט:
מויער פֿון טאָכטער ציון,
לאָז רינען טרערן
ווי אַ טייך, טאָג און נאַכט;
זאָלסט זיך ניט געבן קיין אָפּרו,
ניט שטילן זאָל זיך דיין אויגאַפּל.

ק19שטײ אױף, שרײ אין דער נאַכט,
אין אָנהײב פֿון די נאַכטװאַכן;
גיס אױס װי װאַסער דײַן האַרץ,
פֿאַר דעם פּנים פֿון גאָט;
הײב אױף דײַנע הענט צו אים,
פֿאַר די נפֿשות פֿון דײַנע קלײנע קינדער
װאָס חלשן פֿון הונגער
אין אַלע עק גאַסן.
ר20זע, גאָט, און קוק
װעמען דו האָסט אַזױנס געטאָן!
דאַרפֿן װײַבער עסן זײער פּרוכט,
קינדער געצערטלטע?
דאַרף געטײט װערן אין הײליקטום פֿון גאָט
דער כּהן און דער נביא?
ש21אױף דער ערד אין די גאַסן
ליגן אַלט און יונג;
מײנע מײדלאַך און מײנע בחורים
זײנען געפֿאַלן פֿון שװערד;
האָסט געהרגעט אין טאָג פֿון דײַן צאָרן,
געשאָכטן אָן רחמנות.
ת22האָסט גערופֿן װי אױף אַ יום־טוב
מײנע שרעקענישן פֿון אַרום;
און ניט געװען אין טאָג פֿון גאָטס צאָרן
קײן אַנטרונענער און געבליבענער;
די װאָס איך האָב געצערטלט און אױפֿגעבראַכט,
זײ האָט מײן שׂונא פֿאַרלענדט.

א

ג 1איך בין דער מאַן װאָס האָט אָנגעזען פּײַן

דורך דער רוט פון זיין צאָרן.
2ער האָט מיך געפירט און געמאַכט גיין
אין פינצטערניש און ניט ליכטיקייט.
3פאַרוואָר, קענען מיר ווידער און ווידער
קערט ער זיין האַנט אַ גאַנצן טאָג.

ב

4ער האָט אָפּגעצערט מיין פלייש און מיין הויט,
ער האָט צעבראָכן מיינע ביינער.
5ער האָט מיך באַבויט, און אַרומגערינגלט
מיט גיפט און מיט מאַטערניש.
6ער האָט מיך אַריינגעזעצט אין חושכנישן,
ווי מתים פון לאַנג אָן.

ג

7ער האָט מיך פאַרצאַמט, אַז איך קען ניט אַרויסגיין,
ער האָט שווער געמאַכט מיין קייט.
8אַפילו ווען איך שריי און רוף,
פאַרשפאַרט ער מיין תפילה.
9ער האָט פאַרצאַמט מיינע וועגן מיט שטיינער,
ער האָט מיינע שטעגן פאַרקרימט.

ד

10אַ לויערדיקער בער איז ער מיר,
אַ לייב אין פאַרבאָרגעניש.
11ער האָט אָפּגעקערט מיינע וועגן, און מיך צעריסן
וויסט האָט ער מיך געמאַכט.
12ער האָט געשפאַנט זיין בויגן,
און מיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו דער פייל.

ה

13ער האָט אַריינגעלאָזט אין מיינע נירן,
די זין פון זיין פיילבייטל.

14איך בין געוואָרן אַ געלעכטער בײַ מײַן גאַנצן פֿאָלק,
זייער שפּאָטליד אַ גאַנצן טאָג.
15ער האָט מיך אָנגעזעט מיט ביטערנישן,
מיך געזעטיקט מיט ווערמוט.

ו

16און ער האָט צעבראָכן מיט שטיינדלאַך מײַנע ציין,
ער האָט מיך געוועלגערט אין אַש.
17און מײַן זעל איז פֿאַרשטויסן פֿון פֿריד,
איך האָב פֿאַרגעסן אָן גוטס.
18און איך זאָג: פֿאַרלאָרן איז מײַן שטאַרקייט,
און מײַן האָפֿענונג פֿון גאָט.

ז

19די דערמאָנונג פֿון מײַן פּײַן און מײַן וואָגלעניש,
איז ווערמוט און ביטערקרויט.
20דערמאָנען דערמאָנט זיך מײַן זעל
און זי בייגט זיך אין מיר.
21דאָס ענטפֿער איך צו מײַן האַרצן,
דרום טו איך האַרן:

ח

22אַז די חסדים פֿון גאָט זיינען ניט אויסגעגאַנגען,
אַז ניט געענדיקט האָט זיך זײַן רחמנות;
23זיי זיינען נײַ אַלע פֿרימאָרגן;
גרויס איז דײַן טריישאַפֿט.
24גאָט איז מײַן חלק, זאָגט מײַן זעל,
דרום האָף איך צו אים.

ט

25גוט איז גאָט צו די וואָס האַרן אויף אים,
צו דער זעל וואָס טוט אים זוכן.

26גוט איז מע זאָל האַרן אַ פאַרשוויגענער
אויף דער ישועה פון גאָט.
27גוט איז פאַר אַ מענטשן,
אַז ער זאָל טראָגן דעם יאָך אין זיין יוגנט;

י

28ער זאָל זיצן אַליין און שווייגן,
ווען מע האָט אַרויפגעלייגט אויף אים;
29ער זאָל לייגן אין אַש זיין מויל,
אפשר איז אַ האָפענונג פאַראַן;
30ער זאָל געבן די באַק צו זיין שלעגער,
ער זאָל זיך זעטן מיט שאַנד.

כ

31וואָרום ניט אויף אייביק
פאַרלאָזט גאָט;
וואָרום אויב ער האָט פאַראומערט,
דערבאַרימט ער אָבער לויט זיינע גרויסע חסדים.
33וואָרום ניט פון זיין האַרצן פייניקט ער,
און פאַראומערט די מענטשנקינדער.

ל

34צו דריקן אונטער זיינע פיס
אַלע געפאַנגענע פון דער ערד,
35צו פאַרבייגן דעם משפט פון אַ מאַן,
איז דערווידער דעם פנים פון דעם אויבערשטן;
36צו קריוודען אַ מענטשן אין זיין קריג,
דאָס וויל גאָט ניט זען.

מ

37ווער איז דער וואָס קען הייסן, און עס זאָל געשען,
אַז גאָט האָט ניט באַפוילן?

38קומט ניט פון אויבערשטנס מויל אַרויס
דאָס שלעכטס און דאָס גוטס?
39וואָס קען זיך באַקלאָגן אַ לעבעדיקער מענטש?
אַ מאַן ביי אַלע זיינע זינד?
נ
40לאָמיר נאָכזוכן און פאָרשן אונדזערע וועגן,
און לאָמיר זיך אומקערן צו גאָט.
41לאָמיר אויפהייבן אונדזער האַרץ אויף די הענט
צו גאָט אין הימל.
42מיר האָבן פאַרבראָכן און ווידערשפּעניקט;
ווילסט דו ניט פאַרגעבן?
ס
43האָסט זיך באַדעקט מיט צאָרן, און אונדז נאָכגעיאָגט,
האָסט געהרגעט אָן רחמנות;
44האָסט זיך באַדעקט מיט אַ וואָלקן,
אַז קיין תּפילה זאָל ניט דורכגיין.
45קויט און מיסט האָסטו אונדז געמאַכט
צווישן די פעלקער.
פ
46געעפנט האָבן זייער מויל אויף אונדז
אַלע אונדזערע שׂונאים.
47אַ גרויל און אַ גרוב איז געקומען אויף אונדז,
אַ פאַרוויסטונג און אַ בראָך[א].
48בעכן וואַסער טוט רינען מיין אויג
אויף דעם בראָך פון דער טאָכטער מיין פאָלק.
ע
49מיין אויג גיסט, און וויל זיך ניט שטילן,
אָן אַן אויפהער,

[א] וואָרטשפּיל: פַּחַד וָפַחַת הַשֵּׁאת וְהַשָּׁבֶר.

50 ביז גאָט פון הימל
ווערט לוגן און זען.
51 מײַן אויג טוט וויי מײַן זעל,
אום אַלע טעכטער פון מײַן שטאָט.
צ
52 יאָגן ווי אַ פויגל האָבן מיך געיאָגט
מײַנע אומזיסטיקע שׂונאים.
53 זיי האָבן פאַרשניטן אין גרוב מײַן לעבן,
און שטיינער האָבן זיי געוואָרפן אויף מיר.
54 וואַסערן האָבן געפלייצט אויף מײַן קאָפּ,
איך האָב געזאָגט: איך בין פאַרשניטן.
ק
55 איך האָב גערופן דײַן נאָמען, יהוה,
פון דער אונטערשטער גרוב.
56 האָסט געהערט מײַן קול,
זאָלסטו ניט פאַרהוילן דײַן אויער פון מײַן זיפץ,
פון מײַן געשריי.
57 האָסט גענענט אין טאָג וואָס איך פלעג דיך רופן,
האָסט געזאָגט: זאָלסט ניט מורא האָבן.
ר
58 האָסט זיך אָנגענומען, גאָט, די קריג פון מײַן זעל,
האָסט אויסגעלייזט מײַן לעבן.
59 האָסט געזען, גאָט, מײַן קריוודע,
משפּט מײַן משפּט.
60 האָסט געזען זייער גאַנצע נקמה,
אַלע זייערע מחשבות אויף מיר.
ש
61 האָסט געהערט זייער לעסטערונג, גאָט,
אַלע זייערע מחשבות אַקעגן מיר;

[62]די ליפּן פון מײַנע פײַנט
און זייער טראַכטן אַקעגן מיר אַ גאַנצן טאָג.
[63]זע זייער זיצן און זייער שטיין—
איך בין זייער שפּאָטליד.

ת

[64]זאָלסט זיי אומקערן, גאָט, אַ פאַרגעלטונג
לויט די מעשׂים פון זייערע הענט.
[65]זאָלסט זיי געבן האַרצדולעניש—
דײַן קללה אויף זיי!
[66]זאָלסט זיי יאָגן מיט צאָרן,
און זיי פאַרטיליקן פון אונטער די הימלען פון גאָט.

א ד [1]ווי איז פאַרטונקלט דאָס גאָלד,
פאַרביטן דאָס טייַערע פײַנגאָלד;
די הייליקע שטיינער צעשאָטן
אין אַלע עק גאַסן!
ב [2]די טייַערע קינדער פון ציון,
מיט גינגאָלד געוויִגן—
ווי זײַנען זיי גערעכנט פאַר ליימענע קריג,
געמאַכט פון אַ טעפּערס הענט!
ג [3]אַפילו שאַקאַלן ציִען אויס די ברוסט,
גיבן זויגן זייערע יונגע,
די טאָכטער מײַן פאָלק איז אַן אַכזר געוואָרן,
אַזוי ווי שטרויספויגלען אין דער מדבר.
ד [4]די צונג פון דעם זויגעדיקן איז צוגעקלעפּט
צו זײַן גומען פון דאָרשטיקייט;
קליינע קינדער בעטן ברויט,
און קיינער ברעכט זיי ניט אָפּ.

ה 5די וואָס פלעגן עסן טייערע שפּייזן,
זיינען וויסט אין די גאַסן;
די דערצויגענע אין ווערמילרויט
טוליען זיך צו מיסטהויפנס.
ו 6וואָרום די זינד פון דער טאָכטער מיין פאָלק
איז גרעסער ווי דער חטא פון סדום,
וואָס איז איבערגעקערט געוואָרן ווי אין אַ רגע,
און הענט צומאָל זיינען ניט געפאַלן אויף איר.
ז 7אירע פירשטן זיינען געווען לויטערער פון שניי,
ווייסער פון מילך,
גערויטלטער אויפן לייב פון קאַרעלן;
סאַפּירשטיין זייער געשטאַלט.
ח 8פינצטערער פון קויל איז זייער אויסזען,
זיי זיינען ניט צו דערקענען אויף דער גאַס;
זייער הויט איז צוגעקלעפּט צו זייערע ביינער,
איינגעדאַרט ווי האָלץ איז זי געוואָרן.
ט 9בעסער איז די דערשלאָגענע פון שווערד,
ווי די דערשלאָגענע פון הונגער,
וואָס זיי גייען אויס דורכגענומענע,
אָן אַ פרוכט פון פעלד.
י 10די הענט פון דערבאַרעמדיקע מוטערס
האָבן געקאָכט זייערע קינדער;
זיי זיינען זיי צום שפּייז געווען,
אין דעם בראָך פון דער טאָכטער מיין פאָלק.
כ 11גאָט האָט אויסגעלאָזט זיין כעס,
אויסגעגאָסן זיין גרימצאָרן;
און ער האָט אָנגעצונדן אַ פייער אין ציון,
און עס האָט פאַרצערט אירע גרונטפעסטן.

ל[12] ניט געגלויבט האָבן די מלכים פון דער ערד,
און אַלע באַוווינער פון דער וועלט,
אַז אַ דריקער און אַ שׂונא וועט קומען
אין די טויערן פון ירושָלַיִם;
מ[13] פון וועגן די זינד פון אירע נביאים,
די פאַרברעכן פון אירע כּהנים,
וואָס האָבן בלוט פון גערעכטע
פאַרגאָסן אין איר.
נ[14] זיי וואָגלען ווי בלינדע אין די גאַסן,
זיי זיינען אַיינגעריכט אין בלוט,
ביז מע קען זיך ניט אָנרירן
אָן די קליידער זייערע.
ס[15] „קערט אַייך אָפּ! טמא!"
רופט מען צו זיי,
„קערט אַייך אָפּ! קערט אַייך אָפּ!
איר זאָלט זיך ניט אָנרירן!"
בעת זיי פליען און וואָגלען;
מע זאָגט צווישן די פעלקער:
זיי טאָרן זיך מער ניט אויפהאַלטן.
פ[16] דער צאָרן פון גאָט האָט זיי צעטיילט,
ער וויל זיי מער ניט אָנקוקן;
כּהנים האָט מען ניט געשוינט,
זקנים האָט מען ניט געלייטזעליקט.
ע[17] אונדזערע אויגן גייען נאָך אַלץ אויס
נאָך אונדזער נישטיקער הילף;
אין אונדזער אויסקוק האָבן מיר אויסגעקוקט
אויף אַ פאָלק וואָס קען ניט העלפן.

צ 18מע שפירט נאָך אונדזערע טריט[א],
אַז מיר קענען ניט גיין אויף אונדזערע גאַסן;
נאָנט איז אונדזער סוף, פול זיינען אונדזערע טעג;
יאָ, געקומען איז אונדזער סוף.
ק 19פלינקער זיינען אונדזערע נאָכיאָגער
ווי די אָדלערס פון הימל;
אויף די בערג האָבן זיי אונדז געיאָגט,
אין מדבר האָבן זיי געלויערט אויף אונדז.
ר 20דער אָטעם פון אונדזער נאָז, דער געזאַלבטער פון גאָט,
איז געפאַנגען געוואָרן אין זייערע גריבער;
דער, וואָס מיר האָבן געזאָגט: אין זיין שאָטן
וועלן מיר לעבן צווישן די פעלקער.
ש 21קוועל אָן און פריי זיך, טאָכטער אֶדום,
דו וואָס וווינסט אין לאַנד עוץ;
צו דיר אויך וועט אַריבער דער כּוס,
וועסט שיכּור ווערן, און זיך אָפּדעקן.
ת 22געענדיקט איז דיין זינד, טאָכטער צִיון,
ער וועט דיך מער ניט פאַרטרייבן;
ער וועט דערמאָנען דיין פאַרברעך, טאָכטער אֶדום,
ער וועט אַנטפּלעקן דיינע זינד.

ה 1געדענק, גאָט, וואָס איז געשען צו אונדז,
קוק און זע אונדזער שאַנד.
2אונדזער נחלה איז איבערגעגאַנגען צו פרעמדע,
אונדזערע הייזער צו אַנדערע.
3מיר זיינען יתומים געוואָרן אָן אַ פאָטער,
אונדזערע מוטערס ווי אַלמנות.

א וואָרטשפּיל: צָדו — צְעָדֵינוּ.

4אונדזער וואַסער טרינקען מיר פאַר געלט,
אונדזער האָלץ קומט אונדז אָן פאַר געצאָלט.
5אויף אונדזער נאַקן ווערן מיר געיאָגט,
מיר זיינען מיד, און אונדז ווערט ניט באַרוט.
6צו מִצרַיִם האָבן מיר אַ האַנט אויסגעשטרעקט,
צו אַשור — זיך מיט ברויט צו זעטן.
7אונדזערע עלטערן האָבן געזינדיקט, און זיינען מער
ניטאָ,
און מיר טראָגן זייערע פאַרברעכן.
8קנעכט געוועלטיקן איבער אונדז,
ניטאָ קיין אויסלייזער פון זייער האַנט.
9מיט [איינשטעלן] אונדזער לעבן קריגן מיר אונדזער
ברויט,
פון וועגן דער שווערד פון מדבר.
10אונדזער הויט גליט ווי אַן אויוון,
פון וועגן די ברענונגען פון הונגער.
11ווייבער האָט מען געפּייניגט אין צִיוֹן,
יונגפרויען אין די שטעט פון יהודה.
12האַרן זיינען געהאַנגען געוואָרן פון זייער האַנט;
פּנימער פון זקנים זיינען ניט געשוינט געוואָרן.
13יונגעלייט האָבן מילשטיינער געטראָגן,
און אינגלאַך האָבן אונטער האָלץ געשטרויכלט.
14זקנים האָבן פון טויער אויפגעהערט,
יונגעלייט פון זייער געזאַנג.
15אויפגעהערט האָט די פרייד פון אונדזער האַרצן.
פאַרקערט איז אין טרויער אונדזער טאַנץ.
16געפאַלן איז די קרוין פון אונדזער קאָפּ;
וויי אונדז! וואָרום מיר האָבן געזינדיקט.

17 דערפֿאַר איז קראַנק אונדזער האַרץ,
איבער דעם זיינען פֿינצטער אונדזערע אויגן:
18 איבער דעם באַרג ציון וואָס איז וויסט–
פֿיקס גייען אום אויף אים.
19 דו, גאָט, טראָנסט אייביק,
דיין טראָן איז אויף דור־דורות,
20 פֿאַרוואָס פֿאַרגעסטו אונדז אויף שטענדיק,
פֿאַרלאָזסט אונדז אויף לאַנגע טעג?
21 קער אונדז אום צו דיר, גאָט, און לאָמיר זיך
אומקערן;
באַניי אונדזערע טעג ווי אַמאָל;
22 וואָרום אויב פֿאַראַכטן האָסטו אונדז פֿאַראַכט,
האָסטו אָבער געצערנט אויף אונדז ביז גאָר.

קער אונדז אום צו דיר, גאָט, און לאָמיר זיך אומקערן,
באַניי אונדזערע טעג ווי אַמאָל.

# קֹהֶלֶת


| קאַפּיטל | זייט |
|---|---|
| א | 1 |
| ב | 3 |
| ג | 5 |
| ד | 8 |
| ה | 10 |
| ו | 11 |
| ז | 13 |
| ח | 15 |
| ט | 17 |
| י | 19 |
| יא | 22 |
| יב | 23 |

# קֹהֶלֶת

א 1 די ווערטער פון קֹהלת דעם זון פון דודן, דעם
מלך אין ירושָלַיִם.

2 נישטיקייט פון נישטיקייטן, זאָגט קֹהלת,
נישטיקייט פון נישטיקייטן, אַלץ איז נישטיקייט.
3 וואָס פאַר אַ נוץ האָט דער מענטש פון זיין גאַנצער מי
וואָס ער מיט זיך אונטער דער זון?
4 אַ דָור פאַרגייט און אַ דָור קומט,
און די ערד באַשטייט אייביק.
5 און די זון גייט אויף, און די זון גייט אונטער,
און יאָגט צו איר אָרט אַוווּ זי גייט אויף.
6 דער ווינט גייט קיין דָרום,
און פאַרדרייט זיך קיין צפון,
רונד אַרום, רונד אַרום גייט ער,
און צו זיינע געדרייען קערט זיך אום דער ווינט.
7 אַלע טייכן גייען צום ים,
און דער ים ווערט ניט פול;
צו דעם אָרט וווהין די טייכן גייען,
אַהין גייען זיי ווידער.
8 אַלע ווערטער ווערן מיד,
קיין מענטש קען עס ניט אַרויסרעדן;
דאָס אויג קען זיך ניט אָנקוקן זאַט,
און דאָס אויער קען זיך ניט אָנהערן פול.
9 וואָס איז געווען דאָס וועט זיין,
און וואָס איז געשען דאָס וועט געשען,

אוּן ניטאָ קיין נייס אוּנטער דער זוּן.
[10]פאַראַן אַ זאַך וואָס מע זאָגט דערויף:
זע, דאָס איז אַ נייס;
איז עס שוין געווען אין אַלטע צייטן
וואָס זיינען געווען פאַר אוּנדז.
[11]ניטאָ קיין זֵכר פוּן די פריערדיקע,
אוּן פוּן די שפּעטערדיקע וואָס וועלן ערשט זיין,
אויך פוּן זיי וועט קיין זֵכר ניט זיין,
צווישן די וואָס וועלן זיין נאָך שפּעטער.

[12]איך קהלת בין געווען אַ מלך איבער ישׂראל אין
ירוּשָלַיִם. [13]אוּן איך האָב אָפּגעגעבן מיין האַרץ צוּ זוּכן
אוּן צוּ פאָרשן מיט חכמה וועגן אַלץ וואָס געשעט אוּנטער
די הימלען. דאָס איז אַ שלעכטער ענין וואָס גאָט האָט
געגעבן די מענטשנקינדער, זיך צוּ פאַרנעמען דערמיט.
[14]איך האָב געזען אַלע טוּענישן וואָס ווערן געטאָן אוּנטער
דער זוּן, ערשט אַלץ איז נישטיקייט אוּן ווינטיאָגעניש;
[15]אַ קרוּמקייט וואָס מע קען ניט אויסגלייכן, אוּן אַ פעלער
וואָס קען ניט גוּט געמאַכט ווערן.
[16]איך האָב געטענהט מיט מיין האַרצן אַזוי צוּ זאָגן: אָט
האָב איך געהאַט חכמה גרעסער אוּן מער איידער אַלע
וואָס זיינען געווען פאַר מיר אין ירוּשָלַיִם, אוּן מיין האַרץ
האָט געזען פיל חכמה אוּן קענשאַפט. [17]אוּן איך האָב
אָפּגעגעבן מיין האַרץ צוּ פאַרשטיין חכמה, אויך
פאַרשטיין משוגעת אוּן נאַרישקייט—בין איך געוואָר געוואָרן
אַז דאָס אויך איז ווינטיאָגעניש.
[18]וואָרוּם אין פיל חכמה איז פיל פאַרדראָס,
אוּן מערט מען קענשאַפט, מערט מען ווייטאָק.

ב [1]איך האָב געזאָגט בײַ מיר אין האַרצן: קום אַקאָרשט,
לאָמיך דיך פּרוּוון מיט פרייד, און האָב ווױלטאָק;
ערשט דאָס אויך איז נישטיקייט. [2]אויף געלעכטער האָב
איך געזאָגט: עס איז משוגע; און אויף פרייד: וואָס טוט זי
אויף? [3]איך האָב אויסגעקלערט בײַ מיר אין האַרצן צו
פאַרציען מײַן לײַב מיט ווײַן, אַז אי מײַן האַרץ זאָל זיך
פירן מיט חכמה, אי איך זאָל מיך האַלטן אָן נאַרישקייט,
ביז איך וועל זען וואָס איז בעסער פאַר די מענטשנקינדער
אַז זיי זאָלן טאָן אונטערן הימל אין די געציילטע טעג פון
זייער לעבן. [4]איך האָב מיר אויפגעטאָן גרויסע זאַכן;
איך האָב מיר געבויט הײַזער, איך האָב מיר געפלאַנצט
ווײַנגערטנער; [5]איך האָב מיר געמאַכט גערטנער און סעדער
און אַײַנגעפלאַנצט אין זיי בוימער פון אַלערלײַ
פירות. [6]איך האָב מיר געמאַכט וואַסערטײַכן אָנצוטרינקען
פון זיי דעם וואַקסיקן וואַלד וואָס שפּראָצט מיט בוימער.
[7]איך האָב אַײַנגעקויפט קנעכט און דינסטן, און
הויזגעבאָרענע האָב איך געהאַט; אויך אַן אײגנס פון רינדער
און שאָף אַ סך האָב איך געהאַט, מער פון אַלע וואָס זײַנען
געווען פאַר מיר אין ירושָלַיִם. [8]איך האָב מיר אָנגעזאַמלט
אויך זילבער און גאָלד, און שאַצן פון מלכים און מדינות.
איך האָב מיר אַײַנגעשאַפט זינגערס און זינגערינס, און
תענוגים פון מענטשנקינדער, ווײַבער אויף ווײַבער. [9]און
איך בין געווען גרעסער און האָב פאַרמאָגט מער פון אַלע
וואָס זײַנען געווען פאַר מיר אין ירושָלַיִם; אויך איז מײַן
חכמה מיר בײַגעשטאַנען. [10]און וואָס נאָר מײַנע אויגן האָבן
פאַרלאַנגט, האָב איך פון זיי ניט געמינערט; איך האָב ניט
פאַרמיטן מײַן האַרץ פון קיין פרייד, נײַערט מײַן האַרץ
האָט זיך וויל געטאָן מיט מײַן גאַנצער מי, וואָרום דאָס

איז געווען מײַן חלק פֿון מײַן גאַנצער מי. [11]אָבער איך
האָב זיך אומגעקוקט אויף אַלע מײַנע אויפֿטוען וואָס מײַנע
הענט האָבן אויפֿגעטאָן, און אויף דער מי וואָס איך האָב
מיך געמיט כּדי דאָס אויפֿצוטאָן, ערשט אַלץ נישטיקייט
און ווינטיאָגעניש, און גאָרנישט קומט אַרויס אונטער דער
זון.
[12]און איך האָב מיך געקערט צו באַקוקן חכמה און
משוגעת און נאַרישקייט; וואָרום וואָס [קען אויפֿטאָן] דער
מענטש וואָס קומט נאָכן מלך? בלויז דאָס וואָס מע האָט
שוין פֿריער געטאָן. [13]און איך האָב אײַנגעזען אַז די מעלה
פֿון חכמה איבער נאַרישקייט איז אַזוי ווי די מעלה פֿון
ליכטיקייט איבער פֿינצטערניש.

[14]דער חכם האָט זײַנע אויגן אין קאָפּ,
און דער נאַר גייט אין דער פֿינצטער.

אָבער איך האָב אויך געמערקט אַז איין טראַף טרעפֿט זיי
אַלעמען. [15]און איך האָב געזאָגט בײַ מיר אין האַרצן: אַזוי
ווי עס טרעפֿט דעם נאַרן אַזוי וועט אויך מיך טרעפֿן, היינט
נאָך וואָס דען בין איך געווען קליגער? און איך האָב
געטענהט בײַ מיר אין האַרצן, אַז דאָס אויך איז נישטיקייט.
[16]וואָרום פֿון דעם חכם אַזוי ווי פֿון דעם נאַרן בלײַבט ניט
קיין זכר אויף אייביק; ווײַל אין די קומעדיקע טעג וועט
אַלץ זײַן פֿאַרגעסן; און ווי שטאַרבט דער חכם? אַזוי ווי
דער נאַר. [17]און איך האָב פֿײַנט געקראָגן דאָס לעבן,
וואָרום מיר איז אויסגעקומען שלעכט די געשעעניש וואָס
געשעט אונטער דער זון, ווײַל אַלץ איז נישטיקייט און
ווינטיאָגעניש.
[18]און איך האָב פֿײַנט געקראָגן מײַן גאַנצע מי וואָס
איך מי מיך דערויף אונטער דער זון, כּדי אַז איך

מוז עס איבערלאָזן צו אַ מענטשן וואָס וועט זיין נאָך מיר.
[19]און ווער ווייס אויב ער וועט זיין אַ חכם אָדער אַ נאַר?
פון דעסטוועגן וועט ער געוועלטיקן איבער מיין גאַנצער
מי וואָס איך האָב מיך געמיט און געקליגט דערויף
אונטער דער זון. דאָס אויך איז נישטיקייט. [20]און איך האָב
מיך אומגעדרייט צו לאָזן מיין האַרץ זיך מיַאֵש צו זיין פון
דער גאַנצער מי וואָס איך האָב מיך געמיט אונטער דער זון.
[21]וואָרום פאַראַן אַ מענטש וואָס זיין מי איז מיט חכמה,
און מיט קענשאַפט, און מיט בֶריֶהשאַפט, און ער לאָזט
עס איבער פאַר אַ חלק צו אַ מענטשן וואָס האָט זיך דערויף
ניט געמיט. דאָס אויך איז נישטיקייט און אַ גרויס בייז.
[22]וואָרום וואָס האָט דער מענטש פון זיין גאַנצער מי, און
פון דעם האַוון פון זיין האַרצן, אַז ער זאָל זיך מיען אונטער
דער זון? [23]וואָרום אַלע זיינע טעג זיינען ווייטאָקן, און זיין
עֵסֶק איז ערגערניש; אַפילו ביי נאַכט ליגט ניט אַיין זיין
האַרץ. דאָס אויך איז נישטיקייט.
[24]ניטאָ בעסערס פאַרן מענטשן, ווי ער זאָל עסן און
טרינקען, און זיך לאָזן ווויל גיין פאַר זיין מי. דאָס אויך,
האָב איך אַיינגעזען, אַז דאָס איז פון גאָטס האַנט– [25]וואָרום:
ווער זאָל עסן און ווער זאָל הנאָה האָבן, אויב ניט איך?–
[26]ווייל דעם מענטשן וואָס איז וווילגעפעלן פאַר אים, גיט
ער חכמה, און קענשאַפט, און פרייד; און דעם זינדיקן
גיט ער אַן עסק צו קלייבן און צו זאַמלען, כדי איבער־
צולאָזן צו דעם וואָס איז וווילגעפעלן פאַר גאָט. דאָס אויך
איז נישטיקייט און ווינטיאָגעניש.

ג [1]אויף אַלץ איז דאָ אַ שעה, און אַ צייט פאַר איט־
לאַכער זאַך אונטערן הימל.

2 אַ צײַט געבאָרן צו װערן,
און אַ צײַט צו שטאַרבן;
אַ צײַט צו פֿלאַנצן,
און אַ צײַט אױסצורײַסן דאָס געפֿלאַנצטע.
3 אַ צײַט צו הרגען,
און אַ צײַט צו הײלן;
אַ צײַט צו ברעכן,
און אַ צײַט צו בױען.
4 אַ צײַט צו װײנען,
און אַ צײַט צו לאַכן;
אַ צײַט צו קלאָגן,
און אַ צײַט צו טאַנצן.
5 אַ צײַט אַװעקצוװאַרפֿן שטײנער,
און אַ צײַט אױפֿצוקלײַבן שטײנער;
אַ צײַט צו האַלדזן,
און אַ צײַט זיך צו דערװײַטערן פֿון האַלדזן.
6 אַ צײַט צו זוכן,
און אַ צײַט אָנצוװערן;
אַ צײַט צו היטן,
און אַ צײַט אַװעקצוװאַרפֿן.
7 אַ צײַט צו רײַסן,
און אַ צײַט צו נײען;
אַ צײַט צו שװײַגן,
און אַ צײַט צו רעדן.
8 אַ צײַט ליב צו האָבן,
און אַ צײַט פֿײַנט צו האָבן;
אַ צײַט פֿאַר מלחמה,
און אַ צײַט פֿאַר שלום.

[9]וואָס קומט אַרויס דעם טוער וואָס ער מיט זיך? [10]איך
האָב געזען דעם עסק וואָס גאָט האָט געגעבן די
מענטשנקינדער זיך צו עסקן דערמיט. [11]אַלצדינג האָט
ער געמאַכט שיין אין זיין צייט, אויך די וועלט האָט ער אַריינ־
געטאָן אין זייער האַרצן, אָבער אַזוי אַז דער מענטש קען
ניט אויסגעפינען דעם באַשאַף וואָס גאָט האָט באַשאַפן,
פון אָנהייב ביזן סוף. [12]איך ווייס אַז ניטאָ בעסערס פאַר
זיי, ווי נאָר זיך צו פרייען, און זיך וויל צו טאָן, אין זייער
לעבן. [13]אָבער אויך אַז עמיצער אַ מענטש עסט און
טרינקט, און האָט וווילטאָג פאַר אַל זיין מי, איז דאָס אַ
מתנה פון גאָט. [14]איך ווייס אַז אַלץ וואָס גאָט מאַכט, דאָס וועט
זיין אייביק; דערצו איז ניט צוצולייגן, און דערפון איז ניט צו
מינערן; און גאָט האָט געמאַכט אַז מע זאָל מורא האָבן פאַר
אים. [15]דאָס וואָס איז, איז שוין געווען, און דאָס וואָס דאַרף
ערשט זיין איז שוין געווען. אָבער גאָט מאָנט אויף פאַר
דעם גערודפטן.

[16]און נאָך האָב איך געזען אונטער דער זון: אין דעם
אָרט פון גערעכטיקייט, דאָרטן איז אומרעכט, און אין דעם
אָרט פון רעכטפאַרטיקייט, דאָרטן איז אומרעכט. [17]האָב
איך געזאָגט ביי זיך אין האַרצן: אי דעם צדיק אי דעם רשע
וועט גאָט משפטן, וואָרום אַ צייט פאַר איטלאַכער זאַך
און פאַר איטלאַכער טואונג איז דאָרטן דאָ. [18]איך האָב
געזאָגט ביי זיך אין האַרצן: דאָס איז פון וועגן די מענטשנ־
קינדער; כּדי גאָט זאָל זיי לייטערן, און כּדי זיי אַליין זאָלן
זען אַז זיי זיינען ווי אַ בהמה. [19]וואָרום דער טראַף פון די
מענטשנקינדער איז דער טראַף פון דער בהמה; איין טראַף
ביי זיי. ווי דער שטאַרבט, אַזוי שטאַרבט דער, און איין
אָטעם ביי ביידן, און קיין מעלה פון מענטשן איבער דער

בהמה איז ניטאָ, וואָרום אַלץ איז נישטיקייט. [20]ביידע
קומען אַהין אין איין אָרט, ביידע זיינען פון שטויב, און
ביידע קערן זיך אום צו שטויב. [21]ווער ווייס דעם גייסט
פון די מענטשנקינדער, אויב ער גייט אַרויף אין דער הייך,
און דעם גייסט פון דער בהמה, אויב ער נידערט אונטן
צו דער ערד? [22]און איך האָב איינגעזען אַז ניטאָ בעסערס,
ווי דער מענטש זאָל הנאה האָבן פון זיינע אויפטוען, וואָרום
דאָס איז זיין חלק; ווייל ווער וועט אים ברענגען אָנצוקוקן
וואָס וועט זיין נאָך אים?

ד [1]און איך האָב ווידער געזען אַלע רויבערייען וואָס
ווערן אָפּגעטאָן אונטער דער זון. און אָט זיינען די
טרערן פון די געדריקטע, און ניטאָ ווער זאָל זיי טרייסטן;
און אויף דער זייט פון זייערע דריקער איז די מאַכט, און
ניטאָ ווער זאָל זיי טרייסטן. [2]דרום האָלט איך די טויטע
וואָס זיינען שוין געשטאָרבן פאַר גליקלאַכער פון די
לעבעדיקע וואָס לעבן נאָך. [3]און בעסער פון זיי ביידן
איז דעם וואָס איז נאָך ניט געווען, וואָס האָט ניט געזען די
שלעכטע מעשים וואָס ווערן אָפּגעטאָן אונטער דער זון. [4]און
איך האָב געזען יעטוועדער מי, און יעטוועדער בֶּריֶהשאַפט
אין אַרבעט, אַז דאָס איז אויס קנאה פון איינעם צום
אַנדערן. דאָס אויך איז נישטיקייט און ווינטיאָגעניש.

[5]דער נאַר פאַרלייגט זיינע הענט,
און עסט זיין אייגן פלייש.
[6]בעסער אַ האַנטפול מנוחה,
איידער פולע הויפנס מי און ווינטיאָגעניש.

[7]און איך האָב ווידער געזען נישטיקייט אונטער דער זון.

8פֿאַראַן איינער, אָן אַ צווייטן [צו זיך]; צומאָל אַ זון אָדער
אַ ברודער האָט ער ניט, פֿון דעסטוועגן איז ניטאָ קיין ענד
צו זיין מיעניש, און זיין אויג קען זיך ניט אָנועטן מיט עשירות;
„און פֿאַר וועמען מי איך מיך, און מינער זיך פֿון גוטס?"
דאָס אויך איז נישטיקייט, און עס איז אַ שלעכטער ענין.

9בעסער צוויי איידער איינער, וואָרום זיי האָבן אַ גוטן
לוין פֿאַר זייער מי. 10וואָרום אַז זיי פֿאַלן, הייבט איינער
אויף דעם אַנדערן, אָבער ווי צו דעם איינצעלנעם וואָס
פֿאַלט, און ניטאָ אַ צווייטער אים אויפֿצוהייבן. 11דעסגלייכן
אַז צוויי ליגן באַנאַנד, איז זיי וואַרעם, אָבער איינעם ווי קען
וואַרעם ווערן? 12און אויב אימיצער קען איבערשטאַרקן דעם
איינעם, וועלן אָבער צוויי זיך שטעלן קעגן אים. און אַ דריי־
עדיקער פֿאָדעם וועט ניט אויף גיך צעריסן ווערן.

13בעסער אַן אָרעם אינגל און אַ חכם, איידער אַן אַלטער
מלך און אַ נאַר, וואָס ווייס ניט מער צו זיין אָפּגעהיט.
14וואָרום פֿון געפֿענקעניש איז יענער אַרויסגעגאַנגען צו ווערן
אַ מלך, הגם ער איז געבאָרן געוואָרן אָרעם, אונטער דעמס
מלוכה. 15איך האָב געזען אַלע לעבעדיקע וואָס גייען
אונטער דער זון, האַלטן מיט דעם אינגל, דעם צווייטן וואָס
שטייט אויף אויף זיין אָרט; 16ניט געווען קיין ענד צו
אַלדעם פֿאָלק, צו אַלע וואָס ער איז געווען זייער אָנפֿירער;
פֿון דעסטוועגן וועלן די שפּעטערדיקע זיך ניט פֿרייען
מיט אים. יאָ, דאָס אויך איז נישטיקייט און ווינטיאָגעניש.

17היט דיין פֿוס, אַז דו גייסט אין גאָטס הויז, וואָרום
געהאָרכן איז אָנגעלייגטער, ווי וואָס די נאַרן גיבן אַ שלאַכט־
אָפּפֿער; הגם זיי ווייסן ניט אַז זיי טוען שלעכט.

ה [1]זאָלסט ניט זײַן האַסטיק מיט דײַן מויל, און דײַן האַרץ
זאָל זיך ניט אײַלן אַרויסצולאָזן אַ וואָרט פֿאַר גאָט,
וואָרום גאָט איז אין הימל און דו ביסט אויף דער ערד;
דרום זאָלן דײַנע ווערטער זײַן ווײניק.

[2]וואָרום אַ חלום קומט מיט פֿיל געשלידער,
און דער קול פֿון אַ נאַרן מיט פֿיל ווערטער.

[3]אַז דו ביסט מנדר אַ נדר צו גאָט, זאָלסטו זיך ניט
שפּעטיקן אים צו באַצאָלן, וואָרום ער האָט ניט ליב נאַרן;
וואָס דו ביסט מנדר, באַצאָל. [4]בעסער זאָלסט ניט מנדר
זײַן, אײדער זאָלסט מנדר זײַן און ניט באַצאָלן. [5]זאָלסט
ניט דערלאָזן דײַן מויל צו פֿאַרזינדיקן דײַן לײַב, און זאָלסט
ניט זאָגן פֿאַר דעם שליח [פֿון גאָט], אַז דאָס איז געווען אַ
פֿאַרזע. נאָכוואָס זאָל גאָט צערענען אויף דײַן קול, און
צעשטערן דאָס ווערק פֿון דײַנע הענט? [6]וואָרום פֿון פֿיל
חלומות און נאַרישקײטן קומען אַרויס פֿיל צוזאָגן, אָבער
האָב מורא פֿאַר גאָט.

[7]אַז דו זעסט די דריקונג פֿון דעם אָרעמאַן, און די
באַרויבונג פֿון רעכט און גערעכטיקײט אין דער מדינה,
זאָלסטו זיך ניט װוּנדערן אויף דער זאַך, וואָרום איבער
דעם הויכן גיט אַכטונג אַ העכערער, און נאָך העכערע
איבער זײ. [8]און אַ מעלה פֿון אַ לאַנד אין אַלעם, איז אַ
מלך איבערגעגעבן צו פֿעלד.

[9]דער וואָס האָט ליב געלט קען זיך ניט אָנזעטן מיט
געלט, און ניט ווער עס האָט ליב רײַכטום–מיטן אײַנקום.
דאָס אויך איז נישטיקײט. [10]אַז דאָס גוטס מערט זיך, מערן
זיך זײַנע עסערס; און וואָס קומט אַרויס דעם אײגנטימער,
אַחוץ דאָס אָנקוקן מיט זײַנע אויגן? [11]זיס איז דער שלאָף

פון דעם וואָס אַרבעט, סיי ער עסט ווינציק, סיי פיל, אָבער
די זעט פון דעם עושר לאָזט אים ניט שלאָפן.
12 פאַראַן אַ פאַרדראָסיקער ווייטאָק וואָס איך האָב
געזען אונטער דער זון: אַן עשירות וואָס ווערט געהיט פון
דעם אייגנטימער אים צום בייזן. 13 און די עשירות ווערט
פאַרלאָרן אין אַ שלעכטן עסק; און אַז ער האָט אַ זון,
בלייבט גאָרנישט אין זיין האַנט. 14 אַזוי ווי ער איז אַרויס
פון זיין מוטערלייב, גייט ער נאַקעט צוריק, אַזוי ווי ער איז
געקומען, און קיין זאַך נעמט ער ניט מיט פאַר זיין מי,
כדי ער זאָל עס אַוועקטראָגן אין זיין האַנט. 15 יאָ, דאָס
אויך איז אַ פאַרדראָסיקער ווייטאָק, וואָס גענוי ווי ער איז
געקומען אַזוי גייט ער אַוועק; און וואָס קומט אים אַרויס
וואָס ער מיט זיך פאַרן ווינט? 16 דערצו פאַרצערט ער
אַלע זיינע טעג אין פינצטערניש, און ערגערט זיך אַ סך,
און האָט קרענקעניש און פאַרדראָס.
17 אָט וואָס איך האָב אַיינגעזען: בעסער און שענער וואָלט
געווען צו עסן און טרינקען, און האָבן ווילטאָק פאַר זיין
גאַנצער מי וואָס ער מיט זיך אונטער דער זון אין די
געציילטע טעג פון זיין לעבן וואָס גאָט האָט אים געשאָנקען;
וואָרום דאָס איז זיין חלק. 18 און איטלאַכער מענטש וואָס
גאָט שענקט אים עשירות און גיטער, און גיט אים שליטה
צו עסן דערפון, און צו נעמען זיין חלק, און זיך ווויל צו
טאָן פאַר זיין מי, איז דאָס אַ מתנה פון גאָט. 19 יאָ, ער
דאַרף געדענקען אַז די טעג פון זיין לעבן זיינען ניט פיל—
ווען גאָט באַווערט אים נאָך די פרייד פון זיין האַרצן.

ו 1 פאַראַן אַן אומגליק וואָס איך האָב געזען אונטער דער
זון, און עס איז זייער אָפט ביים מענטשן: 2 אַ מענטש

וואָס גאָט שענקט אים עשירות און גיטער און כבוד, און
אים גייט ניט אָפּ פאַר זיך קיין זאַך פון אַלץ וואָס ער געלוסט,
אָבער גאָט האָט אים ניט געגעבן קיין שליטה צו עסן דערפון
נאָר אַ פרעמדער מענטש עסט עס. דאָס איז נישטיקייט,
און אַ פאַרדראָסיקער ווייטאָק. [3]אַז אַ מענטש זאָל האָבן
הונדערט קינדער, און לעבן אַ סך יאָרן, איז, וויפיל די טעג
פון זיינע יאָרן זאָלן זיין, אויב זיין זעל זעטיקט זיך ניט פון
דעם גוטס, און צומאָל קיין קבורה האָט ער ניט, זאָג איך:
בעסער פון אים איז דעם מפּילקינד. [4]וואָרום אין
נישטיקייט קומט עס, און אין פינצטערניש פאַרגייט עס,
און אין פינצטערניש ווערט צוגעדעקט זיין נאָמען. [5]עס
האָט צומאָל די זון ניט געזען און ניט געקענט; עס האָט מער
נחת ווי יענער. [6]און ווען ער זאָל לעבן צוויי מאָל טויזנט
יאָר, און ניט אָנזען קיין גוטס, גייען דען ניט אַלע אין איין
אָרט?

[7]די גאַנצע מי פון מענטשן איז פאַר זיין מויל,
און פון דעסטוועגן ווערט די זעל ניט אָנגעפילט.

[8]וואָרום וואָס איז די מעלה פון דעם חכם איבער דעם נאַרן?
וואָס, פון דעם אָרעמאַן וואָס פאַרשטייט?—ווי אומצוגיין
מיטן לעבן? [9]בעסער זעאונג פון די אויגן, איידער וואַנדער-
ניש פון דער זעל. דאָס אויך איז נישטיקייט און ווינט-
יאָגעניש.

[10]וואָס געשעט איז לאַנג צוריק אָנגערופן געוואָרן מיטן
נאָמען, און עס איז באַוווּסט פאָראויס וואָס דער מענטש איז;
און ער קען זיך ניט האַמפּערן מיט דעם וואָס איז שטאַרקער
פון אים. [11]אויב פיל ווערטער מערן אָפּט נישטיקייט,
וואָס איז די מעלה מיטן מענטשן? [12]וואָרום ווער ווייס
וואָס איז בעסער פאַרן מענטשן אין לעבן, אין די געציילטע

טעג פון זיין נישטיקן לעבן וואָס ער מאַכט דורך ווי אַ שאָטן?
ווייל ווער קען זאָגן דעם מענטשן, וואָס וועט זיין נאָך אים
אונטער דער זון?

ז 1אַ גוטער נאָמען[a] איז בעסער פון גוטן אייל[a];
און דער טאָג פון טויט, פון דעם טאָג וואָס מע ווערט
געבאָרן.
2בעסער צו גיין אין הויז פון טרויער,
איידער צו גיין אין הויז פון אַ סעודה;
ווייל דאָס איז דער סוף פון יעטוועדער מענטשן,
און דער לעבעדיקער דאַרף זיך נעמען צום האַרצן.
3בעסער קומער איידער געלעכטער,
וואָרום אַז דער פּנים איז טרויעריק, איז בעסער
פאַרן האַרצן.
4דאָס האַרץ פון די קלוגע איז אין הויז פון טרויער,
און דאָס האַרץ פון די נאַרן אין הויז פון פרייד.
5בעסער צו הערן דעם אָנגעשריי פון אַ קלוגן,
איידער מע זאָל הערן דעם לויבגעזאַנג פון נאַרן.
6וואָרום אַזוי ווי דאָס קנאַקן פון דערנער אונטערן טאָפּ[b],
אַזוי איז דאָס געלעכטער פון דעם נאַרן.
און דאָס אויך איז נישטיקייט.
7פאַרוואָר, רויב צעדולט דעם חכם,
און שוחד פירט איבער דאָס האַרץ.
8בעסער דער סוף פון אַ זאַך איידער איר אָנהייב;
בעסער אַיינגעהאַלטן אין געמיט, איידער האָפּערדיק
אין געמיט.
9זאָלסט ניט זיין האַסטיק אין דיין געמיט צו ווערן אין כּעס,
וואָרום כּעס רוט אין בוזעם פון די נאַרן.

א וואָרטשפּיל: שֵׁם מִשֶּׁמֶן. ב וואָרטשפּיל: קוֹל הַסִּירִים תַּחַת הַסִּיר.

10 זאָלסט ניט זאָגן: ווי איז דאָס, וואָס די פריערדיקע
טעג זיינען געווען בעסער ווי די איצטיקע? וואָרום ניט פון
חכמה פרעגסטו וועגן דעם.
11 גוט איז חכמה מיט אַ נחלה,
און אַ מעלה פאַר די וואָס זעען די זון.
12 וואָרום חכמה איז אַ באַשירעמונג, געלט איז אַ באַשירעמונג,
אָבער די מעלה פון קענשאַפט איז, וואָס חכמה האַלט אויף
דאָס לעבן פון דעם וואָס האָט זי.
13 קוק אָן דאָס ווערק פון גאָט; וואָרום ווער קען אויס־
גלייכן וואָס ער האָט געמאַכט קרום? 14 אין טאָג פון גליק
זיי גליקלאַך, און אין טאָג פון אומגליק קוק זיך אַרום—דאָס
אויך אַזוי ווי יענס האָט גאָט געמאַכט—וואָרום דער מענטש
וועט דערנאָך גאָרנישט שפּירן.
15 אַלץ האָב איך געזען אין מיינע נישטיקע טעג: פאַראַן
אַ צדיק וואָס גייט אונטער אין זיין צידקות, און פאַראַן אַ
רשע וואָס איז מַאֲריך־יָמים אין זיין שלעכטיקייט. 16 זאָלסט
ניט זיין צו פיל צדיק, און זאָלסט זיך ניט קליגן איבעריקס;
נאָכוואָס זאָלסטו זיך אומברענגען? 17 זאָלסט ניט זיין צו
שלעכט, און זאָלסט ניט זיין קיין נאַר; נאָכוואָס זאָלסטו
שטאַרבן פאַר דער צייט? 18 גוט איז דו זאָלסט זיך האַלטן
אָן דעם, און אויך פון יענעם ניט אָפּלאָזן דיין האַנט; וואָרום
דער וואָס האָט מורא פאַר גאָט, קומט דורך מיט ביידע.
19 די חכמה באַשיצט דעם חכם מער ווי צען געוועלטיקער
וואָס זיינען אין שטאָט. 20 וואָרום ניטאָ אַ מענטש אַ צדיק
אויף דער ערד וואָס זאָל טאָן [לויטער] גוטס, און ניט
זינדיקן.
21 זאָלסט אויך ניט לייגן דיין האַרץ אויף אַלע ווערטער
וואָס מע רעדט, כּדי זאָלסט ניט הערן ווי דיין קנעכט

שילט דיך; 22וואָרום דײַן האַרץ ווייס אַז פֿיל מאָל האָסט
דו אויך געשאָלטן אַנדערע.
23דאָס אַלץ האָב איך אויסגעפּרוּווט מיט חכמה; איך
האָב געזאָגט: איך וועל קלוג ווערן; אָבער עס איז געווען
ווײַט פֿון מיר. 24דאָס וואָס איז ווײַט און טיף־טיף, ווער קען
עס אויסגעפֿינען? 25איך האָב מיך אַרומגעדרייט, און מײַן
האַרץ איז געווען אויף צו פֿאַרשטיין און צו פֿאָרשן און זוכן
חכמה און אַ חשבון, און צו דערקענען אַז שלעכטיקייט איז
טיפּשות, און נאַרישקייט איז משוגעת. 26און איך געפֿין אַז
ביטערער פֿון טויט איז די פֿרוי, וואָס איר האַרץ איז
פּאַסטקעס און נעצן, אירע הענט זײַנען בינדשטריק. דער
וואָס איז וווילגעפֿעלן פֿאַר גאָט, ווערט אַנטרונען פֿון איר,
און דער זינדיקער ווערט געפֿאַנגען פֿון איר. 27זע, דאָס
האָב איך אויסגעפֿונען, זאָגט קהלת, ווען איך האָב
צוגעלייגט איינס צום אַנדערן, כּדי צו געפֿינען דעם חשבון
28וואָס מײַן זעל זוכט נאָכאַנאַנד, און איך געפֿין ניט: איין
מאַן צווישן טויזנט האָב איך געפֿונען, אָבער אַ פֿרוי צווישן
די אַלע האָב איך ניט געפֿונען. 29זע, דאָס אַליין האָב איך
אויסגעפֿונען, אַז גאָט האָט באַשאַפֿן דעם מענטשן גלײַך,
אָבער זיי האָבן געזוכט פֿיל אויסטראַכטענישן.

ח 1ווער איז ווי דער חכם?
און ווער ווייס דעם באַשייד פֿון אַ זאַך?
אַ מענטשנס חכמה באַלײַכט זײַן פּנים,
און די פֿאַרשײַטקייט פֿון זײַן פּנים ווערט פֿאַרביטן.
2איך זאָג: היט דעם מלכס באַפֿעל פֿון וועגן דער שבועה
צו גאָט. 3זאָלסט ניט אַוועקגיין איבעראײַלט פֿון זײַן פּנים;
זאָלסט ניט צושטיין צו אַ שלעכטער זאַך, וואָרום אַלץ וואָס

ער וויל, טוט ער. [4]מחמת דאָס וואָרט פון דעם מלך איז
געוועלטיקונג; און ווער קען אים זאָגן: וואָס טוסטו?
[5]דער וואָס וויל ניט וויסן פון קיין בייז געשעעניש, היט
דאָס געבאָט,
און דעם קלוגנס האַרץ ווייס [אַז פאַראַן] אַ צייט
און אַ משפּט.
[6]וואָרום פאַר יעטוועדער זאַך איז דאָ אַ צייט און אַ משפּט,
ווייל דאָס בייז פון דעם מענטשן איז גרויס אויף אים.
[7]וואָרום ער ווייס ניט וואָס וועט געשען; וואָרום ווען עס
דאַרף געשען, ווער וועט עס אים זאָגן? [8]קיין מענטש
געוועלטיקט ניט איבערן ווינט, צו קענען איינהאַלטן דעם
ווינט, און ניטאָ קיין געוועלטיקונג אין טאָג פון טויט, און ניטאָ
קיין אורלויב אין מלחמה, און דאָס בייז וועט ניט ראַטעווען
זיין טוער. [9]דאָס אַלץ האָב איך געזען, און האָב מיר אַריינ־
גענומען אין האַרצן וועגן יעטוועדער טואונג וואָס ווערט
געטאָן אונטער דער זון, בעת איין מענטש געוועלטיקט
איבערן אַנדערן אים שלעכטס צו טאָן.
[10]און אַזוי האָב איך געזען אַז רשעים זיינען באַגראָבן
געוואָרן, און זיינען געקומען [צו זייער רוה]; און די וואָס
האָבן געטאָן רעכט זיינען אַוועק פון דעם הייליקן אָרט,
און זיינען פאַרגעסן געוואָרן אין שטאָט. דאָס אויך איז
נישטיקייט. [11]ווייל דער פּסק פאַר די שלעכטע מעשׂים
ווערט ניט געטאָן אויף גיך, דרום דערוועגט זיך דאָס האַרץ
פון די מענטשנקינדער אין זיי צו טאָן שלעכטס; [12]וואָרום
אַ זינדיקער טוט הונדערט מאָל שלעכטס, און מע פאַר־
לענגערט אים. אָבער איך ווייס פאָרט אַז די וואָס האָבן
מורא פאַר גאָט וועט זיין גוט, ווייל זיי האָבן מורא פאַר אים;
[13]און דעם רשע וועט זיין ניט גוט, און אַזוי ווי אַ שאָטן וועט

ער ניט מַאֲריך־יָמים זיין, ווייל ער האָט ניט מורא פאַר גאָט.
[14]פאַראַן אַ נישטיקייט וואָס געשעט אויף דער ערד: וואָס עס
זיינען פאַראַן צדיקים וואָס זיי גייט ווערליק די מעשׂים פון די
רשעים, און פאַראַן רשעים וואָס זיי גייט ווערליק די מעשׂים
פון די צדיקים. האָב איך געזאָגט: דאָס אויך איז נישטיקייט.
[15]און איך האָב געלויבט די פרייד, וואָרום ניטאָ בעסערס
פאַרן מענטשן אונטער דער זון, ווי צו עסן און טרינקען און
זיין פריילאַך, און אַז דאָס זאָל אים באַלייטן אין זיין מי,
דורך די טעג פון זיין לעבן וואָס גאָט האָט אים געשאָנקען
אונטער דער זון.
[16]אַזוי ווי איך האָב אָפּגעגעבן מיין האַרץ צו קענען חכמה
און צו זען די טועניש וואָס ווערט געטאָן אויף דער ערד—
וואָרום סיי ביי טאָג סיי ביי נאַכט זעט [דער מענטש] ניט
אָן קיין שלאָף אין זיינע אויגן— [17]האָב איך געזען אין אַלע
מעשׂים פון גאָט, אַז דער מענטש קען ניט אויסגעפינען די
מעשׂים וואָס ווערן געטאָן אונטער דער זון; וואָרום ווי דער
מענטש זאָל זיך מיען צו זוכן, וועט ער עס ניט געפינען; און
אַפילו אַז דער חכם זאָגט, ער ווייס עס, קען ער עס ניט
אויסגעפינען.

ט [1]וואָרום דאָס אַלץ האָב איך מיר אַריינגענומען אין
האַרצן, כּדי קלאָר צו מאַכן דאָס אַלץ: אַז די צדיקים און
די חכמים מיט זייערע מעשׂים זיינען אין דער האַנט פון גאָט;
סיי ליבשאַפט, סיי שׂנאה—דער מענטש ווייס ניט; אַלץ ליגט
זיי פאַראויס. [2]אַלצדינג ווי פאַר אַלעמען; איין טראַף פאַר
דעם צדיק און פאַר דעם רשע, פאַר דעם גוטן און דעם
ריינעם, און פאַר דעם אומריינעם, און פאַר דעם וואָס
שלאַכט אַ קרבן, און פאַר דעם וואָס שלאַכט ניט; אַזוי דער

גוטער אַזוי דער זינדיקער, דער וואָס שווערט ווי דער וואָס
שייט זיך פֿון אַ שבועה. 3דאָס איז דאָס בייז אין אַלץ וואָס
געשעט אונטער דער זון, וואָס איין טראַף איז פֿאַר אַלעמען,
און אויך איז דאָס האַרץ פֿון די מענטשנקינדער פֿול מיט
בייז, און משוגעת איז אין זייער האַרצן ביי זייער לעבן,
און דערנאָך גייען זיי צו די טויטע.
4וואָרום ביי דעם וואָס איז נאָך באַהעפֿט צו אַלע
לעבעדיקע איז דאָ אַ האָפֿענונג, ווייל אַ לעבעדיקן הונט
איז בעסער ווי אַ טויטן לייב. 5וואָרום די לעבעדיקע
ווייסן אַז זיי וועלן שטאַרבן, אָבער די טויטע ווייסן גאָרנישט,
און זיי האָבן ניט מער קיין לוין; וואָרום זייער זכר איז
פֿאַרגעסן. 6אי זייער ליבשאַפֿט אי זייער שׂנאה אי זייער
קנאה איז לאַנג אונטערגעגאַנגען, און זיי האָבן קיינמאָל
מער ניט קיין חלק אין אַלץ וואָס ווערט געטאָן אונטער דער
זון.

7גיי עס מיט שׂמחה דיין ברויט,
און טרינק מיט אַ פֿריילאַכן האַרצן דיין וויין,
וואָרום גאָט האָט שוין באַוויליקט דיינע מעשׂים.
8צו יעטוועדער צייט זאָלן דיינע בגדים זיין ווייס,
און אייל זאָל ניט פֿעלן אויף דיין קאָפּ.

9געניס דאָס לעבן מיט דער ווייב וואָס דו האָסט ליב,
אַלע טעג פֿון דיין נישטיקן לעבן וואָס מע האָט דיר
געשאָנקען אונטער דער זון, אַלע דיינע נישטיקע טעג;
וואָרום דאָס איז דיין חלק אין לעבן, און אין דיין מי וואָס
דו מיסט זיך אונטער דער זון. 10אַלץ וואָס דיין האַנט
פֿאַרמאָגט צו טאָן מיט דיין כּוח, טו, וואָרום ניטאָ קיין טאָן,
אָדער אויסרעכענונג, אָדער קענשאַפֿט, אָדער חכמה,
אין דער אונטערערד וואָס דו גייסט אַהין.

[11]איך האָב ווידער געזען אונטער דער זון, אַז ניט די
פלינקע געווינען דעם געוועטלויף, און ניט די גיבורים די
מלחמה, און אויך ניט די חכמים ברויט, און אויך ניט די
פאַרשטאַנדיקע עשירות, און אויך ניט די ווילקענעוו־
דיקע חן; נאָר צייט און צופאַל טרעפט זיי אַלעמען.
[12]וואָרום דער מענטש ווייס צומאָל ניט זיין צייט; אַזוי ווי
פיש וואָס ווערן געכאַפּט אין אַ בייזער נעץ, און אַזוי ווי
פויגלען וואָס ווערן געכאַפּט אין אַ פּאַסטקע, אַזוי ווי זיי
ווערן די מענטשנקינדער געפאַנגען אין אַ בייזער צייט, ווען זי
פאַלט אויף זיי פּלוצלינג.

[13]אָבער דאָס האָב איך געזען פאַר חכמה אונטער דער
זון, און דאָס איז גרויס ביי מיר: [14]געווען אַ קליינע שטאָט
מיט ווינציק מענטשן אין איר; איז אויף איר געקומען אַ
גרויסער מלך, און האָט זי אַרומגערינגלט, און געבויט אַרום
איר גרויסע באַלאַגערווערק. [15]האָט מען געפונען אין
איר אַן אָרעמאַן אַ חכם, און ער האָט געראַטעוועט די
שטאָט מיט זיין חכמה; הגם קיין מענטש האָט ניט געדאַכט
אָן דעמדאָזיקן אָרעמאַן. [16]האָב איך געזאָגט: בעסער
חכמה איידער גבורה; הגם די חכמה פון אָרעמאַן ווערט
פאַראַכט, און זיינע ווערטער ווערן ניט געהערט.

[17]די ווערטער פון די קלוגע מיט געלאַסנקייט ווערן
מער צוגעהערט
ווי דער געשריי פון אַ געוועלטיקער צווישן נאַרן.
[18]בעסער חכמה איידער כּלי־מלחמה;
און איין זינדיקער פירט איבער אַ סך גוטס.

י [1]טויטע פליגן פאַרשטינקען און צעבלעזלען דעם
זאַלבמישערס אייל,

אַזוי וועגט אַריבער אַביסל נאַרישקייט חכמה און
כבוד.
[2]דער שׂכל פון דעם חכם איז אויף זיין רעכטער זייט,
און דער שׂכל פון נאַרן אויף זיין לינקער.
[3]און אויך אַז דער נאַר גייט אין וועג, פעלט אים שׂכל,
און ער זאָגט אַלעמען אויס אַז ער איז אַ נאַר.
[4]אַז דאָס געמיט פון דעם געוועלטיקער הייבט זיך
אויף קעגן דיר,
זאָלסטו ניט פאַרלאָזן דיין אָרט;
וואָרום געלאַסנקייט באַרוט גרויסע זינד.
[5]פאַראַן אַן אומגליק וואָס איך האָב געזען אונטער
דער זון,
אַזוי ווי אַ פאַרזע וואָס גייט אַרויס פון אַ געוועלטיקער:
[6]נאַרישקייט ווערט געשטעלט אין גרויסע הייכן,
און נגידים זיצן אין דער נידער.
[7]איך האָב געזען קנעכט אויף פערד,
און האַרן וואָס גייען ווי קנעכט אויף דער ערד.
[8]דער וואָס גראָבט אַ גרוב, וועט אין איר אַריינפאַלן,
און דער וואָס ברעכט דורך אַ צאַם, אים וועט
אַיינבייסן אַ שלאַנג.
[9]דער וואָס האַקט אַרויס שטיינער וועט זיך ווייט טאָן אָן
זיי,
דער וואָס שפּאַלט האָלץ איז אין סכּנה דורך דעם.
[10]אַז דער אַייזן איז שטומפּ,
און מע האָט דעם שאַרף ניט פאַרשלייפט,
מוז מען שטאַרקן די כּוחות;
און די מעלה פון חכמה איז צוגרייטן.
[11]אַז די שלאַנג בייסט אַיין פאַרן אָפּשפּרעכן,

איז אויס מעלה פֿון דעם מאַן מיט דער צונג.
12 די ווערטער פֿון דעם חכמס מויל זיינען מיט חן,
און די ליפּן פֿון דעם נאַרן ברענגען אים אום.
13 דער אָנהייב פֿון די ווערטער פֿון זיין מויל איז נאַרישקייט,
און דער סוף פֿון זיין רעדן איז בייזע משוגעת.
14 יאָ, דער נאַר מערט ווערטער;
אָבער דער מענטש ווייס ניט וואָס געשעט;
און וואָס וועט געשען נאָך אים,
ווער וועט אים דערציילן?
15 די מי פֿון דעם נאַרן פֿאַרמאַטערט אים,
וואָרום ער ווייס ניט צומאָל ווי צו גיין אין שטאָט.

16 וויי דיר לאַנד וואָס דיין מלך איז אַ יונג,
און דיינע האַרן מאַכן סעודות אין דער פֿרי!
17 ווויל דיר לאַנד, וואָס דיין מלך איז אַ פֿריי־געבאָרענער,
און דיינע האַרן עסן אין דער צייט,
אין מאַנהאַפֿטיקייט און ניט אין זויפֿעריי.

18 פֿון פֿוילקייט פֿאַלט איין דער באַלקן,
און פֿון אָפּגעלאָזטע הענט רינט דאָס הויז.

19 אַ סעודה מאַכט מען פֿון פֿריילאַכקייט וועגן,
און וויין מאַכט לוסטיק דאָס לעבן;
אָבער געלט באַווערט אַלץ.
20 אַפֿילו אין דיין געדאַנקען זאָלסטו ניט שילטן דעם מלך,
און אין דיינע שלאָפֿקאַמערן זאָלסטו ניט שילטן דעם עושר;

וואָרום אַ פויגל פון הימל וועט אַוועקטראָגן דעם קול
און דער וואָס האָט פליגלען וועט דערציילן די זאַך.

יא [1]לאָז אַוועק דיין ברויט אויפן וואַסער,
וואָרום אין פיל טעג אַרום וועסטו עס געפינען.
[2]צעטייל אַ חלק אויף זיבן, און אַפילו אויף אַכט,
וואָרום ווייסט ניט וואָס פאַר אַ בייז עס קען זיין אויף
דער ערד.
[3]אַז די וואָלקן ווערן פול מיט רעגן,
ליידיקן זיי זיך אויס אויף דער ערד;
און סיי אַ בוים פאַלט אין צפון און סיי אין דָרום—
אין אָרט ווו דער בוים פאַלט דאָרטן וועט ער בלייבן.

[4]דער וואָס פאַסט אויף דעם ווינט וועט ניט זייען,
און דער וואָס קוקט אויף די וואָלקנס וועט ניט
שניידן.
[5]אַזוי ווי דו ווייסט ניט וואָס איז דער וועג פון דעם
ווינט,
אָדער ווי עס ווערן ביינער אין לייב פון אַ
טראָגעדיקער,
אַזוי ווייסטו ניט די טואונג פון גאָט
וואָס טוט אַלצדינג.
[6]אין פרימאָרגן זיי דיין זאָמען,
און אין אָוונט זאָלסטו ניט אָפּלאָזן דיין האַנט,
וואָרום דו ווייסט ניט וואָסערס וועט געראָטן, דאָס
אָדער יענס,
אָדערביידע באַגלייך וועלן זיין גוט.
[7]און זיס איז די ליכטיקייט,

און גוט איז פאַר די אויגן צו זען די זון.
8וואָרום וויפיל יאָרן דער מענטש זאָל לעבן,
זאָל ער אין זיי אַלע זיין פריילאַך;
און זאָל ער געדענקען די טעג פון פינצטערניש,
אַז זיי וועלן זיין פיל.
אַלץ וואָס געשעט איז נישטיקייט.

9פריי זיך, בחור, אין דיין יוגנט,
און לאָז וויל גיין דיין האַרץ אין דיינע בחורשע טעג,
און גיי אין די וועגן פון דיין האַרצן,
און נאָך דער זעאונג פון דיינע אויגן;
אָבער זיי וויסן אַז פאַר אַלעם דעם
וועט גאָט דיך ברענגען צום משפט.
10און טו אָפּ ערגערניש פון דיין האַרצן,
און האַלט אָפּ בייז פון דיין לייב,
וואָרום אינגלשאַפט און יוגנט זיינען אַ הויך.

יב 1און געדענק דיין באַשעפער אין דיינע בחורשע טעג,
איידער עס וועלן קומען די שלעכטע טעג,
און אָנקומען וועלן די יאָרן,
וואָס דו וועסט זאָגן: איך האָב ניט קיין הנאה פון זיי;
2איידער עס וועט פינצטער ווערן די זון און דאָס ליכט,
און די לבנה און די שטערן;
און די וואָלקנס וועלן ווידער קערן נאָכן רעגן;
3אין דעם טאָג וואָס די היטוועכטער וועלן זיך טרייסלען,

און די חילס־לײַט װעלן זיך אױסקרימען,
און די מאָלערנס װעלן ניט אַרבעטן, װײַל זײ זײַנען
װינציק,
און די קוקערנס װעלן טונקל זײַן אין די פענצטער,
4און די טירן צום גאַס װעלן פאַרשלאָסן װערן;
װען נידעריק װעט זײַן דאָס רױשן פון דער מיל,
און מע װעט זיך אָפּשטעלן בײַם פּיפּס פון אַ פױגל,
און פאַרשטיקט װעלן זײַן אַלע טעכטער פון געזאַנג;
5אױך װעט מען מורא האָבן פאַר אַ הױכן אָרט,
און שרעקענישן װעלן זײַן אױפן װעג;
און דער מאַנדלבױם װעט בליען,
און דער הײשעריק װעט זיך שלעפּן,
און די קאַפּערפרוכט װעט אױפהערן,
װײַל דער מענטש גײט צו זײַן אײביקער הײם,
און די באַקלאָגער װעלן זיך אומדרײען אין גאַס;
6אײדער די זילבערנע שנור װעט צעריסן װערן,
און דער גילדערנער בעקן װעט צעהאַקט װערן,
און דער קרוג װעט צעבראָכן װערן בײַם קװאַל,
און דער ראָד פאַלט אַ צעהאַקטער אין ברונעם;
7און דער שטױב װעט זיך אומקערן צו דער ערד, װי
געװען,
און דער גײַסט װעט זיך אומקערן צו גאָט װאָס האָט
אים געגעבן.

8נישטיקײט פון נישטיקײטן, זאָגט קהלת,
אַלץ איז נישטיקײט.

9און אַחוץ װאָס קהלת איז געװען אַ חכם, האָט ער נאָך

געלערנט דאָס פֿאָלק קענשאַפֿט; און ער האָט געוווֹיגן און
געפֿאָרשט, און צונויפֿגעשטעלט שפּריכווערטער אַ סך.
10קהלת האָט געזוכט צו געפֿינען נוצלאַכע זאַכן, און וואָס
איז געשריבן אויפֿריכטיק—אמתדיקע ווערטער.
11די ווערטער פֿון די חכמים זיינען אַזוי ווי טרייבשפּיצן,
און ווי נעגל אַריינגעשלאָגענע זיינען די צונויפֿגעזאַמלטע
[רייד]; זיי זיינען געגעבן געוואָרן פֿון איין פּאַסטוך. 12און
ווייטער, מיין זון, זיי געוואָרנט: צו מאַכן פֿיל ספֿרים איז
ניטאָ קיין ענד, אָבער זיך גריבלען צו פֿיל מאַטערט אָפּ
דעם לייב.
13דער סוף פֿון דער זאַך, נאָכדעם ווי אַלץ איז געהערט
געוואָרן, איז: האָב מוֹרא פֿאַר גאָט, און היט זיינע געבאָט,
וואָרום דאָס איז דער גאַנצער מענטש. 14 ווייל דעם גאַנצן
באַשאַף וועט גאָט ברענגען פֿאַר אַ משפּט איבער אַלעם
פֿאַרהוילענעם, סיי גוט און סיי שלעכט.

דער סוף פֿון דער זאַך, נאָכדעם ווי
אַלץ איז געהערט געוואָרן, איז: האָב
מוֹרא פֿאַר גאָט, און היט זיינע געבאָט,
וואָרום דאָס איז דער גאַנצער מענטש.

# אֶסתֵּר


| קאַפּיטל | זייט |
|---|---|
| א | 1 |
| ב | 3 |
| ג | 7 |
| ד | 9 |
| ה | 11 |
| ו | 13 |
| ז | 14 |
| ח | 16 |
| ט | 18 |
| י | 22 |

# אֶסְתֵּר

א 1און עס איז געווען אין די טעג פון אַחַשוֵרושן — דאָס איז
דער אַחַשוֵרוש וואָס האָט געקיניגט פון הודו ביז כּוש,
איבער הונדערט און זיבן און צוואַנציק מדינות — 2אין יענע
טעג, אַז דער מלך אַחַשוֵרוש איז געזעסן אויף דעם טראָן
פון זיין מלוכה וואָס אין דער הויפּטשטאָט שושן, 3אין דריטן
יאָר פון זיין מלוכה, האָט ער געמאַכט אַ מאָלצייט פאַר
אַלע זיינע האַרן און זיינע קנעכט, דעם חיל פון פָּרַס און
מָדַי, די אַדללייט און די האַרן פון די מדינות, וואָס פאַר
אים; 4ווען ער האָט געוויזן די עשירות פון זיין קיניגלאַכן
שטאַט, און די זעלטענע פּראַכט פון זיין גרויסקייט, פיל
טעג, הונדערט און אַכציק טעג. 5און אַז דידאָזיקע טעג
זיינען דערפילט געוואָרן, האָט דער מלך געמאַכט פאַר
דעם גאַנצן פאָלק וואָס האָט זיך געפונען אין דער הויפּט־
שטאָט שושן, פון קלענסטן ביזן גרעסטן, אַ מאָלצייט פון
זיבן טעג אין הויף פון דעם מלכס פּאַלאַצגאָרטן. 6ווייסע
צייג, דינע ליינען, און בלאָע וואָל, זיינען געווען באַפעס־
טיקט מיט שנורן פון פיינליינען און פּורפּל אויף זילבערנע
שטאַנגען און זיילן פון מירמלשטיין; מיט גילדערנע
און זילבערנע לענבעטלאַך אויף אַ פלאַסטערונג פון
אַלאַבאַסטער און מירמלשטיין, און פּערלמוטער, און
פלעקמירמל. 7און געגעבן טרינקען האָט מען אין גילדערנע
כּלים, און כּלים פון כּלים פאַרשיידן, און מלכותדיקער
וויין איז געווען מיט אַ קיניגלאַכער האַנט. 8און דאָס טרינקען
איז געווען ווי געהעריק; קיינער האָט ניט גענייט; וואָרום אַזוי

האָט דער מלך פֿעסט אָנגעזאָגט איטלאַכן עלטסטן פֿון זיין
הויז, צו טאָן לויט דעם רָצון פֿון יעטוועדער איינעם.
[9]אויך די מלכּה וַשתּי האָט געמאַכט אַ מאָלצייט פֿאַר די
ווייבער אין דעם קיניגלאַכן הויז פֿון מלך אַחַשוֵרוֹש.
[10]אויפֿן זיבעטן טאָג, אַז דעם מלכּס האַרץ איז געווען
פֿריילאַך פֿון ווין, האָט ער געהייסן מהוּמָן, בִּזְתָא, חַרבוֹנָא,
בִּגְתָא, און אַבַגתָא, זֵתַר, און כַּרכַּס, די זיבן קאַמערדינער
וואָס האָבן באַדינט פֿאַר דעם מלך אַחַשוֵרוֹש, [11]ברענגען
די מלכּה וַשתּי פֿאַר דעם מלך אין אַ קיניגלאַכער קרוין,
כּדי צו ווייזן די פֿעלקער און די האַרן איר שיינקייט, וואָרום
זי איז געווען שיין פֿון אויסזען. [12]האָט די מלכּה וַשתּי ניט
געוואָלט קומען אויף דעם מלכּס אָנזאָג וואָס דורך דער
האַנט פֿון די קאַמערדינער, און דער מלך איז זייער אין
כּעס געוואָרן, און זיין גרימצאָרן האָט אין אים געבּרענט.
[13]און דער מלך האָט געזאָגט צו די חכמים וואָס קענען
די צייטן—וואָרום אַזוי איז געווען דעם מלכּס שטייגער
אַנטקעגן אַלע וואָס ווייסן אַ געזעץ און אַ דין; [14]און די
נאָנטע צו אים זיינען געווען כַּרשנָא, שֵתָר, אַדמָתָא, תַּרשיש,
מֶרֶס, מַרסנָא, ממוּכָן, זיבן האַרן פֿון פָּרַס און מָדַי וואָס
האָבן געזען דעם מלכּס פּנים, וואָס זיינען געזעסן אויבנאָן
אין דער מלוכה:—[15]וואָס דאַרף מען טאָן לויט געזעץ צו
דער מלכּה וַשתּי פֿאַרוואָס זי האָט ניט געטאָן דעם אָנזאָג
פֿון מלך אַחַשוֵרוֹש דורך דער האַנט פֿון די קאַמערדינער.
[16]האָט ממוּכָן געזאָגט פֿאַר דעם מלך און די האַרן: ניט
אַקעגן מלך אַליין האָט פֿאַרבּראָכן די מלכּה וַשתּי, נאָר
אַקעגן אַלע האַרן, און אַקעגן אַלע פֿעלקער וואָס אין אַלע
מדינות פֿון מלך אַחַשוֵרוֹש. [17]וואָרום די מעשה מיט דער
מלכּה וועט אַרויסקומען צו אַלע ווייבער, צו מאַכן זייערע

מאַנען פאַראַכט אין זייערע אויגן, אַז מע וועט זאָגן: דער
מלך אַחשורוש האָט געהייסן ברענגען פאַר אים די מלכּה
ושתּי, און זי איז ניט געקומען. 18און נאָך היינטיקן טאָג
וועלן די האַרנטעס פון פּרס און מדי, וואָס האָבן געהערט
די מעשׂה מיט דער מלכּה, דאָס זאָגן צו די האַרן פון מלך,
און עס וועט זיין גענוג בּיזיון און ערגערניש. 19אויב דעם
מלך איז וווילגעפעלן, זאָל אַרויסגיין אַ קיניגלאַכער באַ־
פעל פון פאַר אים, און עס זאָל פאַרשריבן ווערן אין די
געזעצן פון פּרס און מדי, כּדי עס זאָל ניט בּטל ווערן, אַז
ושתּי זאָל מער ניט קומען פאַר דעם מלך אַחשורוש, און
איר מלכּהשאַפט זאָל דער מלך געבן צו אַן אַנדערער וואָס
איז בעסער פון איר. 20און אַז דעם מלכס פּסק וואָס ער
וועט מאַכן, וועט באַקאַנט ווערן אין זיין גאַנצן קיניגרייך,
ווי גרויס עס איז, וועלן אַלע ווייבער אָפּגעבן כּבוד זייערע
מאַנען, פון גרעסטן ביזן קלענסטן.
21איז דאָס וואָרט וווילגעפעלן אין די אויגן פון דעם
מלך און די האַרן, און דער מלך האָט געטאָן אַזוי ווי דאָס
וואָרט פון ממוכן. 22און ער האָט געשיקט בריוו צו אַלע
מדינות פון דעם מלך, צו איטלאַכער מדינה לויט איר כּתב,
און צו איטלאַכן פאָלק לויט זיין לשון, אַז יעטוועדער מאַן
זאָל זיין דער הערשער אין זיין הויז, און רעדן אַזוי ווי דער
לשון פון זיין פאָלק.

ב 1נאָך דידאָזיקע געשעענישן, אַז דער גרימצאָרן פון מלך
אַחשורוש האָט זיך געשטילט, האָט ער געדאַכט אָן
ושתּין, און אָן וואָס זי האָט געטאָן, און וואָס איז נגזר געוואָרן
אויף איר. 2האָבן געזאָגט די יונגען פון מלך, זיינע משרתים:
זאָל מען זוכן פאַרן מלך יונגע מיידלאַך שיין פון אויסזען.

[3]און דער מלך זאָל אויפזעצן אויפזעער אין אַלע מדינות פון זיין קיניגרייך, און זיי זאָלן אַיינזאַמלען ווו נאָר אַ יונג מיידל פון שיינעם אויסזען אין דער הויפּטשטאָט שושן, אין הויז פון די פרויען, אונטער דער האַנט פון הגא דעם קאַמער־דינער פון מלך, דעם היטער פון די פרויען, און מע זאָל זיי געבן זייערע זאַלבונגען. [4]און די מיידל וואָס וועט וויל־געפעלן אין די אויגן פון מלך, זאָל ווערן די מלכה אַנשטאָט ושתין.

און די זאַך איז ווילגעפעלן אין די אויגן פון מלך, און ער האָט אַזוי געטאָן.

[5]איז געווען אַ איד אין דער הויפּטשטאָט שושן מיטן נאָמען מרדכי דער זון פון יָאִיר, דעם זון פון שִמעִי, דעם זון פון קיש, אַ מאַן פון בנימין, [6]וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן פון ירושָלַיִם מיט די פאַרטריבענע וואָס זיינען פאַרטריבן געוואָרן מיט יכָניָה דעם מלך פון יהודה, די וואָס נבוכַדנֶצַר דער מלך פון בָבל האָט פאַרטריבן. [7]און ער האָט דער־צויגן הֲדַסָהן, דאָס איז אסתר, די טאָכטער פון זיין פעטער, וואָרום זי האָט ניט געהאַט קיין פאָטער און מוטער; און די מיידל איז געווען שיין אויפן געשטאַלט, און שיין אויפן פנים; און אַז איר פאָטער און איר מוטער זיינען געשטאָרבן, האָט זי מרדכי צוגענומען צו זיך פאַר אַ טאָכטער.

[8]און עס איז געווען, אַז דער אָנזאָג פון מלך און זיין באַפעל איז באַקאַנט געוואָרן, און אַז פיל מיידלאַך זיינען אַיינגעזאַמלט געוואָרן אין דער הויפּטשטאָט שושן, אונטער דער האַנט פון הֵגַין, אַזוי איז אויך אסתר צוגענומען געוואָרן אין הויז פון מלך, אונטער דער האַנט פון הֵגַין דעם היטער פון די פרויען. [9]און די מיידל איז ווילגעפעלן אין זיינע אויגן, און זי האָט נושׂא חן געווען פאַר אים, און ער האָט

געצײלט מיט אירע זאַלבונגען און אירע גאָבן, און די זיבן
מײדלאַך װאָס דאַרפֿן איר געגעבן װערן פֿון מלכס הױז;
און ער האָט זי מיט אירע מײדלאַך אױסגעצײכנט צום גוטן
אין הױז פֿון די פֿרױען.
[10]אסתּר האָט ניט אױסגעזאָגט איר פֿאָלק און איר
אָפּשטאַם, װאָרום אַזױ האָט איר מרדכי באַפֿױלן, אַז זי
זאָל ניט אױסזאָגן. [11]און טאָג פֿאַר טאָג איז מרדכי
אַרומגעגאַנגען פֿאַר דעם הױף פֿון דעם הױז פֿון די פֿרױען,
געװאָר צו װערן װאָס אסתּר מאַכט, און װאָס מיט איר
געשעט.
[12]און אַז עס האָט דערגרײכט די רײ פֿון מײדל נאָך
מײדל, צו קומען צום מלך אַחַשװֵרוֹש, נאָכדעם װי זי האָט
געהאַט צװעלף חדשים לױט דעם אײנפֿיר פֿאַר די פֿרױען—
װאָרום אַזױ האָבן געמוזט דערפֿילט װערן די טעג פֿון
זײערע זאַלבונגען: זעקס חדשים, מיט אײל פֿון מירע, און
זעקס חדשים מיט בשׂמים און מיט זאַלבן פֿון פֿרױען—
[13]און אַז די מײדל איז דענסמאָל געגאַנגען צום מלך, פֿלעגט
אַלץ װאָס זי פֿלעגט פֿאַרלאַנגען איר געגעבן װערן,
מיטצוגײן מיט איר פֿון דעם הױז פֿון פֿרױען אין הױז פֿון
מלך. [14]אין אָװנט איז זי געגאַנגען, און אין דער פֿרי האָט
זי זיך אומגעקערט אין צװײטן הױז פֿון די פֿרױען, אונטער
דער האַנט פֿון שַעַשְגַז דעם מלכס קאַמערדינער, דעם
היטער פֿון די קעפּסװײבער. זי פֿלעגט מער ניט קומען
צום מלך, סײדן דער מלך האָט זי באַגערט, און זי איז
גערופֿן געװאָרן מיטן נאָמען.
[15]און אַז עס האָט דערגרײכט די רײ פֿון אסתּר דער
טאָכטער פֿון אַבִיחַיִל, מרדכיס פֿעטער, װאָס ער האָט
גענומען צו זיך פֿאַר אַ טאָכטער, צו קומען צום מלך, האָט

זי ניט פאַרלאַנגט קיין זאַך, אַחוץ וואָס הֵגַי דעם מלכס
קאַמערדינער, דער היטער פון די פרויען, פלעגט זאָגן.
און אסתּר האָט נושׂא חן געווען אין די אויגן פון אַלע וואָס
האָבן זי געזען.
16 און אסתּר איז גענומען געוואָרן צום מלך אַחַשוֵרוֹש אין
זיין קיניגלאַכן הויז, אין צענטן חודש, דאָס איז דער חודש
טֵבֵת, אין זיבעטן יאָר פון זיין מלוכה. 17 און דער מלך האָט
ליב געקריגן אסתּרן מער פון אלע ווייבער, און זי האָט
געקריגן בײַ אים חן און לײַטזעליקײַט מער פון אַלע
יונגפרויען, און ער האָט אָנגעטאָן אַ מלכות־קרוין אויף איר
קאָפּ, און האָט זי געמאַכט פאַר אַ מלכּה אַנשטאָט וַשתּין.
18 און דער מלך האָט געמאַכט אַ גרויסן מאָלצײַט פאַר אַלע
זײַנע האַרן און זײַנע קנעכט, אַ מאָלצײַט פון אסתּרס וועגן.
און ער האָט געמאַכט די מדינות אַ הֲנָחה, און געגעבן מתּנות
מיט אַ קיניגלאַכער האַנט.
19 און אַז יונגפרויען זײַנען אַ צווייט מאָל אײַנגעזאַמלט
געוואָרן, און מרדכי איז געזעסן אין טויער פון מלך— 20 אסתּר
האָט נאָך ניט געהאַט אויסגעזאָגט איר אָפּשטאַם און איר
פאָלק, אַזוי ווי מרדכי האָט איר באַפוילן; וואָרום אסתּר
האָט געטאָן וואָס מרדכי האָט איר אָנגעזאָגט, אַזוי ווי בעת
זי איז געווען אין דערציִאונג בײַ אים— 21 אין יענע טעג, ווען
מרדכי איז געזעסן אין טויער פון מלך, האָט געצערנט
בִּגתָן און תֶּרֶש, צוויי קאַמערדינער פון מלך, פון די
שוועלהיטער, און זיי האָבן געוואָלט אויסשטרעקן אַ האַנט
אויפן מלך אַחַשוֵרוֹש. 22 איז די זאַך דערוווּסט געוואָרן
צו מרדכין, און ער האָט דערציילט אסתּר המלכּהן, און
אסתּר האָט געזאָגט דעם מלך אין נאָמען פון מרדכין.
23 און די זאַך איז נאָכגעזוכט געוואָרן, און איז אויסגעפונען

געוואָרן, און זיי זיינען ביידע אויפגעהאַנגען געוואָרן אויף
אַ בוים; און עס איז פאַרשריבן געוואָרן אין בוך פון די
צייטגעשעענישן פאַר דעם מלך.

ג 1 נאָך דידאָזיקע געשעענישן האָט דער מלך אַחַשְוֵרוֹש
געגרייסט הָמָן דעם זון פון הַמְדָתאָן, דעם אַגָגִי, און ער
האָט אים דערהויבן און געשטעלט זיין שטול איבער אַלע
האַרן וואָס ביי אים. 2 און אַלע קנעכט פון מלך וואָס אין מלכס
טויער האָבן זיך געקניט און געבוקט צו הָמָנען, וואָרום אַזוי
האָט דער מלך באַפוילן וועגן אים; נאָר מרדכי פלעגט
זיך ניט קניען און ניט בוקן. 3 האָבן די קנעכט פון מלך
וואָס אין מלכס טויער געזאָגט צו מרדכין: פאַרוואָס
טרעטסטו איבער דעם באַפעל פון מלך? 4 און עס איז
געווען, אַז זיי האָבן דאָס צו אים געזאָגט טאָג פאַר טאָג, און ער
האָט ניט צוגעהערט צו זיי, אַזוי האָבן זיי דערציילט הָמָנען,
כדי צו זען אויב מרדכיס ווערטער וועלן באַשטיין; וואָרום
ער האָט זיי געזאָגט אַז ער איז אַ איד. 5 און ווי הָמָן האָט
געזען אַז מרדכי קניט זיך ניט און בוקט זיך ניט צו אים,
אַזוי איז הָמָן געוואָרן פול מיט גרימצאָרן. 6 און ער האָט
פאַראַכט אין זיינע אויגן אויסצושטרעקן אַ האַנט אויף
מרדכין אַליין; וואָרום מע האָט אים געזאָגט דאָס פאָלק
פון מרדכין; נאָר הָמָן האָט געזוכט צו פאַרטיליקן אַלע
אידן וואָס אין גאַנצן קיניגרייך פון אַחַשְוֵרוֹשן, דאָס פאָלק
פון מרדכין.
7 אין ערשטן חודש, דאָס איז דער חודש ניסן, אין צוועלפטן
יאָר פון מלך אַחַשְוֵרוֹש, האָט מען געוואָרפן אַ פּור, דאָס
איז אַ גורל, פאַר הָמָנען, פון טאָג אויף טאָג, און פון חודש
אויף חודש, ביז צום צוועלפטן חודש, דאָס איז חודש אָדָר.

8און הָמָן האָט געזאָגט צום מלך אַחַשְוֵרוֹש: פֿאַראַן איין
פֿאָלק, צעזייט און צעשפּרייט צווישן די פֿעלקער אין אַלע
מדינות פֿון דײַן קיניגרײַך, און זייערע געזעצן זײַנען אַנדערש
ווי בײַ איטלאַכן פֿאָלק, און די געזעצן פֿון מלך טוען זיי ניט,
און דעם מלך לוינט זיך ניט זיי צו לאָזן בלײַבן. 9אויב
דעם מלך איז ווױלגעפֿעלן, זאָל געשריבן ווערן זיי אומ־
צוברענגען, און איך וועל אָפּוועגן צען טויזנט צענטנער
זילבער אויף די הענט פֿון די ווירטשאַפֿטער, אויף אַרײַנ־
צוברענגען אין די שאַצקאַמערן פֿון מלך. 10האָט דער מלך
אַראָפּגענומען זײַן זיגלרינג פֿון זײַן האַנט, און האָט אים
געגעבן צו הָמָן דעם זון פֿון הַמְדָתָאן, דעם אַגָגי, דעם צוֹרֵר־
הַיהודים. 11און דער מלך האָט געזאָגט צו הָמָנען: דאָס
געלט ווערט דיר געשאָנקען, און אויך דאָס פֿאָלק, צו טאָן
מיט אים ווי עס איז גוט אין דײַנע אויגן.
12און די שרײַבער פֿון מלך זײַנען גערופֿן געוואָרן אין
ערשטן חודש, אין דרײַצנטן טאָג אין אים, און עס איז
געשריבן געוואָרן אַזוי ווי אַלץ וואָס הָמָן האָט באַפֿוילן,
צו די סאַטראַפּן פֿון מלך, און צו די פֿירשטן וואָס איבער
איטלאַכער מדינה, און צו די הערן פֿון איטלאַכן פֿאָלק;
איטלאַכער מדינה לויט איר כּתב, און איטלאַכן פֿאָלק לויט
זײַן לשון, געשריבן אין נאָמען פֿון מלך אַחַשְוֵרוֹש, און
געחתמעט מיטן זיגלרינג פֿון מלך.
13און בריוו זײַנען געשיקט געוואָרן דורך דער האַנט פֿון
לויפֿערס צו אַלע מדינות פֿון מלך, צו פֿאַרטיליקן, צו
הרגען, און אומצוברענגען, אַלע אידן, פֿון יונג ביז אַלט,
קליינע קינדער און ווײַבער, אין איין טאָג, אין דרײַצנטן
טאָג פֿון צוועלפֿטן חודש, דאָס איז חודש אָדָר, און צו
צערויבן זייער פֿאַרמעג. 14דער נוסח פֿון דעם געשריפֿט

זאָל אַרויסגעגעבן ווערן פאַר אַ באַפֿעל אין איטלאַכער מדינה, באַקאַנט געמאַכט צו אַלע פֿעלקער, אַז זיי זאָלן זיין אָנגעברייט פאַר דעמדאָזיקן טאָג.

[15]זיינען די לויפֿערס אַרויס אין געאַייל מיט דעם מלכס אָנזאָג, און דאָס געזעץ איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין דער הויפּטשטאָט שושן. און דער מלך און הָמָן האָבן זיך געזעצט טרינקען, און די שטאָט שושן איז געווען צעטומלט.

ד [1]און ווי מרדכי האָט זיך דערוווּסט אַלץ וואָס איז געשען, אַזוי האָט מרדכי צעריסן זיינע קליידער, און ער האָט אָנגעטאָן זאַק מיט אַש, און ער איז אַרויס־געגאַנגען אין מיטן שטאָט, און האָט געשריען אַ גרויס און ביטער געשריי. [2]און ער איז געקומען ביז צום מלכס טויער; וואָרום מע האָט ניט געטאָרט אַריינגיין אין מלכס טויער אין זאַק.

[3]און אין איטלאַכער מדינה, ווו נאָר דער אָנזאָג פון מלך און זיין באַפֿעל איז אָנגעקומען, איז געווען אַ גרויס טרויער ביי אידן, און אַ תּענית, און געוויין און קלאָג; זאַק און אַש האָבן פֿיל זיך אונטערגעבעט.

[4]זיינען געקומען אסתּרס מיידלאַך און אירע קאַמער־דינער, און האָבן איר דאָס דערציילט, און די מלכּה איז אויפֿגעציטערט געוואָרן, און זי האָט געשיקט קליידער אָנצוטאָן מרדכין, און אויסצוטאָן זיין זאַק פון אים, אָבער ער האָט ניט אָנגענומען. [5]האָט אסתּר גערופֿן הֲתָך, איינעם פון דעם מלכס קאַמערדינער וואָס ער האָט געשטעלט פאַר איר, און זי האָט אים באַפֿוילן צו מרדכין, געוואָר צו ווערן וואָס דאָס איז, און פאַרוואָס דאָס איז.

[6]איז הַתָך אַרויסגעגאַנגען צו מרדכין אויפֿן ברייטן פּלאַץ פֿון שטאָט וואָס פֿאַרן מלכס טויער, [7]און מרדכי האָט אים דערציילט אַלץ וואָס אים איז געשען, און דעם באַטרעף פֿון דעם זילבער וואָס הָמָן האָט צוגעזאָגט אָפּצוּווּעגן אין די שאַצקאַמערן פֿון מלך פֿאַר די אידן, כּדי זיי אומצוברענגען. [8]אויך דעם נוסח פֿון דעם געשריבענעם באַפֿעל וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין שושן זיי צו פֿאַרטיליקן, האָט ער אים געגעבן, צו ווייזן אסתּרן, און איר דערציילן, און איר אָנזאָגן צו גיין צום מלך, צו בעטן ביי אים, און זיך שתּדלען ביי אים פֿאַר איר פֿאָלק.
[9]איז הַתָך געקומען, און האָט דערציילט אסתּרן די ווערטער פֿון מרדכין. [10]און אסתּר האָט גערעדט צו הַתָכן און האָט אים באַפֿוילן צו מרדכין: [11]אַלע קנעכט פֿון מלך און דאָס פֿאָלק פֿון מלכס מדינות, ווייסן אַז איטלעכער מאַן אָדער פֿרוי וואָס גייט אַריין צום מלך אין אינעווייניקסטן הויף, ווען ער ווערט ניט גערופֿן, איז פֿאַר אים בלויז איין געזעץ, טייטן, סיידן דער וואָס דער מלך שטרעקט אויס צו אים דעם גילדערנעם צעפּטער, ער בלייבט לעבן; און איך בין ניט גערופֿן געוואָרן צו קומען פֿאַרן מלך שוין דרייסיק טעג.
[12]האָט מען דערציילט מרדכין די ווערטער פֿון אסתּרן. [13]און מרדכי האָט געהייסן ענטפֿערן אסתּרן: זאָלסט ניט מיינען ביי זיך, אַז דו פֿון אַלע אידן וועסט אַנטרונען ווערן אין מלכס הויז. [14]וואָרום אויב שווייגן וועסטו שווייגן אין דער צייט, וועט אַ דערלייכטערונג און אַ רעטונג אויפֿשטיין פֿאַר אידן פֿון אַן אַנדער אָרט, און דו און דיין פֿאָטערס הויז וועלן אונטערגיין. און ווער ווייס אויב דו האָסט ניט דערגרייכט די מלוכה פֿאַר אַזאַ צייט ווי די?

[15]האָט אסתּר געהייסן ענטפערן מרדכין: [16]גיי זאַמל
איין אַלע אידן וואָס געפינען זיך אין שושן, און פאַסט פאַר
מיר, און איר זאָלט ניט עסן און ניט טרינקען דריי טעג, נאַכט
און טאָג; אויך איך און מיינע מיידלאַך וועלן אַזוי פאַסטן.
און אַזוי וועל איך גיין צום מלך, וואָס איז ניט לויט געזעץ;
און אַז איך וועל אונטערגיין, וועל איך אונטערגיין.
[17]איז מרדכי אַוועק, און האָט געטאָן אַזוי ווי אַלץ וואָס
אסתּר האָט אים באַפוילן.

ה [1]און עס איז געווען אויפן דריטן טאָג, האָט אסתּר זיך
אָנגעטאָן מלכותדיק, און האָט זיך געשטעלט אין
אינעווייניקסטן הויף פון מלכס הויז אַקעגן מלכס הויז; און
דער מלך איז געזעסן אויף זיין קיניגלאַכן טראָן אין
קיניגלאַכן הויז, אַקעגן דעם איינגאַנג פון הויז. [2]איז ווי דער
מלך האָט דערזען אסתּר המלכּה שטייענדיק אין הויף,
האָט זי נושׂא חן געווען אין זיינע אויגן, און דער מלך האָט
אויסגעשטרעקט צו אסתּרן דעם גילדערנעם צעפּטער וואָס
אין זיין האַנט, און אסתּר האָט גענענט, און האָט אָנגערירט
דעם שפּיץ צעפּטער. [3]האָט דער מלך צו איר געזאָגט:
וואָס איז דיר, אסתּר המלכּה? און וואָס איז דיין בקשה? אַפילו
ביז אַ האַלבער מלוכה זאָל דיר געגעבן ווערן. [4]האָט אסתּר
געזאָגט: אויב דעם מלך איז ווילגעפעלן, זאָל דער מלך
און המן קומען היינט צו דעם מאָלצייט וואָס איך האָב פאַר
אים געמאַכט. [5]האָט דער מלך געזאָגט: איילט אהער
המנען, צו טאָן דאָס וואָרט פון אסתּרן. און דער מלך און
המן זיינען געקומען צו דעם מאָלצייט וואָס אסתּר האָט
געמאַכט. [6]און דער מלך האָט געזאָגט צו אסתּרן אויף
דעם וויינמאָלצייט: וואָס נאָר דיין פאַרלאַנג, וועט דיר

גענעבן ווערן, און וואָס נאָר דיין בקשה, אַפילו ביז אַ
האַלבער מלוכה וועט געטאָן ווערן. 7האָט אסתר
געענטפערט און האָט געזאָגט: מיין פאַרלאַנג און מיין בקשה—
8אויב איך האָב געפונען לײַטזעליקייט אין די אויגן פון
מלך, און אויב דעם מלך איז ווילגעפעלן צו געבן מיין
פאַרלאַנג און צו טאָן מיין בקשה—זאָל דער מלך און הָמָן
קומען צו דעם מאָלצייט וואָס איך וועל זיי מאַכן; און מאָרגן
וועל איך טאָן אַזוי ווי דאָס וואָרט פון מלך.
9און הָמָן איז אַרויסגעגאַנגען אין יענעם טאָג פרײלאַך
און מיט אַן אויפגעראַמטן האַרצן. אָבער ווי הָמָן האָט
געזען מרדכין אין טויער פון מלך, אַז ניט ער האָט זיך
אויפגעשטעלט און ניט ער האָט זיך גערירט פאַר אים, אַזוי
איז הָמָן פול געוואָרן מיט גרימצאָרן אויף מרדכין. 10אָבער
הָמָן האָט זיך אײַנגעהאַלטן, און ער איז אַוועק אין זיין הויז
און האָט געשיקט און געבראַכט זיינע גוטע פריינט, און זיין
ווייב זֶרֶש. 11און הָמָן האָט אויסדערציילט פאַר זיי זיין
גרויס עשירות, און זיינע פיל קינדער, און אַלצדינג ווי אַזוי
דער מלך האָט אים געגרייסט, און ווי אַזוי ער האָט אים
דערהויבן איבער די האַרן און די קנעכט פון מלך. 12און
הָמָן האָט געזאָגט: אויך האָט אסתר המלכה ניט געלאָזט
קומען קיינעם מיטן מלך צו דעם מאָלצייט וואָס זי האָט
געמאַכט נאָר בלויז מיך, און אויך אויף מאָרגן בין איך
פאַרבעטן צו איר מיטן מלך. 13אָבער דאָס אַלץ איז מיר
נישט ווערט, איטלאַכס מאָל וואָס איך זע מרדכי דעם אידן
זיצן אין טויער פון מלך. 14האָט צו אים געזאָגט זיין ווייב
זֶרֶש, און אַלע זיינע גוטע פריינט: זאָל מען מאַכן אַ תּלִיָה
פופציק איילן הויך, און אין דער פרי זאָג דעם מלך, מע
זאָל אויפהענגען אויף איר מרדכין; און גיי אַ פרײלאַכער

מיט דעם מלך צום מאָלצייט. איז די זאַך וווילגעפעלן
פאַר הָמָנען, און ער האָט געמאַכט די תּלִיָה.

ו [1]אין יענער נאַכט האָט זיך אָפּגעטאָן דער שלאָף פון מלך,
און ער האָט געהייסן ברענגען דעם ספר־הזכרונות
פון די צייט געשעענישן, און זיי זיינען פאָרגעלייענט געוואָרן
פאַרן מלך. [2]איז געפונען געוואָרן פאַרשריבן אַז מרדכי
האָט אויסגעזאָגט אויף בִּגְתָנָא און תֶּרֶשׁ, די צוויי קאַמער־
דינער פון מלך, פון די שוועלהיטער, וואָס האָבן געזוכט
אויסצושטרעקן אַ האַנט אויפן מלך אַחַשְׁוֵרוֹשׁ. [3]האָט דער
מלך געזאָגט: וואָס פאַר אַ כּבוד און גדולה איז געטאָן
געוואָרן מרדכין דערפאַר? האָבן געזאָגט די יונגען פון
מלך, זיינע משרתים: קיין זאַך איז מיט אים ניט געטאָן
געוואָרן. [4]האָט דער מלך געזאָגט: ווער איז אין הויף?
ערשט הָמָן קומט אין אויסנווייניקסטן הויף פון דעם מלכס
הויז, צוזאָגן דעם מלך מע זאָל אויפהענגען מרדכין אויף דער
תּלִיָה וואָס ער האָט צוגעגרייט פאַר אים. [5]האָבן די יונגען
פון מלך צו אים געזאָגט: אָט שטייט הָמָן אין הויף. האָט
דער מלך געזאָגט: זאָל ער אַריינקומען. [6]איז הָמָן אַריינ־
געקומען, און דער מלך האָט צו אים געזאָגט: וואָס דאַרף
מען טאָן מיט אַ מאַן וואָס דער מלך וויל אים אָנטאָן כּבוד?
האָט הָמָן געקלערט ביי זיך אין האַרצן: וועמען וועט דער
מלך וועלן אָנטאָן כּבוד אַחוץ מיר? [7]און הָמָן האָט געזאָגט
צום מלך: אַ מאַן וואָס דער מלך וויל אים אָנטאָן כּבוד—
[8]זאָל מען ברענגען אַ מלכותדיק קלייד וואָס דער מלך
האָט זיך דערין אָנגעקליידט, און אַ פערד וואָס דער מלך
איז אויף אים געריטן, און וואָס אַ מלכותדיקע קרוין איז
אָנגעטאָן געוואָרן אויף זיין קאָפּ. [9]און מע זאָל געבן דאָס

קלייד און דעם פערד אויף דער האַנט פון איינעם פון די
האַרן פון מלך, די אַדללייט, און מע זאָל אָנקליידן דעם
מאַן וואָס דער מלך וויל אים אָנטאָן כבוד, און מע זאָל אים
מאַכן רייטן אויפן פערד דורך דער ברייטער גאַס פון שטאָט,
און אויסרופן פאַר אים: אַזוי ווערט געטאָן צו דעם מאַן וואָס
דער מלך וויל אים אָנטאָן כבוד. [10]האָט דער מלך
געזאָגט צו הָמָנען: איל און נעם דאָס קלייד און דעם פערד,
אַזוי ווי דו האָסט גערעדט, און טו אַזוי צו מרדכי דעם אידן
וואָס זיצט אין מלכס טויער; זאָלסט ניט לאָזן אָפּפאַלן אַ
וואָרט פון אַלץ וואָס דו האָסט גערעדט.
[11]האָט הָמָן גענומען דאָס קלייד און דעם פערד, און ער
האָט אָנגעקליידט מרדכין, און האָט אים געמאַכט רייטן
דורך דער ברייטער גאַס פון שטאָט, און האָט פאַר
אים אויסגערופן: אַזוי ווערט געטאָן צו דעם מאַן וואָס דער
מלך וויל אים אָנטאָן כבוד.
[12]און מרדכי האָט זיך אומגעקערט צום טויער פון מלך.
אָבער הָמָן איז אַוועק אין האַסט אַהיים, טרויעריק און מיט
אַ פאַרדעקטן קאָפּ. [13]און הָמָן האָט דערציילט זיין ווייב
זֶרֶש און אַלע זיינע גוטע פריינט אַלץ וואָס אים האָט געטראָפן.
האָבן זיינע קלוגע לייט און זיין ווייב זֶרֶש געזאָגט צו אים:
אויב פון אידישן אָפּשטאַם איז דער מרדכי וואָס דו האָסט
אָנגעהויבן פאַלן פאַר אים, וועסטו ניט אויספירן אַקעגן
אים, נאָר פאַלן וועסטו פאַלן פאַר אים.
[14]ווי זיי רעדן נאָך מיט אים, אַזוי זיינען אָנגעקומען דעם
מלכס קאַמערדינער, און געאיילט צו ברענגען הָמָנען צו
דעם מאָלצייט וואָס אסתר האָט געמאַכט.

ז [1]און דער מלך און הָמָן זיינען געקומען צו טרינקען

ביי אסתר המלכה. 2און דער מלך האָט געזאָגט צו אסתרן
אויך אויפֿן צווייטן טאָג, ביים ווײַנמאָלצײַט: וואָס נאָר דײַן
פֿאַרלאַנג, אסתר המלכה, וועט דיר געגעבן ווערן, און וואָס
נאָר דײַן בקשה, אַפֿילו ביז אַ האַלבער מלוכה וועט געטאָן
ווערן.
3האָט אסתר המלכה געענטפֿערט און האָט געזאָגט: אויב
איך האָב געפֿונען לײַטזעליקייט אין דײַנע אויגן, מלך,
און אויב דעם מלך איז ווילגעפֿעלן, זאָל מיר מײַן לעבן
געשאָנקען ווערן אויף מײַן געבעט, און מײַן פֿאָלק אויף מײַן
בקשה. 4וואָרום מיר זײַנען פֿאַרקויפֿט געוואָרן, איך און
מײַן פֿאָלק, צום פֿאַרטיליקן, צום הרגען, און אומצוברענגען;
און ווען מיר וואָלטן פֿאַרקויפֿט געוואָרן פֿאַר קנעכט און
פֿאַר דינסטן וואָלט איך געשוויגן, אָבער דער פֿײַנט
איז ניט ווערט דעם מלכס שאָדן. 5האָט זיך אָפּגערופֿן
דער מלך אַחשורוש, און האָט געזאָגט צו אסתר המלכה:
ווער איז דער, און ווו איז דער, וואָס זײַן האַרץ האָט אים
דערוועגט אַזוי וואָס צו טאָן? 6האָט אסתר געזאָגט: אַ מאַן
אַ צורר און אַ פֿײַנט, דערדאָזיקער בייזער המן. און המן
האָט זיך דערשראָקן פֿאַר דעם מלך און דער מלכּה. 7און
דער מלך איז אויפֿגעשטאַנען אין זײַן גרימצאָרן פֿון דעם
ווײַנמאָלצײַט, און איז אַרײַן אין דעם פּאַלאַצגאָרטן; און
המן האָט זיך אָפּגעשטעלט צו בעטן אום זײַן לעבן בײַ
אסתר המלכה, וואָרום ער האָט געזען אַז בייז איז
באַשלאָסן אויף אים פֿון מלך. 8און ווי דער מלך האָט
זיך אומגעקערט פֿון דעם פּאַלאַצגאָרטן אין הויז פֿון דעם
ווײַנמאָלצײַט, ערשט המן ליגט אַנידערגעפֿאַלן אויף דעם
לענבעטל וואָס אסתר איז דערויף. האָט דער מלך געזאָגט:
נאָך באַצווינגען די מלכּה בײַ מיר אין הויז? ווי דאָס וואָרט

איז אַרויס פון מלכס מויל, אַזוי האָט מען צוגעדעקט הָמָנס פּנים.

[9] האָט געזאָגט חַרבוֹנָה, איינער פון די קאַמערדינער פאַרן מלך: אָט שטייט אויך לעבן הָמָנס הויז די תּלִיָה פופציק איילן הויך וואָס הָמָן האָט געמאַכט פאַר מרדכין, דעם וואָס האָט גערעדט צום גוטן פון מלך. האָט דער מלך געזאָגט: הענגט אים אויף דערויף. [10] האָט מען אויפגעהאַנגען הָמָנען אויף דער תּלִיָה וואָס ער האָט צוגעגרייט פאַר מרדכין; און דער גרימצאָרן פון דעם מלך האָט זיך געשטילט.

ח [1] אין יענעם טאָג האָט דער מלך אַחַשְוֵרוֹש אַוועקגעגעבן צו אסתּר המלכּה דאָס הויז פון הָמָן דעם צוֹרֵר־הַיְהוּדים. און מרדכי איז געקומען פאַרן מלך, וואָרום אסתּר האָט אים דערציילט, וואָס ער איז איר ער. [2] און דער מלך האָט אַראָפּגענומען זיין זיגלרינג וואָס ער האָט אַוועקגענומען פון הָמָנען, און האָט אים געגעבן מרדכין; און אסתּר האָט אויפגעזעצט מרדכין איבער הָמָנס הויז.

[3] און אסתּר האָט ווידער גערעדט פאַרן מלך, און זי איז געפאַלן פאַר זיינע פיס, און האָט געוויינט און געבעטן בײַ אים, אָפּצוטאָן דאָס בייז פון הָמָן דעם אֲגָגִי, און זיין טראַכטונג וואָס ער האָט געטראַכט אַקעגן די אידן. [4] האָט דער מלך אויסגעשטרעקט צו אסתּרן דעם גילדערנעם צעפּטער, און אסתּר האָט זיך אויפגעהויבן און האָט זיך געשטעלט פאַרן מלך. [5] און זי האָט געזאָגט: אויב דעם מלך איז ווילגעפעלן, און אויב איך האָב געפונען לייט־זעליקייט פאַר אים, און די זאַך איז רעכט פאַרן מלך, און איך בין ווילגעפעלן אין זיינע אויגן, זאָל געשריבן ווערן אָפּצורופן די בריוו, די טראַכטונג פון הָמָן דעם זון פון

הַמְדָתאָן, דעם אֲגָגִי, וואָס ער האָט געשריבן אומצוברענגען
די אידן אין אַלע מדינות פון מלך. [6]וואָרום ווי וועל איך
קענען צוזען דאָס בייז וואָס וועט טרעפן מיין פאָלק? און
ווי וועל איך קענען צוזען דעם אונטערגאַנג פון מיין
אָפּשטאַם?
[7]האָט דער מלך אַחַשְׁוֵרוֹשׁ געזאָגט צו אסתר המלכּה און
צו מרדכי דעם אידן: זעט, הָמָנס הויז האָב איך אַוועק־
געגעבן צו אסתּרן, און אים האָט מען אויפגעהאַנגען אויף
דער תּלִיָה, פאַרוואָס ער האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט
אויף די אידן. [8]און איר, שרייבט וועגן די אידן, אַזוי ווי עס
איז גוט אין אַייערע אויגן, אין נאָמען פון מלך, און חַתמעט
אונטער מיט דעם זיגלרינג פון מלך, וואָרום אַ געשריפט
וואָס איז געשריבן אין נאָמען פון מלך, און געחַתמעט מיטן
זיגלרינג פון מלך, איז ניט אָפּצורופן.
[9]זיינען גערופן געוואָרן די שרייבער פון מלך אין יענער
צייט, אין דריטן חודש, דאָס איז חודש סיון, אין דריי און
צוואַנציקסטן טאָג אין אים; און עס איז געשריבן געוואָרן
אַזוי ווי אַלץ וואָס מרדכי האָט באַפוילן, צו די אידן, און
צו די סאַטראַפּן, און די פירשטן, און די האַרן פון די מדינות
וואָס פון הודו ביז כּוש, הונדערט און זיבן און צוואַנציק
מדינות; איטלאַכער מדינה לויט איר כּתַב, און איטלאַכן
פאָלק לויט זיין לשון, און צו די אידן לויט זייער כּתַב און
לויט זייער לשון. [10]און מע האָט געשריבן אין נאָמען פון
מלך אַחַשְׁוֵרוֹשׁ, און געחַתמעט מיטן זיגלרינג פון מלך, און
צעשיקט בריוו דורך דער האַנט פון די לויפערס אויף
פערד, רייטער אויף יאָגפערד פון די קיניגלאַכע סטאַדעס,
[11]אַז דער מלך האָט דערלויבט די אידן וואָס אין איטלאַכער
שטאָט, זיך אַיינצוזאַמלען, און זיך צו שטעלן פאַר זייער

לעבן, צו פֿאַרטיליגן, צו הרגען, און אומצובערענגען יעטוועדער חיל פֿון דעם פֿאָלק און דער מדינה וואָס וועלן באַפֿאַלן זײ מיט די קלײנע קינדער און די װײַבער, און צו צערויבן זײער פֿאַרמעג, [12]אין אײן טאָג אין אַלע מדינות פֿון מלך אַחַשְוֵרוֹש, אין דרײַצנטן טאָג פֿון צוועלפֿטן חודש, דאָס איז חודש אֲדָר. [13]דער נוסח פֿון דעם געשריפֿץ זאָל אַרויסגעגעבן ווערן פֿאַר אַ באַפֿעל אין איטלאַכער מדינה, באַקאַנט געמאַכט פֿאַר אַלע פֿעלקער, און די אידן זאָלן זײַן אָנגעבערײט פֿאַר דעמדאָזיקן טאָג זיך נוֹקם צו זײַן אָן זײערע פֿײַנט.

[14]זײנען די לויפֿערס, די רײַטערס אויף יאָגפֿערד, אַרויס אין האַסט און געאײַלט אויף דעם אָנזאָג פֿון מלך, און דער באַפֿעל איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין דער הויפּטשטאָט שוּשַן. [15]און מרדכי איז אַרויסגעגאַנגען פֿון פֿאַרן מלך אין בִגדֵי־מַלכות פֿון בלאָען און ווײַסן, מיט אַ גרויסער גילדערנער קרוין, און אַ מאַנטל פֿון פֿײַנלײַנען און פּורפּל. און די שטאָט שוּשַן האָט געהילכט און זיך געפֿרײט. [16]בײַ די אידן איז געווען אַ ליכטיקײט און אַ שׂמחה און אַ פֿרײד און אַ גדולה. [17]און אין איטלאַכער מדינה און אין איטלאַכער שטאָט, ווו נאָר דער אָנזאָג פֿון מלך און זײַן באַפֿעל איז אָנגעקומען, איז געווען שׂשׂון־ושׂמחה בײַ אידן, אַ סעודה און אַ יָום־טוב. און פֿיל פֿון די פֿעלקער פֿון לאַנד האָבן זיך אויסגעגעבן פֿאַר אידן, ווײַל די מוֹרא פֿאַר אידן איז געפֿאַלן אויף זײ.

ט [1]און אין צוועלפֿטן חודש, דאָס איז חודש אֲדָר, אין דרײַצנטן טאָג אין אים, ווען דער אָנזאָג פֿון דעם מלך און זײַן באַפֿעל איז געקומען נאָנט צום געטאָן ווערן,

אין דעם טאָג וואָס די פיינט פון די אידן האָבן געהאָפט צו
געוועלטיקן איבער זיי, און עס איז געוואָרן פאַרקערט,
אַז זיי, די אידן, האָבן געוועלטיקט איבער זייערע שׂונאים,
2 האָבן זיך אַיינגעזאַמלט די אידן אין זייערע שטעט, אין
אַלע מדינות פון מלך אַחַשוֵרוש, אויסצושטרעקן אַ האַנט
אויף די וואָס האָבן געזוכט אויף זיי בייז; און קיינער איז ניט
באַשטאַנען אַקעגן זיי, וואָרום זייער מורא איז געפאַלן אויף
אַלע פעלקער. 3 און אַלע האַרן פון די מדינות, און די
סאַטראַפּן, און די פירשטן, און דעם מלכס ווירטשאַפטער,
האָבן אונטערגעהאָלפן די אידן, וואָרום די מורא פאַר
מרדכין איז געפאַלן אויף זיי. 4 ווייל מרדכי איז געווען
גרויס אין הויז פון מלך, און זיין שם איז געגאַנגען אין אַלע
מדינות; וואָרום דער מאַן מרדכי איז געוואָרן אַלץ גרעסער.
5 און די אידן האָבן געשלאָגן צווישן אַלע זייערע פיינט אַ
שלאַק פון שווערד און טייטונג און פאַרטיליגונג, און זיי האָבן
געטאָן מיט זייערע שׂונאים לויט זייער ווילן. 6 און אין דער
הויפּטשטאָט שושן האָבן די אידן געהרגעט און אומגעבראַכט
פינף הונדערט מאַן. 7 און פַּרשַנדָתָא, און דַלפון, און
אַספָּתָא, 8 און פּורָתָא, און אַדַליָא, און אַרידָתָא. 9 און
פּרמַשתָא, און אַריסַי, און אַרידַי און וַיְזָתָא, 10 די צען זין פון
הָמָן דעם זון פון הַמְדָתָא, דעם צורֵר־הַיהודים, האָבן זיי
געהרגעט; אָבער צום רויב האָבן זיי ניט אויסגעשטרעקט
זייער האַנט.

11 אין יענעם טאָג איז געקומען די צאָל פון די הרוגים אין
דער הויפּטשטאָט שושן, פאַר דעם מלך. 12 האָט דער מלך
געזאָגט צו אסתר המלכה: אין דער הויפּטשטאָט שושן האָבן
די אידן געהרגעט און אומגעבראַכט פינף הונדערט מאַן,
און הָמָנס צען זין; וואָס שוין האָבן זיי געטאָן אין די איבעריקע

מדינות פון מלך: און וואָס נאָר דיין פאַרלאַנג, וועט דיר
געגעבן ווערן, און וואָס נאָך דיין בקשה, וועט געטאָן ווערן.
[13]האָט אסתר געזאָגט: אויב דעם מלך איז וווילגעפעלן,
זאָל אויך מאָרגן געגעבן ווערן די אידן וואָס אין שושן צו
טאָן אַזוי ווי דער באַפעל פון היינט; און די צען זין פון
הָמָנען זאָל מען אויפהענגען אויף דער תּלִיָה. [14]האָט דער
מלך געהייסן אַז אַזוי זאָל געטאָן ווערן, און אַ באַפעל איז
אַרויסגעגעבן געוואָרן אין שושן; און די צען זין פון הָמָנען
האָט מען אויפגעהאַנגען. [15]און די אידן וואָס אין שושן
האָבן זיך איינגעזאַמלט אויך אין פערצנטן טאָג פון חודש
אָדָר, און האָבן אויסגעהרגעט אין שושן דריי הונדערט
מאַן; אָבער צום רויב האָבן זיי ניט אויסגעשטרעקט זייער
האַנט.

[16]און די איבעריקע אידן וואָס אין די מדינות פון מלך
האָבן זיך איינגעזאַמלט, און זיך געשטעלט פאַר זייער לעבן
און זיי זיינען לויז געוואָרן פון זייערע פיינט, און האָבן אויס-
געהרגעט פון זייערע שׂונאים פינף און זיבעציק טויזנט;
אָבער צום רויב האָבן זיי ניט אויסגעשטרעקט זייער האַנט.
[17]דאָס איז געווען אין דרייצנטן טאָג פון חודש אָדָר; און
אין פערצנטן טאָג אין אים האָבן זיי גערוט, און האָבן אים
געמאַכט פאַר אַ טאָג פון אַ סעודה און אַ שׂמחה. [18]אָבער
די אידן וואָס אין שושן האָבן זיך איינגעזאַמלט אין דרייצנטן
און אין פערצנטן טאָג אין אים, און אין פופצנטן טאָג
אין אים האָבן זיי גערוט, און האָבן אים געמאַכט פאַר אַ
טאָג פון אַ סעודה און אַ שׂמחה. [19]דרום מאַכן די אידן פון
די אָפענע ערטער, די וואָס זיצן אין אָפענע שטעט, אין
פערצנטן טאָג פון חודש אָדָר אַ שׂמחה און אַ סעודה און
אַ יָום־טוב, מיט שָלַח־מָנות פון איינעם צום אַנדערן.

20אונ מרדכי האָט אויפגעשריבן דידאָזיקע זאַכן, אונ ער
האָט געשיקט בריוו צו אַלע אידן וואָס אין אַלע מדינות פונ
מלך אַחשורוש, די נאָנטע אונ די ווייטע, 21צו באַפעסטיקן
אויף זיי, אַז זיי זאָלן האַלטן דעם פערצנטן טאָג פונ חודש
אָדר, אונ דעם פופצנטן טאָג אין אים, אַלע יאָר אין יאָר,
22אַזוי ווי די טעג וואָס די אידן זיינען לויז געוואָרן פונ זייערע
פיינט, אונ דעם חודש וואָס איז זיי פאַרקערט געוואָרן פונ
קומער אין אַ שׂמחה, אונ פונ טרויער אין אַ יום־טוב; זיי
צו מאַכן פאַר טעג פונ אַ סעודה אונ אַ שׂמחה, מיט שלח־
מנות פונ איינעם צום אַנדערן, אונ מתנות צו אָרעמע לייט.
23אונ די אידן האָבן אָנגענומען וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן
צו טאָן, אונ וואָס מרדכי האָט צו זיי געשריבן. 24וואָרום
המן דער זון פונ המדתאָן, דער אַגגי, דער צורר אויף אַלע
אידן, האָט געטראַכט אויף די אידן זיי אונטערצוברענגען,
אונ ער האָט געוואָרפן אַ פור, דאָס איז אַ גורל, זיי צו פאַר־
טומלען אונ זיי אונטערצוברענגען. 25אָבער אַז זי איז
געקומען פאַרן מלך, האָט ער אָנגעזאָגט מיט אַ בריוו, אַז
זיין בייזע מחשבה וואָס ער האָט געטראַכט אויף די אידן,
זאָל זיך אומקערן אויף זיין קאָפּ; אונ מע האָט אויפגעהאַנגען
אים אונ זיינע זין אויף דער תליה. 26דרום האָט מען גערופן
דידאָזיקע טעג פורים, אויף דעם נאָמען פור. דערפאַר,
פונ וועגן די ווערטער פונ דעמדאָזיקן בריוו, אונ וואָס זיי
האָבן זיך אָנגעזען דערפונ, אונ וואָס זיי איז געשען, 27האָבן
די אידן באַפעסטיקט אונ גענומען אויף זיך, אונ אויף
זייערע קינדער, אונ אויף אַלע וואָס באַהעפטן זיך אָן זיי,
אַז עס זאָל ניט בטל ווערן, צו האַלטן דידאָזיקע צוויי טעג,
אַזוי ווי עס איז געשריבן וועגן זיי, אונ לויט זייער צייט, אַלע
יאָר פאַר יאָר. 28אונ דידאָזיקע טעג זאָלן געדאַכט ווערן, אונ

געהאַלטן ווערן אין איטלאַכן דור, איטלאַכער משפּחה, איטלאַכער מדינה, און איטלאַכער שטאָט; און דידאָזיקע טעג פון פּורים זאָלן ניט אָפּגעשאַפט ווערן פון צווישן אידן, און זייער געדעכעניש זאָל ניט אויפהערן ביי זייערע קינדער.

[29]און אסתּר המלכּה, די טאָכטער פון אַביחַיִלן, און מרדכי דער איד, האָבן געשריבן מיט גאָרער שטאַרקייט, צו באַפעסטיקן דעמדאָזיקן צווייטן בריוו וועגן פּורים. [30]און ער האָט צעשיקט בריוו צו אַלע אידן, צו די הונדערט און זיבן און צוואַנציק מדינות פון אַחשורושעס קיניגרייך, מיט ווערטער פון פריד און וואָרהאַפטיקייט, [31]אַז זיי זאָלן באַפעסטיקן דידאָזיקע טעג פון פּורים אין זייערע צייטן, אַזוי ווי מרדכי דער איד און אסתּר המלכּה האָבן באַפעסטיקט אויף זיי, און אַזוי ווי זיי האָבן באַפעסטיקט אויף זיך אַליין און אויף זייערע קינדער, די אָנזאָגן וועגן די תּעניתים און זייער קלאָג. [32]און אסתּרס באַפעל האָט באַפעסטיקט דידאָזיקע אָנזאָגן וועגן פּורים; און עס איז פאַרשריבן געוואָרן אין אַ בוך.

י [1]און דער מלך אַחשורוש האָט אַרויפגעלייגט אַ צינז אויפן לאַנד, און אויף די אינזלען פון ים. [2]און די מעשׂה פון זיין שטאַרקייט און זיינע גבורות, און די אויסדערציילונג פון מרדכיס גרויסקייט וואָס דער מלך האָט אים געגרייסט זיי זיינען שוין פאַרשריבן אין דעם בוך פון די צייטגעשעענישן פון די מלכים פון מָדַי און פָּרַס. [3]וואָרום מרדכי דער איד איז געווען דער שֵני-למלך פון אַחשורושן, און גרויס ביי אידן, און באַליבט ביי זיינע פיל ברידער. ער האָט געזוכט גוטס פאַר זיין פאָלק, און גערעדט צום פריד פאַר זיין גאַנצן שטאַם.

# דָניאֵל


די דערציִאונג פֿון דניאלן, חֲנַנְיָהן, מִישָׁאֵלן, און עֲזַרְיָהן.

| | | |
|---|---|---|
| זייער פרומקייט און זייער חכמה. | א | 1 |
| נבוּכַדנֶצַרס חלום. | ב | 1 |
| חֲנַנְיָה, מִישָׁאֵל, און עֲזַרְיָה ווערן ניצול פון ברענענדיקן אויוון. | ג | 1 |
| נבוּכַדנֶצַר ווערט אויף זיבן יאָר געשטראָפט צו זיין אַ חיה. | ג | 31 |
| בֵּלשאַצַרס מאָלצייט און דאָס געשריפץ אויף דער וואַנט. | ה | 1 |
| דניאל ווערט ניצול אין דעם לייבנגרוב. | ו | 1 |
| זעאונג פון דניאלן: די פיר מלוכות און די מלוכה פון גאָט. | ז | 1 |
| זעאונג פון דער מלחמה פון דעם ווידער און דעם ציגנבאָק. | ח | 1 |
| מַלכות יָוָן. | ח | 21 |
| דניאל איז מתפלל צו גאָט און גַבריאֵל המלאָך אַנט־פלעקט אים די צייט פון קֵץ. | ט | 1 |
| זעאונג וועגן מלחמות און געשעענישן און דערנאָך די גאולה. | י | 1 |

# דָנִיאֵל

א 1אין דריטן יאָר פון דער מלוכה פון יהוֹיָקים דעם מלך
פון יהודה, איז געקומען נבוּכַדנֶצַר דער מלך פון בָבל
אויף ירושָלַיִם, און האָט געלעגערט אויף איר. 2און גאָט
האָט געגעבן אין זיין האַנט יהוֹיָקים דעם מלך פון יהודה,
און טייל פון די כּלים פון גאָטס הויז, און ער האָט זיי
געבּראַכט קיין לאַנד שִנעָר, אין הויז פון זיין גאָט; און די
כּלים האט ער געבּראַכט אין דער שאַצקאַמער פון זיין
גאָט.
3און דער מלך האָט געהייסן אַשפְּנַז דעם הויפּט פון
זיינע הויפּדינער, בּרענגען פון די קינדער פון ישׂראל,
און פון דעם קיניגלאַכן אָפּשטאַם, און פון די אַדללייט,
4אינגלאַך וואָס אין זיי איז ניטאָ קיין פעלער, און שיינע
אויפן אויסזען, און באַהאַוונט אין אַלערליי חכמות, און
ווילקענעוודיק אין קענשאַפט, און פאַרשטאַנדיק אין וויסן,
און וואָס האָבן בּכּוח צו שטיין אין פּאַלאַץ פון מלך; און
זיי לערנען דעם כּתב און דעם לשון פון די כַּשׂדים. 5און
דער מלך האָט זיי באַשטימט אַ טאָגטעגלאַכע אויסקומעניש
פון דעם מלכס שפּייז, און פון דעם וויין וואָס ער טרינקט,
און [געהייסן] זיי דערציען דריי יאָר, און צום סוֹף פון זיי,
זאָלן זיי זיך שטעלן פאַרן מלך.
6זיינען געווען צווישן זיי פון די קינדער פון יהודה,
דָניאֵל, חֲנַנְיָה, מִישָאֵל, און עֲזַרְיָה. 7און דער הויפּט פון
די הויפּדינער האָט זיי געגעבן נעמען, און ער האָט געגעבן
דניאלן [דעם נאָמען] בֵּלטשאַצַר, און חֲנַנְיָהן—שַדרַך, און
מישָאֵלן—מֵישַך, און עֲזַרְיָהן—עֲבֵד־נְגוֹ.

8און דניאל האָט זיך אַרײַנגענומען אין האַרצן, אַז ער
זאָל זיך ניט פֿאַראומװערדיקן מיט דעם מלכס שפּײַז, און
מיט דעם װײַן װאָס ער טרינקט, און ער האָט געבעטן פֿון
דעם הױפּט פֿון די הױפֿדינער, אַז ער זאָל זיך ניט דאַרפֿן
פֿאַראומװערדיקן. 9און גאָט האָט געגעבן דניאלן גענאָד
און דערבאַרימונג בײַ דעם הױפּט פֿון די הױפֿדינער.
10אָבער דער הױפּט פֿון די הױפֿדינער האָט געזאָגט צו
דניאלן: איך האָב מוֹרא פֿאַר מײַן האַר דעם מלך װאָס
האָט באַשטימט אײַער שפּײַז און אײַער געטראַנק, טאָמער
װעט ער זען אײַערע פּנימער אומעטיקער װי בײַ אינגלאַך
פֿון אײַער עלטער, און איר װעט פֿאַרשולדיקן מײַן קאָפּ
פֿאַרן מלך. 11האָט דניאל געזאָגט צו דעם טראַנקמײַסטער
װאָס דער הױפּט פֿון די הױפֿדינער האָט געשטעלט איבער
דניאלן, חֲנַנְיָהן, מִישָׁאֵלן, און עֲזַרְיָהן: 12פּרוּװ, איך בעט
דיך, דײַנע קנעכט צען טעג, און זאָל מען אונדז געבן פֿון
גרינס צום עסן, און װאַסער צום טרינקען. 13און זאָל באַװיזן
װערן פֿאַר דיר אונדזער אויסזען און דאָס אויסזען פֿון די
אינגלאַך װאָס עסן דעם מלכס שפּײַז; און אַזױ װי דו װעסט
זען, טו מיט דײַנע קנעכט. 14האָט ער צוגעהערט צו זײ
אין דערדאָזיקער זאַך, און ער האָט זײ געפּרוּװט צען טעג.
15און צום סוֹף פֿון די צען טעג, האָט זײער אויסזען אויס־
געװיזן בעסער, און זײ זײַנען געװען פֿעטער אויפֿן לײַב,
פֿון אַלע אינגלאַך װאָס האָבן געגעסן דעם מלכס שפּײַז.
16אַזױ פֿלעגט דער טראַנקמײַסטער אַװעקנעמען זײער
שפּײַז, און דעם װײַן װאָס זײ זאָלן טרינקען, און פֿלעגט זײ
געבן גרינס.

17און דידאָזיקע פֿיר אינגלאַך, זײ האָט גאָט געגעבן
קענשאַפֿט און פֿאַרשטאַנדיקײט אין אַלערלײ ספרים

און חכמה; און דניאל האָט פאַרשטאַנען יעטוועדער זעאונג
און חלומות. [18]און צום סוף פון די טעג וואָס דער מלך
האָט זיי געהייסן דערנסמאָל ברענגען, האָט זיי דער הויפּט
פון די הויפּדינער געבראַכט פאַר נבוכדנצרן. [19]און דער
מלך האָט מיט זיי גערעדט; און צווישן זיי אַלעמען איז ניט
געפונען געוואָרן אַזאַ ווי דניאל, חנניה, מישאל, און עזריה;
און זיי זיינען געשטאַנען פאַרן מלך. [20]און אין יעטוועדער
זאַך פון פאַרשטאַנדיקער חכמה וואָס דער מלך האָט ביי
זיי געפרעגט, האָט ער זיי געפונען צען מאָל העכער ווי
אַלע חרטומים און צויבערשפרעכער וואָס אין זיין גאַנצן
קיניגרייך.

[21]און דניאל איז געבליבן ביז דעם ערשטן יאָר פון
מלך כורש.

ב [1]און אין צווייטן יאָר פון נבוכדנצרס מלוכה האָבן זיך
נבוכדנצרן געחלומט חלומות, און זיין געמיט איז געווען
צערודערט, און זיין שלאָף איז אים צעבראָכן געוואָרן.
[2]האָט דער מלך געהייסן רופן די חרטומים, און די צויבער־
שפרעכער, און די מכשפים, און די כשדים, כדי זיי זאָלן
זאָגן דעם מלך זיינע חלומות; און זיי זיינען געקומען, און
האָבן זיך געשטעלט פאַרן מלך. [3]האָט דער מלך צו זיי
געזאָגט: מיר האָט זיך געחלומט אַ חלום, און מיין געמיט
איז צערודערט, צו וויסן דעם חלום. [4]האָבן די כשדים
גערעדט צו דעם מלך אין אַראַמיש: אייביק לעבן זאָל דער
מלך! דערצייל דעם חלום צו דיינע קנעכט, און מיר וועלן
זאָגן דעם פּיתרון. [5]האָט זיך אָפּגערופן דער מלך און האָט
געזאָגט צו די כשדים: די זאַך איז ביי מיר פעסט: אויב איר
מאַכט מיך ניט וויסן דעם חלום און זיין פּיתרון, וועט איר

אין שטיקער צעהאַקט ווערן, און אײַערע הײַזער וועלן
געמאַכט ווערן פֿאַר מיסטהויפֿנס. [6]אויב אָבער איר וועט
זאָגן דעם חלום און זײַן פּיתרון, וועט איר קריגן פֿון מיר
מתּנות און באַלוינונגען און גרויס כּבֿוד; נאָר זאָגט מיר דעם
חלום און זײַן פּיתרון. [7]האָבן זיי געענטפֿערט אַ צווייט
מאָל, און געזאָגט: זאָל דער מלך דערציילן דעם חלום צו
זײַנע קנעכט, און מיר וועלן זאָגן דעם פּיתרון. [8]האָט זיך
אָפּגערופֿן דער מלך און האָט געזאָגט: געוויס פֿאַרשטיי איך
אַז איר ווילט געווינען צייט, ווײַל איר זעט אַז די זאַך איז
בײַ מיר פֿעסט, [9]אַז אויב איר מאַכט מיך ניט וויסן דעם
חלום, איז בלויז איין משפּט פֿאַר אײַך; וואָרום איר האָט
אָפּגעמאַכט צו זאָגן פֿאַר מיר ליגן און באַטרוג, ביז די צייט
וועט זיך ענדערן. דרום זאָגט מיר דעם חלום, און איך
וועל וויסן אַז איר קענט מיר באַשיידן זײַן פּיתרון. [10]האָבן
די כּשׂדים געענטפֿערט פֿאַרן מלך און געזאָגט: ניטאָ אַ
מענטש אויף דער ערד וואָס קען זאָגן די זאַך פֿון דעם מלך;
וואָרום קיין גרויסער און מאַכטיקער מלך האָט ניט פֿאַר־
לאַנגט אַזאַ זאַך פֿון קיין חרטום, אָדער צויבערשפּרעכער,
אָדער כּשׂדי. [11]און די זאַך וואָס דער מלך פֿאַרלאַנגט איז
שווער, און קיין אַנדערער וואָס קען דאָס זאָגן פֿאַר דעם
מלך איז ניטאָ, אַחוץ די געטער וואָס זייער וווינונג איז ניט
מיט באַשעפֿענישן פֿון פֿלייש.

[12]איבער דעם איז דער מלך אין כּעס געוואָרן, און
ער האָט שטאַרק געצערנט, און האָט באַפֿוילן אומצוברענגען
אַלע חכמים פֿון בבֿל. [13]און דער באַפֿעל איז אַרויס, און
די חכמים האָבן געזאָלט געטייט ווערן, און מע האָט געזוכט
דניאלן און זײַנע חבֿרים זיי צו טייטן.

[14]דענסמאָל האָט דניאל געענטפֿערט מיט קלוגשאַפֿט

און שׂכל אַריוֹך דעם אויבערלײבוועכטער פון דעם מלך,
וואָס איז אַרויסגעגאַנגען טײטן די חכמים פון בָּבל. [15]ער
האָט זיך אָפּגערופן און האָט געזאָגט צו אַריוֹך דעם הויפּט־
מאַן פון דעם מלך: פאַרוואָס איז דער באַפעל אַזוי שטרענג
פון פאַר דעם מלך? דענסמאָל האָט אַריוֹך געמאַכט וויסן
דניאלן די זאַך. [16]איז דניאל אַרויפגעגאַנגען און האָט
געבעטן בײם מלך, אַז ער זאָל אים געבן צײַט, כּדי צו זאָגן
דעם מלך דעם פּיתרון.
[17]דענסמאָל איז דניאל אַוועקגעגאַנגען אין זײַן הויז,
און האָט געמאַכט וויסן די זאַך צו זײַנע חברים, חֲנַנְיָהן,
מישָׁאֵלן, און עֲזַרְיָהן. [18]כּדי זײ זאָלן בעטן רחמים בײ גאָט
אין הימל וועגן דעמדאָזיקן סוֹד, אַז דניאל און זײַנע חברים
זאָלן ניט אומגעבראַכט ווערן מיט די איבעריקע חכמים
פון בָּבל. [19]דענסמאָל איז דער סוֹד אַנטפּלעקט געוואָרן
דניאלן אין אַ זעאונג פון דער נאַכט. האָט דענסמאָל דניאל
געלויבט גאָט אין הימל. [19]דניאל האָט זיך אָפּגערופן און
האָט געזאָגט:

געלויבט זאָל זײַן דער נאָמען פון גאָט
פון אײביקײט ביז אײביקײט;
וואָרום חכמה און גבורה זײַנען זײַנע,
[21]און ער בײט די צײַטן און די תּקופות;
ער שאַפט אָפּ מלכים, און שטעלט אויף מלכים;
ער גיט חכמה צו די חכמים,
און קענשאַפט צו די וואָס קענען פאַרשטאַנדיקײט.
[22]ער אַנטפּלעקט די טיפעניש און די פאַרבאָרגעניש,
ער ווײס וואָס אין דער פינצטערניש,
און די ליכטיקײט רוט בײ אים.
[23]דיך, גאָט פון מײַנע עלטערן,

טו איך דאַנקען און לויבן,
וואָס דו האָסט מיר געגעבן חכמה און גבורה;
און האָסט מיך אַצונד געמאַכט וויסן וואָס מיר האָבן
געבעטן פון דיר;
וואָס די זאַך פון מלך האָסטו אונדז געמאַכט וויסן.

[24]פון דעם וועגן איז דניאל אַרויפגעגאַנגען צו אַריוֹכן,
וועמען דער מלך האָט געשטעלט אומצוברענגען די חכמים
פון בָבל; ער איז געקומען און האָט צו אים אַזוי געזאָגט:
זאָלסט ניט אומברענגען די חכמים פון בָבל; פיר מיך אַרויף
פאַר דעם מלך, און איך וועל זאָגן דעם מלך דעם פּיתרון.
[25]דענסמאָל האָט אַריוֹך אַרויפגעפירט דניאלן אויף
גיך פאַרן מלך, און האָט צו אים אַזוי געזאָגט: איך האָב
געפונען אַ מאַן פון די גָלות־קינדער פון יהודה, וואָס וועט
דעם מלך מאַכן וויסן דעם פּיתרון. [26]האָט דער מלך זיך
אָפּגערופן צו דניאלן וואָס זיין נאָמען איז געווען בֵלטשאַצַר:
קענסטו מיך מאַכן וויסן דעם חלום וואָס איך האָב געזען,
און זיין פּיתרון? [27]האָט געענטפערט דניאל פאַר דעם מלך,
און האָט געזאָגט: דעם סוֹד וואָס דער מלך פאַרלאַנגט
קענען קיין חכמים, צויבערשפּרעכער, חַרטומים, שטערנ־
זעער, דעם מלך ניט זאָגן. [28]אָבער פאַראַן אַ גאָט אין הימל
וואָס אַנטפּלעקט סוֹדות, און ער האָט געלאָזט וויסן דעם מלך
נבוכַדנֶצַר וואָס וועט געשען אין סוֹף פון די טעג. דיין חלום,
און די זעאונגען פון דיין קאָפּ אויף דיין געלעגער, זיינען
אָט־וואָס: [29]דיר, מלך, זיינען אַרויפגעקומען רעיוֹנות אויף
דיין געלעגער, וואָס וועט געשען נאָכדעם, און דער וואָס
אַנטפּלעקט סוֹדות האָט דיך געלאָזט וויסן וואָס וועט געשען.
[30]און איך, ניט ווייל אין מיר איז דאָ מער חכמה פון אַלע

לעבעדיקע, איז מיר דער דאָזיקער סוֹד אַנטפּלעקט געוואָרן,
נייערט כּדי מע זאָל דעם פּיתרון מאַכן וויסן דעם מלך,
און זאָלסט פאַרשטיין די רעיונות פון דיין האַרצן.
31דו, מלך, האָסט געזען, ערשט עס שטייט אַ
געוואַלטיקע געשטאַלט. די דאָזיקע געשטאַלט איז געווען
גרויס, און איר גלאַנץ איז געווען אויסנאַמיק; זי איז געשטאַנען
פאַר דיר, און איר אָנבליק איז געווען מוראדיק. 32די־
דאָזיקע געשטאַלט, איר קאָפּ איז געווען פון טייערן גאָלד,
איר ברוסט און אירע אָרעמס פון זילבער, איר בויך און אירע
לענדן פון קופּער, 33אירע שענקלען פון אַייזן, אירע פיס,
טייל פון זיי פון אַייזן און טייל פון זיי פון ליים. 34האָסטו גע־
קוקט ביז אַ שטיין האָט זיך אָפּגעריסן אָן עמיצנס האַנט, און
האָט געשלאָגן די געשטאַלט אויף אירע פיס פון אַייזן און
ליים, און האָט זיי צעשטויסן. 35דענסמאָל זיינען צעשטויסן
געוואָרן אין איינעם דאָס אַייזן, די ליים, דאָס קופּער, דאָס
זילבער, און דאָס גאָלד, און זיי זיינען געוואָרן אַזוי ווי שפּריי
פון זומערשייערן, און דער ווינט האָט זיי אַוועקגעטראָגן,
און קיין צייכן איז פון זיי ניט געפונען געוואָרן. און דער
שטיין וואָס האָט געשלאָגן די געשטאַלט איז געוואָרן אַ
גרויסער באַרג, און האָט אָנגעפילט די גאַנצע ערד. 36דאָס
איז דער חלום; און מיר וועלן זאָגן פאַר דעם מלך זיין
פּיתרון.

37דו, מלך, דער מלך פון מלכים, וואָס דער גאָט פון
די הימלען האָט דיר געגעבן מלוכה, רייכטום, און
שטאַרקייט, און כּבוד, 38און וווּ נאָר עס וווינען מענטשן־
קינדער, חיות פון פעלד, אָדער פויגלען פון הימל, האָט
ער געגעבן אין דיין האַנט, און דיך געמאַכט געוועלטיקן
איבער זיי אַלעמען—דו ביסט דער קאָפּ פון גאָלד. 39און

נאָך דיר וועט אויפשטיין אַן אַנדער מלוכה, נידעריקער
פון דיר, און נאָך אַן אַנדערע אַ דריטע מלוכה, פון קופּער,
וואָס וועט געוועלטיקן איבער דער גאַנצער ערד. 40און
אַ פירטע מלוכה וועט זיין שטאַרק אַזוי ווי אַייזן; וואָרום
אַייזן צעשטויסט און צעהאַקט אַלצדינג, און אַזוי ווי אַייזן
וואָס צעברעכט, אַזוי וועט זי אַלע דידאָזיקע צעשטויסן
און צעברעכן. 41און וואָס דו האָסט געזען די פיס און די
פינגער, טייל פון זיי טעפּערליים און טייל פון זיי אַייזן
[באַטייט]: עס וועט זיין אַ געטיילטע מלוכה, און פון דער
פעסטיקייט פון אַייזן וועט זיין אין איר, אַזוי ווי דו האָסט
געזען אַייזן צונויפגעמישט מיט ערדליים. 42און די פינגער
פון די פיס, טייל פון זיי אַייזן און טייל פון זיי ליים [באַטייטן]:
אַ טייל פון דער מלוכה וועט זיין שטאַרק, און אַ טייל פון
איר וועט זיין צעבראָכן. 43און וואָס דו האָסט געזען אַייזן
צונויפגעמישט מיט ערדליים [באַטייט]: זיי וועלן זיך צונויפ־
מישן דורך דעם זאָמען פון מענטשן, אָבער זיי וועלן זיך
ניט באַהעפטן איינס אָן אַנדערן, אָט אַזוי ווי אַייזן מישט
זיך ניט אויס מיט ליים. 44און אין די טעג פון דידאָזיקע
מלכים וועט דער גאָט פון די הימלען אויפשטעלן אַ מלוכה
וואָס וועט אייביק ניט צעשטערט ווערן, און די מלוכה וועט
ניט איבערגעלאָזן ווערן צו קיין אַנדער פאָלק; זי וועט
צעשטויסן און פאַרטיליגן אַלע דידאָזיקע מלוכות, און
זי וועט באַשטיין אויף אייביק. 45ווען וואָס דו האָסט
געזען ווי פון באַרג האָט זיך אָפּגעריסן אַ שטיין אָן עמיצנס
הענט, און האָט צעשטויסן דאָס אַייזן, דאָס קופּער, די ליים,
דאָס זילבער, און דאָס גאָלד—דאָס האָט דער גרויסער
גאָט געלאָזט וויסן דעם מלך וואָס נאָכדעם וועט געשען;
און געוויס איז דער חלום, און אמת איז זיין פּיתרון.

[46]דענסמאָל איז דער מלך נבוכדנֶצַר געפֿאַלן אויף זײַן פּנים, און ער האָט זיך געבוקט צו דניאלן; און ער האָט באַפֿוילן צו ברענגען אַן אָפּפֿערגעשאַנק און שמעקעדיקע ריחות צו אים. [47]דער מלך האָט זיך אָפּגערופֿן צו דניאלן, און האָט געזאָגט: אמת אַז אײַער גאָט איז דער גאָט פֿון געטער, און דער האַר פֿון מלכים, און דער אַנטפּלעקער פֿון סודות, אַז דו האָסט געקענט אַנטפּלעקן דעמדאָזיקן סוֹד.

[48]דענסמאָל האָט דער מלך גרויס געמאַכט דניאלן, און האָט אים געגעבן פֿיל גרויסע מתּנות, און אים געמאַכט פֿאַר געוועלטיקער איבער דער גאַנצער מדינה פֿון בָּבֶל, און פֿאַר דעם הויפּטפֿאָרשטייער איבער אַלע חכמים פֿון בָּבֶל. [49]און דניאל האָט געבעטן בײַם מלך, און ער האָט אויפֿגעזעצט שַדרַכן, מֵישַכן, און עֲבֵד־נגוֹן, אויף דער פֿירונג פֿון דער מדינה פֿון בָּבֶל; און דניאל איז געווען אין טויער פֿון מלך.

ג [1]דער מלך נבוכדנֶצַר האָט געמאַכט אַ געשטאַלט פֿון גאָלד, וואָס איר הייך איז געווען זעכציק איילן, איר ברייט זעקס איילן; ער האָט זי אויפֿגעשטעלט אין טאָל דוּראָ, אין דער מדינה פֿון בָּבֶל. [2]און דער מלך נבוכדנֶצַר האָט געשיקט אײַנזאַמלען די סאַטראַפּן, די הערשער, און די פֿירשטן, די ריכטער, די שאַצמײַנסטער, די ראַטגעבער, די אויפֿזעער, און אַלע געוועלטיקער פֿון דער מדינה, צו קומען צו דער באַנײַאונג פֿון דער געשטאַלט, וואָס דער מלך נבוכדנֶצַר האָט אויפֿגעשטעלט. [3]דענסמאָל האָבן זיך אײַנגעזאַמלט די סאַטראַפּן, די הערשער, און די פֿירשטן, די ריכטער, די שאַצמײַנסטער, די ראַטגעבער, די אויפֿ־

זעער, און אַלע געוועלטיקער פון דער מדינה, צו דער
באַנייאונג פון דער געשטאַלט, וואָס דער מלך נבוכַדנֶצַר
האָט אויפגעשטעלט; און זיי האָבן זיך געשטעלט אַקעגן
דער געשטאַלט, וואָס נבוכַדנֶצַר האָט אויפגעשטעלט.
[4]און אַ שרייער האָט אויסגערופן אין דער הייך: אַייך
באַפעלט מען, איר פעלקער, אומות און לשונות; [5]בעת
איר וועט הערן דעם קָול פון דעם האָרן, פלייט, גיטאַר,
פירסטרונע, האַרף, פייפזאַק, און אַלערליי כּלֵי־זֶמֶר, זאָלט
איר אַנידערפאַלן און זיך בוקן צו דער גילדערנער
געשטאַלט, וואָס דער מלך נבוכַדנֶצַר האָט אויפגעשטעלט.
[6]און ווער עס וועט ניט אַנידערפאַלן און זיך בוקן, וועט אין
דער אייגענער שעה אַרייַנגעוואָרפן ווערן אין אַן אויוון
מיט ברענעדיקן פייער.
[7]דעריבער, אין יענער צייט, ווי אַלע פעלקער האָבן
דערהערט דעם קָול פון דעם האָרן, פלייט, גיטאַר, פיר־
סטרונע, האַרף, און אַלערליי כּלֵי־זֶמֶר, אַזוי זיינען אַלע
פעלקער, אומות, און לשונות, אַנידערגעפאַלן און האָבן
זיך געבוקט צו דער גילדערנער געשטאַלט, וואָס דער מלך
נבוכַדנֶצַר האָט אויפגעשטעלט.
[8]דעריבער האָבן אין יענער צייט גענענט מענער,
כַּשׂדים, און האָבן געמַסרט אויף די אידן.[א] [9]זיי האָבן זיך
אָפגערופן און געזאָגט צו דעם מלך נבוכַדנֶצַר: אייביק
לעבן זאָל דער מלך! [10]דו, מלך, האָסט געגעבן אַ באַפעל,
אַז יעטוועדער מענטש וואָס וועט הערן דעם קָול פון דעם
האָרן, פלייט, גיטאַר, פירסטרונע, האַרף, פייפזאַק, און
אַלערליי כּלֵי־זֶמֶר, זאָל אַנידערפאַלן און זיך בוקן צו דער
גילדערנער געשטאַלט; [11]און ווער עס וועט ניט אַנידער־
פאַלן און זיך בוקן, זאָל אַרייַנגעוואָרפן ווערן אין אַן אויוון

[א] וַאֲכַלוּ קַרְצֵיהוֹן דִּי יְהוּדָיֵא: און האָבן געגעסן די שטיקער אָדער פאַרציעס פון די אידן.

מיט ברענעדיקן פייער. [12]זיינען פאַראַן אידישע מענער
וואָס דו האָסט אַרויפגעזעצט אויף דער פירונג פון דער
מדינה פון בָבל, שַדרך, מֵישַך, און עַבֵד־נגו; דידאָזיקע
מענער לייגן ניט אַכט אויף דיר, מלך, צו דיין גאָט דינען
זיי ניט, און צו דער גילדערנער געשטאַלט וואָס דו האָסט
אויפגעשטעלט, בוקן זיי זיך ניט.
[13]דענסמאָל האָט נבוכַדנֶצַר מיט כעס און גרימצאָרן
באַפוילן צו ברענגען שַדרַכן, מֵישַכן, און עַבֵד־נגון. זיינען די־
דאָזיקע מענער דענסמאָל געבראַכט געוואָרן פאַרן מלך.
[14]האָט זיך אָפּגערופן נבוכַדנֶצַר און האָט געזאָגט צו זיי: איז
דאָס בכיוון, שַדרַך, מֵישַך, און עַבֵד־נגו, וואָס איר דינט ניט צו
מיין גאָט, און איר בוקט זיך ניט צו דער גילדערנער גע־
שטאַלט, וואָס איך האָב אויפגעשטעלט? [15]אַצונד, אויב איר
זייט גרייט, אַז בעת איר וועט הערן דעם קָול פון דעם
האָרן, פלייט, גיטאַר, פירסטרונע, האַרף, און פייפזאַק, און
אַלערליי כלֵי־זֶמֶר, זאָלט איר אַנידערפאַלן און זיך בוקן
צו דער געשטאַלט, וואָס איך האָב געמאַכט—, אויב אָבער
איר וועט זיך ניט בוקן, וועט איר אין דער אייגענער שעה
אַריינגעוואָרפן ווערן אין אַן אויוון מיט ברענעדיקן פייער;
און ווער איז דער גאָט, וואָס וועט אייך מציל זיין פון מיין
האַנט? [16]האָבן געענטפערט שַדרַך, מֵישַך, און עַבֵד־נגו,
און האָבן געזאָגט צום מלך: נבוכַדנֶצַר, אונדז פעלט ניט
אויף דעמדאָזיקן באַפעל דיר צו ענטפערן. [17]אויב אונדזער
גאָט צו וועמען מיר דינען, קען אונדז מציל זיין, וועט ער
פון דעם אויוון מיט ברענעדיקן פייער, און פון דיין האַנט,
מלך, מציל זיין. [18]און אַפילו אַז ניט, זיי וויסן, מלך, אַז צו דיין
גאָט וועלן מיר ניט דינען, און צו דער גילדערנער געשטאַלט
וואָס דו האָסט אויפגעשטעלט, וועלן מיר זיך ניט בוקן.

19 דענסמאָל איז נבוכדנצר אָנגעפּילט געוואָרן מיט
גרימצאָרן, און דער אָנבליק פון זיין פּנים האָט זיך געביטן
אַקעגן שדרכן, מישכן, און עבד־נגון; האָט ער זיך אָפּגערופן
און האָט באַפוילן אָנצוהייצן דעם אויוון זיבן מאָל אַזוי
פיל ווי מע דאַרף אים אָנהייצן. 20 און עטלאַכע שטאַרקע
גיבורים וואָס אין זיין חיל האָט ער באַפוילן צו בינדן שדרכן,
מישכן, און עבד־נגון, און אַריינצוּוואַרפן אין דעם אויוון
מיט ברענעדיקן פייער. 21 דענסמאָל זיינען די דאָזיקע
מענער געבונדן געוואָרן אין זייערע הויזן, זייערע העמדער,
און זייערע מאַנטלען, און זייערע [אַנדערע] מלבושים, און
מע האָט זיי אַריינגעוואָרפן אין דעם אויוון מיט ברענעדיקן
פייער. 22 דעריבער, ווייל דאָס וואָרט פון דעם מלך איז
געווען שטרענג, און דער אויוון איז געווען שטאַרק אָנגע־
הייצט, האָט די פלאַם פון דעם פייער געטייט יענע מענער
וואָס האָבן אַרויפגעבראַכט שדרכן, מישכן, און עבד־נגון.
23 און די דאָזיקע דריי מענער, שדרך, מישך, און עבד־נגו,
זיינען אַריינגעפאַלן געבונדענערהייט אין דעם אויוון מיט
ברענעדיקן פייער.
24 דענסמאָל האָט דער מלך נבוכדנצר זיך דערשראָקן,
און ער איז אויפגעשטאַנען אויף גיך, און ער האָט זיך אָפּ־
גערופן צו זיינע מיניסטאָרן, און האָט געזאָגט: האָבן מיר
ניט דריי מענער אַריינגעוואָרפן געבונדענערהייט אין פייער?
האָבן זיי געענטפערט און געזאָגט צום מלך: געוויס, מלך.
25 האָט ער זיך אָפּגערופן און האָט געזאָגט: אָט זע איך פיר
מענער לויזע אַרומגיין אין מיטן פייער, און קיין שעדיקונג
איז אויף זיי ניטאָ; און דער אָנבליק פון דעם פערטן איז
געגליכן צו אַ זון פון די געטער.
26 דענסמאָל האָט נבוכדנצר גענענט צו דער טיר פון

דעם אויוון מיט ברענעדיקן פייער; ער האָט אויסגערופן
און געזאָגט: שַדרַך, מֵישַך, און עֲבֵד־נגוֹ, קנעכט פון העכסטן
גאָט, גייט אַרויס, און קומט אַהער. דענסמאָל זיינען שַדרַך,
מֵישַך, און עֲבֵד־נגוֹ, אַרויסגעגאַנגען פון פייער. 27און די
סאַטראַפּן, די הערשער, און די פירשטן, און די מיניסטאָרן
פון דעם מלך, האָבן זיך אײַנגעזאַמלט, און האָבן באַקוקט
דידאָזיקע מענער, וואָס דאָס פייער האָט ניט געהאַט קיין
שליטה אויף זייערע לייבער, און די האָר פון זייער קאָפּ
איז ניט אָנגעברענט געוואָרן, און זייערע הויזן האָבן זיך ניט
פאַרענדערט, און קיין ריח פון פייער איז ניט אַריבער
אויף זיי. 28האָט אויסגערופן נבוכַדנֶצַר און האָט געזאָגט:
געלויבט איז דער גאָט פון שַדרַכן, מֵישַכן, און עֲבֵד־נגוֹן,
וואָס ער האָט געשיקט זיין מלאַך, און האָט מציל געווען
זיינע קנעכט וואָס האָבן זיך פאַרלאָזט אויף אים, און האָבן
געטאָן אַנדערש ווי דעם מלכס וואָרט, און אָפּגעגעבן זייערע
לייבער, כּדי זיי זאָלן ניט דינען און זיך ניט בוקן צו קיין
גאָט אַחוץ צו זייער גאָט. 29פון מיר ווערט געגעבן אַ
באַפעל אַז יעטוועדער פאָלק, אומה, און לשון, וואָס וועט
רעדן מיט אומכּבוד אויף דעם גאָט פון שַדרַכן, מֵישַכן,
און עֲבֵד־נגוֹן, זאָל אין שטיקער צעריסן ווערן, און זיין
הויז זאָל געמאַכט ווערן פאַר אַ מיסטהויפן; וואָרום עס איז
ניטאָ קיין אַנדער גאָט וואָס קען אַזוי מציל זיין.
30דענסמאָל האָט דער מלך דערהויבן שַדרַכן, מֵישַכן,
און עֲבֵד־נגוֹן, אין דער מדינה פון בָבל.

31„דער מלך נבוכַדנֶצַר צו אַלע פעלקער, אומות, און
לשונות, וואָס וווינען אויף דער גאַנצער ערד: אײַער פריד
זאָל זיך מערן! 32די צייכנס און די וווּנדער וואָס דער

העכסטער גאָט האָט מיט מיר געטאָן, איז ווילגעפעלן פאַר
מיר צו לאָזן וויסן.

זיינע צייכנס, ווי גרויס!
און זיינע וווּנדער, ווי שטאַרק!
זיין מלוכה איז אַן אייביקע מלוכה,
און זיין געוועלטיקייט איז פון דור צו דור.

ד [1]איך נבוכדנצר בין געווען רואיק אין מיין הויז, און
בליעדיק אין מיין פּאַלאַץ. [2]האָב איך אַ חלום געזען און
ער האָט מיך דערשראָקן, און טראַכטענישן אויף מיין
געלעגער, און זעאונגען פון מיין קאָפּ האָבן מיך צעגרוילט.
[3]דרום איז פון מיר געגעבן געוואָרן אַ באַפעל, צו ברענגען
פאַר מיר אַלע חכמים פון בבל, אַז זיי זאָלן מיך מאַכן וויסן
דעם פּיתרון פון דעם חלום. [4]דענסמאָל זיינען געקומען
די חרטומים, די צויבערשפּרעכער, די כשדים, און די
שטערנזעער, און איך האָב דערציילט מיין חלום פאַר זיי,
אָבער זיי האָבן מיך ניט געמאַכט וויסן זיין פּיתרון. [5]נאָר
צום לעצטן איז אַריינגעקומען פאַר מיר דניאל, וואָס זיין
נאָמען איז בלטשאַצר, אַזוי ווי דער נאָמען פון מיין גאָט,
און וואָס דער גייסט פון די הייליקע געטער איז אין אים;
און איך האָב דערציילט מיין חלום פאַר אים: [6]בלטשאַצר,
דו הויפּט פון די חרטומים, וואָס איך ווייס אַז דער גייסט
פון די הייליקע געטער איז אין דיר, און קיין סוד איז פון
דיר ניט פאַרהוילן, די זעאונגען פון מיין חלום וואָס איך
האָב געזען און זיין פּיתרון טו זאָגן.
[7]און [דאָס זיינען] די זעאונגען פון מיין קאָפּ אויף מיין
געלעגער: איך האָב געזען,

ערשט אַ בוים איז אין מיטן דער ערד,
און זיין הייך איז געווען גרויס.

8איז געוואַקסן דער בוים און געוואָרן שטאַרקער,
ביז זיין הייך האָט דערגרייכט צום הימל,
און זיין אָנזען איז געווען ביז צום עק פון דער גאַנצער
ערד.
9זיינע בלעטער זיינען געווען שיין,
און זיין פרוכט פיל,
און שפייז פאַר אַלעמען איז אויף אים געווען;
אונטער אים האָבן זיך געשאָטנט די חיות פון פעלד,
און אין זיינע צווייגן האָבן געוווינט די פויגלען פון
הימל,
און פון אים האָבן זיך געשפייזט אַלע לייבער.
10האָב איך געזען אין די זעאונגען פון מיין קאָפּ אויף מיין
געלעגער, ערשט אַ מלאַך און אַ הייליקער האָט אַראָפּ־
גענידערט פון הימל. 11האָט ער אויסגערופן אין דער
הייך, און האָט אַזוי געזאָגט:
האַקט אָפּ דעם בוים,
און שניידט אָפּ זיינע צווייגן,
שאָקלט אַראָפּ זיינע בלעטער,
און צעשפּרייט זיין פרוכט;
זאָלן די חיות אַוועקוואַנדערן פון אונטער אים,
און די פויגלען פון זיינע צווייגן.
12נאָר דעם שטאָם פון זיינע וואָרצלען לאָזט אין דער
ערד,
און אין אַ קייט פון אַייזן און קופּער,
צווישן די גראָז פון פעלד;
און פון דעם טוי פון הימל זאָל ער באַנעצט ווערן,
און מיט די חיות זאָל זיין זיין טייל,
צווישן קרייטאַכץ פון דער ערד.

[13]זײַן האַרץ זאָל מען פֿאַרבײַטן פֿון אַ מענטשנס,
און אַ האַרץ פֿון אַ חיה זאָל אים געגעבן װערן,
און זיבן צײַטן זאָלן אַריבערגײן איבער אים.
[14]לױט דער גזֵרה פֿון די װאַכערסא איז דער שפּרוך,
און אַ באַפֿעל פֿון די הײליקע איז די זאַך,
כּדי די לעבעדיקע זאָלן װיסן,
אַז דער אױבערשטער געװעלטיקט איבער דער מלוכה פֿון מענטשן,
און צו װעמען ער װיל גיט ער זי,
און דעם נידעריקסטן פֿון מענטשן קען ער זעצן דערױף.
[15]דעמדאָזיקן חלום האָב איך, מלך נבוכדנֶצַר, געזען, און
דו, בֵּלטשאַצַר, זאָג דעם פּיתרון, װײַל אַלע חכמים פֿון מײַן
קיניגרײַך קענען מיך ניט מאַכן װיסן דעם פּיתרון; אָבער דו
קענסט יאָ, װײַל דער גײַסט פֿון די הײליקע איז אין דיר.
[16]דענסמאָל איז דניאל, װאָס זײַן נאָמען איז געװען
בֵּלטשאַצַר, פֿאַרשטאַרט געװאָרן אַ װײַלע, און זײַנע רעיונות
האָבן אים געשראָקן. האָט זיך אָפּגערופֿן דער מלך און
האָט געזאָגט: בֵּלטשאַצַר, זאָל דער חלום און דער פּיתרון
דיך ניט דערשרעקן. האָט געענטפֿערט בֵּלטשאַצַר און
האָט געזאָגט: מײַן האַר, דײַן חלום אױף דײַנע פֿײַנט, און
זײַן פּיתרון אױף דײַנע שׂונאים! [17]דער בױם װאָס דו האָסט
געזען, װאָס איז געװאַקסן און געװאָרן שטאַרקער, און זײַן
הײך האָט דערגרײכט ביזן הימל, און זײַן אָנזען ביז דער
גאַנצער ערד, [18]און זײַנע בלעטער זײַנען געװען שײן,
און זײַן פּרוכט פֿיל, און שפּײַז פֿאַר אַלעמען איז אױף
אים געװען; װאָס אונטער אים האָבן געװױנט די חיות פֿון
פֿעלד, און אין זײַנע צװײַגן האָבן גערוט די פֿױגלען פֿון

א מלאָכים.

הימל –19דאָס ביסט דו, מלך, וואָס דו ביסט געוואַקסן און
געוואָרן שטאַרקער, און וואָס דיין גרויסקייט איז געוואַקסן
און האָט דערגרייכט ביזן הימל, און דיין געוועלטיקייט ביז
עק ערד. 20און וואָס דער מלך האָט געזען ווי אַ מלאך
און אַ הייליקער האָט אַראָפּגענידערט פון הימל, און האָט
געזאָגט: האַקט אָפּ דעם בוים און צעשטערט אים, נאָר דעם
שטאָם פון זיינע וואָרצלען לאָזט איבער אין דער ערד,
און אין אַ קייט פון אייזן און קופּער, צווישן די גראָז פון
פעלד; און פון דעם טוי פון הימל זאָל ער באַנעצט ווערן,
און מיט די חיות פון פעלד זאָל זיין זיין טייל, ביז זיבן צייטן
וועלן אַריבערגיין איבער אים –21דאָס, מלך, איז דער
פּיתרון, און עס איז די גזירה פון דעם אויבערשטן וואָס איז
געקומען אויף מיין האַר דעם מלך; 22מע וועט דיך פאַר־
טרייבן פון מענטשן, און מיט די חיות פון פעלד וועט זיין
דיין וווינונג, און גראָז ווי אָקסן וועט מען דיך מאַכן עסן,
און מיט דעם טוי פון הימל וועט מען דיך באַנעצן, און זיבן
צייטן וועלן אַריבערגיין איבער דיר; ביז דו וועסט וויסן
אַז דער אויבערשטער געוועלטיקט איבער דער מלוכה
פון מענטשן, און צו וועמען ער וויל גיט ער זי. 23און וואָס
מע האָט אָנגעזאָגט, צו לאָזן דעם שטאָם פון די וואָרצלען
פון בוים [באַטייט]: דיין מלוכה וועט דיר בלייבן נאָכדעם
ווי דו וועסט דערקענען אַז די הימלען זיינען די וואָס
געוועלטיקן. 24דרום, מלך, זאָל מיין עצה וווילגעפעלן
פאַר דיר, און טו אָפּ דיינע זינד דורך צדקה, און דיינע
פאַרברעכן דורך דערבאַרימונג אויף די אָרעמע; אויב עס
קען נאָך זיין אַ פאַרלענגערונג פאַר דיין שלווה".
25דאָס אַלץ איז געקומען אויפן מלך נבוכדנצר. 26צום
סוף פון צוועלף חדשים איז ער אומגעגאַנגען אויף דעם

קיניגלאַכן פּאַלאַץ פֿון בָּבל. [27]האָט אויסגערופֿן דער מלך
און האָט געזאָגט: איז דאָס ניט די גרויסע בָּבל, וואָס איך
האָב געבויט פֿאַר אַ קיניגלאַכן וווינאָרט מיט מײַן גרויס
רײַכטום, און פֿאַר דעם כּבוד פֿון מײַן פּראַכטיקייט? [28]דאָס
וואָרט איז נאָך געווען אין מלכס מויל, איז אַראָפּ אַ קָול
פֿון הימל: דיר זאָגט מען אָן, מלך נבֿוכַדנֶצַר: די מלוכה
האָט זיך אָפּגעטאָן פֿון דיר. [29]און פֿון מענטשן וועט מען
דיך פֿאַרטרײַבן, און מיט די חיות פֿון פֿעלד וועט זײַן דײַן
וווינונג, גראָז ווי אָקסן וועט מען דיך מאַכן עסן, און זיבן
צײַטן וועלן אַריבערגיין איבער דיר; ביז דו וועסט וויסן אַז
דער אויבערשטער געוועלטיקט איבער דער מלוכה פֿון
מענטשן, און צו וועמען ער וויל גיט ער זי. [30]אין דער
אייגענער שעה איז דערפֿילט געוואָרן דאָס וואָרט אויף
נבֿוכַדנֶצַרן, און ער איז פֿון מענטשן פֿאַרטריבן געוואָרן,
און גראָז ווי אָקסן האָט ער געגעסן, און פֿון דעם טוי פֿון
הימל איז באַנעצט געוואָרן זײַן לײַב, ביז זײַנע האָר זײַנען
אויסגעוואַקסן אַזוי ווי בײַ אָדלערס, און זײַנע נעגל אַזוי ווי
בײַ פֿויגלען.

[31]„און צום סוף פֿון די טעג, האָב איך, נבֿוכַדנֶצַר,
אויפֿגעהויבן מײַנע אויגן צום הימל, און מײַן שׂכל האָט זיך
אומגעקערט צו מיר, און איך האָב געבענטשט דעם
אויבערשטן, און געלויבט און געאַכפּערט דעם וואָס לעבט
אייביק,

וואָס זײַן געוועלטיקייט איז אַן אייביקע געוועלטיקייט,
און זײַן מלוכה איז אויף דור־דורות.
[32]און אַלע באַוווינער פֿון דער ערד זײַנען ווי גאָרנישט
גערעכנט;
און לויט זײַן רָצון טוט ער מיט דעם חיל פֿון הימל,

אוּן מיט די בּאַוווֹינער פוּן דער ערד,
אוּן ניטאָ ווער זאָל ווערן זיין האַנט,
אוּן אים זאָגן: וואָס טוסטו?
[33]אין דער אייגענער שעה האָט מיין שׂכל זיך אוּמגעקערט
צוּ מיר, אוּן צוּ דעם כּבוד פוּן מיין מלוכה, האָט מיין
פּראַכט אוּן מיין גלאַנץ זיך אוּמגעקערט צוּ מיר; אוּן מיינע
מיניסטאָרן אוּן מיינע גרויסע לייט האָבּן מיך געזוּכט; אוּן
איך בּין בּאַפעסטיקט געוואָרן אין מיין מלוכה, אוּן נאָך אַ
גרעסערע מאַכט איז מיר צוּגעלייגט געוואָרן. [34]אַצוּנד
טוּ איך, נבוּכַדנֶצַר, לויבּן אוּן דערהייבּן אוּן אַכפּערן דעם
קיניג פוּן די הימלען, וואָס אַלע זיינע טואוּנגען זיינען אמת,
אוּן זיינע וועגן גערעכטיקייט, אוּן די וואָס גייען מיט גאַווה
קען ער דערנידערן".

ה [1]דער מלך בֵּלשאַצַר האָט געמאַכט אַ גרויסן מאָלצייט
פאַר טויזנט פוּן זיינע גרויסע לייט, אוּן האָט געטרוּנקען
וויין מיט די טויזנט. [2]האָט בֵּלשאַצַר, אַז ער האָט פאַרזוּכט
דעם וויין, בּאַפוילן צוּ בּרענגען די גילדערנע אוּן זילבּערנע
כּלים, וואָס זיין פאָטער נבוּכַדנֶצַר האָט אַרויסגענוּמען פוּן
דעם טעמפּל וואָס אין ירוּשָׁלַיִם; כּדי דער מלך, אוּן זיינע
גרויסע לייט, זיינע ווייבּער, אוּן זיינע קעפּסווייבּער, זאָלן
טרינקען אין זיי. [3]דענסמאָל האָט מען געבּראַכט די גילדערנע
כּלים, וואָס מע האָט אַרויסגענוּמען פוּן דעם טעמפּל פוּן
גאָטס הויז וואָס אין ירוּשָׁלַיִם, אוּן דער מלך, אוּן זיינע גרויסע
לייט, זיינע ווייבּער, אוּן זיינע קעפּסווייבּער, האָבּן גע־
טרוּנקען אין זיי. [4]זיי האָבּן געטרוּנקען וויין, אוּן געלויבּט די
געטער פוּן גאָלד אוּן זילבּער, פוּן קוּפּער, אַייזן, האָלץ, אוּן
שטיין. [5]אין דער אייגענער שעה זיינען אַרויס פינגער פוּן אַ

מענטשנס האַנט, און האָבן געשריבן אַקעגן דעם לייכטער,
אויפֿן קאַלך פֿון דער וואַנט פֿון דעם מלכס פּאַלאַץ; און
דער מלך האָט געזען די האַנטפּלעך וואָס האָט געשריבן.
6 דענסמאָל האָט זיך געביטן דעם מלכס פּאַרב, און זיינע
רעיונות האָבן אים געשראָקן, און די געלענקען פֿון זיינע
לענדן זיינען לויז געוואָרן, און זיינע קני האָבן זיך געקלאַפּט
איינס אָן אַנדערן. 7 האָט דער מלך אויסגערופֿן אין דער
הייך, מע זאָל אַריינברענגען די צויבערשפּרעכער, די
כַּשׂדים, און די שטערנזעער. דער מלך האָט זיך אָפּ־
גערופֿן און האָט געזאָגט צו די חכמים פֿון בָבל: ווער נאָר
עס וועט איבערלייענען דאָסדאָזיקע געשריפֿץ, און וועט
דעם פּיתרון דערפֿון מיר באַשיידן, וועט אין פּורפּל אָנ־
געקליידט ווערן, מיט אַ גילדערנער קייט אויף זיין האַלדז,
און ווי אַ דריטער אין דער מלוכה געוועלטיקן.
8 דענסמאָל זיינען אַריינגעקומען אַלע חכמים פֿון מלך,
אָבער זיי האָבן ניט געקענט איבערלייענען דאָס געשריפֿץ,
און דעם פּיתרון לאָזן וויסן דעם מלך. 9 האָט דענסמאָל
דער מלך בֵּלשאַצַר זיך שטאַרק דערשראָקן, און זיין פּאַרב
האָט זיך אויף אים געביטן, און זיינע גרויסע לייט זיינען
געוואָרן צעטומלט. 10 איז פֿון וועגן די ווערטער פֿון דעם
מלך און זיינע גרויסע לייט אַריינגעקומען די מלכּה אין
הויז פֿון מאָלצייט; האָט זיך אָפּגערופֿן די מלכּה און האָט
געזאָגט: אייביק לעבן זאָל דער מלך! זאָלן דיינע רעיונות
דיך ניט שרעקן, און דיין פּאַרב זאָל זיך ניט בייטן. 11 פֿאַראַן
אַ מאַן אין דיין קיניגרייך, וואָס דער גייסט פֿון די הייליקע
געטער איז אין אים, און אין די טעג פֿון דיין פֿאָטער איז
געפֿונען געוואָרן אין אים ליכטיקייט, און פֿאַרשטאַנדיקייט,
און חכמה אַזוי ווי די חכמה פֿון די געטער; און דער מלך

נבוכַדנֶצַר דײַן פֿאָטער האָט אים פֿאַר דעם הױפּט פֿון די
חַרטומים, די צױבערשפּרעכער, די כַּשׂדים, און די שטערנ־
זעער אױפֿגעשטעלט—דײַן פֿאָטער דער מלך. [12]װײַל אַן
אױסנאַמיקער גײַסט, און קענשאַפֿט, און פֿאַרשטאַנדיקײַט,
פּותר זײַן חלומות, און באַשײדונג פֿון רעטענישן, און אָפּ־
בינדונג פֿון קנופּן, זײַנען געפֿונען געװאָרן אין אים, אין
דניאלן, װאָס דער מלך האָט געמאַכט זײַן נאָמען בֵּלטשאַצַר.
אַצונד, זאָל דניאל גערופֿן װערן, און ער װעט באַשײדן
דעם פּיתרון.

[13]דענסמאָל איז דניאל אַרײַנגעבראַכט געװאָרן פֿאַר
דעם מלך. האָט זיך אָפּגערופֿן דער מלך און האָט געזאָגט
צו דניאלן: ביסטו דאָס דער דניאל װאָס פֿון די גָלות־קינדער
פֿון יהודה, װאָס מײַן פֿאָטער דער מלך האָט געבראַכט
פֿון יהודה? [14]װאָרום איך האָב געהערט אױף דיר, אַז דער
גײַסט פֿון די געטער איז אין דיר, און ליכטיקײַט, און
פֿאַרשטאַנדיקײַט, און אױסנאַמיקע חכמה, געפֿינען זיך אין
דיר. [15]און אַצונד זײַנען אַרײַנגעבראַכט געװאָרן פֿאַר מיר
די חכמים, די צױבערשפּרעכער, אַז זײ זאָלן איבערלײענען
דאָסדאָזיקע געשריפֿץ, און מיך מאַכן װיסן דעם פּיתרון
דערפֿון, אָבער זײ קענען דעם פּיתרון פֿון דער זאַך ניט
באַשײדן. [16]און איך האָב געהערט אױף דיר, אַז דו קענסט
פּותר זײַן פּיתרונים, און אָפּבינדן קנופּן; אַצונד, אױב
דו קענסט איבערלײענען דאָס געשריפֿץ, און מיך מאַכן
װיסן דעם פּיתרון דערפֿון, װעסטו אין פּורפּל אָנגעקלײדט
װערן, מיט אַ גילדערנער קײט אױף דײַן האַלדז, און װי
אַ דריטער אין דער מלוכה געװעלטיקן.

[17]דענסמאָל האָט געענטפֿערט דניאל און האָט געזאָגט
פֿאַר דעם מלך: דײַנע מתנות זאָלן בלײַבן בײַ דיר, און

דיינע באַלוינונגען גיב אַן אַנדערן; אָבער דאָס געשריפֿט
וועל איך דעם מלך איבערלייענען, און דעם פּיתרון וועל
איך אים מאַכן וויסן. [18]דו, מלך—דער העכסטער גאָט
האָט געגעבן דיין פֿאָטער נבוכדנצרן מלוכה, און גרויס־
קייט, און כּבוד, און פּראַכט. [19]און פֿון וועגן דער גרויסקייט
וואָס ער האָט אים געגעבן, האָבן אַלע פֿעלקער, אומות,
און לשונות, געציטערט און מורא געהאַט פֿאַר אים; וועמען
ער האָט געוואָלט האָט ער געטייט, און וועמען ער האָט גע־
וואָלט האָט ער געלאָזט לעבן, און וועמען ער האָט געוואָלט
האָט ער דערהויבן, און וועמען ער האָט געוואָלט האָט ער
דערנידערט. [20]אָבער אַז זיין האַרץ האָט זיך דערהויבן,
און זיין גייסט איז געוואָרן תּקיף ביז צום מוטוויליקן, איז
ער אַראָפּגעזעצט געוואָרן פֿון דעם טראָן פֿון זיין מלוכה,
און דעם כּבוד האָט מען אָפּגעטאָן פֿון אים. [21]און פֿון
מענטשנקינדער איז ער פֿאַרטריבן געוואָרן, און זיין האַרץ
האָט מען געמאַכט גלייך צו אַ חיהס, און מיט וואַלדאייזלען
איז געווען זיין וווינונג; גראָז אַזוי ווי אָקסן האָט מען אים
געמאַכט עסן, און פֿון דעם טוי פֿון הימל איז ער באַנעצט
געוואָרן; ביז ער האָט געוווּסט אַז דער העכסטער גאָט
געוועלטיקט איבער דער מלוכה פֿון מענטשן, און וועמען
ער וויל זעצט ער דערויף. [22]און דו, זיין זון בּלשאַצר,
האָסט ניט געבייגט דיין האַרץ, הגם דו האָסט דאָס אַלץ
געוווּסט. [23]נאָר דו האָסט זיך דערהויבן אַקעגן דעם האַר
פֿון הימל, און די כּלים פֿון זיין הויז האָט מען געבראַכט
פֿאַר דיר, און דו, און דיינע גרויסע לייט, דיינע ווייבער,
און דיינע קעפּסווייבער, האָבן וויין געטרונקען אין זיי, און
געטער פֿון זילבער, און גאָלד, קופּער, אײַזן, האָלץ, און
שטיין, וואָס ניט זיי זעען, און ניט זיי הערן, און ניט זיי ווייסן,

האָסטו געלויבט; און דעם גאָט וואָס דיין נשמה איז אין זיין
האַנט, און אַלע דיינע וועגן זיינען ביי אים, האָסטו ניט
געאַכפערט. 24דענסמאָל איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון
פאַר אים די האַנטפלעך, און האָט אָנגעצייכנט דאָסדאָזיקע
געשריפץ. 25און דאָס איז דאָס געשריפץ וואָס איז אָנ־
געצייכנט געוואָרן: מְנֵא מְנֵא תְּקֵל וּפַרְסִין[א]. 26דאָס איז דער
פיתרון פון דער זאַך: מְנֵא, גאָט האָט אָפגעציילט דיין
מלוכה, און האָט זי געענדיקט. 27תְּקֵל, דו ביסט געווויגן
געוואָרן אויף אַ וואָגשאָל, און ביסט געפונען געוואָרן פעליק.
28פְּרֵס, דיין מלוכה ווערט צעטיילט, און אַוועקגעגעבן צו
פָּרַס און מָדַי.
29דענסמאָל האָט בֵּלשאַצַר באַפוילן, און מע האָט
אָנגעקליידט דניאלן אין פורפל, מיט אַ גילדערנער קייט
אויף זיין האַלדז, און מע האָט אויסגערופן אויף אים, אַז ער
זאָל זיין אַ דריטער געוועלטיקער אין דער מלוכה.
30אין דער אייגענער נאַכט איז בֵּלשאַצַר דער מלך
פון די כַּשׂדים געטייט געוואָרן.

ו 1און דָריָוֶש פון מָדַי האָט איבערגענומען די מלוכה,
ווען ער איז געווען אַרום צוויי און זעכציק יאָר אַלט.
2איז וווילגעפעלן פאַר דָריָוֶשן, און ער האָט אַרויפגעזעצט
איבער דעם קיניגרייך הונדערט און צוואַנציק סאַטראַפן,
וואָס זאָלן זיין אין גאַנצן קיניגרייך; 3און איבער זיי דריי
אויבערלייט וואָס דניאל איז געווען איינער פון זיי; כּדי
דידאָזיקע סאַטראַפן זאָלן אָפגעבן צו זיי רעכנשאַפט, און
דער מלך זאָל ניט האָבן קיין הֶזק. 4דענסמאָל האָט דער־
דאָזיקער דניאל זיך אויסגעצייכנט איבער די אויבערלייט
און די סאַטראַפן, ווייל אַן אויסנאַמיקער גייסט איז געווען

א געציילט, געציילט, געווויגן און [אין] שטיקער.

אין אים; און דער מלך האָט געקלערט אים אַרויפצוזעצן
איבער דעם גאַנצן קיניגרײַך.

[5]דענסמאָל האָבן די אויבערלײַט און די סאַטראַפּן
געזוכט אַן אויסרעד אַקעגן דניאלן בנוגע צו דער מלוכה,
אָבער זיי האָבן קיין אויסרעד און קיין פעלער ניט געקענט
געפינען, ווײַל ער איז געווען געטרײַ, און קיין פאַרזע אָדער
פעלער איז בײַ אים ניט געפונען געוואָרן. [6]האָבן דענסמאָל
דידאָזיקע מענער געזאָגט: מיר וועלן ניט געפינען קיין אור־
זאַך אַקעגן דעמדאָזיקן דניאלן, סײַדן מיר געפינען עס אין
דעם געזעץ פון זײַן גאָט. [7]דענסמאָל זײַנען דידאָזיקע
אויבערלײַט און סאַטראַפּן געקומען מיט אימפּעט צום מלך,
און האָבן צו אים אַזוי געזאָגט: אייביק לעבן זאָל דער מלך
דרָיָוֶש! [8]אַלע אויבערלײַט פון דער מלוכה, די הערשער,
און די סאַטראַפּן, די ראַטגעבער, און די פירשטן, האָבן
זיך באַקלערט, אַז דער מלך זאָל אויפשטעלן אַ געזעץ,
און מאַכן אַ שטאַרקן פאַרווער, אַז איטלאַכער וואָס וועט
בעטן אַ געבעט פון וואָסער עס איז גאָט אָדער מענטשן
ביז דרײַסיק טעג, אַחוץ פון דיר, מלך, זאָל אַרײַנגעוואָרפן
ווערן אין דער גרוב פון לייבן. [9]אַצונד, מלך, זאָלסטו
אויפשטעלן דעם פאַרווער, און חתמען דאָס געשריפט,
אַז מע זאָל עס ניט ענדערן, לויט דעם געזעץ פון מָדַי און
פָּרַס וואָס ווערט ניט בטל. [10]איבער דעם האָט דער מלך
דרָיָוֶש געחתמעט דאָס געשריפט און דעם פאַרווער.

[11]און דניאל, אַז ער האָט זיך דערוווּסט אַז דאָס
געשריפט איז געחתמעט געוואָרן, איז ער אַרײַנגעגאַנגען
אין זײַן הויז—און ער האָט געהאַט פענצטער אין זײַן אויבער־
שטוב אָפן אַקעגן ירושָלַיִם—און דרײַ מאָל אין טאָג האָט ער
געקניט אויף זײַנע קני, און תפילה געטאָן, און געגעבן אַ

לויב פאַר זיין גאָט, אַזוי ווי ער פלעגט טאָן פריער.
[12]דענסמאָל זיינען דידאָזיקע מענער אַריין מיט אימפּעט,
און האָבן געפונען דניאלן, ווי ער בעט און איז מתפלל פאַר
זיין גאָט. [13]האָבן זיי דענסמאָל גענענט, און האָבן גערעדט
פאַר דעם מלך וועגן דעם מלכס פאַרווער: האָסטו ניט
געחתמעט אַ פאַרווער, אַז איטלאַכער מענטש וואָס וועט
בעטן פון וואָסער עס איז גאָט אָדער מענטשן ביז דרייסיק
טעג, אַחוץ פון דיר, מלך, זאָל אַריינגעוואָרפן ווערן אין
דער גרוב פון לייבן? האָט געענטפערט דער מלך און
האָט געזאָגט: די זאַך איז פעסט, לויט דעם געזעץ פון מָדַי
און פָּרַס וואָס טאָר ניט אָפּגעשאַפט ווערן. [14]דענסמאָל
האָבן זיי זיך אָפּגערופן און האָבן געזאָגט פאַרן מלך אַז:
דניאל וואָס איז פון די גָלות־קינדער פון יהודה לייגט ניט
אַכט אויף דיר, מלך, און אויף דעם פאַרווער וואָס דו
האָסט געחתמעט, און דריי מאָל אין טאָג בעט ער זיין
געבעט. [15]דענסמאָל, אַז דער מלך האָט געהערט די זאַך,
האָט אים זייער פאַרדראָסן, און ער האָט געלייגט דעם
געדאַנקען אויף דניאלן, אים צו ראַטעווען, און ביז זונאונטער־
גאַנג האָט ער זיך געמיט אים מציל צו זיין. [16]דענסמאָל
זיינען דידאָזיקע מענער געקומען מיט אימפּעט צום מלך,
און האָבן געזאָגט צום מלך: זיי וויסן, מלך, אַז עס איז אַ
געזעץ פון מָדַי און פָּרַס, אַז איטלאַך פאַרווער אָדער
באַפעל וואָס דער מלך שטעלט אויף, איז ניט צום ענדערן.
[17]דענסמאָל האָט דער מלך באַפוילן, און מע האָט געבראַכט
דניאלן און אים אַריינגעוואָרפן אין דער גרוב פון לייבן.
האָט זיך אָפּגערופן דער מלך און האָט געזאָגט צו דניאלן:
דיין גאָט וואָס דו דינסט צו אים שטענדיק, ער וועט דיך
מציל זיין. [18]און אַ שטיין איז געבראַכט געוואָרן, און איז

אַרויפגעלייגט געוואָרן אויפן מויל פון דער גרוב, און דער
מלך האָט עס פאַרחתמעט מיט זיין זיגלרינג און מיט דעם
זיגלרינג פון זיינע גרויסע לייט, כּדי קיין זאַך זאָל ניט גע־
ענדערט ווערן מיט דניאלן.
[19]דענסמאָל איז דער מלך אַוועק אין זיין פּאַלאַץ, און
ער האָט צוגעבראַכט די נאַכט אין פאַסטן, און פאַרווייליונגען
זיינען ניט געבראַכט געוואָרן פאַר אים, און זיין שלאָף האָט
זיך אָפּגעטאָן פון אים. [20]דענסמאָל איז דער מלך אויפ־
געשטאַנען באַגינען מיטן פרימאָרגנליכט, און איז האַסטיק
אַוועק צו דער גרוב פון לייבן. [21]און ווי ער האָט גענענט
צו דער גרוב, האָט ער געשריען צו דניאלן מיט אַ טרויעריקן
קול; דער מלך האָט גערופן צו דניאלן און האָט געזאָגט:
דניאל, דו קנעכט פון דעם לעבעדיקן גאָט, האָט דער
גאָט וואָס דו דינסט צו אים תּמיד, דיך געקענט מציל זיין
פון די לייבן? [22]דענסמאָל האָט דניאל געזאָגט צום מלך:
אייביק לעבן זאָל דער מלך! [23]מיין גאָט האָט געשיקט
זיין מלאַך, און ער האָט פאַרשלאָסן דאָס מויל פון די
לייבן, און זיי האָבן מיר ניט שלעכטס געטאָן; ווייל פאַר
אים איז מיר געפונען געוואָרן אַ זכות; און אויך אַקעגן דיר,
מלך, האָב איך שלעכטס ניט געטאָן. [24]דענסמאָל האָט
זיך דער מלך זייער דערפרייט, און ער האָט באַפוילן
אַרויפצוברענגען דניאלן פון דער גרוב; און דניאל איז אַרויפ־
געבראַכט געוואָרן פון דער גרוב, און קיין שעדיקונג איז
אויף אים ניט געפונען געוואָרן, ווייל ער האָט געגלויבט
אין זיין גאָט. [25]און דער מלך האָט באַפוילן, און מע האָט
געבראַכט יענע מענער וואָס האָבן געמסרט אויף דניאלן,
און מע האָט זיי אַריינגעוואָרפן אין דער גרוב פון לייבן,
זיי, זייערע קינדער, און זייערע ווייבער; און זיי האָבן

צומאָל ניט דערגרייכט צום דעק פון דער גרוב, האָבן שוין
די לייבן געוועלטיקט איבער זיי, און אַלע זייערע ביינער
צעמאָלן.
26 דענסמאָל האָט דער מלך דָריָוֶש געשיקט צו אַלע
פעלקער, אומות, און לשונות, וואָס וווינען אויף דער
גאַנצער ערד: אײַער פריד זאָל זיך מערן! 27 פון מיר ווערט
געגעבן אַ באַפעל, אַז אין דער גאַנצער געוועלטיקייט פון
מיין קיניגרייך זאָל מען ציטערן און מוֹרא האָבן פאַר דעם
גאָט פון דניאלן;

וואָרום ער איז דער לעבעדיקער גאָט,
און ער באַשטייט אייביק,
און זיין מלוכה איז אַזאַ וואָס ווערט ניט צעשטערט,
און זיין געוועלטיקייט איז ביז צום סָוף.
28 ער ראַטעוועט און איז מציל,
און ער מאַכט צייכנס און וווּנדער,
אין הימל און אויף דער ערד;
[ער איז דער] וואָס האָט מציל געווען דניאלן
פון דער מאַכט פון די לייבן.

29 און דערדאָזיקער דניאל האָט באַגליקט אונטער דער
מלוכה פון דָריָוֶשן, און אונטער דער מלוכה פון כּוֹרֶש
דעם פֶּרסער.

ז 1 אין ערשטן יאָר פון בֵּלשאַצַר דעם מלך פון בָּבל, האָט
דניאל געזען אַ חלום, און זעאונגען פון זיין קאָפּ אויף
זיין געלעגער; דענסמאָל האָט ער אויפגעשריבן דעם חלום,
און האָט דערציילט דעם עיקר פון דער זאַך. 2 דניאל האָט
אָנגעהויבן און דערציילט: איך האָב געזען אין מיין זעאונג
ביי נאַכט, ערשט די פיר ווינטן פון הימל האָבן אויסגעבראָכן

אויפֿן גרויסן ים. 3 און פֿיר גרויסע חיות זײַנען אַרויסגעקומען
פֿון ים, אײנע אַנדערש פֿון דער אַנדערער. 4 די ערשטע
איז געווען אַזוי ווי אַ לײב, און פֿליגלען פֿון אַן אָדלער האָט
זי געהאַט; איך האָב געקוקט ביז אירע פֿליגלען זײַנען
אויסגעפּליקט געוואָרן, און זי איז אויפֿגעהויבן געוואָרן פֿון
דער ערד, און איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף צוויי
פֿיס אַזוי ווי אַ מענטש, און אַ האַרץ פֿון אַ מענטשן איז איר
געגעבן געוואָרן. 5 און זע, אַן אַנדער חיה, אַ צווייטע, איז
געווען געגליכן צו אַ בער, און זי איז געשטעלט געוואָרן
אויף אײן זײַט, און דרײַ ריפּן זײַנען געווען אין איר מויל
צווישן אירע צײנער; און אַזוי האָט מען צו איר געזאָגט:
שטײ אויף, עס פֿלײש אַ סך. 6 דערנאָך האָב איך געזען,
ערשט אַן אַנדערע, אַזוי ווי אַ לעמפּערט; און זי האָט גע־
האַט פֿיר פֿליגלען פֿון אַ פֿויגל אויף איר רוקן, און פֿיר
קעפּ האָט די חיה געהאַט; און געוועלטיקײט איז איר
געגעבן געוואָרן. 7 דערנאָך האָב איך געזען אין די זעאונגען
פֿון דער נאַכט, ערשט אַ פֿירטע חיה, שרעקלאַך און
מוראדיק, און געוואַלטיק שטאַרק; און גרויסע אײַזערנע
צײנער האָט זי געהאַט; זי האָט געגעסן און האָט צעמאָלן,
און דעם רעשט האָט זי צעטראָטן מיט אירע פֿיס; און זי
איז געווען אַנדערש פֿון אַלע חיות וואָס פֿאַר איר, און צען
הערנער האָט זי געהאַט. 8 האָב איך באַטראַכט די הער־
נער, ערשט אַן אַנדער האָרן, אַ קלײנער, איז אַרויסגע־
וואַקסן צווישן זײ, און דרײַ פֿון די פֿאָדערשטע הערנער
זײַנען אויסגעריסן געוואָרן פֿון פֿאַר אים; און זע, אויגן אַזוי
ווי די אויגן פֿון אַ מענטשן זײַנען געווען אין דעמדאָזיקן
האָרן, און אַ מויל וואָס האָט גערעדט גרויס. 9 איך האָב
געקוקט

בּיז טראָנען האָט מען אויפגעשטעלט,
און אַן אַלטבאַטאָגטער האָט זיך געזעצט;
זײַן מלבוש איז געווען ווי ווײַסער שניי,
און די האָר פֿון זײַן קאָפּ ווי לויטערע וואָל;
זײַן טראָן איז געווען פֿלאַמען פֿײַער,
די רעדער דערפֿון, ברענעדיק פֿײַער.
10אַ טײַך פֿײַער האָט אַרויסגעשטראָמט,
און איז אַרויסגעגאַנגען פֿון פֿאַר אים;
טויזנט מאָל טויזנט האָבן אים באַדינט,
און צען טויזנט מאָל צען טויזנט זײַנען פֿאַר אים געשטאַנען;
אַ בֵּית־דין איז געזעסן,
און ביכער זײַנען געווען געעפֿנט.
11האָב איך דענסמאָל געקוקט פֿון וועגן דעם קָול פֿון די
גרויסע ווערטער וואָס דער האָרן האָט גערעדט—איך האָב
געקוקט ביז די חיה איז געטייט געוואָרן, און איר לײַב איז
פֿאַרטיליגט געוואָרן, און איבערגעגעבן געוואָרן צום בראַנד
פֿון פֿײַער. 12און פֿון די איבעריקע חיות האָט מען אָפּ־
געטאָן זייער געוועלטיקייט, אָבער אַ פֿאַרלענגערונג פֿון
לעבן איז זיי געגעבן געוואָרן ביז אַ צײַט און שעה.
13איך האָב געזען אין זעאונגען פֿון דער נאַכט,
ערשט אויף וואָלקנס פֿון הימל
איז אָנגעקומען אַזוי ווי אַ מענטשנקינד,
און ביז דעם אַלטבאַטאָגטן האָט ער דערגרייכט,
און מע האָט אים געבראַכט פֿאַר אים.
14און אים איז געגעבן געוואָרן געוועלטיקייט,
און כּבוד, און מלוכה,
אַז אַלע פֿעלקער, אומות, און לשונות,

זאָלן דינען צו אים;
זיין געוועלטיקייט אַן אייביקע געוועלטיקייט, וואָס
פאַרגייט ניט,
און זיין מלוכה, אַזאַ וואָס ווערט ניט צעשטערט.
15 איז מיר, דניאל, באַטריבט געוואָרן מיין געמיט אין
לייב, און די זעאונגען פון מיין קאָפּ האָבן מיך געשראָקן.
16 האָב איך גענענט צו איינעם פון די וואָס זיינען געשטאַנען
דערביי, און איך האָב געפרעגט די ריכטיקייט וועגן דעם
אַלעם, און ער האָט מיר דערציילט, און האָט מיך געמאַכט
וויסן דעם פּיתרון פון די זאַכן: 17 די דאָזיקע גרויסע חיות,
וואָס זיינען פיר, זיינען פיר מלכים וואָס וועלן אויפשטיין
אויף דער ערד. 18 אָבער די הייליקע פון דעם העכסטן
וועלן איבערנעמען די מלוכה, און זיי וועלן האַלטן די
מלוכה ביז אייביקייט און ביז אייביקאייביקייטן. 19 דענס־
מאָל האָב איך געוואָלט וויסן די ריכטיקייט וועגן דער
פירטער חיה, וואָס איז געווען אַנדערש פון זיי אַלעמען
—זייער מוראדיק, וואָס אירע ציינער זיינען געווען פון אַייזן,
און אירע נעגל פון קופּער, וואָס האָט געגעסן, צעמאָלן,
און דעם רעשט צעטראָטן מיט אירע פיס; 20 און וועגן
די צען הערנער וואָס אויף איר קאָפּ, און דעם אַנדערן
וואָס איז אויסגעוואַקסן, און דריי זיינען אַרויסגעפאַלן פון
פאַר אים—דעמדאָזיקן האָרן וואָס האָט געהאַט אויגן, און
אַ מויל וואָס האָט גערעדט גרויס, און זיין אויסזען איז געווען
גרעסער ווי פון זיינע חברים. 21 איך האָב געזען ווי דער־
דאָזיקער האָרן האָט געמאַכט אַ מלחמה מיט די הייליקע,
און איז זיי בייגעקומען; 22 ביז דער אַלטבאַטאָגטער איז
געקומען, און רעכט איז געגעבן געוואָרן די הייליקע פון
דעם העכסטן, און די צייט איז געקומען, און די מלוכה

האָבן פאַרנומען די הייליקע. 23האָט ער אַזוי געזאָגט:
די פירטע חיה [באַטייט]: אַ פירטע מלוכה וועט זײַן אויף
דער ערד, וואָס וועט זײַן אַנדערש פון אַלע מלוכות, און
זי וועט פאַרצערן די גאַנצע ערד, און וועט זי צעטרעטן
און צעמאָלן. 24און די צען הערנער [באַטייטן]: פון דער־
דאָזיקער מלוכה וועלן אויפשטיין צען מלכים, און נאָך
אַן אַנדערער וועט אויפשטיין נאָך זיי, און ער וועט זײַן
אַנדערש פון די פריערדיקע, און דרײַ מלכים וועט ער
אַראָפּוואַרפן. 25און ווערטער אַקעגן דעם העכסטן וועט
ער רעדן, און די הייליקע פון דעם העכסטן וועט ער
מאַטערן, און ער וועט טראַכטן צו ענדערן די צײַטן און
דאָס געזעץ; און זיי וועלן איבערגעגעבן ווערן אין זײַן האַנט,
ביז אַ צײַט און צײַטן און אַ האַלבע צײַט. 26אָבער אַ בֵּית־
דין וועט זיצן, און זײַן געוועלטיקייט וועט מען אַוועקנעמען,
כּדי זי צו פאַרטיליקן און אונטערברענגען ביזן סוף.
27און די מלוכה, און די געוועלטיקייט, און די גרויסקייט
פון די קיניגרײַכן אונטער גאַנצן הימל, וועט איבערגעגעבן
ווערן צו דעם פאָלק פון הייליקע פון דעם העכסטן; זייער
מלוכה וועט זײַן אַן אייביקע מלוכה, און אַלע געוועלטיקער
וועלן דינען און געהאָרכן צו זיי.
28ביז דאַנען איז דער סוף פון דער זאַך. מיך, דניאל,
האָבן מײַנע רעיונות זייער געשראָקן, און מײַן פאַרב האָט
זיך אויף מיר געביטן, און איך האָב די זאַך באַהאַלטן אין
מײַן האַרצן.

ח 1אין דריטן יאָר פון מלך בּלשאַצרס מלוכה האָט זיך
אַ זעאונג באַוויזן צו מיר, צו מיר דניאל, נאָך דער וואָס
האָט זיך צו מיר באַוויזן אין אָנהייב. 2און איך האָב געזען

אין אַ זעאונג–און אַז איך האָב עס געזען, בין איך געווען אין
דער הויפּטשטאָט שושן, אין דער מדינה עֵילָם–איך האָב
געזען אין אַ זעאונג, ווי איך בין בײַ דעם שטראָם אולַי.
3און איך האָב אויפגעהויבן מײַנע אויגן, און האָב אַ קוק
געטאָן, ערשט אַ ווידער שטייט פאַר דעם שטראָם, און ער
האָט צוויי הערנער, און די צוויי הערנער זײַנען הויכע,
און איינער איז העכער פון צווייטן, און דער העכערער
איז אַרויסגעוואַקסן צולעצט. 4האָב איך געזען דעם
ווידער שטויסן צו מערב, און צו צפון, און צו דָרום, און
קיין חיה האָט זיך ניט געקענט שטעלן אַקעגן אים, און עס
איז ניט געווען ווער זאָל מציל זיין פון זײַן האַנט; און ער
האָט געטאָן לויט זײַן ווילן, און האָט זיך געגרייסט.
5און ווי איך האָב דאָס באַטראַכט, ערשט אַ ציגנ־
באָק איז אָנגעקומען פון מערב־זײַט איבערן געזיכט פון
דער גאַנצער ערד, אָבער ער האָט ניט אָנגערירט די ערד;
און דער באָק האָט געהאַט אַן אָנזעעוודיקן האָרן צווישן
זײַנע אויגן. 6און ער איז צוגעקומען ביז צו דעם ווידער
מיט די הערנער, וואָס איך האָב געזען שטיין פאַרן שטראָם,
און ער איז אַרויפגעלאָפן אויף אים מיט דעם אימפּעט פון
זײַן כּוח. 7און איך האָב אים געזען זיך אָנשטויסן אָן דעם
ווידער, און ער איז געווען דערביטערט אויף אים, און ער
האָט געשלאָגן דעם ווידער, און האָט צעבראָכן זײַנע ביידע
הערנער; און דער ווידער האָט ניט געהאַט קיין כּוח צו
באַשטיין פאַר אים; און ער האָט אים אַנידערגעוואָרפן
אויף דער ערד, און האָט אים געטרעטן, און עס איז ניט
געווען ווער זאָל מציל זײַן דעם ווידער פון זײַן האַנט. 8און
דער ציגנבאָק האָט זיך זייער געגרייסט; אָבער אין זײַן
רעכטער שטאַרקייט, האָט זיך אָפּגעבראָכן דער גרויסער

האָרן, און דאָס אויסזען פון פיר איז אַרויסגעוואַקסן אויף
זיין אָרט, אַקעגן די פיר ווינטן פון הימל.

[9]און פון איינעם פון זיי איז אַרויסגעגאַנגען אַ קליינער
האָרן, און ער איז געוואָרן זייער גרויס קעגן דָרום, און קעגן
מזרח, און קעגן דעם שיינעם לאַנד. [10]און ער איז געוואָרן
גרויס ביז צו דעם חיל פון הימל, און האָט אַראָפּגעוואָרפן
צו דער ערד טייל פון דעם חיל—פון די שטערן, און האָט
זיי צעטרעטן. [11]און ביז צו דעם האַר פון חיל האָט ער
זיך געגרייסט; און דער שטענדיקער קרבן איז פון אים
אַוועקגענומען געוואָרן, און דער אָרט פון זיין הייליקטום
איז אײַנגעוואָרפן געוואָרן. [12]און דער חיל איז איבער־
געגעבן געוואָרן אין איינעם מיט דעם שטענדיקן קרבן דורך
פאַרברעך; און ער האָט געשליידערט דעם אמת צו דער
ערד, און ער האָט אויפגעטאָן און האָט באַגליקט. [13]און
איך האָב געהערט ווי איין הייליקער האָט גערעדט, און
איין הייליקער האָט געזאָגט צו דעם אומבאַקענטן וואָס
האָט גערעדט: אויף ביז וואַנען איז די זעאונג וועגן דעם
שטענדיקן קרבן, און דעם פאַרברעך וואָס צעגרוילט,
דאָס איבערגעבן אי דאָס הייליקטום אי דעם חיל צום
צעטרעטן? [14]האָט ער צו מיר געזאָגט: ביז צוויי טויזנט און
דריי הונדערט אָוונטן און פרימאָרגנס; דענסמאָל וועט
דאָס הייליקטום קומען צו זיין רעכט.

[15]און עס איז געווען, ווי איך, דניאל, האָב געזען די
זעאונג, און האָב געזוכט צו פאַרשטיין, ערשט אַקעגן מיר
שטייט אַזוי ווי דאָס אויסזען פון אַ מאַן. [16]און איך האָב
געהערט דעם קָול פון אַ מענטשן איבערן אולַי, און ער האָט
אויסגערופן און האָט געזאָגט: גַבריאֵל, גיב דעמדאָזיקן
צו פאַרשטיין די זעאונג. [17]איז ער צוגעקומען לעבן ווו

איך בין געשטאַנען, און ווי ער איז צוגעקומען, אַזוי בין איך
דערשראָקן געוואָרן, און בין געפאַלן אויף מיין פנים; האָט
ער צו מיר געזאָגט: פאַרשטיי, דו מענטשנקינד, וואָרום
פאַר דער צייט פון קֵץ[א] איז די זעאונג. 18און ווי ער האָט
צו מיר גערעדט, בין איך אַנטשלאָפן געוואָרן אויף מיין
פנים צו דער ערד; האָט ער מיך אָנגערירט, און האָט מיך
ווידער אויפגעשטעלט וווּ איך בין געשטאַנען. 19און ער
האָט געזאָגט: זע, איך מאַך דיך וויסן וואָס וועט געשען אין
סוף פון דעם צאָרן, וואָרום דאָס איז פאַר דער צייט פון
קֵץ[א]. 20דער ווידער וואָס דו האָסט געזען, מיט די צוויי
הערנער, דאָס זיינען די מלכים פון מָדַי און פָּרַס. 21און
דער האָריקער באָק איז דער מלך פון יָוָן; און דער
גרויסער האָרן וואָס צווישן זיינע אויגן, דאָס איז דער
ערשטער מלך. 22און דער צעבראָכענער וואָס אויף זיין
אָרט זיינען אויפגעשטאַנען פיר [באַטייט]: פיר מלוכות
וועלן אויפשטיין פון דעם פאָלק, אָבער אָן זיין מאַכט.
23און אין סוף פון זייער מלוכה, אַז די פאַרברעכער וועלן
האָבן אויסגעפירט, וועט אויפשטיין אַ מלך מיט אַ פאַרשייטן
פנים, וואָס פאַרשטייט זיך אויף ליסטיקייטן. 24און זיין
מאַכט וועט זיין גרויס, אָבער ניט מיט זיין אייגענעם כּוח;
און ער וועט וווּנדערלאַך צעשטערן, און וועט באַגליקן
און אויפטאָן; און ער וועט אומברענגען די מאַכטיקע, און
דאָס פאָלק פון הייליקע. 25און דורך זיין שׂכל וועט ער
באַגליקן אין דעם באַטרוג פון זיין האַנט; און ער וועט זיך
גרייסן אין זיין האַרצן, און אין מיטן פון שלום וועט ער
אומברענגען פיל, און אַקעגן דעם האַר פון די האַרן וועט
ער זיך שטעלן; אָבער אָן עמיצנס האַנט וועט ער צעבראָכן

א דער סוף, די גאולה־צייט.

ווערן. 26און די זעאונג פון די אָוונטן און פרימאָרגנס וואָס
איז אָנגעזאָגט געוואָרן איז אמת; אָבער דו באַהאַלט די
זעאונג, וואָרום דאָס איז אויף פיל טעג אַרום.
27און איך, דניאל, בין פיל טעג געווען צעבראָכן
און קראַנק; דערנאָך בין איך אויפגעשטאַנען, און האָב
געטאָן די אַרבעט פאַרן מלך; און איך בין געווען אַ
צעגרוילטער פון דער זעאונג, אָבער קיינער האָט ניט
געמערקט.

ט 1אין ערשטן יאָר פון דָרְיָוֶשׁ דעם זון פון אַחַשְׁוֵרוֹשׁ פון
דעם אָפּשטאַם פון מָדַי, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פאַר אַ
מלך איבער דעם קיניגרייך פון די כַּשְׂדִים, 2אין ערשטן יאָר
פון זיין מלוכה, האָב איך, דניאל, נאָכגעקוקט אין די ספרים
די צאָל פון די יאָרן וואָס דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען
צו יִרְמְיָה הַנָבִיא, צו דערפילן אויף די חורבות פון ירוּשָׁלַיִם
—זיבעציק יאָר. 3און איך האָב געקערט מיין פנים צו גאָט
דעם האַר, צו בעטן אַ תּפילה און אַ בקשה מיט פאַסטן,
און זאַק און אַש. 4און איך האָב מתפלל געווען צו יהוה
מיין גאָט, און האָב מיך מתוודה געווען, און האָב געזאָגט:
איך בעט דיך גאָט, דו גרויסער און פאָרכטיקער גאָט,
וואָס היט דעם בונד און די גענאָד צו די וואָס האָבן אים
ליב, און צו די וואָס היטן זיינע געבאָט, 5מיר האָבן געזינדיקט,
און פאַרבראָכן, און שלעכטס געטאָן, און ווידערשפּעניקט,
און זיך אָפּגעקערט פון דיינע געבאָט און דיינע געזעצן;
6און מיר האָבן ניט צוגעהערט צו דיינע קנעכט די נביאים,
וואָס האָבן גערעדט אין דיין נאָמען צו אונדזערע מלכים,
אונדזערע האַרן, און אונדזערע עלטערן, און צו דעם גאַנצן
פאָלק פון לאַנד. 7צו דיר, גאָט, איז די גערעכטיקייט,

און צו אונדז איז היינטיקן טאָג די שאַנד פון פּנים—צו די
מענער פון יהודה, און צו די באַוווינער פון ירושָלַיִם, און
צו גאַנץ ישׂראל, די נאָנטע און די ווייטע, אין אַלע לענדער
וואָס דו האָסט זיי פאַרשטויסן אַהין, פון וועגן דער פעלשונג
וואָס זיי האָבן געפעלשט אָן דיר. 8 גאָט, צו אונדז איז די
שאַנד פון פּנים, צו אונדזערע מלכים, צו אונדזערע האַרן,
און צו אונדזערע עלטערן, ווייל מיר האָבן געזינדיקט צו
דיר. 9 ביי גאָט אונדזער האַר איז די דערבאַרימונג און די
פאַרגעבונג; וואָרום מיר האָבן ווידערשפּעניקט אָן אים,
10 און מיר האָבן ניט צוגעהערט צו דעם קָול פון יהוה אונדזער
גאָט, צו גיין אין זיינע לערנונגען, וואָס ער האָט אַוועקגעלייגט
פאַר אונדז דורך דער האַנט פון זיינע קנעכט די נביאים.
11 און גאַנץ ישׂראל האָבן איבערגעטרעטן דיין תּורה, און
זיך אָפּגעקערט, ניט צוצוהערן צו דיין קָול, און אויף אונדז
איז אויסגעגאָסן געוואָרן די קללה און די שבועה וואָס שטייט
געשריבן אין דער תּורה פון משה דעם קנעכט פון גאָט,
ווייל מיר האָבן געזינדיקט צו אים. 12 און ער האָט מקיים
געווען זיין וואָרט, וואָס ער האָט גערעדט וועגן אונדז, און
וועגן אונדזערע שופטים וואָס האָבן אונדז געמשפּט, צו
ברענגען אויף אונדז אַ גרויס בייז, וואָס איז ניט געשען
אונטערן גאַנצן הימל אַזוי ווי עס איז געשען צו ירושָלַיִם.
13 אַזוי ווי עס שטייט געשריבן אין דער תּורה פון משהן, איז
דאָסדאָזיקע גאַנצע בייז געקומען אויף אונדז; אָבער מיר
האָבן ניט געבעטן פאַר יהוה אונדזער גאָט, כּדי זיך אומצו-
קערן פון אונדזערע זינד, און זיך צו קליגן אין דיין אמת.
14 און גאָט האָט אויפגעפּאַסט אויף דעם בייז, און האָט עס
געבראַכט אויף אונדז, וואָרום יהוה אונדזער גאָט איז
גערעכט אין אַלע זיינע טואונגען וואָס ער האָט געטאָן,

און מיר האָבן ניט צוגעהערט צו זיין קול. [15]און אַצונד,
יהוה אונדזער גאָט, דו וואָס האָסט אַרויסגעצויגן דיין פאָלק
פון לאַנד מִצרַיִם מיט אַ שטאַרקער האַנט, און דיר געמאַכט
אַ נאָמען אַזוי ווי אויף היינטיקן טאָג—מיר האָבן געזינדיקט,
מיר האָבן שלעכטס געטאָן. [16]גאָט, לויט אַלע דיינע
גערעכטיקייטן, זאָל, איך בעט דיך, זיך אָפּקערן דיין כּעס
און דיין גרימצאָרן פון דיין שטאָט ירושָלַיִם, דיין הייליקן
באַרג, וואָרום פון וועגן אונדזערע זינד, און פון וועגן די
פאַרבּרעכן פון אונדזערע עלטערן, איז ירושָלַיִם און דיין
פאָלק צו שאַנד ביי אַלע אונדזערע אַרומיקע. [17]און
אַצונד, אונדזער גאָט, הער צו די תּפילה פון דיין קנעכט,
און זיין בקשה, און דערלייכט דיין פּנים אויף דיין פאַר־
וויסטן הייליקטום פון גאָטס וועגן. [18]נייג, מיין גאָט, דיין
אויער, און הער, עפן דיינע אויגן, און זע אונדזערע
פאַרוויסטונגען, און די שטאָט וואָס דיין נאָמען ווערט אויף
איר גערופן, וואָרום ניט פון וועגן אונדזערע גערעכטיקייטן
מאַכן מיר פאַלן פאַר דיר אונדזער בקשה, נייערט פון
וועגן דיין גרויס דערבאַרימונג. [19]גאָט, הער, גאָט, פאַרגיב,
גאָט, פאַרנעם און טו, זאָלסט ניט זאַמען; פון דיינעטוועגן,
מיין גאָט, וואָרום דיין נאָמען ווערט גערופן אויף דיין שטאָט
און אויף דיין פאָלק.

[20]און ווי איך רעד נאָך, און בין מתפלל, און בין זיך
מתוודה אויף מיינע זינד, און די זינד פון מיין פאָלק ישׂראל,
און מאַך פאַלן מיין בקשה פאַר יהוה מיין גאָט, פון וועגן
דעם הייליקן באַרג פון מיין גאָט—[21]ווי איך רעד נאָך אין
געבעט, אַזוי איז דער מאַן גַבריאל, וואָס איך האָב געזען
אין דער זעאונג אין אָנהייב, געקומען פליעדיק צו פליען,
און האָט מיך אָנגערירט, אַרום דער צייט פון אָוונט־קרבן.

22און ער האָט געגעבן צו פאַרשטיין, און האָט מיט מיר
גערעדט, און האָט געזאָגט: דניאל, איך בין אַצונד אַרויס־
געקומען דיך צו קליגן אין פאַרשטאַנדיקייט. 23ביים
אָנהייב פון דיין בקשה איז אַרויס אַ וואָרט, און איך בין
געקומען עס צו זאָגן, וואָרום דו ביסט באַליבט; דרום
באַטראַכט דאָס וואָרט, און פאַרשטיי די זעאונג. 24זיבעציק
[יאָר־] וואָכן זיינען נגזר געוואָרן אויף דיין פאָלק און
אויף דיין הייליקער שטאָט, כּדי צו פאַרלענדן דעם
פאַרברעך, און פאַרטיליקן דעם חטא, און מכפּר זיין אויף
דער זינד, און ברענגען אייביקע גערעכטיקייט, און באַ־
זיגלען די זעאונג און די נביאות, און זאַלבן דעם קָדשי־
קָדשים. 25און זאָלסט וויסן און פאַרשטיין, אַז פון דעם
אַרויסגאַנג פון דעם וואָרט, ווידער אויפצובויען ירושָלַיִם,
ביז דעם געזאַלבטן פירשט, זיינען זיבן וואָכן, און צוויי
און זעכציק וואָכן וועט זי ווידער זיין אויפגעבויט, מיט
מערק און גראָבנס, אָבער אין געדריקטע צייטן. 26און
נאָך די צוויי און זעכציק וואָכן, וועט פאַרשניטן ווערן אַ
געזאַלבטער, און פון אים וועט ניט בלייבן; און די שטאָט
און דאָס הייליקטום וועט צעשטערן דאָס פאָלק פון אַ
פירשט וואָס וועט קומען; און זיין סָוף וועט זיין מיט פלייצונג;
און ביז צום סָוף פון דער מלחמה זיינען נגזר געוואָרן
פאַרוויסטונגען. 27און ער וועט מאַכן אַ שטאַרקן בונד
מיט פיל פאַר איין וואָך; און אַ האַלבע וואָך וועט ער
פאַרשטערן שלאַכטאָפּפער און שפּייזאָפּפער; און אויף
דעם פליגל פון אומווערדיקייטן וועט קומען דער פאַר־
וויסטער, אַזש ביז אַ פאַרלענדונג און אַ גזר וועט אויסגעגאָסן
ווערן אויף דעם פאַרוויסטער.

י 1 אין דריטן יאָר פון כּוֹרֶשׁ דעם מלך פון פָּרַס איז
אַנטפּלעקט געוואָרן אַ וואָרט צו דניאלן, וואָס זיין נאָמען
איז גערופן געוואָרן בֵּלטשאַצַר; און דאָס וואָרט איז געווען
אמת, און וועגן אַ לאַנגער צייט; און ער האָט באַטראַכט
דאָס וואָרט, און האָט פאַרשטאַנען די זעאונג.
2 אין יענע טעג האָב איך, דניאל, געטרויערט דריי
וואָכן צייט. 3 גלוסטיקע שפּייז האָב איך ניט געגעסן, און
פלייש און וויין איז ניט געקומען אין מיין מויל, און זאַלבן
האָב איך זיך ניט געזאַלבט, ביז עס זיינען פול געוואָרן דריי
וואָכן צייט. 4 און אין פיר און צוואַנציקסטן טאָג פון ערשטן
חודש, ווען איך בין געווען ביים ברעג פון גרויסן טייך, דאָס
איז חִדֶקל, 5 האָב איך אויפגעהויבן מיינע אויגן, און האָב
געזען, ערשט אַ מאַן אָנגעקליידט אין ליינען, און זיינע
לענדן אַרומגעגורט מיט גאָלד פון אוּפָז, 6 און זיין לייב
אַזוי ווי גאָלדשטיין, און זיין פּנים אַזוי ווי דאָס אויסזען פון
בליץ, און זיינע אויגן אַזוי ווי פלאַמען פייער, און זיינע
אָרעמס און זיינע פיס אַזוי ווי דער אָנבליק פון בלאַנקן
קופּער, און דער קָול פון זיינע ווערטער אַזוי ווי דער קָול
פון אַ מחנה. 7 און איך, דניאל, אַליין האָב געזען די זעאונג,
אָבער די מענטשן וואָס מיט מיר האָבן ניט געזען די זעאונג,
נאָר אַ גרויסע ציטערניש איז אויף זיי געפאַלן, און זיי זיינען
אַנטלאָפן זיך צו באַהאַלטן. 8 בין איך געבליבן אַליין,
און איך האָב געזען דידאָזיקע גרויסע זעאונג, און אין מיר
איז ניט געבליבן קיין כּוח, וואָרום מיין פּאַרב האָט זיך אויף
מיר שרעקלאַך געביטן, און איך האָב מער ניט געהאַט
קיין כּוח. 9 און איך האָב געהערט דעם קָול פון זיינע
ווערטער; און ווי איך האָב געהערט דעם קָול פון זיינע
ווערטער, אַזוי בין איך אַנטשלאָפן געוואָרן אויף מיין פּנים,

מיט מיין פנים צו דער ערד. 10 ערשט אַ האַנט האָט מיך
אָנגערירט, און האָט מיך געטרייסלט פאַר מיינע קני און
מיינע האַנטפלעכן. 11 און ער האָט צו מיר געזאָגט: דניאל,
דו באַליבטער מאַן, פאַרשטיי די ווערטער וואָס איך רעד
צו דיר, און שטיי אויף אַוווּ דו ביסט געשטאַנען, וואָרום
איך בין אַצונד געשיקט געוואָרן צו דיר. און ווי ער האָט מיט
מיר גערעדט דאָסדאָזיקע וואָרט, בין איך אויפגעשטאַנען
ציטערנדיקערהייט. 12 און ער האָט צו מיר געזאָגט: זאָלסט
ניט מורא האָבן, דניאל, וואָרום פון דעם ערשטן טאָג אָן
וואָס דו האָסט אָפגעגעבן דיין האַרץ צו פאַרשטיין, און זיך
צו פייניקן פאַר דיין גאָט, זיינען דיינע ווערטער געהערט
געוואָרן, און איך בין געקומען פון וועגן דיינע ווערטער.
13 אָבער דער שׂר פון מַלכות פָּרַס האָט זיך געשטעלט
אַקעגן מיר איין און צוואַנציק טעג, אָבער זע, מיכָאֵל,
איינער פון די ערשטע שׂרים, איז מיר געקומען צו הילף.
אַזוי בין איך דאָרטן פאַרבליבן ביי די מלכים פון פָּרַס.
14 און איך בין געקומען דיר געבן צו פאַרשטיין וואָס וועט
געשען צו דיין פאָלק אין סוף פון די טעג; וואָרום דאָס איז
נאָך אַ זעאונג אויף אַ צייט.

15 און ווי ער האָט גערעדט צו מיר אַזוי ווי דידאָזיקע
ווערטער, אַזוי האָב איך געקערט מיין פנים צו דער ערד,
און בין אַנשטומט געוואָרן. 16 ערשט אַזוי ווי אַ געשטאַלט
פון מענטשנקינדער האָט מיך אָנגערירט אויף די ליפן, און
איך האָב געעפנט מיין מויל, און איך האָב גערעדט און
געזאָגט צו דעם וואָס איז געשטאַנען אַקעגן מיר: מיין האַר,
פון דער זעאונג זיינען ווייען געקומען אויף מיר, און איך
האָב מער ניט קיין כּוח. 17 און ווי קען דערדאָזיקער קנעכט
פון מיין האַר רעדן מיט דעמדאָזיקן האַר מיינעם, אַז אין

מיר האָט זיך אַצונד ניט אָפּגעשטעלט קיין כּוח, און קיין
אָטעם איז אין מיר ניט געבליבן? [18]האָט מיך ווידער
אָנגערירט אַזוי ווי דאָס אויסזען פון אַ מענטשן, און ער האָט
מיך געשטאַרקט. [19]און ער האָט געזאָגט: זאָלסט ניט מורא
האָבן, באַליבטער מאַן! פריד צו דיר! זיי שטאַרק און זיי
שטאַרק! און ווי ער האָט צו מיר גערעדט, אַזוי בין איך
געשטאַרקט געוואָרן, און איך האָב געזאָגט: זאָל מיין האַר
רעדן, וואָרום האָסט מיך געשטאַרקט. [20]האָט ער געזאָגט:
ווייסטו וועגן וואָס איך בין געקומען צו דיר? און אַצונד וועל
איך זיך אומקערן מלחמה צו האַלטן מיט דעם שׂר פון פָּרַס;
און ווי איך גיי אַרויס, אָט וועט אָנקומען דער שׂר פון יָוָן.
[21]אָבער איך וועל דיר זאָגן וואָס איז פאַרצייכנט אין דעם
געשריפץ פון אמת. און קיינער האַלט ניט מיט מיר אַקעגן
דידאָזיקע, נאָר בלויז אַייער שׂר מיכָאֵל. **יא** [1]אָבער
איך בין, אין ערשטן יאָר פון דָרְיָוֶש פון מָדַי, אויפגעשטאַנען
פאַר אַן אָנהאַלט און פאַר אַ שטאַרקייט צו אים.

[2]און אַצונד וועל איך דיר אָנזאָגן דעם אמת. זע, נאָך
דריי מלכים וועלן אויפשטיין פון פָּרַס, און דער פירטער
וועט פאַרמאָגן גרויס עשירות מער פון אַלע; און ווייל ער
וועט שטאַרק זיין דורך זיין עשירות, וועט ער דערוועקן
אַלעמען אַקעגן מַלכות יָוָן. [3]און אַ מלך אַ גיבור וועט
אויפשטיין, און וועט געוועלטיקן אַ גרויס געוועלטיקייט,
און וועט טאָן לויט זיין ווילן. [4]און אַז ער וועט אויפשטיין,
וועט זיין מלוכה צעבראָכן ווערן, און וועט צעטיילט ווערן
צו אַלע ווינטן פון הימל, אָבער ניט צו זיינע נאָכקומער,
און ניט אַזוי ווי זיין געוועלטיקייט וואָס ער האָט געוועלטיקט;
וואָרום זיין מלוכה וועט אויסגעוואָרצלט ווערן, און פאַר
אַנדערע, ניט פאַר דידאָזיקע.

[5]און דער מלך פון דָרום וועט ווערן שטאַרק, אָבער
איינער פון זיינע האַרן וועט זיך שטאַרקן איבער אים, און
וועט געוועלטיקן; אַ גרויס געוועלטיקייט וועט זיין זיין
געוועלטיקייט.
[6]און אין סוף פון די יאָרן וועלן זיי זיך באַהעפטן; און
די טאָכטער פון דעם מלך פון דָרום וועט קומען צו דעם
מלך פון צפון, כדי צו מאַכן אַן אויסגלייך, אָבער [איר]
אָרעם וועט ניט אָנהאַלטן די מאַכט; אויך ער און זיין אָרעם
וועט ניט באַשטיין; און זי, און די וואָס האָבן זי געבראַכט,
און דער וואָס האָט זי געבאָרן, און דער וואָס האָט געהאַלטן
מיט איר, וועלן איבערגעגעבן ווערן, אין יענע צייטן.
[7]אָבער איינער פון די ריטלאַך פון אירע וואָרצלען
וועט אויפשטיין אויף זיין אָרט, און ער וועט קומען אויפן
חיל, און וועט אַריינגיין אין דער פעסטונג פון דעם מלך
פון צפון, און ער וועט אויספירן קעגן זיי, און וועט בייקומען.
[8]און אויך זייערע געטער, מיט זייערע געגאָסענע געצן,
מיט זייערע גלוסטיקע כלים פון זילבער און גאָלד, וועט
ער ברענגען אין געפאַנגענשאַפט קיין מִצרַיִם; און ער וועט
יאָרן לאַנג אַוועקשטיין פון דעם מלך פון צפון. [9]און ער
וועט קומען אין דעם קיניגרייך פון דעם מלך פון דָרום,
אָבער ער וועט זיך אומקערן אין זיין לאַנד.
[10]און זיינע זין וועלן זיך אויפרירן, און זיי וועלן איינ־
זאַמלען אַ סך גרויסע חַיָלות, און ער וועט קומען און וועט
פלייצנדיק דורכגיין; דערנאָך וועט ער ווידערקערן, און
מלחמה האַלטן ביז צו זיין פעסטונג. [11]און דער מלך פון
דָרום וועט ווערן דערביטערט, און ער וועט אַרויסגיין, און
וועט מלחמה האַלטן מיט אים, מיט דעם מלך פון צפון; און
יענער וועט אויפשטעלן אַ גרויסע מחנה, אָבער די מחנה

וועט איבערגעגעבן ווערן אין זיין האַנט. [12]און ווי ער וועט
אַוועקנעמען די מחנה, אַזוי וועט זיך דערהייבן זיין האַרץ,
און ער וועט מאַכן פאַלן צענדליקער טויזנט, אָבער ער
וועט ניט גובר זיין.
[13]און דער מלך פון צפון וועט ווידער אויפשטעלן אַ
מחנה גרעסער פון דער ערשטער; און אין סוף פון אַ
צייט יאָרן וועט ער קומען מיט אַ גרויסן חיל, און מיט
פיל פאַרמעג. [14]און אין יענע צייטן וועלן פיל זיך
שטעלן אַקעגן דעם מלך פון דרום, און די פאַרשייטע
יונגען פון דיין פאָלק וועלן זיך דערהייבן אויפצושטעלן די
זעאונג, אָבער זיי וועלן געשטרויכלט ווערן. [15]און דער
מלך פון צפון וועט קומען, און וועט אָנשיטן אַן ערדוואַל,
און וועט באַצווינגען די שטאָט פון פעסטונגען; און די אָרעמס
פון דרום וועלן ניט קענען באַשטיין, און זיין געקליבענע
מאַנשאַפט וועט ניט האָבן קיין כּוח צו באַשטיין. [16]און דער
וואָס וועט קומען אויף אים, וועט טאָן לויט זיין ווילן, און
קיינער וועט ניט באַשטיין פאַר אים; און ער וועט שטיין
אין דעם שיינעם לאַנד מיט פאַרלענדונג אין זיין האַנט.
[17]און ער וועט קערן זיין פּנים צו קומען אין מאַכט איבער
זיין גאַנצן קיניגרייך, און וועט מאַכן מיט אים אַן אויסגלייכעניש,
און וועט אים געבן אַ יונגפרוי, כּדי עס צו צעשטערן; אָבער
דאָס וועט ניט באַשטיין, און עס וועט ניט ווערן זיינס. [18]און
ער וועט קערן זיין פּנים צו די אינזלען, און ער וועט
באַצווינגען פיל, אָבער אַ פירשט וועט מאַכן אויפהערן
זיין לעסטערונג; ניין, ער וועט נאָך אומקערן זיין לעסטערונג
אויף אים אַליין. [19]און ער וועט קערן זיין פּנים צו די
פעסטונגען פון זיין אייגענעם לאַנד, אָבער ער וועט
געשטרויכלט ווערן און פאַלן, און וועט זיך מער ניט געפינען.

[20]און אויף זיין אָרט וועט אויפשטיין איינער וואָס וועט
מאַכן דורכגיין אַ דריקער דורך דער פּראַכט פון דעם
קיניגרייך; אָבער אין אַ קורצער צייט וועט ער צעבראָכן
ווערן, און ניט אין צאָרן, און ניט אין מלחמה.
[21]און אויף זיין אָרט וועט אויפשטיין אַ נִבזה, וואָס מע
האָט ניט אַרויפגעטאָן אויף אים דעם גלאַנץ פון מלוכה;
און ער וועט קומען אין מיטן פון שלום, און וועט קריגן די
מלוכה מיט גלאַטע רייד. [22]און די אָרעמס פון דער פלייצונג
וועלן אַוועקגעפלייצט ווערן פון פאַר אים, און זיי וועלן
צעבראָכן ווערן, און אויך דער פירשט פון בונד. [23]און
נאָך דעם ווי מע וועט זיך פאַרבינדן מיט אים, וועט ער
באַגיין אַ באַטרוג; און ער וועט שטייגן און ווערן שטאַרק
מיט ווייניק פאָלק. [24]אין מיטן פון שלום און אין די פעטסטע
ערטער פון דער מדינה וועט ער קומען, און ער וועט טאָן
וואָס זיינע עלטערן און זיינע עלטערנס עלטערן האָבן
ניט געטאָן; רויב און פאַנג און פאַרמעג וועט ער פאַנאַנדער־
שענקען צו זיי; און אַקעגן פעסטונגען וועט ער אויסקלערן
זיינע תחבולות, אָבער נאָר ביז אַ צייט.
[25]און ער וועט דערוועקן זיין קראַפט און זיין מוט אַקעגן
דעם מלך פון דָרום מיט אַ גרויסן חיל; און דער מלך פון
דָרום וועט זיך אַרויסרירן אין מלחמה מיט זייער אַ גרויסן
און שטאַרקן חיל; אָבער ער וועט ניט באַשטיין, וואָרום מע
וועט אויסקלערן אַקעגן אים תחבולות. [26]און די וואָס עסן
זיין שפּייז, וועלן אים צעברעכן, און זיין חיל וועט מען
אַוועקפלייצן, און פיל דערשלאָגענע וועלן פאַלן. [27]און
דאָס האַרץ פון ביידע מלכים וועט זיין צום בייזן, און ביי
איין טיש וועלן זיי רעדן ליגן, אָבער עס וועט ניט באַגליקן,
וואָרום אַ סוף איז נאָך פאַראַן צו דער באַשטימטער צייט.

[28]און ער וועט זיך אומקערן אין זיין לאַנד מיט אַ גרויס
פאַרמעג, און זיין האַרץ וועט זיין אַקעגן דעם הייליקן בונד;
און ער וועט אָפּטאָן, און זיך אומקערן אין זיין לאַנד.
[29]אין דער באַשטימטער צייט וועט ער ווידער קומען
קיין דָרום, אָבער דאָס לעצטע מאָל וועט ניט זיין אַזוי ווי
דאָס ערשטע. [30]וואָרום שיפן פון כּתּים וועלן קומען אויף
אים, און ער וועט אײַנגעשראָקן ווערן, און וועט זיך אומקערן,
און ער וועט צערענען אויף דעם הייליקן בונד, און וועט
אויספירן; און אַז ער וועט זיך אומקערן וועט ער אַכטן
אויף די וואָס פאַרלאָזן דעם הייליקן בונד.
[31]און אָרעמס פון אים וועלן אויפשטיין, און וועלן
פאַרשוועכן די הייליקע פעסטונג, און זיי וועלן אָפּטאָן דעם
שטענדיקן קרבן, און וועלן אַרײַנשטעלן די אומווערדיקייט
וואָס צעגרוילט. [32]און די וואָס פאַרברעכן קעגן בונד,
וועט ער מאַכן זינדיק דורך גלאַטע רייד; אָבער דאָס פאָלק
וואָס קען זיין גאָט, וועט זיך האַלטן פעסט, און וועט אויס־
פירן. [33]און די פאַרשטאַנדיקע פון פאָלק וועלן מאַכן
פיל צו פאַרשטיין; אָבער זיי וועלן פאַלן דורכן שווערד,
און דורך פלאַם, און דורך געפאַנגענשאַפט, און דורך רויב,
פיל טעג. [34]און אַז זיי וועלן פאַלן, וועלן זיי געהאָלפן
ווערן אַ קליין הילף; און פיל וועלן זיך באַהעפטן צו זיי
מיט גלאַטע רייד. [35]און פון די פאַרשטאַנדיקע וועלן
פאַלן, כּדי צו לײַטערן צווישן זיי, און צו קלערן, און צו
רייניקן, ביז דער צייט פון קץ; וואָרום עס וועט נאָך דויערן
ביז דער באַשטימטער צייט.
[36]און דער מלך וועט טאָן לויט זיין ווילן, און ער וועט
זיך דערהייבן און זיך גרייסן איבער איטלאַכן גאָט, און
אַקעגן דעם גאָט פון די געטער וועט ער רעדן פאַרשײַט;

און ער וועט באַגליקן, ביז דער צאָרן וועט זיך ענדיקן;
וואָרום וואָס איז נגזר געוואָרן, מוז געשען. 37ער וועט אויך
ניט אַכטן אויף די געטער פון זיינע עלטערן, און אויף דער
גלוסטיקייט פון פרויען, און אויף קיין גאָט וועט ער ניט
אַכטן, נאָר איבער אַלעמען וועט ער זיך גרייסן. 38נאָר
דעם גאָט פון פעסטונגען וועט ער טאָן כּבוד אויף זיין אָרט;
יאָ, אַ גאָט וואָס זיינע עלטערן האָבן ניט געקענט, וועט ער
טאָן כּבוד מיט גאָלד און מיט זילבער, און מיט טייער
געשטיין, און מיט גלוסטיקע זאַכן. 39און ער וועט אַרבעטן
אויף שטאַרקע פעסטונגען מיט אַ פרעמדן גאָט, צו די וואָס
ער וועט אָנדערקענען וועט ער מערן כּבוד; און ער וועט
זיי מאַכן געוועלטיקן איבער פילן, און ערד וועט ער [זיי]
צעטיילן צום לוין.

40און אין דער צייט פון קֵץ, וועט זיך צונויפשטויסן
מיט אים דער מלך פון דָרום, און דער מלך פון צפון וועט
שטורעמען אויף אים מיט רייטוועגן, און מיט רייטער, און
מיט פיל שיפן; און ער וועט קומען אין די לענדער, און וועט
פלייצנדיק דורכגיין. 41און ער וועט קומען אין דעם
שיינעם לאַנד, און פיל [לענדער] וועלן פאַלן, נאָר די־
דאָזיקע וועלן ניצול ווערן פון זיין האַנט: אֱדוֹם, און מוֹאָב,
און דער הויפּטטייל פון די קינדער פון עַמוֹן. 42און ער
וועט אויסשטרעקן זיין האַנט אויף די לענדער, און דאָס
לאַנד מִצרַיִם וועט ניט אַנטרונען ווערן. 43און ער וועט
געוועלטיקן איבער די שאַצן פון גאָלד און זילבער, און
איבער אַלע גלוסטיקע זאַכן פון מִצרַיִם, און די לובים און
די כּושים וועלן זיין צו זיינע טריט. 44אָבער הערונגען פון
מזרח און פון צפון וועלן אים דערשרעקן; און ער וועט
אַרויסגיין מיט גרויס גרימצאָרן צו פאַרטיליקן און צו

פּאַרוויסטן פּיל. 45און ער וועט אויפשטעלן די געצעלטן
פון זיין פּאַלאַץ צווישן די ימען און דעם באַרג פון הייליקער
שיינקייט. און ער וועט קומען צו זיין סוֹף, און קיינער וועט
אים ניט העלפן.
יב 1און אין יענער צייט וועט אויפשטיין מִיכָאֵל, דער
גרויסער שׂר, וואָס שטייט פאַר די קינדער פון דיין
פאָלק, און עס וועט זיין אַ צייט פון נויט וואָס איז ניט געווען
פון זינט עס איז דאָ אַן אומה ביז יענער צייט. און אין יענער
צייט וועט דיין פאָלק ניצול ווערן, איטלאַכער וואָס איז
פאַרשריבן אין דעם בוך. 2און פיל פון די וואָס שלאָפן
אין דעם שטויב פון דער ערד, וועלן זיך אויפכאַפּן, טייל
צו אייביקן לעבן, און טייל צו שאַנדן, צו אייביקן עקל.
3און די פאַרשטאַנדיקע וועלן גלאַנצן אַזוי ווי דער גלאַנץ
פון הימל, און די וואָס האָבן געבראַכט פיל צו גערעכטיקייט,
אַזוי ווי די שטערן אויף אייביק און שטענדיק.
4און דו, דניאל, באַהאַלט די ווערטער, און פאַרחתמע
דאָס בוך ביז דער צייט פון קֵץ; פיל וועלן אַרומוואַנדערן
הין און הער, און די קענשאַפט וועט זיך מערן.
5און איך, דניאל, האָב געזען, ערשט צוויי אַנדערע
זיינען געשטאַנען, איינער ביים ברעג טייך פון דער זייט,
און איינער ביים ברעג טייך פון יענער זייט. 6און איינער
האָט געזאָגט צו דעם מאַן אָנגעקליידט אין ליינען, וואָס איז
געווען איבער די וואַסערן פון טייך: ווי לאַנג ביז דעם
וווּנדערלאַכן קֵץ? 7און איך האָב געהערט דעם מאַן
אָנגעקליידט אין ליינען, וואָס איבער די וואַסערן פון טייך,
ווי ער האָט אויפגעהויבן זיין רעכטע האַנט און זיין לינקע
צום הימל, און האָט געשוואָרן ביי דעם וואָס לעבט אייביק,
אַז דאָס איז ביז אַ צייט, צייטן, און אַ האַלב; און ווען מע

ענדיקט צעפּיצלען די מאַכט פֿון דעם הייליקן פֿאָלק, וועט
זיך ענדיקן דאָס אַלץ.
[8]און איך האָב געהערט, אָבער איך האָב ניט
פֿאַרשטאַנען; האָב איך געזאָגט: מײַן האַר, וואָס וועט זײַן
דער סוף דערפֿון? [9]האָט ער געזאָגט: גיי, דניאל, וואָרום
באַהאַלטן און פֿאַרחתמעט זײַנען די ווערטער ביז דער
צײַט פֿון קץ. [10]פֿיל וועלן געקלערט און גערייניקט און
געלײַטערט ווערן, אָבער די שלעכטע וועלן טאָן שלעכטס,
און אַלע שלעכטע וועלן ניט פֿאַרשטיין; אָבער די פֿאַר־
שטאַנדיקע וועלן פֿאַרשטיין. [11]און פֿון דער צײַט וואָס דער
שטענדיקער קרבן וועט אָפּגעטאָן ווערן, און מע וועט
אויפֿשטעלן די אומווערדיקייט וואָס צעגרוילט, וועט זײַן
טויזנט צוויי הונדערט און ניינציק טעג. [13]וווויל צו דעם
וואָס האַרט און וועט דערגרייכן ביז טויזנט דריי הונדערט
און פֿינף און דרײַסיק טעג. [13]און דו גיי, ביז צום קץ; און
וועסט קומען צו דײַן רו, און וועסט אויפֿשטיין צו דײַן גורל
אין סוף פֿון די טעג.

# עֶזרָא

| | | |
|---|---|---|
| דער אומקער פון בָבל קיין ארץ ישׂראל. | א | 1 |
| פאַרצייכעניש פון די וואָס האָבן זיך אומגעקערט. | ב | 1 |
| בויאונג פון מזבח. פייערונג פון סוכות און דער אָנהייב בויען פון צווייטן בית המקדש. | ג | 1 |
| די אַרומיקע פיינט שטערן דעם בוי פון בית המקדש. | ד | 1 |
| די בויאונג פון בית המקדש ווערט ווידער אויפגענומען און ווערט פאַרענדיקט. אַ קָרבן־פֶּסַח ווערט געמאַכט. | ה | 1 |
| עזרא קומט קיין ירושָלַיִם. | ז | 1 |
| פאַרצייכעניש פון די וואָס זיינען מיטגעקומען מיט אים. באַשרייבונג פון דער אומקערונג. | ח | 1 |
| עזרא צווינגט דאָס פאָלק אָפּצושאַפן די ווייבער וואָס זיי האָבן גענומען פון פרעמדע פעלקער. | ט | 1 |

# עֶזרָא

א 1און אין ערשטן יאָר פון כּוֹרֶש דעם מלך פון פָּרַס,
אַז עס איז אויסגעפירט געוואָרן דאָס וואָרט פון גאָט
דורך יִרמְיָהס מויל, האָט גאָט דערוועקט דעם גייסט פון
כּוֹרֶש דעם מלך פון פָּרַס, און ער האָט אַרויסגעלאָזט אַן
אויסרוף אין זיין גאַנצן קיניגרייך, און אויך דורך אַ געשריפט,
אַזוי צו זאָגן: 2אַזוי האָט געזאָגט כּוֹרֶש דער מלך פון פָּרַס:
אַלע קיניגרייכן פון דער ערד האָט מיר געגעבן יהוה דער
גאָט פון די הימלען; און ער האָט מיר באַפוילן אים צו בויען
אַ הויז אין ירושָלַיִם וואָס אין יהודה. 3ווער עס איז דאָ
צווישן אײַך פון זיין גאַנצן פאָלק, זאָל זיין גאָט זיין מיט
אים, און זאָל ער אַרויפגיין קיין ירושָלַיִם וואָס אין יהודה,
און בויען דאָס הויז פון יהוה דעם גאָט פון ישׂראל, דאָס
איז דער גאָט וואָס אין ירושָלַיִם. 4און איטלאַכער וואָס
איז געבליבן, פון איטלאַכן אָרט וואָס ער וווינט דאָרטן,
זאָלן די מענטשן פון זיין אָרט אים העלפן מיט זילבער און
מיט גאָלד, און מיט גוטס, און מיט בהמות, אין איינעם מיט
אַ נדבה פאַר גאָטס הויז וואָס אין ירושָלַיִם.
5זיינען אויפגעשטאַנען די הויפּטן פון די פאָטערהייזער
פון יהודה און בנימין, און די כֹּהנים און די לֵויִים, איטלאַכער
וואָס גאָט האָט דערוועקט זיין גייסט אַרויפצוגיין בויען
דאָס הויז פון גאָט וואָס אין ירושָלַיִם. 6און אַלע זייערע
אַרומיקע האָבן געשטאַרקט זייערע הענט מיט זילבערנע
כּלים, מיט גאָלד, מיט גוטס, און מיט בהמות, און מיט
טייערע זאַכן, אַחוץ אַלץ וואָס זיי האָבן מנדב געווען.
7און דער מלך כּוֹרֶש האָט אַרויסגענומען די כּלים פון

גאָטס הויז וואָס נבוכַדנֶצַר האָט אַרויסגעפירט פון ירושָלַיִם,
און זיי אַרייַנגעשטעלט אין הויז פון זיינע געטער; 8זיי האָט
אַרויסגענומען כּוֹרֶש דער מלך פון פָּרַס דורך דער האַנט
פון מִתרְדָת דעם שאַצמייַנסטער, און ער האָט זיי אויס־
געציילט צו שֵׁשבַּצַר דעם פירשט פון יהודה. 9און דאָס
איז געווען זייער צאָל: גילדערנע בעקנס דרייסיק, זילבערנע
בעקנס טויזנט, חַלָפִים ניין און צוואַנציק; 10גילדערנע
בעכערס דרייסיק, זילבערנע בעכערס פון צווייטן מין
פיר הונדערט און צען; אַנדערע כּלים טויזנט. 11אַלע
כּלים פון גאָלד און פון זילבער זיינען געווען פינף טויזנט
און פיר הונדערט. אַלע האָט שֵׁשבַּצַר אַרויפגעבראַכט,
ווען די פאַרטריבענע זיינען אַרויפגעבראַכט געוואָרן פון
בָּבֶל קיין ירושָלַיִם.

ב 1און דאָס זיינען די קינדער פון דער [אידישער] מדינה
וואָס זיינען אַרויפגעגאַנגען פון די גָלות־געפאַנגענע, וואָס
נבוכַדנֶצַר דער מלך פון בָּבֶל האָט פאַרטריבן קיין בָּבֶל,
און זיי האָבן זיך אומגעקערט קיין ירושָלַיִם און יהודה,
איטלאַכער צו זיין שטאָט; 2די וואָס זיינען געקומען מיט
זרובָבֶלן, יֵשוּעַן, נחֶמיָהן, שׂרָיָהן, רְעֵלָיָהן, מָרדכַין, בִּלשָנען,
מִספָּרן, בִּגוַין, רחומען, בַּעֲנָהן.
די צאָל פון די מענער פון פאָלק ישׂראל:
3די קינדער פון פַּרְעוֹש, צוויי טויזנט הונדערט און
צוויי און זיבעציק.
4די קינדער פון שפַטיָה, דריי הונדערט צוויי און
זיבעציק.
5די קינדער פון אָרַח, זיבן הונדערט פינף און זיבעציק.
6די קינדער פון פַּחַת־מוֹאָב, פון די קינדער פון יֵשוּעַ

און יואָב, צוויי טויזנט אַכט הונדערט און צוועלף.
7 די קינדער פֿון עֵילָם, טויזנט צוויי הונדערט פֿיר און
פֿופֿציק.
8 די קינדער פֿון זַתּוּא, ניין הונדערט און פֿינף און
פֿערציק.
9 די קינדער פֿון זַכַּי, זיבן הונדערט און זעכציק.
10 די קינדער פֿון בָּנִי, זעקס הונדערט צוויי און
פֿערציק.
11 די קינדער פֿון בֵּבָי, זעקס הונדערט דריי און
צוואַנציק.
12 די קינדער פֿון עַזגָד, טויזנט צוויי הונדערט צוויי און
צוואַנציק.
13 די קינדער פֿון אֲדוֹניקָם, זעקס הונדערט זעקס און
זעכציק.
14 די קינדער פֿון בִּגְוַי, צוויי טויזנט זעקס און פֿופֿציק.
15 די קינדער פֿון עָדִין, פֿיר הונדערט פֿיר און פֿופֿציק.
16 די קינדער פֿון אָטֵר, פֿון יְחִזקִיָהן, אַכט און ניינציק.
17 די קינדער פֿון בֵּצָי, דריי הונדערט דריי און צוואַנציק.
18 די קינדער פֿון יוֹרָה, הונדערט און צוועלף.
19 די קינדער פֿון חָשוּם, צוויי הונדערט דריי און
צוואַנציק.
20 די קינדער פֿון גִבָּר, פֿינף און ניינציק.
21 די קינדער פֿון בֵּית־לֶחֶם, הונדערט דריי און צוואַנציק.
22 די מענטשן פֿון נטוֹפָה, זעקס און פֿופֿציק.
23 די מענטשן פֿון עֲנָתוֹת, הונדערט אַכט און צוואַנציק.
24 די קינדער פֿון עַזמָוֶת, צוויי און פֿערציק.
25 די קינדער פֿון קִרְיַת־עָרִים, כּפִירָה, און בּאֵרוֹת, זיבן
הונדערט און דריי און פֿערציק.

26די קינדער פון רָמָה און גֶבַע, זעקס הונדערט איין און צוואַנציק.
27די מענטשן פון מִכמָס, הונדערט צוויי און צוואַנציק.
28די מענטשן פון בֵית־אֵל און עַי, צוויי הונדערט דריי און צוואַנציק.
29די קינדער פון נבוֹ, צוויי און פופציק.
30די קינדער פון מַגבִיש, הונדערט זעקס און פופציק.
31די קינדער פון דער אַנדער עֵילָם, טויזנט צוויי הונדערט פיר און פופציק.
32די קינדער פון חָרִם, דריי הונדערט און צוואַנציק.
33די קינדער פון לוֹד, חָדִיד, און אוֹנוֹ, זיבן הונדערט פינף און צוואַנציק.
34די קינדער פון יריחוֹ, דריי הונדערט פינף און פערציק.
35די קינדער פון סנָאָה, דריי טויזנט און זעקס הונדערט און דרייסיק.

36די כֹהנים:
די קינדער פון ידַעְיָה, פון דעם הויז פון יֵשוּעַ, ניין הונדערט דריי און זיבעציק.
37די קינדער פון אִמֵר, טויזנט צוויי און פופציק.
38די קינדער פון פַּשחור, טויזנט צוויי הונדערט זיבן און פערציק.
39די קינדער פון חָרִם, טויזנט און זיבעצן.

40די לוִיִים:
די קינדער פון יֵשוּעַ און קַדמיאֵל, פון די קינדער פון הוֹדַוְיָה, פיר און זיבעציק.

41 די זינגערס:
די קינדער פון אָסָף, הונדערט אַכט און צוואַנציק.

42 די קינדער פון די טויערלײַט:
די קינדער פון שַלום, די קינדער פון אָטֵר, די קינדער
פון טַלמון, די קינדער פון עַקוב, די קינדער פון חֲטיטאָ,
די קינדער פון שוֹבָי; אין גאַנצן הונדערט נײַן און דרײַסיק.

43 די נתינים:
די קינדער פון ציחאָ, די קינדער פון חשוּפאָ, די קינדער
פון טַבָּעוֹת; 44 די קינדער פון קֵרוֹס, די קינדער פון סיעַהאָ,
די קינדער פון פָּדוֹן; 45 די קינדער פון לְבָנָה, די קינדער
פון חֲגָבָה, די קינדער פון עַקוּב; 46 די קינדער פון חָגָב,
די קינדער פון שַלמַי, די קינדער פון חָנָן; 47 די קינדער
פון גִדֵל, די קינדער פון גַחַר, די קינדער פון רְאָיָה; 48 די
קינדער פון רצין, די קינדער פון נקוֹדאָ, די קינדער פון
גַזָם; 49 די קינדער פון עוזאָ, די קינדער פון פָּסֵח, די קינדער
פון בֵּסָי; 50 די קינדער פון אַסנָה, די קינדער פון מְעוּנים,
די קינדער פון נפוּסים; 51 די קינדער פון בַּקבוּק, די
קינדער פון חֲקוּפאָ, די קינדער פון חַרחוּר; 52 די קינדער
פון בַּצלוּת, די קינדער פון מחידאָ, די קינדער פון חַרשאָ;
53 די קינדער פון בַּרקוֹס, די קינדער פון סיסראָ, די קינדער
פון תָּמַח; 54 די קינדער פון נציח, די קינדער פון חֲטיפאָ.

55 די קינדער פון שלמהס קנעכט:
די קינדער פון סוֹטַי, די קינדער פון הַסוֹפֶרֶת, די
קינדער פון פּרודאָ; 56 די קינדער פון יַעֲלָה, די קינדער
פון דַרקוֹן, די קינדער פון גִדֵל; 57 די קינדער פון שפַטיָה,
די קינדער פון חַטיל, די קינדער פון פּוֹכֶרֶת־הַצבָיִם, די
קינדער פון אָמִי.

58אַלע נתינים און די קינדער פון שלמהס קנעכט: דריי הונדערט צוויי און נײַנציק.

59און דאָס זײַנען די וואָס זײַנען אַרויפגעגאַנגען פון תֵּל־מֶלַח, תֵּל־חַרשָׁא, כּרוּב, אַדָן, אִמֵר, און האָבן ניט געקענט זאָגן זייער פאָטערהויז און זייער אָפּשטאַם, אויב זיי זײַנען פון ישׂראל: 60די קינדער פון דלָיָה, די קינדער פון טוֹבִיָה, די קינדער פון נקוֹדאָ—זעקס הונדערט צוויי און פופציק. 61און פון די קינדער פון די כֹּהנים: די קינדער פון חֲבַיָה, די קינדער פון הַקוֹץ, די קינדער פון בַּרזִלַי וואָס האָט גענומען אַ ווײַב פון די טעכטער פון בַּרזִלַי פון גִלעָד, און איז גערופן געוואָרן אויף זייער נאָמען. 62די דאָזיקע האָבן געזוכט זייערע יחוס־בריוו, און זיי זײַנען ניט געפונען געוואָרן, און זיי זײַנען געהאַלטן געוואָרן פאַר אומווערדיק צו דער כּהונה. 63און דער תִּרשָׁתָא האָט זיי פאַרזאָגט, אַז זיי זאָלן ניט עסן פון דעם גאָר הייליקן, ביז עס וועט אויפשטיין אַ כֹּהן מיט אורים־ותומים.

64די גאַנצע עדה אין איינעם איז געווען צוויי און פערציק טויזנט דריי הונדערט און זעכציק; 65אַחוץ זייערע קנעכט און זייערע דינסטן; די דאָזיקע זײַנען געווען זיבן טויזנט דריי הונדערט זיבן און דרײַסיק. און זיי האָבן געהאַט זינגערס און זינגערנס צוויי הונדערט. 66זייערע פערד זײַנען געווען זיבן הונדערט זעקס און דרײַסיק; זייערע מוילאייזלען, צוויי הונדערט פינף און פערציק; 67זייערע קעמלען, פיר הונדערט פינף און דרײַסיק; אייזלען, זעקס טויזנט זיבן הונדערט און צוואַנציק.

[68]און טייל פון די הויפּטן פון די פּאָטערהייזער, אַז זיי
זיינען געקומען אין גאָטס הויז אין ירושָלַיִם, האָבן מנדב
געווען פאַר גאָטס הויז, כּדי אים אויפצושטעלן אויף זיין
אָרט. [69]זיי האָבן געגעבן לויט זייערע כּוחות פאַר דעם
שאַץ פון דער אַרבעט, גאָלד איין און זעכציק טויזנט
דַרכּמונים, און זילבער פינף טויזנט מָנֶה, און העמדלאַך
פאַר די כֹּהנים הונדערט.
[70]און די כֹּהנים און די לְוִיִם, און טייל פון דעם פאָלק,
און די זינגערס, און די טויערלייט, און די נתינים, האָבן
זיך באַזעצט אין זייערע שטעט, און גאַנץ ישׂראל אין זייערע
שטעט.

ג [1]און אַז דער זיבעטער חודש איז געקומען, און די קינ־
דער פון ישׂראל זיינען געווען אין די שטעט, האָט זיך
דאָס פאָלק אַיינגעזאַמלט ווי איין מאַן קיין ירושָלַיִם.
[2]און יֵשוּעַ דער זון פון יוֹצָדָקן, און זיינע ברידער די כֹּהנים,
און זרובָבֶל דער זון פון שְאַלְתִּיאֵלן, און זיינע ברידער,
זיינען אויפגעשטאַנען, און זיי האָבן אויפגעבויט דעם מזבח
פון גאָט פון ישׂראל, כּדי אויפצוברענגען אויף אים בראַנד־
אָפּפער, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן אין דער תּורה פון
משה דעם געטלאַכן מאַן. [3]און זיי האָבן אויפגעשטעלט
דעם מזבח אויף זיינע געשטעלן; וואָרום אויף זיי איז געווען
די אימה פאַר די פעלקער פון די לענדער. און זיי האָבן
אויפגעבראַכט אויף אים בראַנדאָפּפער צו גאָט, בראַנד־
אָפּפער אין דער פרי און אין אָוונט. [4]און זיי האָבן געמאַכט
דעם יָום־טוב פון סוכּות, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן, און
די טאָגטעגלאַכע בראַנדאָפּפער לויט דער צאָל, ווי דער
דין איז פאַר איטלאַכן טאָג; [5]און דערנאָך דאָס שטענדיקע

בראַנדאָפּפער, און [די קרבנות] פון ראש־חודש, און פון
אַלע געהייליקטע יום־טובים פון גאָט, און פון איטלעכן
וואָס האָט מנדב געווען אַ נדבה צו גאָט. 6פון ערשטן טאָג
אין זיבעטן חודש האָבן זיי אָנגעהויבן אויפברענגען בראַנד־
אָפּפער, הגם דער גרונטפעסט פון דעם טעמפל איז נאָך
ניט געווען געלייגט.
7און זיי האָבן געגעבן געלט צו די שטיינהעקער, און
צו די האָלצמיינסטער, און שפּייז און געטראַנק, און אייל,
צו די צידונים, און צו די צורים, אַז זיי זאָלן ברענגען צעדער־
האָלץ פון לבנון ביז דעם ים פון יפו, לויט דער דער־
לויבעניש פון כורש דעם מלך פון פרס צו זיי. 8און אין
צווייטן יאָר נאָך זייער קומען צום הויז פון גאָט קיין ירושלים,
אין צווייטן חודש, האָבן גענומען זרובבל דער זון פון
שאַלתיאֵלן, און ישוע דער זון פון יוצדקן, און זייערע
איבעריקע ברידער די כהנים און די לויִים, און אַלע וואָס
זיינען געקומען פון דער געפאַנגענשאַפט קיין ירושלים, און זיי
האָבן געשטעלט די לויִים פון צוואַנציק יאָר אַלט און העכער,
אָנצופירן די אַרבעט פון גאָטס הויז. 9און ישוע, זיינע
זין, און זיינע ברידער, און קדמיאֵל מיט זיינע זין, די קינדער
פון יהודה, זיינען געשטאַנען אין איינעם אויפצופּאַסן איבער
די בעל־מלאָכות אין הויז פון גאָט; [אויך] די קינדער פון
חנדד, זייערע זין, און זייערע ברידער, די לויִים.
10און אַז די בוימיינסטער האָבן געלייגט דעם גרונט־
פעסט פון גאָטס טעמפל, האָט מען געשטעלט די כהנים,
אָנגעקליידטע, מיט טרומייטן, און די לויִים, די קינדער פון
אָסף, מיט צימבלען, צו לויבן גאָט לויט דעם איינשטעל
פון דוד דעם מלך פון ישׂראל. 11און זיי האָבן געזונגען
לויב און דאַנק צו גאָט: „וואָרום ער איז גוט, וואָרום אייביק

איז זײַן חסד אויף ישׂראל.״ און דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט
געשאַלט אַ גרויסע שאַלונג אין לויב צו גאָט פֿאַרוואָס דער
גרונטפֿעסט פֿון גאָטס הויז איז געלייגט געוואָרן. [12]און פֿיל
פֿון די כּהנים און די לוִיִים און די הויפּטלײַט פֿון די
פֿאָטערהײַזער, די זקנים וואָס האָבן געזען דאָס ערשטע
הויז, האָבן געוויינט אויף אַ הויכן קול ווען מע האָט געלייגט
דעם גרונטפֿעסט פֿון דעמדאָזיקן הויז פֿאַר זײַערע אויגן;
און פֿיל האָבן געשאַלט פֿאַר שׂמחה אויף אַ הויכן קול.
[13]און דאָס פֿאָלק האָט ניט געקענט דערקענען צווישן דעם
קול פֿון שאַלונג פֿאַר שׂמחה, און דעם קול פֿון דעם פֿאָלקס
געוויין; וואָרום דאָס פֿאָלק האָט געשאַלט אַ גרויסע שאַלונג,
און דער קול האָט זיך געהערט ביז אין דער ווײַטן.

ד [1]און די פֿײַנט פֿון יהודה און בנימין האָבן געהערט אַז
די קינדער פֿון גָלות בויען אַ טעמפּל צו יהוה דעם גאָט
פֿון ישׂראל. [2]און זיי האָבן גענענט צו זרובָבלן, און צו די
הויפּטלײַט פֿון די פֿאָטערהײַזער, און האָבן צו זיי געזאָגט:
לאָמיר בויען מיט אײַך, וואָרום מיר זוכן אײַער גאָט אַזוי
ווי איר, און צו אים שלאַכטן מיר פֿון די טעג פֿון אֵסר־חַדון
דעם מלך פֿון אַשור, וואָס האָט אונדז אַרויפֿגעבראַכט
אַהער. [3]האָט צו זיי געזאָגט זרובָבל, און יֵשוּעַ, און די
איבעריקע הויפּטלײַט פֿון די פֿאָטערהײַזער פֿון ישׂראל:
איר קערט זיך מיט אונדז ניט אָן, צו בויען אַ הויז צו אונדזער
גאָט; נײַערט מיר אַליין װעלן בויען צו יהוה דעם גאָט פֿון
ישׂראל, אַזוי ווי כּורֶש דער מלך פֿון פָּרַס האָט אונדז
געהייסן.

[4]און דאָס פֿאָלק פֿון לאַנד האָט אָפּגעשלאַפֿט די הענט
פֿון דעם פֿאָלק פֿון יהודה, און זיי אָפּגעשראָקן פֿון בויען.

5און זיי האָבן אָנגעדונגען אויף זיי יועצים, צו פֿאַרשטערן
זייער כּוונה, אַלע טעג פֿון כּורש דעם מלך פֿון פּרס, און
ביז דער מלוכה פֿון דריוש דעם מלך פֿון פּרס. 6און אין
דער מלוכה פֿון אחשורוש, אין אָנהייב פֿון זײַן מלוכה,
האָבן זיי געשריבן אַן אָנקלאָג אויף די באַוווינער פֿון יהודה
און ירושלים.

7און אין די טעג פֿון אַרתּחששׂתּא, האָט בּשלם, מתרדת,
טבאַל, און זײַנע איבעריקע חברים, געשריבן צו אַרתּחששׂתּא
דעם מלך פֿון פּרס; און דאָס געשריפֿץ פֿון דעם בריוו איז
געווען אין אַראַמישן כּתב און אַראַמישן לשון. 8רחום דער
באַפֿעלגעבער און שמשי דער שרײַבער האָבן געשריבן אַ
בריוו אויף ירושלים צו אַרתּחששׂתּא דעם מלך אַזוי—
9דענסמאָל [האָט געשריבן] רחום דער באַפֿעלגעבער,
און שמשי דער שרײַבער, און זייערע איבעריקע חברים,
דינאָער, און אַפֿרסתכאָער, טרפּלאָער, אַפֿרסאָער,
אַרכּואָער, בּבלער, שושנכאָער, דהיאָער, עילמער,
10און די איבעריקע אומות וואָס דער גרויסער און גערימטער
אָסנפּר האָט אַריבערגעבראַכט, און זיי באַזעצט אין דער
שטאָט שומרון, און די איבעריקע פֿון יענער זײַט טײַך: און
אַצונד—11דאָס איז דער נוסח פֿון דעם בריוו וואָס זיי האָבן
געשיקט צו אים:—צו אַרתּחששׂתּא דעם מלך, דײַנע קנעכט
די מענטשן פֿון יענער זײַט טײַך: און אַצונד 12זאָל דעם
מלך באַוווּסט זײַן, אַז די אידן וואָס זײַנען אַרויפֿגעגאַנגען
פֿון דיר, זײַנען געקומען צו אונדז קיין ירושלים; זיי בויען די
ווידערשפּעניקע און בייזע שטאָט, און זיי פֿאַרענדיקן
מויערן, און גראָבן גרונטפֿעסטן. 13אַצונד זאָל דעם מלך
באַוווּסט זײַן, אַז אויב דידאָזיקע שטאָט וועט אויפֿגעבויט
ווערן, און די מויערן וועלן פֿאַרענדיקט ווערן, וועלן זיי קיין

אָפּצאָל, מֶכֶס, און וועגעלט ניט צאָלן, און דאָס וועט ברענגען
הֶזק דער קיניגלאַכער הכנסה. 14אַצונד, אַזוי ווי מיר עסן
דאָס זאַלץ פון דעם פּאַלאַץ, און עס איז ניט רעכט פאַר
אונדז צוצוזען דעם אומכּבוד פון מלך, דערפאַר שיקן מיר
און זיינען מודיע דעם מלך, 15כּדי מע זאָל נאָכזוכן אין
דעם סֶפֶר־הזכרונות פון דיינע עלטערן; און וועסט געפינען
אין דעם סֶפֶר־הזכרונות, און וויסן, אַז דידאָזיקע שטאָט איז
אַ ווידערשפעניקע שטאָט, און ברענגט הֶזק די מלכים און
די מדינות, און מע האָט געמאַכט בונטן אין איר פון אייביקע
טעג אָן; איבער דעם איז דידאָזיקע שטאָט חָרֵב געוואָרן.
16מיר זיינען מודיע דעם מלך, אַז אויב דידאָזיקע שטאָט
וועט אויפגעבויט ווערן, און די מויערן וועלן פאַרענדיקט
ווערן, וועסטו דורך דעם מער ניט האָבן קיין חלק אויף
יענער זייט טייך.

17האָט דער מלך געשיקט אַן ענטפער צו רחום דעם
באַפעלגעבער, און שִמְשַי דעם שרייבער, און זייערע
איבעריקע חברים וואָס זיינען געזעסן אין שומרון, און די
איבעריקע פון יענער זייט טייך: פריד! און אַצונד, 18דער
בריוו וואָס איר האָט אונדז געשיקט, איז באַשיידלאַך
געלייענט געוואָרן פאַר מיר. 19און פון מיר איז געגעבן
געוואָרן אַ באַפעל, און מע האָט נאָכגעזוכט און געפונען,
אַז דידאָזיקע שטאָט האָט פון אייביקע טעג זיך דערהויבן
אַקעגן מלכים, און אַז אין איר זיינען געמאַכט געוואָרן
ווידערשפעניקונגען און בונטן; 20און איבער ירושָלַיִם זיינען
געווען מאַכטיקע מלכים, און זיי האָבן געוועלטיקט איבער
גאַנץ יענער זייט טייך; און אָפּצאָל, מֶכֶס, און וועגעלט איז
זיי געצאָלט געוואָרן. 21אַצונד גיט אַ באַפעל צו ווערן
דידאָזיקע לייט, און דידאָזיקע שטאָט זאָל ניט געבויט ווערן

ביז פון מיר וועט געגעבן ווערן אַ באַפעל. [22]און זייט
אָפּגעהיט ניט צו מאַכן קיין טָעות וועגן דעם, כּדי דער הֶזק
זאָל ניט וואַקסן צום שאָדן פון די מלכים.
[23]דענסמאָל ווי דער אינהאַלט פון דעם מלך אַרתַּח־
שַׁשׂתָּאס בריוו איז פאָרגעלייענט געוואָרן פאַר רחומען,
און שִׁמשַׁי דעם שרייבער, און זייערע חברים, אַזוי זיינען
זיי אַוועק איליך קיין ירושָׁלַיִם צו די אידן, און האָבן זיי
געוועדט מיט מאַכט און געוואַלט. [24]דענסמאָל האָט אויפֿ־
געהערט די אַרבעט פון גאָטס הויז וואָס אין ירושָׁלַיִם, און
זי איז געווען אָפּגעשטעלט ביז דעם צווייטן יאָר פון דער
מלוכה פון דָריָוֶש דעם מלך פון פָּרַס.

ה [1]און די נביאים, חַגַי דער נביא, און זכַריָה דער זון פון
עִדוֹאן, האָבן נביאות געזאָגט צו די אידן וואָס אין יהודה
און אין ירושָׁלַיִם—אין נאָמען פון גאָט פון ישׂראל צו זיי.
[2]דענסמאָל זיינען אויפֿגעשטאַנען זרובָבֶל דער זון פון
שְׁאַלתִּיאֵלן, און יֵשוּעַ דער זון פון יוֹצָדָקן, און האָבן
אָנגעהויבן בויען דאָס הויז פון גאָט וואָס אין ירושָׁלַיִם, און
מיט זיי זיינען געווען די נביאים פון גאָט וואָס האָבן זיי
געהאָלפֿן. [3]אין דער אייגענער צייט איז צו זיי געקומען
תַּתנַי דער פירשט פון יענער זייט טייך, און שתַר־בּוֹזנַי, און
זייערע חברים, און זיי האָבן צו זיי אַזוי געזאָגט: ווער האָט
אַייך געגעבן אַ דערלויבעניש צו בויען דאָסדאָזיקע הויז,
און צו פֿאַרענדיקן דידאָזיקע מויער? [4]„דענסמאָל האָבן
מיר צו זיי אַזוי געזאָגט:—[האָבן זיי געשריבן]—וואָס זיינען
די נעמען פון די מענטשן וואָס בויען דעמדאָזיקן בִּניָן?"
[5]אָבער דאָס אויג פון זייער גאָט איז געווען אויף די עלטסטע
פון די אידן, און זיי האָבן זיי ניט געוועדט, ביז די זאַך וועט

קומען פאַר דָריָוֶשן, און מע וועט דענסמאָל ברענגען אַ
תּשובה וועגן דעם.
6 דער נוסח פון דעם בריוו וואָס תַּתְּנַי דער פירשט פון
יענער זייט טייך, און שתַר־בּוֹזנַי, און זיינע חברים, די
אַפַרסכאָער וואָס פון יענער זייט טייך, האָבן געשיקט צום
מלך דָריָוֶש; 7 זיי האָבן צו אים געשיקט אַ בריוו, און אַזוי
איז געווען געשריבן אין אים: צום מלך דָריָוֶש גאָרע פריד!
8 זאָל דעם מלך באַוווּסט זיין, אַז מיר זיינען געגאַנגען צו
דער מדינה יהודה, צום הויז פון גרויסן גאָט, און עס ווערט
געבויט פון שווערע שטיינער, און האָלץ ווערט אַריינגעטאָן
אין די ווענט, און דידאָזיקע אַרבעט ווערט געטאָן פלייסיק,
און זי באַגליקט אין זייער האַנט. 9 האָבן מיר דענסמאָל
געפרעגט דידאָזיקע עלטסטע; מיר האָבן צו זיי אַזוי
געזאָגט: ווער האָט אַייך געגעבן אַ דערלויבעניש צו בויען
דאָסדאָזיקע הויז, און צו פאַרענדיקן דידאָזיקע מויער?
10 און אויך זייערע נעמען האָבן מיר געפרעגט בײַ זיי, כּדי
דיך צו לאָזן וויסן, אַז מיר וועלן אויפשרייבן די נעמען פון
די מענטשן וואָס זיינען זייערע אָנפירער. 11 און אַזוי האָבן
זיי אונדז געגעבן אַן ענטפער, אַזוי צו זאָגן: מיר זיינען די
קנעכט פון דעם גאָט פון הימל און ערד, און מיר בויען
אָפּ דאָס הויז וואָס איז מיט פיל יאָרן פאַר דעם שוין געווען
געבויט; און אַ גרויסער מלך פון ישׂראל האָט עס געבויט
און פאַרענדיקט. 12 אָבער ווייל אונדזערע עלטערן האָבן
דערצערנט דעם גאָט פון הימל, האָט ער זיי געגעבן אין
דער האַנט פון נבוכַדנֶצַר דעם כַּשׂדי, דעם מלך פון בָבל;
און ער האָט צעשטערט דאָסדאָזיקע הויז, און האָט פאַר־
טריבן דאָס פאָלק קיין בָבל. 13 אָבער אין ערשטן יאָר פון
כּוֹרֶש דעם מלך פון בָבל, האָט דער מלך כּוֹרֶש געגעבן

אַ באַפעל צו בויען דאָסדאָזיקע הויז פון גאָט. 14 און אויך
די גילדערנע און זילבערנע כּלים פון גאָטס הויז וואָס
נבוּכַדנֶצַר האָט אַוועקגענומען פון דעם טעמפּל וואָס אין
ירושָלַיִם, און זיי אַוועקגעפירט אין דעם טעמפּל פון בָּבֶל,
זיי האָט דער מלך כּוֹרֶש אַרויסגענומען פון דעם טעמפּל
וואָס אין בָּבֶל, און זיי זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן צו
איינעם מיטן נאָמען שֵשבַּצַר, וואָס ער האָט אים געמאַכט
פּאַרן פירשט. 15 און ער האָט צו אים געזאָגט: נעם דידאָזיקע
כּלים; גיי לייג זיי אַוועק אין דעם טעמפּל וואָס אין ירושָלַיִם,
און זאָל דאָס הויז פון גאָט געבויט ווערן אויף זײַן
אָרט. 16 דענסמאָל איז דערדאָזיקער שֵשבַּצַר געקומען;
ער האָט געלייגט די גרונטפעסטן פון גאָטס הויז וואָס אין
ירושָלַיִם, און פון דענסמאָל אָן און ביז אַצונד ווערט
עס געבויט, און איז נאָך ניט פאַרטיק. 17 און אַצונד,
אויב דעם מלך איז וווילגעפעלן, זאָל נאָכגעזוכט ווערן
דאָרטן אין דער שאַצקאַמער פון דעם מלך וואָס אין
בָּבֶל, אויב דאָס איז אַזוי, אַז פון מלך כּוֹרֶש איז געגעבן
געוואָרן אַ באַפעל צו בויען דאָסדאָזיקע הויז פון גאָט אין
ירושָלַיִם; און זאָל ער אונדז שיקן דעם ווילן פון דעם מלך
וועגן דעם.

ו 1 דענסמאָל האָט דער מלך דָרְיָוֶש געגעבן אַ באַפעל,
און מע האָט נאָכגעזוכט אין דער ביכערקאַמער וואָס
מע לייגט דאָרטן אַוועק די שאַצן אין בָּבֶל. 2 און עס איז
געפונען געוואָרן אין אַחמְתָא, אין דער הויפּטשטאָט וואָס
אין דער מדינה מָדַי, אַ מגילה, און אַזוי איז געווען געשריבן
אין איר: צום געדענקען: 3 אין ערשטן יאָר פון מלך כּוֹרֶש,
האָט דער מלך כּוֹרֶש געגעבן אַ באַפעל: וועגן דעם הויז
פון גאָט אין ירושָלַיִם—זאָל דאָס הויז געבויט ווערן

פאַר אַן אָרט ווו מע שלאַכט שלאַכטאָפּפער, און
זיינע גרונטפעסטן זאָלן געלייגט ווערן שטאַרק; זיין הייך
זאָל זיין זעכציק איילן, זיין ברייט זעכציק איילן; [4]מיט
דריי שיכטן פון שווערע שטיינער, און אַ שיכט פון נייעם
האָלץ; און די הוצאות זאָלן געגעבן ווערן פון מלכס הויז.
[5]און אויך די גילדערנע און זילבערנע כּלים פון גאָטס הויז
וואָס נבוכדנצר האָט אַרויסגענומען פון דעם טעמפּל וואָס
אין ירושלים, און אַוועקגעפירט קיין בבל, זאָל מען אומ־
קערן, און דאָס זאָל צוריקגיין צו דעם טעמפּל וואָס אין
ירושלים אויף זיין אָרט, און זאָלסט עס אַוועקלייגן אין הויז
פון גאָט.

[6]„אַצונד, תּתּני דער פירשט פון יענער זייט טייך, שתר־
בוזני, און אייערע חברים די אַפרסכאָער וואָס אויף יענער
זייט טייך, האַלט זיך ווייט פון דאָרטן. [7]לאָזט צו רו די
אַרבעט פון דעמדאָזיקן הויז פון גאָט; זאָלן דער פירשט פון
די אידן, און די עלטסטע פון די אידן בויען דאָסדאָזיקע
הויז פון גאָט אויף זיין אָרט. [8]און פון מיר ווערט געגעבן
אַ באַפעל וועגן וואָס איר זאָלט טאָן פאַר דידאָזיקע
עלטסטע פון די אידן, כּדי צו בויען דאָסדאָזיקע הויז פון
גאָט: אַז פון דעם מלכס אייגנטום, פון דעם אָפּצאָל אויף
יענער זייט טייך, זאָלן אויף גיך געגעבן ווערן די הוצאות צו
דידאָזיקע מענטשן, כּדי ניט צו שטערן. [9]און וואָס זיי האָבן
נייטיק, סיי יונגע אָקסן, סיי ווידערס און שעפּסן, אויף אויפ־
צוברענגען צום גאָט פון הימל, ווייץ, זאַלץ, ווין און אייל,
לויט דעם פאַרלאַנג פון די כּהנים וואָס אין ירושלים, זאָל
זיי געגעבן ווערן טאָג אין טאָג ניט פאַרפעלט; [10]כּדי זיי
זאָלן מקריב זיין געשמאַקע ריחות צום גאָט פון הימל, און
בעטן פאַר דעם לעבן פון מלך און זיינע קינדער. [11]און

פון מיר ווערט געגעבן אַ באַפעל, אַז יעטוועדער איינער
וואָס וועט ענדערן דאָסדאָזיקע וואָרט, זאָל אַ באַלקן
אַרויסגעריסן ווערן פון זיין הויז, און ער זאָל צוגעשלאָגן
ווערן דערויף אין דער הייך; און זיין הויז זאָל געמאַכט
ווערן פאַר אַ מיסטהויפן דערפאַר. 12 און דער גאָט וואָס
האָט געמאַכט רוען זיין נאָמען דאָרטן, זאָל אומוואַרפן
יעטוועדער מלך און פאָלק וואָס וועט אויסשטרעקן זיין
האַנט דאָס צו ענדערן, כּדי צו צעשטערן דאָסדאָזיקע
הויז פון גאָט וואָס אין ירושָלַיִם. איך דָריָוֶש האָב געגעבן
דעם באַפעל; זאָל ער געטאָן ווערן אויף גיך."
13 דענסמאָל, ווייל דער מלך דָריָוֶש האָט געשיקט, האָבן
תַּתּנַי דער פירשט פון יענער זייט טייך, שתַר־בּוֹזני, און
זיינע חברים, אויף גיך אַזוי געטאָן. 14 און די עלטסטע פון
די אידן האָבן געבויט און האָבן באַגליקט, לויט דער נבואה
פון חַגַי דעם נביא, און זכַריָה דעם זון פון עִדוֹאן. און זיי
האָבן געבויט און פאַרענדיקט לויט דעם באַפעל פון דעם
גאָט פון ישׂראל, און לויט דעם באַפעל פון כּוֹרֶשן, און
דָריָוֶשן, און אַרתַּחשַׁשׂתָּא דעם מלך פון פָּרַס. 15 און מע
האָט פאַרענדיקט דאָסדאָזיקע הויז ביזן דריטן טאָג פון
חודש אָדר, וואָס איז געווען אין זעקסטן יאָר פון מלך
דָריָוֶשס מלוכה.

16 און די קינדער פון ישׂראל, די כֹּהנים און די לוִיִם,
און די איבעריקע קינדער פון גָלות, האָבן געמאַכט די
באַנייאונג פון דעמדאָזיקן הויז פון גאָט מיט שׂמחה. 17 און
זיי האָבן מקריב געווען צו דער באַנייאונג פון דעמדאָזיקן
הויז פון גאָט הונדערט אָקסן, צוויי הונדערט ווידערס, פיר
הונדערט שעפּסן, און צוועלף ציגנבעק פאַר זינדאָפּפער
פאַר גאַנץ ישׂראל, לויט דער צאָל פון די שבטים פון ישׂראל.

[18]און זיי האָבן געשטעלט די כֹּהנים לויט זייערע אײַנטיילו־
נגען, און די לוִיִם לויט זייערע אָפּטײלונגען, אויף דעם
דינסט פון גאָט וואָס אין ירושָלַיִם, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן
אין דעם בוך פון משהן.
[19]און די קינדער פון גָלות האָבן געמאַכט דעם קָרבן־
פֶּסח אין פערצנטן טאָג פון ערשטן חודש. [20]וואָרום די
כֹּהנים און די לוִיִם האָבן זיך אין איינעם געריייניקט; זיי
זיינען אַלע געווען ריין. און זיי האָבן געשאָכטן דעם קָרבן־
פֶּסח פאַר אַלע קינדער פון גָלות, און פאַר זייערע ברידער
די כֹּהנים, און פאַר זיך אַליין. [21]און עס האָבן געגעסן די
קינדער פון ישׂראל וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון גָלות,
און איטלאַכער וואָס האָט זיך אָפּגעשיידט צו זיי פון דער
אומריינקייט פון די פעלקער פון לאַנד, כּדי צו זוכן יהוה
דעם גאָט פון ישׂראל. [22]און זיי האָבן געמאַכט דעם יָום־טוב
פון מצות זיבן טעג מיט פרייד, וואָרום גאָט האָט זיי
דערפרייט, און האָט צוגעקערט צו זיי דאָס האַרץ פון דעם
מלך פון אַשור, צו שטאַרקן זייערע הענט אין דער אַרבעט
פון דעם הויז פון גאָט, דעם גאָט פון ישׂראל.

ז [1]און נאָך דידאָזיקע געשעענישן, אין דער מלוכה פון
אַרתַּחשַסתְּא דעם מלך פון פָּרַס, איז עזרא דער זון פון
שׂרָיָה, דעם זון פון עֲזַריָה, דעם זון פון חִלקִיָה, [2]דעם זון
פון שַלום, דעם זון פון צָדוק, דעם זון פון אַחיטוב, [3]דעם
זון פון אֲמַריָה, דעם זון פון עֲזַריָה, דעם זון פון מרָיות,
[4]דעם זון פון זרַחיָה, דעם זון פון עוזי, דעם זון פון בוקי,
[5]דעם זון פון אֲבישוּעַ, דעם זון פון פּינחס, דעם זון פון
אֶלעָזָר, דעם זון פון אַהרן דעם כֹּהן־גָדול—[6]איז דער־
דאָזיקער עזרא אַרויפגעגאַנגען קיין בָבל; און ער איז געווען

אַ שרײַבער, באַהאַוונט אין תּורת־משה וואָס יהוה דער גאָט
פֿון ישׂראל האָט געגעבן. און דער מלך האָט אים געגעבן
זײַן איטלאַכע בקשה, לויט דער האַנט פֿון יהוה זײַן גאָט
אויף אים. [7]און עס זײַנען אַרויפֿגעגאַנגען פֿון די קינדער
פֿון ישׂראל, און פֿון די כּהנים און די לוִיִם, און די זינגערס,
און די טויערלײַט, און די נתינים, קיין ירושָלַיִם, אין זיבעטן
יאָר פֿון מלך אַרתַּחשַׁסתָּא. [8]און ער איז געקומען קיין
ירושָלַיִם אין פֿינפֿטן חודש, וואָס איז געווען אין זיבעטן
יאָר פֿון מלך. [9]וואָרום אין ערשטן טאָג פֿון ערשטן חודש
איז געווען דער אָנהייב פֿון דעם אַרויפֿגאַנג פֿון בָּבֿל, און
אין ערשטן טאָג פֿון פֿינפֿטן חודש איז ער אָנגעקומען קיין
ירושָלַיִם, לויט דער גוטער האַנט פֿון זײַן גאָט אויף אים.
[10]וואָרום עזרא האָט געקערט זײַן האַרץ צו פֿאָרשן גאָטס
תּורה, און צו טאָן, און צו לערנען אין ישׂראל חוקים און
געזעצן.

[11]און דאָס איז דער נוסח פֿון דעם בריוו וואָס דער
מלך אַרתַּחשַׁסתָּא האָט געגעבן עזרא דעם כּהן, דעם
שרײַבער—דעם שרײַבער פֿון די ווערטער פֿון גאָטס געבאָט
און זײַנע געזעצן צו ישׂראל: [12]אַרתַּחשַׁסתָּא דער מלך
פֿון מלכים צו עזרא דעם כּהן, דעם שרײַבער פֿון דעם
געזעץ פֿון דעם גאָט פֿון הימל, און אַזוי ווײַטער. און
אַצונד [13]ווערט פֿון מיר געגעבן אַ באַפֿעל, אַז איטלאַכער
וואָס באַט זיך אָן אין מײַן קיניגרײַך, פֿון דעם פֿאָלק ישׂראל,
און זײערע כּהנים, און די לוִיִם, צו גיין מיט דיר קיין
ירושָלַיִם, מעג גיין. [14]אַזוי ווי דו ווערסט געשיקט פֿון דעם
מלך און זײַנע זיבן יוֹעֲצים נאָכצופֿאָרשן וועגן יהודה און
ירושָלַיִם, לויט דעם געזעץ פֿון דײַן גאָט וואָס אין דײַן
האַנט, [15]און אַוועקצופֿירן דאָס זילבער און דאָס גאָלד

וואָס דער מלך און זיינע יוֹעֲצִים האָבן מנדב געווען צו דעם
גאָט פון ישׂראל, וואָס זיין וווינונג איז אין ירושָלַיִם. [16]און
אַלדאָס זילבער און גאָלד וואָס דו וועסט קריגן אין דער
גאַנצער מדינה בָּבל, אין איינעם מיט די נדבות פון דעם
פאָלק און די כֹּהנים וואָס וועלן מנדב זיין פאַר דעם הויז
פון זייער גאָט וואָס אין ירושָלַיִם—[17]דרום מעגסטו באַלד
קויפן פאַר דעמדאָזיקן געלט אָקסן, ווידערס, שעפּסן,
מיט זייערע שפּייזאָפּפער און זייערע גיסאָפּפער, און זאָלסט
זיי מקריב זיין אויף דעם מזבח פון אַייער גאָטס הויז וואָס
אין ירושָלַיִם. [18]און וואָס דיר און דיינע ברידער וועט
ווילגעפעלן צו טאָן מיט דעם רעשט פון דעם זילבער און
גאָלד, מעגט איר טאָן לויט דעם ווילן פון אַייער גאָט. [19]און
די כלים וואָס ווערן דיר געגעבן פאַר דעם דינסט פון דיין
גאָטס הויז, גיב איבער פאַר דעם גאָט פון ירושָלַיִם. [20]און
דאָס איבעריקע וואָס איז נייטיק פאַר דעם הויז פון דיין
גאָט וואָס דיר וועט אויסקומען אויסצוגעבן, זאָלסטו אויס-
געבן פון דעם מלכס שאַצקאַמער. [21]און פון מיר, מלך אַר-
תַּחשַׁסתּאָ, ווערט געגעבן אַ באַפעל צו אַלע שאַצמייסטער
וואָס אויף יענער זייט טייך, אַז אַלץ וואָס עזרא דער כֹּהן,
דער שרייבער פון דעם געזעץ פון דעם גאָט פון הימל,
וועט פון אַייך פאַרלאַנגען, זאָל אויף גיך געטאָן ווערן,
[22]ביז הונדערט צענטנער זילבער, און ביז הונדערט כּור
ווייץ, און ביז הונדערט בַּת וויין, און ביז הונדערט בַּת אייל,
און זאַלץ אָן אַ געשריבענער צאָל. [23]אַלץ וואָס איז אויף
דעם באַפעל פון דעם גאָט פון הימל, זאָל ריכטיק געטאָן
ווערן פאַר דעם הויז פון דעם גאָט פון הימל, כּדי עס זאָל
ניט זיין אַ צאָרן אויף דער מלוכה פון דעם מלך און זיינע
קינדער. [24]אויך זיינען מיר אַייך מודיע, אַז אַלע כֹּהנים

און לוִיִם, זינגערס, טויערלייט, נתינים, און דינער פון דעם־
דאָזיקן הויז פון גאָט, זאָל מען אָפּצאָל, מֶכֶס, און וועג־
געלט, ניט טאָרן אַרויפלייגן אויף זיי. [25]און דו עזרא,
לויט דער חכמה פון דיין גאָט וואָס אין דיין האַנט, זעץ
אויף ריכטער און דַיָינים וואָס זאָלן משפּטן דאָס גאַנצע
פאָלק וואָס אויף יענער זייט טייך, אַלע וואָס ווייסן די
געזעצן פון דיין גאָט; און דעם וואָס ווייס ניט, זאָלט איר
מאַכן וויסן. [26]און דער וואָס וועט ניט טאָן דאָס געזעץ פון
דיין גאָט, און דאָס געזעץ פון דעם מלך, זאָל גיך געטאָן
ווערן אויף אים אַ משפּט, ענטוועדער צום טויט, אָדער
צו פאַרטרייבונג, אָדער צו געלטשטראָף, אָדער צו
געפענקעניש.

[27]געלויבט איז יהוה דער גאָט פון אונדזערע עלטערן
וואָס ער האָט אַזוינס אַריינגעגעבן אין מלכס האַרצן, צו
באַשיינען דאָס הויז פון גאָט וואָס אין ירושָלַיִם, [28]און ער
האָט מיר צוגענייגט גענאָד פאַר דעם מלך און זיינע יוֹעֲצים,
און ביי אַלע מאַכטיקע האַרן פון דעם מלך. און איך האָב
מיך געשטאַרקט לויט דער האַנט פון יהוה מיין גאָט אויף
מיר, און איך האָב אַיינגעזאַמלט פון ישׂראל הויפּטלייט
אַרויפצוגיין מיט מיר.

ח [1]און דאָס זיינען די הויפּטן פון זייערע פאָטער־
הייזער, און דער יחוס־בריוו פון די וואָס זיינען אַרויפ־
געגאַנגען מיט מיר פון בָבל, אין דער מלוכה פון דעם מלך
אַרתַחשַסתָא.

[2]פון די קינדער פון פינחס: גֵרשום.
פון די קינדער פון איתָמָר: דָניאֵל.
פון די קינדער פון דוד: חַטוּש.
[3]פון די קינדער פון שכַנְיָה: פון די קינדער פון פַּרְעוֹש,

זכַריָה; און צו אים האָבן זיך מיַחֵס געווען הונדערט און
פופציק מאַנספּאַרשוינען.
4פון די קינדער פון פַּחַת־מואָב: אֶליְהוֹעֵינַי דער זון
פון זרַחיָהן, און מיט אים צוויי הונדערט מאַנספּאַרשוינען.
5פון די קינדער פון שכַניָה: דער זון פון יַחזיאֵלן, און
מיט אים דריי הונדערט מאַנספּאַרשוינען.
6און פון די קינדער פון עָדין: עֶבֶד דער זון פון יוֹנָתָנען,
און מיט אים פופציק מאַנספּאַרשוינען.
7און פון די קינדער פון עֵילָם: ישַעְיָה דער זון פון
עַתַליָהן, און מיט אים זיבעציק מאַנספּאַרשוינען.
8און פון די קינדער פון שפַטיָה: זבַדיָה דער זון פון
מיכָאֵלן, און מיט אים אַכציק מאַנספּאַרשוינען.
9פון די קינדער פון יואָב: עוֹבַדיָה דער זון פון יחיאֵלן,
און מיט אים צוויי הונדערט און אַכצן מאַנספּאַרשוינען.
10און פון די קינדער פון שלוֹמית: דער זון פון יוֹספיָהן,
און מיט אים הונדערט און זעכציק מאַנספּאַרשוינען.
11און פון די קינדער פון בֵבָי: זכַריָה דער זון פון בֵבָין,
און מיט אים אַכט און צוואַנציק מאַנספּאַרשוינען.
12און פון די קינדער פון עַזגָד: יוֹחָנָן דער זון פון הַקָטָנען,
און מיט אים הונדערט און צען מאַנספּאַרשוינען.
13און פון די קינדער פון אַדוֹניקָם: די לעצטע; און דאָס
זיינען זייערע נעמען: אֶליפֶלֶט, יְעִיאֵל, און שמַעְיָה, און מיט
זיי זעכציק מאַנספּאַרשוינען.
14און פון די קינדער פון בִגוַי: עוּתַי, און זַכּוּר, און מיט
זיי זיבעציק מאַנספּאַרשוינען.
15און איך האָב זיי אַיינגעזאַמלט ביים טייך וואָס גייט
אַריין אין אַהוָא, און מיר האָבן דאָרטן גערוט דריי טעג,
און איך האָב נאָכגעקוקט צווישן דעם פאָלק און צווישן די

כֹּהנים, און האָב דאָרטן ניט געפֿונען פֿון די קינדער פֿון לֵוִי.
[16]האָב איך געשיקט נאָך אֱלִיעֶזֶר, נאָך אֲרִיאֵל, נאָך שְׁמַעְיָה,
און נאָך אֶלְנָתָן, און נאָך יָרִיב, און נאָך אֶלְנָתָן, און נאָך נָתָן,
און נאָך זְכַרְיָה, און נאָך מְשֻׁלָּם, די הויפּטלײַט, און נאָך
יוֹיָרִיב, און נאָך אֶלְנָתָן, די קענער. [17]און איך האָב זיי
געגעבן אַ באַפֿעל צו אִדּוֹ דעם הויפּטמאַן אין דעם אָרט
כָּסִפְיָא, און איך האָב אַרײַנגעטאָן אין זייער מויל ווערטער
צו רעדן צו אִדּוֹ [און] זיין ברודער וואָס זײַנען געווען
געזעצט איבער דעם אָרט כָּסִפְיָא, אונדז צו ברענגען באַדינער
פֿאַר דעם הויז פֿון אונדזער גאָט. [18]און זיי האָבן אונדז
געבראַכט, לויט דער גוטער האַנט פֿון גאָט אויף אונדז, אַ
פֿאַרשטאַנדיקן מאַן פֿון די קינדער פֿון מַחלי דעם זון פֿון
לֵוִי, דעם זון פֿון ישׂראלן; און שֵׁרֵבְיָהן מיט זײַנע זין און זײַנע
ברידער—אַכצן; [19]און חֲשַׁבְיָהן, און מיט אים יְשַׁעְיָהן פֿון
די קינדער פֿון מְרָרִי, זײַנע ברידער, און זייערע זין—
צוואַנציק; [20]און פֿון די נתינים וואָס דוד און די האַרן האָבן
אָפּגעגעבן פֿאַר דעם דינסט פֿון די לְוִיִים, צוויי הונדערט
און צוואַנציק נתינים; אַלע זײַנען געווען אָנגערופֿן מיט די
נעמען.

[21]און איך האָב דאָרטן אויסגערופֿן אַ תַּעֲנית בײַם טײַך
אַהֲוָא, זיך צו פּײַניקן פֿאַר אונדזער גאָט, כּדי צו בעטן בײַ
אים אַ גלײַכן וועג פֿאַר אונדז און פֿאַר אונדזערע קליינע
קינדער, און פֿאַר אונדזער גאַנצן פֿאַרמעג. [22]וואָרום איך
האָב זיך געשעמט צו פֿאַרלאַנגען פֿון דעם מלך חיל און
רײַטער אונדז צו העלפֿן פֿון אַ פֿײַנט אויפֿן וועג, ווײַל מיר
האָבן געזאָגט צום מלך, אַזוי צו זאָגן: די האַנט פֿון גאָט איז
צום גוטן אויף אַלע וואָס זוכן אים, און זיין מאַכט און זיין
צאָרן אַקעגן אַלע וואָס פֿאַרלאָזן אים. [23]און מיר האָבן

געפּאַסט, און געבעטן בײַ אונדזער גאָט װעגן דעם, און ער
האָט זיך געלאָזט דערבעטן פון אונדז.
24און איך האָב אָפּגעשײדט פון די האַרן פון די כּהנים
צװעלף: שֵׁרֵבְיָהן, חֲשַׁבְיָהן, און מיט זײ צען פון זײערע
ברידער. 25און איך האָב זײ צוגעװױגן דאָס זילבער, און
דאָס גאָלד, און די כּלים, די אָפּשײדונג פאַר אונדזער גאָטס
הויז װאָס דער מלך, און זײַנע יוֹעֲצים און זײַנע האַרן, און
גאַנץ ישׂראל װאָס האָבן זיך דאָרטן געפונען, האָבן מנדב
געװען. 26און איך האָב אָפּגעװױגן אויף זײער האַנט זילבער
זעקס הונדערט און פופציק צענטנער, און זילבערנע כּלים
הונדערט צענטנער; גאָלד הונדערט צענטנער; 27און
גילדערנע בעכער צװאַנציק, צו טויזנט אַדרכּונים; און צװײ
כּלים פון פײַנעם געלן קופּער, אַזוי טײַער װי גאָלד. 28און
איך האָב צו זײ געזאָגט: איר זײַט הײליק צו גאָט, און די
כּלים זײַנען הײליק; און דאָס זילבער און דאָס גאָלד איז אַ
נדבה צו יהוה דעם גאָט פון אײַערע עלטערן. 29פּאַסט
אויף און היט עס, ביז איר װעט עס אָפּװעגן פאַר די האַרן
פון די כּהנים און די לוִיִם, און די האַרן פון די פּאָטער־
הײַזער פון ישׂראל אין ירושָׁלַיִם, אין די קאַמערן פון גאָטס
הויז. 30און די כּהנים און די לוִיִם האָבן צוגענומען די װאָג
פון דעם זילבער און דעם גאָלד, און די כּלים, אויף
צו ברענגען קײן ירושָׁלַיִם אין הויז פון אונדזער גאָט.
31און מיר האָבן אַװעקגעצױגן פון דעם טײַך אַהוָא אין
צװעלפטן טאָג פון ערשטן חודש, צו גײן קײן ירושָׁלַיִם, און
די האַנט פון גאָט איז געװען אויף אונדז, און ער האָט אונדז
באַשירעמט פון דער האַנט פון פײַנט און לױערער אויפן
װעג. 32און מיר זײַנען געקומען קײן ירושָׁלַיִם, און זײַנען
דאָרטן געזעסן דרײַ טעג. 33און אויפן פירטן טאָג איז דאָס

זילבער און דאָס גאָלד און די כּלים אָפּגעווויגן געוואָרן אין הויז פון אונדזער גאָט, אויף דער האַנט פון מרמות דעם זון פון אוריָהן, דעם כּהן, און מיט אים איז געווען אֶלעָזָר דער זון פון פּינחסן, און מיט זיי, יוֹזָבָד דער זון פון יֵשוּעַן, און נוֹעַדיָה דער זון פון בִּנוּין, די לוִיִים; [34]אַלץ מיט אַ צאָל און מיט אַ וואָג; און די גאַנצע וואָג איז פאַרשריבן געוואָרן אין יענער צייט.

[35]האָבן די קינדער פון גָלות וואָס זיינען געקומען פון געפאַנגענשאַפט, מקריב געווען בראַנדאָפּפער צום גאָט פון ישׂראל, צוועלף אָקסן פאַר גאַנץ ישׂראל, זעקס און ניינציק ווידערס, זיבן און זיבעציק שעפּסן, צוועלף בעק פאַר זינד־אָפּפער; אַלע בראַנדאָפּפער צו גאָט. [36]און זיי האָבן איבערגעגעבן די באַפעלן פון מלך צו די סאַטראַפּן פון מלך, און די פירשטן פון יענער זייט טייך; און זיי האָבן געהאָלפן דעם פאָלק און דעם הויז פון גאָט.

ט [1]און אַז מע האָט דאָס געענדיקט, האָבן גענענט צו מיר די האַרן, אַזוי צו זאָגן: דאָס פאָלק ישׂראל, און די כּהנים און די לוִיִים, האָבן זיך ניט געהאַלטן אָפּגעשיידט פון די פעלקער פון די לענדער, לויט זייערע אומווערדיקייטן— פון דעם כּנַעֲני, דעם חִתּי, דעם פּרִזי, דעם יבוּסי, דעם עַמוֹני, דעם מוֹאָבי, דעם מִצרי, און דעם אֱמוֹרי. [2]וואָרום זיי האָבן גענומען פון זייערע טעכטער פאַר זיך און פאַר זייערע זין, און דער הייליקער זאָמען האָט זיך פאַרמישט מיט די פעלקער פון די לענדער, און די האַנט פון די האַרן און די פאָרשטייער איז געווען די ערשטע אין דערדאָזיקער פעלשונג. [3]און ווי איך האָב געהערט דידאָזיקע זאַך, האָב איך צעריסן מיין בגד און מיין מאַנטל, און איך האָב זיך

געפליקט די האָר פון קאָפּ און פון באָרד, און איך בין
געזעסן אַ באַנומענער. [4]האָבן זיך אַלע אײַנגעזאַמלט צו
מיר, אַלע וואָס האָבן געציטערט איבער די ווערטער פון
דעם גאָט פון ישראל, פון וועגן דער פעלשונג פון די גָלות־
לײַט; און איך בין געזעסן אַ באַנומענער ביז דעם אָוונט־
קרבן.
[5]און בײַם אָוונט־קרבן בין איך אויפגעשטאַנען פון מײַן
תָענית, מיט מײַן בגד און מײַן מאַנטל צעריסן, און איך בין
געפאַלן אויף מײַנע קני, און האָב אויסגעשפּרייט מײַנע
הענט צו יהוה מײַן גאָט. [6]און איך האָב געזאָגט: מײַן גאָט,
איך בין אין בושה און שעם זיך אויפצוהייבן מײַן פּנים צו
דיר, מײַן גאָט, וואָרום אונדזערע זינד זײַנען געמערט איבערן
קאָפּ, און אונדזער שולד איז גרויס ביז צום הימל. [7]פון די
טעג פון אונדזערע עלטערן אָן זײַנען מיר אין גרויס שולד
ביז אויף הײַנטיקן טאָג, און פאַר אונדזערע זינד זײַנען מיר,
אונדזערע מלכים, אונדזערע כּהנים, איבערגעגעבן גע־
וואָרן אין דער האַנט פון די מלכים פון די לענדער צום
שווערד, צו געפאַנגענשאַפט, און צו רויב, און צו שאַנד פון
פּנים, אַזוי ווי הײַנטיקן טאָג. [8]און אַצונד, אויף אַ קליינער
רגע איז אונדז געשען אַ גענאָד פון יהוה אונדזער גאָט, אונדז
איבערצולאָזן אַן אַנטרינונג, און אונדז צו געבן אַן אָנהאַלט
אין זײַן הייליקן אָרט, כּדי אונדזער גאָט זאָל דערלײַכטן
אונדזערע אויגן, און אונדז לאָזן אַ ביסל אָפּלעבן אין אונדזער
קנעכטשאַפט. [9]וואָרום קנעכט זײַנען מיר, אָבער אין
אונדזער קנעכטשאַפט האָט אונדז אונדזער גאָט ניט
פאַרלאָזן, און ער האָט אונדז צוגענייגט גענאָד פאַר די
מלכים פון פָּרַס, אונדז צו לאָזן אָפּלעבן, אויפצוריכטן
דאָס הויז פון אונדזער גאָט, און אויפצושטעלן זײַנע חורבות,

און אונדז צו געבן אַן אַרומצאַם אין יהודה און אין ירושָלַיִם.
[10]און אַצונד, אונדזער גאָט, וואָס זאָלן מיר זאָגן נאָך דעם?
אַז מיר האָבן פאַרלאָזן דײַנע געבאָט [11]וואָס דו האָסט
געבאָטן דורך דײַנע קנעכט די נביאים, אַזוי צו זאָגן: „דאָס
לאַנד וואָס איר קומט עס צו אַרבן, איז אַן אומרײן לאַנד,
דורך דער אומרײנקייט פון די פעלקער פון די לענדער,
דורך זייערע אומווערדיקייטן מיט וואָס זיי האָבן עס
אָנגעפילט פון עק צו עק אין זייער טומאה. [12]דרום זאָלט
איר אַצונד ניט געבן אײַערע טעכטער צו זייערע זין, און
זייערע טעכטער זאָלט איר ניט נעמען פאַר אײַערע זין,
און איר זאָלט אויף אייביק ניט זוכן זייער פריד און זייער
וווילזיין, כּדי איר זאָלט שטאַרק זיין, און עסן דאָס גוטס
פון דעם לאַנד און עס לאָזן בירושה צו אײַערע קינדער
אויף אייביק.״ [13]און נאָך אַלץ וואָס איז געקומען אויף אונדז
פאַר אונדזערע שלעכטע מעשׂים און פאַר אונדזער גרויסער
שולד, אַז דו אונדזער גאָט האָסט אונדז געשוינט מער ווי נאָך
אונדזערע זינד, און אונדז געגעבן אַזאַ אַנטרינונג, [14]זאָלן
מיר ווידער פאַרשטערן דײַנע געבאָט, און זיך מתחתּן זיין
מיט די פעלקער פון דידאָזיקע אומווערדיקייטן? וועסטו
ניט צערענען אויף אונדז ביז צום פאַרלענדן, אַז קיין איבער־
בלײַב און קיין אַנטרינונג זאָל ניט זיין? [15]יהוה דו גאָט פון
ישׂראל, דו ביסט אַ גערעכטער; וואָרום מיר זיינען אַן
אַנטרונענער איבערבלײַב אַזוי ווי הײַנטיקן טאָג. אָט זיינען
מיר פאַר דיר אין אונדזער שולד; וואָרום מע קען ניט
באַשטיין פאַר דיר וועגן דעם.
י [1]און ווי עזרא האָט מתפּלל געווען און ווי ער האָט זיך
מתוודה געווען, וויינענדיק און זיך וואַרפנדיק פאַר גאָטס
הויז, האָט זיך אָנגעזאַמלט צו אים פון ישׂראל זייער אַ גרויס

געזעמל, מענער און ווייבער און קינדער; וואָרום דאָס
פֿאָלק האָט געוויינט אַ גרויס געוויין. 2 און שכַניָה דער זון
פֿון יחיאֵלן, פֿון די קינדער פֿון עֵילָם, האָט זיך אָפּגערופֿן
און האָט געזאָגט צו עזראן: מיר האָבן געפֿעלשט אָן אונדזער
גאָט, און האָבן גענומען פֿרעמדע ווייבער פֿון די פֿעלקער
פֿון לאַנד, אָבער אַצונד איז דאָ אַ האָפֿענונג פֿאַר ישׂראל
וועגן דעם. 3 און לאָמיר אַצונד שליסן אַ בונד מיט אונדזער
גאָט, אַוועקצושיקן די אַלע ווייבער, און די וואָס זיינען
געבאָרן פֿון זיי, לויט דער עצה פֿון גאָט, און די וואָס ציטערן
איבער דעם געבאָט פֿון אונדזער גאָט, און זאָל געטאָן ווערן
לויט דער תּורה. 4 שטיי אויף, וואָרום אויף דיר ליגט די
זאַך, און מיר זיינען מיט דיר; זיי שטאַרק און טו.
5 איז עזרא אויפֿגעשטאַנען און האָט באַשוואָרן די האַרן
פֿון די כֹּהנים, די לֵוִיִים, און גאַנץ ישׂראל, צו טאָן אַזוי ווי
דאָסדאָזיקע וואָרט; און זיי האָבן געשוואָרן. 6 און עזרא
איז אויפֿגעשטאַנען פֿון פֿאַר דעם הויז פֿון גאָט, און ער איז
אַוועק אין דער קאַמער פֿון יהוחָנָן דעם זון פֿון אֶלְיָשיבֿן;
און אַז ער איז געקומען אַהין, האָט ער ניט געגעסן קיין
ברויט, און ניט געטרונקען קיין וואַסער, וואָרום ער האָט
געטרויערט אויף דער פֿעלשונג פֿון די גָלות־לייט.
7 און מע האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויסרוף אין יהודה און
ירושָלַיִם צו אַלע קינדער פֿון גָלות, זיך אײַנצוזאַמלען קיין
ירושָלַיִם; 8 און איטלאַכער וואָס וועט ניט קומען אין דריי
טעג, לויט דער עצה פֿון די האַרן און די עלטסטע, זאָל זיין
גאַנצער פֿאַרמעג זיין חרם, און ער זאָל אָפּגעשיידט ווערן
פֿון דער עדה פֿון גָלות.
9 האָבן זיך אײַנגעזאַמלט אַלע מענער פֿון יהודה און
בנימין קיין ירושָלַיִם צום דריטן טאָג; דאָס איז געווען אין

ניינטן חודש, אין צוואַנציקסטן טאָג אין חודש. און דאָס
גאַנצע פאָלק איז געזעסן אויפן ברייטן פּלאַץ פון גאָטס הויז,
ציטערנדיק איבער דער זאַך, און איבער די רעגנס. [10]און
עזרא דער כהן איז אויפגעשטאַנען, און האָט צו זיי געזאָגט:
איר האָט געפעלשט און האָט גענומען פרעמדע ווייבער
נאָך צוצולייגן צו דער שולד פון ישראל. [11]און אַצונד גיט
אַ ווידוי צו יהוה דעם גאָט פון אײַערע עלטערן, און טוט זיין
רצון, און שיידט אײַך אָפּ פון די פעלקער פון לאַנד, און
פון די פרעמדע ווייבער. [12]האָט זיך אָפּגערופן די גאַנצע
אײַנזאַמלונג און האָט געזאָגט אויף אַ הויכן קול: יאָ, אַזוי ווי
דיין וואָרט איז פאַר אונדז צו טאָן. [13]אָבער דאָס פאָלק איז
גרויס, און עס איז די צייט פון רעגנס, און ניטאָ קיין כּוח
צו שטיין דרויסן, און די אַרבעט איז ניט אויף איין טאָג,
און ניט אויף צוויי; וואָרום מיר האָבן פיל פאַרבראָכן אין
דערדאָזיקער זאַך. [14]זאָלן אונדזערע האַרן זיך אָפּשטעלן
פאַר דער גאַנצער אײַנזאַמלונג, און אַלע וואָס אין אונדזערע
שטעט וואָס האָבן גענומען פרעמדע ווייבער, זאָלן קומען
אין געשטעלטע צייטן, און מיט זיי די עלטסטע פון
איטלאַכער שטאָט און אירע ריכטער, ביז מע וועט אָפּקערן
פון אונדז דעם גרימצאָרן פון יהוה אונדזער גאָט וועגן
דערדאָזיקער זאַך. [15]נאָר יוֹנָתָן דער זון פון עֲשָׂהאֵלן, און
יַחְזְיָה דער זון פון תִּקְוָהן, האָבן זיך געשטעלט אַקעגן דעם,
און משוּלָם, און שַׁבְּתַי דער לֵוִי, האָבן זיי צוגעהאָלפן. [16]און
די קינדער פון גָלוּת האָבן אַזוי געטאָן; און עזרא דער כּהן,
און עטלאַכע הויפּטן פון פאָטערהייזער, לויט זייערע
פאָטערהייזער, און אַלע מיט נעמען, זיינען אָפּגעזונדערט
געוואָרן, און זיי האָבן זיך געזעצט אין ערשטן טאָג פון צענטן
חודש אויסצופאָרשן די זאַך. [17]און זיי זיינען פאַרטיק

געוואָרן מיט אַלע מענער וואָס האָבן גענומען פֿרעמדע
ווײַבער, ביז דעם ערשטן טאָג פֿון ערשטן חודש.
[18]און עס זײַנען געפֿונען געוואָרן צווישן די קינדער פֿון
די כֹּהנים אַזעלכע וואָס האָבן גענומען פֿרעמדע ווײַבער.
פֿון די קינדער פֿון יֵשוּעַ דעם זון פֿון יוֹצָדָקן און זײַנע
ברידער: מַעֲשֵׂיָה, און אֱליעֶזֶר, און יָריב, און גְדַליָה. [19]און
זיי האָבן געגעבן זייער האַנט אַוועקצושיקן זייערע ווײַבער,
און, ווי שולדיקע, [צו ברענגען] אַ ווידער פֿון שאָף פֿאַר זייער
שולד. [20]און פֿון די קינדער פֿון אִמֵר: חֲנָני, און זְבַדיָה.
[21]און פֿון די קינדער פֿון חָרִם: מַעֲשֵׂיָה, און אֵליָה, און שמַעְיָה,
און יחיאֵל, און עוּזיָה. [22]און פֿון די קינדער פֿון פַּשחור:
אֶליוֹעֵיני, מַעֲשֵׂיָה, יִשמָעֵאל, נתַנאֵל, יוֹזָבָד, און אֶלעָשָׂה.
[23]און פֿון די לֵוִיִים: יוֹזָבָד, און שִמעי, און קֵליָה—דאָס
איז קליטאָ—פּתַחיָה, יהודה, און אֱליעֶזֶר.
[24]און פֿון די זינגערס: אֶליָשיב. און פֿון די טויערלײַט:
שַלום, און טֶלֶם, און אוּרי.
[25]און פֿון ישׂראל: פֿון די קינדער פֿון פַּרעוֹש: רַמיָה,
און יִזיָה, און מַלכִּיָה, און מִיָמִן, און אֶלעָזָר, און מַלכִּיָה,
און בנָיָה. [26]און פֿון די קינדער פֿון עֵילָם: מַתַּניָה, זכַריָה,
און יחיאֵל, און עַבדי, און יְרֵמוֹת, און אֵליָה. [27]און פֿון די
קינדער פֿון זַתּוּא: אֶליוֹעֵני, אֶליָשיב, מַתַּניָה, און יְרֵמוֹת,
און זָבָד, און עֲזיזאָ. [28]און פֿון די קינדער פֿון בֵּבָי: יהוֹחָנָן,
חֲנַניָה, זַבַּי, עַתלַי. [29]און פֿון די קינדער פֿון בָּני: משוּלָם,
מַלוּך, און עֲדָיָה, יָשוּב, און שְאָל, און רָמוֹת. [30]און פֿון די
קינדער פֿון פַּחַת־מוֹאָב: עַדנאָ, און כּלָל, בנָיָה, מַעֲשֵׂיָה,
מַתַּניָה, בצַלאֵל, און בִּנוּי, און מנשה. [31]און די קינדער פֿון
חָרִם: אֱליעֶזֶר, יִשִּׁיָה, מַלכִּיָה, שמַעְיָה, שמעון; [32]בנימין,
מַלוּך, שמַריָה. [33]פֿון די קינדער פֿון חָשוּם: מַתּנַי, מַתַּתָּה,

זָבָד, אֱלִיפֶלֶט, יְרֵמַי, מנשה, שִׁמְעִי. 34פון די קינדער פון
בָּנִי: מַעֲדַי, עַמְרָם, און אוּאֵל; 35בְּנָיָה, בֵּדְיָה, כּלוּהו;
36וַנְיָה, מְרֵמוֹת, אֶלְיָשִׁיב; 37מַתַּנְיָה, מַתְּנַי, און יַעֲשָׂי; 38און
בָּנִי, און בִּנּוּי, שִׁמְעִי, 39און שֶׁלֶמְיָה, און נָתָן, און עֲדָיָה;
40מַכְנַדְבַי, שָׁשַׁי, שָׁרָי; 41עֲזַרְאֵל, און שֶׁלֶמְיָהוּ, שְׁמַרְיָה,
42שַׁלּוּם, אֲמַרְיָה, יוֹסֵף. 43פון די קינדער פון נבו: יְעִיאֵל,
מַתִּתְיָה, זָבָד, זבינא, יַדַּי, און יוֹאֵל, [און] בְּנָיָה.
44די אַלע האָבן גענומען פרעמדע ווײַבער, און טײל
פון זײ ווײַבער מיט וועמען זײ האָבן געהאַט קינדער.

# נחֶמיָה

נחֶמיָה דערוויסט זיך אין בָבל פון דעם טרויעריקן מצב אין ירושָלַיִם. ער פאַסט און איז מתפלל צו גאָט. א 1

נחֶמיָה קריגט דערלויבעניש פון מלך אַרתַחשַסתאָ זיך אומצוקערן קיין ירושָלַיִם. ב 1

די פאַרריכטונג פון דער שטאָטמויער. ג 1

סַנבַלַט און אַנדערע אַרומיקע פיינט זוכן צו הינדערן די וואָס בויען. די אַרבעטער זיינען אָנגעגורט צוגלייך מיט וואָפן. ג 33

נחֶמיָה טרעט אַרויס קעגן די וואָס נעמען פון די אָרעמע צו זייערע פעלדער פאַר חובות, און הייסט אָפּלאָזן די שולדן, אַזוי ווי ער אַליין טוט. ה 1

סַנבַלַט זוכט ווידער צו שטערן די באַפעסטיקונג פון דער שטאָטמויער, אָבער נחֶמיָה פאַרענדיקט זי דאָך. ו 1

נחֶמיָה שטעלט וואַכן ביי די טויערן און אין דער שטאָט צו היטן קעגן שׂונאים. ז 1

פאַרצייכעניש פון די וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון בָבל. ז 6

עזרא לייענט פאַרן פאָלק די תּורה. ז 73

דאָס פאָלק פייערט דעם יָום־טוב סוכות. ח 13

דאָס פאָלק טוט תשובה און איז מתפלל פאַר גאָט, און נעמט אויף זיך צו היטן די תּורה. ט 1

פאַרצייכעניש פון די וואָס האָבן זיך מתנַדב געווען צו וווינען אין ירושָלַיִם. יא 1

פאַרצייכעניש פון די וואָס האָבן געוווינט אויף דער פּראָווינץ. יא 25

פאַרצייכעניש פון כּהנים און לוִיִים. יב 1

באַנייאונג פון דער שטאָטמויער דורך אַ פייערלאַכער פּראָצעסיע. יב 27

די אָפּגאָבן פון דעם פאָלק פאַר די כּהנים און די לוִיִים. יב 44

נחֶמיָה רייניקט דאָס פאָלק פון געמישן פון פרעמדע פעלקער. יג 1

נחֶמיָה גייט קיין בָּבל און קערט זיך ווידער אום קיין ירושָלַיִם. נחֶמיָהס אויפטוען נאָך זיין צווייטן מאָל קומען קיין ירושָלַיִם. ער רייניקט די קאַמערן אין גאָטס הויז וואָס זיינען באַנוצט געוואָרן אונטערדעסן פאַר וואָכעדיקע צוועקן. ער שטעלט ווידער אויף די איינזאַמלונג פון די אָפּגאָבן וואָס מע האָט אויפגעהערט ברענגען. ער טרעט אַרויס קעגן די פאַרשוועכונג פון שבת, און קעגן געמישטע חתונות. יג 4

# נחֶמְיָה

א 1די ווערטער פון נחֶמְיָה דעם זון פון חֲכַלְיָהן.

עס איז געווען אין חודש כִּסלֵו אין צוואַנציקסטן יאָר,
בעת איך בין געווען אין דער הויפּטשטאָט שושַן, 2איז
געקומען חֲנָני, איינער פון מיינע ברידער, ער און [אַנדערע]
מענער פון יהודה, און איך האָב זיי געפרעגט וועגן די
אידן, די אַנטרונענע וואָס זיינען געבליבן פון דער געפאַנגענ־
שאַפט, און וועגן ירושָלַיִם. 3האָבן זיי צו מיר געזאָגט: די
געבליבענע וואָס זיינען געבליבן פון דער געפאַנגענשאַפט
דאָרטן אין דער מדינה, זיינען אין גרויס אומגליק און אין
שאַנד, און די מויער פון ירושָלַיִם איז אײַנגעבראָכן, און
אירע טויערן זיינען פאַרברענט אין פייער. 4איז, ווי איך
האָב געהערט דידאָזיקע ווערטער, אַזוי האָב איך זיך
געזעצט און האָב געוויינט און האָב טעג געטרויערט, און
איך האָב געפאַסט און האָב מתפלל געווען פאַר דעם גאָט
פון הימל. 5און איך האָב געזאָגט: איך בעט דיך, יהוה,
גאָט פון די הימלען, גרויסער און פאָרכטיקער גאָט, וואָס
היט דעם בונד און די גענאָד צו די וואָס האָבן אים ליב,
און צו די וואָס היטן זיינע געבאָט. 6זאָל, איך בעט דיך,
דיין אויער זיין פאַרנעמיק, און דיינע אויגן אָפן, צוצוהערן
צו דער תפילה פון דיין קנעכט וואָס איך בין מתפלל פאַר
דיר אַצונד טאָג און נאַכט פון וועגן די קינדער פון ישׂראל,
דיינע קנעכט, און בין זיך מתוודה אויף די זינד פון די
קינדער פון ישׂראל, וואָס מיר האָבן צו דיר געזינדיקט;
יאָ, איך און דאָס הויז פון מיין פאָטער האָבן געזינדיקט.
7פאַרדאָרבן זיינען מיר געווען פאַרדאָרבן אַקעגן דיר,

און מיר האָבן ניט געהיט די געבאָט און די חוקים און די
געזעצן וואָס דו האָסט באַפוילן דײַן קנעכט משהן.
[8]דערמאָן זיך, איך בעט דיך, דאָס וואָרט וואָס דו האָסט
אָנגעזאָגט דײַן קנעכט משהן, אַזוי צו זאָגן: „וועט איר פעלשן,
וועל איך אײַך צעשפּרייטן צווישן די פעלקער. [9]אָבער אַז
איר וועט אײַך אומקערן צו מיר, און היטן מײַנע געבאָט
און זיי טאָן, מעגן אײַערע פאַרשטויסענע זײַן אין עק הימל,
וועל איך פון דאָרטן זיי אײַנזאַמלען, און וועל זיי ברענגען
אין דעם אָרט וואָס איך האָב אויסדערוויילט צו מאַכן
רוען מײַן נאָמען דאָרטן". [10]זיי זײַנען דאָך דײַנע קנעכט
און דײַן פאָלק וואָס דו האָסט אויסגעלייזט מיט דײַן גרויס
שטאַרקייט, און מיט דײַן מאַכטיקער האַנט. [11]איך בעט
דיך, גאָט, זאָל נון דײַן אויער זײַן פאַרנעמיק צו דער תּפילה
פון דײַן קנעכט, און צו דער תּפילה פון דײַנע קנעכט וואָס
ווילן פאָרכטן דײַן נאָמען, און באַגליק, איך בעט דיך,
הײַנט דײַן קנעכט, און גיב אים דערבאַרימונג בײַ דעם־
דאָזיקן מאַן.

און איך בין געווען אַ טראַנקמײַסטער בײַם מלך.

ב [1]און עס איז געווען אין חודש ניסן, אין צוואַנציקסטן
יאָר פון מלך אַרתּחשסתּאָ, איז וויין געווען פאַר אים,
און איך האָב גענומען דעם וויין, און האָב דערלאַנגט דעם
מלך. און איך בין קיינמאָל פריער ניט געווען טרויעריק
פאַר אים. [2]האָט דער מלך צו מיר געזאָגט: פאַרוואָס איז
דײַן פּנים טרויעריק, אַז קראַנק ביסטו ניט? דאָס איז ניט
אַנדערש סיידן אַ טרויעריקייט פון האַרצן. האָב איך זייער
שטאַרק מורא געהאַט. [3]און איך האָב געזאָגט צום מלך:
אייביק לעבן זאָל דער מלך! פאַרוואָס זאָל מײַן פּנים ניט

זיין טרויעריק, אַז די שטאָט, דער אָרט פון מיינע עלטערנס
קברים, איז חָרֵב, און אירע טויערן זיינען פאַרצערט פון
פייער? 4 האָט דער מלך צו מיר געזאָגט: וואָס פאַרלאַנגסטו
דען? האָב איך מתפּלל געווען צום גאָט פון הימל. 5 און
איך האָב געזאָגט צום מלך: אויב דעם מלך איז ווילגעפעלן,
און אויב דיין קנעכט איז ווילגעפעלן פאַר דיר, אַז דו
זאָלסט מיך לאָזן גיין קיין יהודה צו דער שטאָט פון מיינע
עלטערנס קברים, אַז איך זאָל זי אָפּבויען. 6 האָט דער
מלך צו מיר געזאָגט—און די מלכּה איז געזעסן לעבן אים—:
אויף ביז וואַנען וועט זיין דיין גיין? און ווען וועסטו זיך
אומקערן? און עס איז ווילגעפעלן פאַר דעם מלך, און
ער האָט מיך געלאָזט גיין, אַז איך האָב אים געגעבן אַ צייט.
7 און איך האָב געזאָגט צום מלך: אויב דעם מלך איז וויל-
געפעלן, זאָל מען מיר געבן בריוו צו די פירשטן פון יענער
זייט טייך, אַז זיי זאָלן מיך לאָזן דורכגיין, ביז איך וועל
קומען קיין יהודה; 8 און אַ בריוו צו אָסָף דעם היטער פון
מלכס בוימגאָרטן, אַז ער זאָל מיר געבן האָלץ אויף צו לייגן
באַלקנס אויף די טויערן פון דער פעסטונג וואָס צום הויז,
און פאַר דער שטאָטמויער, און פאַר דעם הויז, וואָס איך
וועל קומען צו אים. און דער מלך האָט מיר געגעבן לויט
דער גוטער האַנט פון מיין גאָט אויף מיר.
9 און איך בין געקומען צו די פירשטן פון יענער זייט
טייך, און האָב זיי געגעבן די בריוו פון מלך; און דער מלך
האָט געשיקט מיט מיר עלצטע פון חיל, און רייטער. 10 האָט
דערהערט סַנבַלַט דער חוֹרוֹני, און טוֹבִיָה דער עַמוֹנישער
קנעכט, און זיי האָט פאַרדראָסן אַ גרויס פאַרדראָס וואָס
אַ מענטש איז געקומען זוכן גוטס פאַר די קינדער פון ישׂראל.
11 און איך בין געקומען קיין ירושָלַיִם, און בין דאָרטן

געווען דריי טעג. [12]און איך בין אויפגעשטאַנען ביי נאַכט,
איך און עטלאַכע מענער מיט מיר; און איך האָב ניט
דערציילט קיין מענטשן וואָס מיין גאָט האָט אַריינגעגעבן
אין מיין האַרצן צו טאָן אין ירושָלַיִם; און קיין בהמה האָב
איך מיט מיר ניט געהאַט, אַחוץ די בהמה וואָס איך בין אויף
איר געריטן. [13]און איך בין אַרויס דורך דעם טויער פון
טאָל ביי נאַכט, און אַקעגן דעם שלאַנגענקוואַל, און צו
דעם מיסטטויער, און איך האָב באַטראַכט די מויערן פון
ירושָלַיִם וואָס זיינען געווען איינגעבראָכן, און אירע טויערן
וואָס זיינען געווען פאַרצערט פון פייער. [14]און איך בין
אַריבערגעגאַנגען צום קוואַלטויער, און צום מלכס באַך;
אָבער עס איז ניט געווען אָרט גענוג פאַר דער בהמה
אונטער מיר דורכצוגיין. [15]און איך בין אַרויפגעגאַנגען
דורכן טאָל אין דער נאַכט, און האָב באַטראַכט די מויער;
און איך האָב זיך אומגעקערט און בין געקומען צום טויער
פון טאָל, און האָב זיך צוריקגעקערט. [16]און די פאָר־
שטייער האָבן ניט געוווּסט וווּהין איך בין געגאַנגען, און
וואָס איך טו, וואָרום די אידן, און די כּהנים, און די
אַדללייט, און די פאָרשטייער, און די איבעריקע וואָס
האָבן געטאָן די אַרבעט, האָב איך ביז אַהער גאָרנישט
דערציילט.

[17]און איך האָב צו זיי געזאָגט: איר זעט אין וואָס פאַר אַן
אומגליק מיר זיינען, אַז ירושָלַיִם איז חָרֵב, און אירע טויערן
זיינען פאַרברענט פון פייער; קומט און לאָמיר אָפּבויען די
מויער פון ירושָלַיִם, אַז מיר זאָלן מער ניט זיין צו שאַנד.
[18]און איך האָב זיי דערציילט וועגן דער האַנט פון מיין גאָט
וואָס איז געווען גוט אויף מיר, און אויך די ווערטער פון
מלך וואָס ער האָט מיר געזאָגט. האָבן זיי געזאָגט: לאָמיר

אויפשטייען און בויען. און זיי האָבן געשטאַרקט זייערע
הענט צום גוטן.
19האָט דערהערט סַנבַלַט דער חוֹרוֹני, און טוֹבִיָה דער
עַמוֹנישער קנעכט, און גֶשֶם דער אַראַבער, און זיי האָבן
געשפּעט פון אונדז, און האָבן אונדז מבוזה געווען, און האָבן
געזאָגט: וואָס איז דידאָזיקע זאַך וואָס איר טוט? ווילט איר
קעגן דעם מלך ווידערשפּעניקן? 20האָב איך זיי געגעבן אַן
ענטפער און האָב צו זיי געזאָגט: דער גאָט פון הימל, ער
וועט אונדז באַגליקן, און מיר זיינע קנעכט וועלן אויפשטיין
און וועלן בויען; און איר האָט ניט קיין חלק און קיין רעכט
און קיין געדעכעניש אין ירושָלַיִם.

ג 1און אֶלְיָשִיב דער כֹּהן־גָדול און זיינע ברידער די כֹּהנים
זיינען אויפגעשטאַנען און האָבן אויפגעבויט דעם שאָפּ־
טויער; זיי האָבן אים געהייליקט, און אַריינגעשטעלט זיינע
טירן; און ביז צום טורעם הַמֵאָה האָבן זיי אים געהייליקט,
ביז צום טורעם חֲנַנְאֵל. 2און לעבן אים האָבן געבויט די
מענער פון יריחו. און לעבן דעם האָט געבויט זַכּור דער
זון פון אִמרִין. 3און דעם פישטויער האָבן געבויט די זין
פון הַסְנָאָה; זיי האָבן געלייגט זיינע באַלקנס, און אַריינ־
געשטעלט זיינע טירן, זיינע שלעסער, און זיינע ריגלען.
4און לעבן זיי האָט פאַרריכט מְרֵמוֹת דער זון פון אוּרִיָה
דעם זון פון הַקוֹץ. און לעבן זיי האָט פאַרריכט מְשוּלָם
דער זון פון בֶּרֶכְיָה דעם זון פון מְשֵיזַבְאֵל. און לעבן זיי
האָט פאַרריכט צָדוֹק דער זון פון בַּעֲנָא. 5און לעבן זיי
האָבן פאַרריכט די תְקוֹעִים; אָבער זייערע גרויסע לייט
האָבן ניט אַריינגעטאָן זייער נאַקן אין דעם דינסט פון זייער
האַר. 6און דעם אַלטן טויער האָט פאַרריכט יוֹיָדָע דער

זון פון פָּסֵחַן, און מְשולָם דער זון פון בְּסוֹדְיָהן; זיי האָבן
געלייגט זיינע באַלקנס, און אַריינגעשטעלט זיינע טירן און
זיינע שלעסער און זיינע ריגלען. [7]און לעבן זיי האָט
פאַרריכט מְלַטְיָה דער גִבעוֹני, און יָדוֹן דער מֵרוֹנוֹתי, די
מענטשן פון גִבעוֹן און פון מִצפָּה, וואָס האָבן געהערט צו
דעם טראָן פון דעם פירשט פון יענער זייט טייך. [8]און
לעבן דעם האָט פאַרריכט עוּזיאֵל דער זון פון חַרהֲיָהן,
פון די גאָלדשמידן; און לעבן אים האָט פאַרריכט חֲנַנְיָה,
אַ זון פון די בְשָׂמים־מאַכער; און זיי האָבן באַפעסטיקט
ירושָלַיִם ביז דער ברייטער מויער. [9]און לעבן זיי האָט
פאַרריכט רְפָיָה דער זון פון חורן, דער האַר פון אַ האַלבער
געגנט פון ירושָלַיִם. [10]און לעבן זיי האָט פאַרריכט יְדָיָה
דער זון פון חֲרוּמַפן, אַקעגן זיין הויז. און לעבן אים האָט
פאַרריכט חַטוש דער זון פון חֲשַבנְיָהן. [11]אַ צווייטע שטרעק
האָט פאַרריכט מַלכִּיָה דער זון פון חָרִמען, און חַשוב דער
זון פון פַּחַת־מוֹאָבן; אויך דעם טורעם פון די אויוונס. [12]און
לעבן דעם האָט פאַרריכט שַלום דער זון פון הַלוֹחֵשן, דער
האַר פון אַ האַלבער געגנט פון ירושָלַיִם, ער און זיינע
טעכטער. [13]דעם טויער פון טאָל האָט פאַרריכט חָנון,
און די באַוווינער פון זָנוֹחַ; זיי האָבן אים געבויט, און
אַריינגעשטעלט זיינע טירן, זיינע שלעסער, און זיינע ריגלען;
אויך טויזנט איילן פון דער מויער ביז דעם מיסטטויער.
[14]און דעם מיסטטויער האָט פאַרריכט מַלכִּיָה דער זון פון
רֵכָבן, דער האַר פון דער געגנט פון בֵית־כֶּרֶם; ער האָט
אים געבויט, און אַריינגעשטעלט זיינע טירן, זיינע שלעסער,
און זיינע ריגלען. [15]און דעם קוואַלטויער האָט פאַרריכט
שַלון דער זון פון כָּל־חוֹזֶהן, דער האַר פון דער געגנט פון
מִצפָּה; ער האָט אים געבויט, און אים צוגעדעקט, און

אַריינגעשטעלט זיינע טירן, זיינע שלעסער, און זיינע ריגלען;
אויך די מויער פון דעם טייך פון שֶׁלַח ביים גאָרטן פון מלך,
און ביז די טרעפּ וואָס נידערן אַראָפּ פון דודס שטאָט.
[16]נאָך אים האָט פאַרריכט נחֶמיָה דער זון פון עַזבוקן, דער
האַר פון אַ האַלבער געגנט פון בֵּית־צוּר, ביז אַקעגן די
קברים פון דוד, און ביז דעם געמאַכטן טייך, און ביז צום
הויז פון די גיבורים. [17]נאָך אים האָבן פאַרריכט די לוִיִים,
רחום דער זון פון בָּנִין. לעבן אים האָט פאַרריכט חֲשַׁבְיָה
דער האַר פון אַ האַלבער געגנט פון קעִילָה, פאַר זיין געגנט.
[18]נאָך אים האָבן פאַרריכט זייערע ברידער, בַּוַי דער זון
פון חֵנָדָדן, דער האַר פון אַ האַלבער געגנט פון קעִילָה.
[19]און לעבן אים האָט פאַרריכט עֵזֶר, דער זון פון יֵשוּעַן,
דער האַר פון מִצפָּה, אַ צווייטע שטרעק, אַקעגן ווו מע
גייט אַרויף צום וואָפנהויז ביים ווינקל. [20]נאָך אים האָט
פלייסיק פאַרריכט בָּרוך דער זון פון זַכַּין, אַ צווייטע
שטרעק, פון ווינקל ביזן אַיינגאַנג פון אֶלְיָשִיב דעם כֹּהן־
גָדולס הויז. [21]נאָך אים האָט פאַרריכט מְרֵמוֹת דער זון פון
אוּריָה דעם זון פון הַקוֹצן, אַ צווייטע שטרעק, פון דעם
אַיינגאַנג פון אֶלְיָשִיבס הויז און ביזן סוֹף פון אֶלְיָשִיבס הויז.
[22]און נאָך אים האָבן פאַרריכט די כֹּהנים, די מענטשן פון
דער [יַרדן־]געגנט. [23]נאָך דעם האָבן פאַרריכט בנימין
און חַשוּב אַקעגן זייער הויז. נאָך דעם האָט פאַרריכט
עֲזַריָה דער זון פון מַעֲשֵׂיָה דעם זון פון עֲנַנְיָהן לעבן זיין
הויז. [24]נאָך אים האָט פאַרריכט בִּנוּי דער זון פון חֵנָדָדן,
אַ צווייטע שטרעק, פון עֲזַריָהס הויז ביזן ווינקל, און ביזן
עק. [25]פָּלָל דער זון פון אוּזַין [האָט פאַרריכט] אַקעגן דעם
עק, און דעם טורעם וואָס איז אַרויסגערוקט פון דעם
אויבערשטן הויז פון מלך וואָס ביים הויף פון דער וואַך.

נאָך אים פְּדָיָה דער זון פון פַּרְעוֹשן. —26און די נתינים זיינען
געזעסן אין עוֹפֶל ביז קעגן דעם וואַסערטויער צו מורח,
און דעם אַרויסגערוקטן טורעם.—27נאָך אים האָבן פאַרריכט
די תּקוֹעים אַ צווייטע שטרעק, פון אַקעגן דעם גרויסן
אַרויסגערוקטן טורעם און ביז דער מויער פון עוֹפֶל.
28איבער דעם פערדטויער האָבן פאַרריכט די כֹּהנים,
איטלאַכער אַקעגן זיין הויז. 29נאָך דעם האָט פאַרריכט
צָדוֹק דער זון פון אִמֵּרן אַקעגן זיין הויז. און נאָך אים האָט
פאַרריכט שְׁמַעְיָה דער זון פון שְׁכַנְיָהן, דער היטער פון
מורח-טויער. 30נאָך אים האָט פאַרריכט חֲנַנְיָה דער זון פון
שֶׁלֶמְיָהן, און חָנוּן דער זעקסטער זון פון צָלָפן, אַ צווייטע
שטרעק. נאָך אים האָט פאַרריכט מְשֻׁלָּם דער זון פון
בֶּרֶכְיָהן, אַקעגן זיין קאַמער. 31נאָך אים האָט פאַרריכט
מַלְכִּיָה, אַ זון פון די גאָלדשמידן, ביז דעם הויז פון די נתינים
און די האַנדלסלייט, אַקעגן דעם טויער הַמִּפְקָד, און ביז
דער אויבערשטוב פון ווינקל. 32און צווישן דער אויבער-
שטוב פון ווינקל און דעם שאָפטויער האָבן פאַרריכט די
גאָלדשמידן און די קרעמער.

33און עס איז געווען, ווי סַנבַלַט האָט געהערט אַז מיר
בויען די מויער, אַזוי האָט אים געברענט, און ער האָט
שטאַרק געצערנט; און ער האָט געשפּעט פון די אידן. 34און
ער האָט גערעדט פאַר זיינע ברידער און דעם חיל פון
שוֹמרוֹן, און האָט געזאָגט: וואָס טוען די דאָזיקע צעקראָכענע
אידן? וועט מען זיי דען לאָזן? וועלן זיי דען קרבנות
שלאַכטן? וועלן זיי עס ענדיקן אין אַ טאָג? וועלן זיי אויפ-
לעבן די שטיינער פון די הויפנס ערד, אַז זיי זיינען פאַר-
ברענט? 35און טוֹבִיָה דער עַמוֹני איז געווען לעבן אים,
און האָט געזאָגט: אַפילו אַז זיי בויען שוין יאָ, ווען אַ פוקס

זאָל אַרויפֿגיין, וועט ער צעברעכן זײער שטײנערנע מויער.
[36]הער, גאָט אונדזערער, ווי מיר זײנען געוואָרן צו
שפּאָט, און קער אום זײער לעסטערונג אויף זײער קאָפּ,
און גיב זײ צו רויב אין לאַנד פֿון געפֿאַנגענשאַפֿט; [37]און
זאָלסט ניט פֿאַרדעקן זײער זינד, און זײער חטא זאָל ניט
פֿאַרמעקט ווערן פֿון פֿאַר דיר, וואָרום זײ האָבן דיך
דערצערנט פֿאַר די בויער.
[38]אַזוי האָבן מיר געבויט די מויער; און די גאַנצע מויער
איז פֿאַרבונדן געוואָרן ביז איר העלפֿט; וואָרום דאָס פֿאָלק
האָט געהאַט האַרץ צו טאָן.

ד [1]און עס איז געווען, ווי סַנבַלַט, און טוֹבִיָה, און די אַראַ־
בער, און די עַמוֹנים, און די אַשדוֹדים, האָבן געהערט
אַז די מויערן פֿון ירושָלַיִם ווערן פֿאַרריכט, אַז די בראָכן
האָבן אָנגעהויבן פֿאַרשטאָפּט צו ווערן, האָט זײ זײער
געבּרענט. [2]און זײ האָבן געמאַכט אַ בונט אַלע אין אײנעם,
צו קומען מלחמה האַלטן אויף ירושָלַיִם, און אָנמאַכן דרינען
אַ מהומה. [3]האָבן מיר מתפּלל געווען צו אונדזער גאָט,
און מיר האָבן געשטעלט אַ וואַך אַקעגן זײ בײ טאָג און בײ
נאַכט, [זיך צו שיצן] פֿאַר זײ. [4]און יהודה האָט געזאָגט:
דער כּוֹח פֿון די לאַסטטרעגער איז אָפּגעשוואַכט, און ערד
[אָפּצוראַמען] איז דאָ אַ סך, און מיר קענען ניט בויען די
מויער. [5]און אונדזערע שׂונאים האָבן געזאָגט: זאָלן זײ ניט
מערקן און ניט זען, ביז מיר וועלן קומען צווישן זײ, און
וועלן זײ אויסהרגען, און פֿאַרשטערן די אַרבעט. [6]און עס
איז געווען, אַז די אידן וואָס זײנען געזעסן בײ זײ, זײנען צו
אונדז געקומען, האָבן זײ אונדז צען מאָל געזאָגט: איר מוזט
זיך אומקערן צו אונדז פֿון אַלע ערטער. [7]האָב איך אויס־

געשטעלט אונטער דעם אָרט הינטער דער מויער, אין די אָפענע פּלעצער–איך האָב אויסגעשטעלט דאָס פאָלק לויט משפחות, מיט זייערע שווערדן, זייערע שפּיזן, און זייערע בויגנס. [8]און איך האָב זיך אומגעקוקט, און בין אויפגעשטאַנען און האָב געזאָגט צו די אַדללייט, און צו די פאָרשטייער, און צו דעם איבעריקן פאָלק: איר זאָלט ניט מורא האָבן פאַר זיי; דערמאָנט אייך אָן גאָט, דעם גרויסן און דעם פאָרכטיקן, און האַלט מלחמה פאַר אײַערע ברידער, אײַערע זין און אײַערע טעכטער, אײַערע ווײַבער, און אײַערע הײַזער.

[9]און עס איז געווען, ווי אונדזערע פיינט האָבן געהערט, אַז מיר האָבן זיך דערוווּסט, און גאָט האָט פאַרשטערט זייער עצה, אַזוי האָבן מיר זיך אַלע אומגעקערט צו דער מויער, איטלאַכער צו זײַן אַרבעט. [10]און עס איז געווען פון יענעם טאָג אָן, האָבן העלפט פון מײַנע יונגען געטאָן די אַרבעט, און העלפט פון זיי האָבן געהאַלטן די שפּיזן, די שילדן און די בויגנס, און די פאַנצערס; און די האַרן זײַנען געווען הינטער דעם גאַנצן הויז פון יהודה [11]וואָס האָבן געבויט די מויער. און די לאַסטטרעגער לאָדנדיק האָבן מיט איין האַנט זייערער געטאָן די אַרבעט, און אײנע האָט געהאַלטן דעם וואַפן. [12]און די בויער זײַנען געווען אָנגעגורט איטלאַכער מיט זײַן שווערד אויף זײַנע לענדן, און אַזוי האָבן זיי געבויט; און אַ שופר־בלאָזער איז געווען לעבן מיר. [13]און איך האָב געזאָגט צו די אַדללייט, און צו די פאָרשטייער, און צו דעם איבעריקן פאָלק: די אַרבעט איז גרויס און אויסגעברייט, און מיר זײַנען אָפּגעזונדערט אויף דער מויער, ווײַט איינער פון אַנדערן. [14]איז, אין דעם אָרט וואָס איר וועט הערן דעם קול פון שופר, אַהין

זאָלט איר זיך אײַנזאַמלען צו אונדז; אונדזער גאָט וועט מלחמה האַלטן פֿאַר אונדז.
[15]אַזוי האָבן מיר געטאָן די אַרבעט; און אַ העלפֿט פֿון זײ האָבן געהאַלטן די שפּיזן פֿון אויפֿגאַנג פֿון פֿרימאָרגן ביז די שטערן זײַנען אַרויס. [16]איך האָב אויך געזאָגט אין יענער צײַט צום פֿאָלק: זאָל איטלאַכער מיט זײַן יונג נעכטיקן אין ירושָלַיִם, כּדי זײ זאָלן אונדז זײַן בײַ נאַכט פֿאַר אַ וואַך, און בײַ טאָג פֿאַר אַרבעט. [17]און ניט איך, אָדער מײַנע ברידער און מײַנע יונגען און די וואַכלײַט וואָס הינטער מיר, קײנער האָבן מיר ניט אויסגעטאָן אונדזערע קלײדער; אַפֿילו צום וואַסער איז איטלאַכער [געגאַנגען] מיט זײַן וואָפֿן.

ה [1]און עס איז געווען אַ גרויס געשרײ פֿון דעם פֿאָלק און זײערע ווײַבער אויף זײערע אידישע ברידער. [2]און עס זײַנען געווען אַזעלכע וואָס האָבן געזאָגט: מיר מיט אונדזערע זין און אונדזערע טעכטער זײַנען פֿיל; טאָ לאָמיר קריגן תּבֿואה, כּדי מיר זאָלן עסן און לעבן. [3]און געווען אַזעלכע וואָס האָבן געזאָגט: אונדזערע פֿעלדער און אונדזערע ווײַנגערטנער און אונדזערע הײַזער פֿאַרזעצן מיר; לאָמיר קריגן תּבֿואה, פֿון וועגן דעם הונגער. [4]און געווען אַזעלכע וואָס האָבן געזאָגט: מיר האָבן געליִען געלט פֿאַר דעם מלכס אָפּצאָל אויף אונדזערע פֿעלדער און אונדזערע ווײַנגערטנער. [5]און אַצונד, אונדזער פֿלײש איז דאָך אַזוי ווי דאָס פֿלײש פֿון אונדזערע ברידער, אונדזערע קינדער אַזוי ווי זײערע קינדער, און אָט מוזן מיר באַצווינגען אונדזערע זין און אונדזערע טעכטער פֿאַר קנעכט, און טײל פֿון אונדזערע טעכטער זײַנען שוין באַצוווּנגען, און אונדזער

האַנט איז אָן כּוח, און אונדזערע פעלדער און אונדזערע
ווייַנגערטנער געהערן צו אַנדערע.
6 האָט מיך זייער פאַרדראָסן ווי איך האָב געהערט
זייער געשריי און דידאָזיקע ווערטער. 7 און מיין האַרץ
האָט זיך באַקלערט אין מיר, און איך האָב זיך געקריגט
מיט די אַדללייט און מיט די פאָרשטייער, און איך האָב צו
זיי געזאָגט: אויף וואָכער לייט איר איטלאַכער זיין ברודער?
און איך האָב געמאַכט אַקעגן זיי אַ גרויסע אייַנזאַמלונג.
8 און איך האָב צו זיי געזאָגט: מיר האָבן אויסגעקויפט
אונדזערע אידישע ברידער וואָס זיינען פאַרקויפט גע־
ווען צו גוֹיִים, ווי ווייט מיר האָבן געקענט, און איר ווילט
גאָר פאַרקויפן אייערע ברידער, און זיי זאָלן זיך פאַרקויפן
צו אונדז? האָבן זיי געשוויגן און ניט געפונען קיין ווערטער.
9 און איך האָב געזאָגט: ניט גוט איז די זאַך וואָס איר טוט;
דאַרפט איר ניט גיין אין מורא פאַר אונדזער גאָט, אויס
חרפּה פאַר די גוֹיִים אונדזערע פיינט? 10 איך אויך, מיינע
ברידער און מיינע יונגען, האָבן זיי געליען געלט און תּבואה.
לאָמיר, איך בעט אייך, אָפּלאָזן דעמדאָזיקן חוב. 11 גיט
זיי אָפּ, איך בעט אייך, היינט זייערע פעלדער, זייערע
ווייַנגערטנער, זייערע איילבערטגערטנער, און זייערע
הייזער, און די הונדערטן זילבערשטיק, און די תּבואה,
דעם וויין, און דאָס אייל, וואָס איר מאָנט פון זיי. 12 האָבן
זיי געזאָגט: מיר וועלן אָפּגעבן, און מיר וועלן פון זיי ניט
פאַרלאַנגען; מיר וועלן אַזוי טאָן ווי דו זאָגסט. האָב איך
גערופן די כּהנים, און איך האָב זיי באַשוואָרן צו טאָן אַזוי
ווי דערדאָזיקער צוזאָג. 13 אויך האָב איך אויסגעטרייסלט
מיין שויס, און האָב געזאָגט: אַזוי זאָל גאָט אויסטרייסלען
יעטוועדער מאַן וואָס וועט ניט מקיים זיין דעמדאָזיקן

צוזאָג, פון זיין הויז, און פון זיין מי, און אַזוי זאָל ער זיין אויס־
געטרייסלט און ליידיק. און די גאַנצע אײַנזאַמלונג האָט
געזאָגט: אָמן! און זיי האָבן געלויבט גאָט. און דאָס פאָלק
האָט געטאָן אַזוי ווי דערדאָזיקער צוזאָג.
[14]אויך האָב איך און מיינע ברידער, פון דעם טאָג אָן
וואָס מע האָט מיר באַפוילן צו זיין זייער פירשט אין לאַנד
יהודה, פון דעם צוואַנציקסטן יאָר און ביזן צוויי און
דרייסיקסטן יאָר פון דעם מלך אַרתַּחשַׁסתּאָ, צוועלף יאָר,
ניט געגעסן די שפּייז פון אַ פירשט. [15]און די פריערדיקע
פירשטן וואָס פאַר מיר האָבן באַשווערט אויפן פאָלק, און
זיי האָבן גענומען פון זיי פאַר ברויט און ווייַן, אַחוץ פערציק
שקָלים זילבער; אויך האָבן זייערע יונגען געוועלטיקט
איבער דעם פאָלק. אָבער איך האָב ניט געטאָן אַזוי, פון
גאָטספאָרכטיקייט. [16]און אויך ביי דער אַרבעט פון
דערדאָזיקער מויער האָב איך צוגעלייגט אַ האַנט, הגם קיין
פעלד האָבן מיר ניט געקויפט; און אַלע מיינע יונגען זיינען
געווען אײַנגעזאַמלט דאָרטן ביי דער אַרבעט. [17]און די
אידן, און די פאָרשטייער, הונדערט און פופציק מאַן, און
די וואָס זיינען צו אונדז געקומען פון די פעלקער וואָס אַרום
אונדז, זיינען געווען ביי מיין טיש. [18]און וואָס איז צוגעגרייט
געוואָרן פאַר איין טאָג, איז געווען: איין אָקס, זעקס
געקליבענע שאָף; אויך עופות זיינען צוגעגרייט געוואָרן ביי
מיר; און אַלע צען טעג אַלערליי ווייַן לרוב. און פון
דעסטוועגן האָב איך ניט פאַרלאַנגט די שפּייז פון אַ פירשט,
ווייל דער דינסט איז געווען שווער אויף דעמדאָזיקן פאָלק.
[19]דערמאָן מיר, גאָט מיינער, צום גוטן אַלץ וואָס איך האָב
געטאָן פאַר דעמדאָזיקן פאָלק.

ו 1און עס איז געווען, ווי סַנבַלַט, און טוֹבִיָה, און גֶשֶם דער
אַראַבער, און אונדזערע איבעריקע פיינט האָבן געקריגן
צו הערן אַז איך האָב אויפגעבויט די מויער, און קיין בראָך
איז ניט געבליבן אין איר—הגם ביז יענער צייט האָב איך
נאָך ניט געהאַט אַריינגעשטעלט טירן אין די טויערן—2האָט
סַנבַלַט, און גֶשֶם, געשיקט צו מיר, אַזוי צו זאָגן: קום, און
לאָמיר זיך צונויפקומען אין איינעם אין כּפָרים אין טאָל
אוֹנוֹ. און זיי האָבן געטראַכט מיר צו טאָן בייז. 3האָב איך
צו זיי געשיקט שלוחים, אַזוי צו זאָגן: אַ גרויסע אַרבעט טו
איך, און איך קען ניט אַראָפּנידערן; נאָך וואָס זאָל די אַרבעט
אויפהערן, אַז איך וועל זי אָפּלאָזן, און אַראָפּנידערן צו
אַייך? 4און זיי האָבן צו מיר געשיקט אַזוי ווי דידאָזיקע
רייד פיר מאָל, און איך האָב זיי געענטפערט אַזוי ווי די־
דאָזיקע רייד. 5האָט סַנבַלַט געשיקט צו מיר אַזוי ווי די־
דאָזיקע רייד אַ פינפט מאָל זיין יונג מיט אַן אָפענעם בריוו
אין זיין האַנט, 6וואָס דערין איז געווען געשריבן: צווישן
די פעלקער הערט זיך, און גַשמוּ זאָגט, אַז דו און די אידן
טראַכטן צו ווידערשפּעניקן, דרום בויסטו די מויער, און
דו ווילסט ווערן ביי זיי פאַר אַ מלך, לויט דידאָזיקע רייד.
7און אויך האָסטו אויפגעשטעלט נביאים אויסצורופן וועגן
דיר אין ירושָלַיִם, אַזוי צו זאָגן: אַ מלך איז דאָ אין יהודה.
און אַצונד וועט דער מלך קריגן צו הערן אַזעלכע רייד.
איז, אַצונד קום און לאָמיר אַן עצה האַלטן אין איינעם.
8האָב איך צו אים געשיקט, אַזוי צו זאָגן: אַזעלכע זאַכן
ווי דו זאָגסט זיינען ניט געשען, נאָר פון דיין האַרצן
טראַכסטו זיי אויס. 9וואָרום זיי אַלע האָבן אונדז געוואָלט
אַיינשרעקן, אַזוי צו זאָגן: זייערע הענט וועלן אָפּגעשלאַפט

ווערן פון דער אַרבעט, און זי וועט ניט געטאָן ווערן. און
אַצונד, [גאָט], שטאַרק מיינע הענט.
10און איך בין געקומען אין הויז פון שמַעיָה דעם זון
פון דלָיָה, דעם זון פון מהֵיטַבאֵלן, וואָס האָט זיך געהאַלטן
אײַנגעשלאָסן; און ער האָט געזאָגט: לאָמיר זיך צונויפקומען
אין הויז פון גאָט, אינעווייניק אין הֵיכל, און לאָמיר פאַרשליסן
די טירן פון הֵיכל, וואָרום זיי וועלן קומען דיך הרגען, און
ביי נאַכט וועלן זיי קומען דיך הרגען. 11האָב איך געזאָגט:
זאָל אַזאַ מענטש ווי איך אַנטלויפן? און ווער פון מיין גלייכן
קען אַריינגיין אין הֵיכל, און בלייבן לעבן? איך וועל ניט
אַריינגיין. 12און איך האָב דערקענט, אַז ניט גאָט האָט אים
געשיקט, נאָר ער האָט גערעדט די נבואה וועגן מיר, ווייל
טוֹביָה און סַנבַלַט האָבן אים אָנגעדונגען. 13ער איז
דערפאַר געווען געדונגען, כּדי איך זאָל מוֹרא קריגן, און
איך זאָל טאָן אַזוי, און מיך פאַרזינדיקן, און דאָס וועט זיי
זיין פאַר אַ שֵם־רָע כּדי זיי זאָלן מיך קענען לעסטערן.
14דערמאָן, גאָט מיינער, טוֹביָהן, און סַנבַלַטן לויט דידאָזיקע
מעשׂים זיינע, און אויך נוֹעַדיָה דער נביאה, און די איבעריקע
נביאים וואָס האָבן מיך געוואָלט אײַנשרעקן.
15און די מויער איז פאַרטיק געוואָרן אין פינף און
צוואַנציקסטן טאָג פון אֶלוּל, אין צוויי און פופציק טעג.
16און עס איז געווען, ווי אַלע אונדזערע פיינט האָבן
דערהערט, האָבן אַלע פעלקער וואָס אַרום אונדז מוֹרא
געקריגן, און זיי זיינען זייער אַראָפּגעפאַלן ביי זיך אין די
אויגן, וואָרום זיי האָבן געזען אַז פון אונדזער גאָט איז געטאָן
געוואָרן דידאָזיקע אַרבעט.
17אויך האָבן אין יענע טעג די אַדלליַיט פון יהודה
געשיקט פיל בריוו צו טוֹביָהן, און טוֹביָהס זיינען געקומען

צו זיי. 18וואָרום פיל אין יהודה זיינען געווען געשוואָרענע
צו אים, וואָרום ער איז געווען דער איידים פון שכַניָה דעם
זון פון אָרַחן, און זיין זון יהוחָנָן האָט גענומען די טאָכטער
פון משולָם דעם זון פון בֶרֶכיָהן. 19אויך פלעגן זיי דערציילן
פאַר מיר זיינע גוטע מַעֲלות, און מיינע ווערטער פלעגן זיי
אַרויסטראָגן צו אים. כדי מיך אַיינצושרעקן האָט טוֹבִיָה
געשיקט די בריוו.

ז 1און עס איז געווען, ווי די מויער איז געווען אויפגעבויט,
אַזוי האָב איך אַריינגעשטעלט די טירן, און די טויערלייט
און די זינגערס און די לֵוִיִים זיינען אויפגעזעצט געוואָרן.
2און איך האָב געגעבן מיין ברודער חֲנָנִין, און חֲנַניָה דעם
הויפטמאַן פון דער פעסטונג, דעם באַפעל איבער ירושָלַיִם;
וואָרום ער איז געווען אַן אמתער מענטש, און גאָטספאָרכטי־
קער פון אַ סך. 3און איך האָב זיי אָנגעזאָגט: די טויערן פון
ירושָלַיִם זאָלן ניט געעפנט ווערן ביז די זון ווערט הייס,
און ווען מע איז נאָך אויף, זאָלן זיי צומאַכן די טירן; און
פאַרריגלט זיי; און מע זאָל שטעלן וואַכן פון די באַוווינער
פון ירושָלַיִם, איטלאַכן אויף זיין וואַך, און איטלאַכן אַקעגן
זיין הויז. 4און די שטאָט איז געווען ברייט און גרויס, און
דאָס פאָלק דערין ווינציק, און קיין הייזער זיינען ניט געווען
געבויט. 5און מיין גאָט האָט אַריינגעגעבן אין מיין האַרצן,
און איך האָב אַיינגעזאַמלט די אַדללייט, און די פאָרשטייער,
און דאָס פאָלק, זיך צו פאַרצייכענען לויטן יחוס, און איך
האָב געפונען דעם יחוס־בריוו פון די וואָס זיינען אַרויפגע־
קומען צום ערשטן, און איך האָב געפונען געשריבן דערין:
6דאָס זיינען די קינדער פון דער [אידישער] מדינה
וואָס זיינען אַרויפגעגאַנגען פון די גָלות־געפאַנגענע וואָס

נבוכדנֶצַר דער מלך פון בָבל האָט פאַרטריבן, און זיי
האָבן זיך אומגעקערט קיין ירושָלַיִם און קיין יהודה,
איטלאַכער צו זיין שטאָט; 7 די וואָס זיינען געקומען מיט
זרובָבלן, יֵשוּעַן, נחֶמיָהן, עֲזַריָהן, רַעַמיָהן, נַחמָנין, מָרדכַין,
בִלשָנען, מִספֶרֶתן, בִגוַין, נחומען, בַעֲנָהן.

די צאָל פון די מענער פון די קינדער פון ישׂראל:

8 די קינדער פון פַרעוֹש, צוויי טויזנט הונדערט און צוויי
און זיבעציק.

9 די קינדער פון שפַטיָה, דריי הונדערט צוויי און
זיבעציק.

10 די קינדער פון אָרַח, זעקס הונדערט צוויי און
פופציק.

11 די קינדער פון פַחַת־מואָב, פון די קינדער פון יֵשוּעַ
און יואָב, צוויי טויזנט און אַכט הונדערט אַכצן.

12 די קינדער פון עֵילָם, טויזנט צוויי הונדערט פיר און
פופציק.

13 די קינדער פון זַתוּא, אַכט הונדערט פינף און
פערציק.

14 די קינדער פון זַכַי, זיבן הונדערט און זעכציק.

15 די קינדער פון בִנוּי, זעקס הונדערט אַכט און פערציק.

16 די קינדער פון בֵבָי, זעקס הונדערט אַכט און
צוואַנציק.

17 די קינדער פון עַזגָד, צוויי טויזנט דריי הונדערט צוויי
און צוואַנציק.

18 די קינדער פון אֲדוֹניקָם, זעקס הונדערט זיבן און
זעכציק.

19 די קינדער פון בִגוַי, צוויי טויזנט זיבן און זעכציק.

20 די קינדער פון עָדִין, זעקס הונדערט פינף און פופציק.
21 די קינדער פון אָטֵר, פון חִזְקִיָהן, אַכט און ניינציק.
22 די קינדער פון חָשוּם, דריי הונדערט אַכט און צוואַנציק.
23 די קינדער פון בֵּצָי, דריי הונדערט פיר און צוואַנציק.
24 די קינדער פון חָרִיף, הונדערט צוועלף.
25 די קינדער פון גִבְעוֹן, פינף און ניינציק.
26 די מענטשן פון בֵּית־לֶחם און נטוֹפָה, הונדערט אַכט און אַכציק.
27 די מענטשן פון עֲנָתוֹת, הונדערט אַכט און צוואַנציק.
28 די מענטשן פון בֵּית־עַזמָוֶת, צוויי און פערציק.
29 די מענטשן פון קִרְיַת־יְעָרִים, כּפִירָה, און בּאֵרוֹת, זיבן הונדערט דריי און פערציק.
30 די מענטשן פון רָמָה און גֶבַע, זעקס הונדערט איין און צוואַנציק.
31 די מענטשן פון מִכְמָס, הונדערט און צוויי און צוואַנציק.
32 די מענטשן פון בֵּית־אֵל און עַי, הונדערט דריי און צוואַנציק.
33 די מענטשן פון דער אַנדער נבוֹ, צוויי און פופציק.
34 די קינדער פון דער אַנדער עֵילָם, טויזנט צוויי הונדערט פיר און פופציק.
35 די קינדער פון חָרִם, דריי הונדערט און צוואַנציק.
36 די קינדער פון יריחוֹ, דריי הונדערט פינף און פערציק.
37 די קינדער פון לוֹד, חָדִיד, און אוֹנוֹ, זיבן הונדערט און איין און צוואַנציק.

38 די קינדער פון סנָאָהן, דריי טויזנט ניין הונדערט
און דרייסיק.

39 די כֹּהנים:
די קינדער פון ידַעְיָה, פון דעם הויז פון יֵשוּעַ, ניין
הונדערט דריי און זיבעציק.
40 די קינדער פון אִמֵר, טויזנט צוויי און פופציק.
41 די קינדער פון פַּשחור, טויזנט צוויי הונדערט זיבן
און פערציק.
42 די קינדער פון חָרִם, טויזנט זיבעצן.

43 די לֵוִיִים:
די קינדער פון יֵשוּעַ, פון קַדמיאֵלן, פון די קינדער פון
הוֹדְיָה, פיר און זיבעציק.

44 די זינגערס:
די קינדער פון אָסָף, הונדערט אַכט און פערציק.

45 די טויערלייט:
די קינדער פון שַלוּם, די קינדער פון אָטֵר, די קינדער
פון טַלמוֹן, די קינדער פון עַקוּב, די קינדער פון חַטִיטָא,
די קינדער פון שוֹבָי—הונדערט אַכט און דרייסיק.

46 די נתינים:
די קינדער פון ציחָא, די קינדער פון חַשוּפָא, די קינדער
פון טַבָּעוֹת; 47 די קינדער פון קֵירוֹס, די קינדער פון סיעָא,
די קינדער פון פָּדוֹן; 48 די קינדער פון לְבָנָה, די קינדער
פון חַגָבָא, די קינדער פון שַלמַי; 49 די קינדער פון חָנָן,
די קינדער פון גִדֵל, די קינדער פון גַחַר; 50 די קינדער פון

ראָיָה, די קינדער פון רצין, די קינדער פון נקודאָ; 51די
קינדער פון גַזָם, די קינדער פון עוזאָ, די קינדער פון פָּסֵח;
52די קינדער פון בֵּסַי, די קינדער פון מְעונים, די קינדער
פון נפישסים; 53די קינדער פון בַּקבוק, די קינדער פון
חַקופאָ, די קינדער פון חַרחור; 54די קינדער פון בַּצלית,
די קינדער פון מחידאָ, די קינדער פון חַרשאָ; 55די קינדער
פון בַּרקוס, די קינדער פון סיסראָ, די קינדער פון תֶּמַח;
56די קינדער פון נציח, די קינדער פון חַטיפאָ.
57די קינדער פון שלמהס קנעכט:
די קינדער פון סוטַי, די קינדער פון סוֹפֶרֶת, די קינדער
פון פרידאָ; 58די קינדער פון יַעֲלאָ, די קינדער פון דַרקון,
די קינדער פון גִדֵל; 59די קינדער פון שפַטיָה, די קינדער
פון חַטיל, די קינדער פון פּוֹכֶרֶת־הַצבָיִים, די קינדער פון
אָמון.
60אַלע נתינים און די קינדער פון שלמהס קנעכט: דריי
הונדערט צוויי און ניינציק.

61און דאָס זיינען די וואָס זיינען אַרויפגעגאַנגען פון
תֵּל־מֶלַח, תֵּל־חַרשאָ, כּרוב, אַדון, און אִמֵר, און האָבן ניט
געקענט זאָגן זייער פאָטערהויז און זייער אָפּשטאַם, אויב
זיי זיינען פון ישׂראל:
62די קינדער פון דלָיָה, די קינדער פון טוֹבִיָה, די
קינדער פון נקודאָ—זעקס הונדערט און צוויי און פערציק.
63און פון די כֹּהנים: די קינדער פון חָבַיָה, די קינדער
פון הַקוֹץ, די קינדער פון בַּרזִלַין וואָס האָט גענומען אַ ווייב
פון די טעכטער פון בַּרזִלַין פון גִלעָד, און איז גערופן
געוואָרן אויף זייער נאָמען.
64די דאָזיקע האָבן געזוכט זייער יחוס־בריוו, און ער איז

ניט געפֿונען געוואָרן, און זיי זײַנען געהאַלטן געוואָרן פֿאַר
אומווערדיק צו דער כּהונה. 65 און דער תּרשתא האָט זיי
פֿאַרזאָגט, אַז זיי זאָלן ניט עסן פֿון דעם גאָר הייליקן, ביז
אַ כּהן וועט אויפֿשטיין מיט אורים־ותומים.

66 די גאַנצע עדה אין איינעם איז געווען צוויי און
פֿערציק טויזנט דריי הונדערט און זעכציק; 67 אַחוץ זייערע
קנעכט און זייערע דינסטן; די דאָזיקע זײַנען געווען זיבן
טויזנט דריי הונדערט זיבן און דרײַסיק. און זיי האָבן
געהאַט זינגערס און זינגערנס צוויי הונדערט און פֿינף און
פֿערציק. 68 זייערע פֿערד זײַנען געווען זיבן הונדערט
זעקס און דרײַסיק; זייערע מוילאייזלען, צוויי הונדערט
פֿינף און פֿערציק; 69 קעמלען פֿיר הונדערט פֿינף און
דרײַסיק; אייזלען, זעקס טויזנט זיבן הונדערט און צוואַנציק.
70 און טייל פֿון צווישן די הויפּטן פֿון די פֿאָטער־
הײַזער האָבן געשאָנקען פֿאַר דער אַרבעט. דער תּרשתא
האָט געגעבן פֿאַר דעם שאַץ, גאָלד טויזנט דרכּמונים,
שפּרענגבעקנס פֿופֿציק, העמדלאַך פֿאַר די כּהנים פֿינף
הונדערט און דרײַסיק. 71 און טייל פֿון די הויפּטן פֿון די
פֿאָטערהײַזער האָבן געגעבן פֿאַר דעם שאַץ פֿון דער
אַרבעט, גאָלד צוואַנציק טויזנט דרכּמונים, און זילבער
צוויי טויזנט און צוויי הונדערט מנה. 72 און וואָס דאָס
איבעריקע פֿאָלק האָט געגעבן איז געווען: גאָלד צוואַנציק
טויזנט דרכּמונים, און זילבער צוויי טויזנט מנה, און
העמדלאַך פֿאַר די כּהנים זיבן און זעכציק.
73 און די כּהנים און די לוִיִם, און די טויערלײַט, און
די זינגערס, און טייל פֿון דעם פֿאָלק, און די נתינים, און
גאַנץ ישׂראל, האָבן זיך באַזעצט אין זייערע שטעט.

און אַז דער זיבעטער חודש איז געקומען, און די קינ־
דער פון ישׂראל זיינען געווען אין זייערע שטעט, **ח** [1]האָט
זיך דאָס גאַנצע פאָלק אײַנגעזאַמלט אַזוי ווי איין מאַן
אויף דעם ברייטן פּלאַץ וואָס פאַר דעם וואַסערטויער,
און זיי האָבן גערעדט צו עזרא דעם שרייבער, צו ברענ־
גען דאָס בוך פון תּורת־משה וואָס גאָט האָט באַפוילן
ישׂראל. [2]און עזרא דער כּהן האָט געבראַכט די תּורה
פאַר דער אײַנזאַמלונג, מענער און ווייבער, און אַלע וואָס
האָבן געקענט פאַרשטיין, אין ערשטן טאָג פון זיבעטן חודש.
[3]און ער האָט דערפון געלייענט פאַר דעם ברייטן פּלאַץ
וואָס פאַר דעם וואַסערטויער פון באַגינען ביז האַלבן טאָג,
פאַר די מענער און די ווייבער, און די וואָס האָבן פאַר־
שטאַנען; און די אויערן פון דעם גאַנצן פאָלק זיינען געווען
צו דעם בוך פון דער תּורה. [4]און עזרא דער שרייבער
איז געשטאַנען אויף אַ הילצערנעם באַלמעמער וואָס מע
האָט געמאַכט פאַר דער זאַך, און לעבן אים איז געשטאַנען
מַתִּתיָה, און שֶׁמַע, און עֲנָיָה, און אורִיָה, און חִלקִיָה, און
מַעֲשֵׂיָה, אויף זיין רעכטער זייט; און פון זיין לינקער זייט,
פְּדָיָה, און מִישָׁאֵל, און מַלכִּיָה, און חָשום, און חַשבַּדָנָה,
זכַריָה, משולָם. [5]און עזרא האָט געעפנט דאָס בוך פאַר די
אויגן פון גאַנצן פאָלק, וואָרום ער איז געווען איבער דעם
גאַנצן פאָלק; און ווי ער האָט אויפגעעפנט, האָט דאָס
גאַנצע פאָלק זיך אויפגעשטעלט. [6]און עזרא האָט געלויבט
יהוה דעם גרויסן גאָט, און דאָס גאַנצע פאָלק האָט
געענטפערט: „אָמן! אָמן!" מיט אויפגעהויבענע הענט, און
זיי האָבן זיך געבייגט און זיך געבוקט צו גאָט מיטן פּנים צו
דער ערד. [7]און יֵשוּעַ, און בָּני, און שֵׁרֵבְיָה, יָמין, עַקוב,
שַׁבתַי, הודִיָה, מַעֲשֵׂיָה, קליטָא, עֲזַריָה, יוזָבָד, חָנָן, פּלָאיָה,

די לְוִיִם, האָבן געגעבן דעם פֿאָלק צו פֿאַרשטיין די תּורה,
און דאָס פֿאָלק איז געשטאַנען אויף זייער אָרט. 8און זיי
האָבן געלייענט פֿון דער תּורה פֿון גאָט קלאָר, און געמאַכט
שׂכלדיק און געגעבן צו פֿאַרשטיין דאָס געלייענטע.
9און נחמיה, דאָס איז דער תּרשתא, און עזרא דער כּהן,
דער שרײַבער, און די לְוִיִם וואָס האָבן געגעבן דעם פֿאָלק
צו פֿאַרשטיין, האָבן געזאָגט צום גאַנצן פֿאָלק: הײַנטיקער
טאָג איז הייליק צו יהוה אײַער גאָט; איר זאָלט ניט טרויערן
און ניט וויינען. וואָרום דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט געוויינט,
אַז זיי האָבן געהערט די ווערטער פֿון דער תּורה. 10און
ער האָט צו זיי געזאָגט: גייט עסט פֿעטע שפּײַזן, און טרינקט
זיסע געטראַנקען, און שיקט חלקים צו דעם וואָס בײַ אים
איז ניט אָנגעגרייט, וואָרום דער טאָג איז הייליק צו אונדזער
גאָט; און איר זאָלט אײַך ניט קלעמען, וואָרום די פֿרייד
פֿון גאָט איז אײַער שטאַרקייט. 11און די לְוִיִם האָבן אײַנ־
געשטילט דאָס גאַנצע פֿאָלק, אַזוי צו זאָגן: זײַט שטיל,
וואָרום דער טאָג איז הייליק, און איר זאָלט אײַך ניט
קלעמען. 12און דאָס גאַנצע פֿאָלק איז געגאַנגען עסן און
טרינקען, און זיך שיקן חלקים, און מאַכן אַ גרויסע שׂמחה,
וואָרום זיי האָבן פֿאַרשטאַנען די ווערטער וואָס מע האָט
זיי געלערנט.

13און אויפֿן צווייטן טאָג האָבן זיך אײַנגעזאַמלט די
הויפּטן פֿון די פֿאָטערהײַזער פֿון דעם גאַנצן פֿאָלק, די
כּהנים, און די לְוִיִם, צו עזרא דעם שרײַבער, כּדי זיך צו
קליגן אין די ווערטער פֿון דער תּורה. 14און זיי האָבן
געפֿונען געשריבן אין דער תּורה וואָס גאָט האָט באַפֿוילן
דורך משהן, אַז די קינדער פֿון ישׂראל זאָלן זיצן אין סוכּות
אין דעם יום־טוב פֿון זיבעטן חודש; 15און אַז זיי זאָלן

באַקאַנט מאַכן און אַרויסלאָזן אַן אויסרוף אין אַלע זייערע
שטעט, און אין ירושָלַיִם, אַזוי צו זאָגן: גייט אַרויס אין די בערג,
און ברענגט איילבערטצווייגן, און איילבוימצווייגן, און
מירטנצווייגן, און טייטלצווייגן, און צווייגן פון געדיכטע
בוימער, צו מאַכן סוכּות אַזוי ווי עס שטייט געשריבן.
[16]איז דאָס פאָלק אַרויסגעגאַנגען, און זיי האָבן געבראַכט,
און האָבן געמאַכט סוכּות איטלאַכער אויף זיין דאַך, און
אין זייערע הויפן, און אין די הויפן פון גאָטס הויז, און אויף
דעם ברייטן פלאַץ פון וואַסערטויער, און אויף דעם ברייטן
פלאַץ פון טויער פון אפרים. [17]און די גאַנצע עדה וואָס
האָט זיך אומגעקערט פון געפאַנגענשאַפט האָט געמאַכט
סוכּות, און זיי זיינען געזעסן אין סוכּות; וואָרום די קינדער
פון ישׂראל האָבן אַזוי ניט געטאָן פון די טעג פון יֵשוּעַ דעם
זון פון נון אָן ביז אויף יענעם טאָג. און עס איז געווען זייער
אַ גרויסע שׂמחה. [18]און ער האָט געלייענט פון דעם בוך פון
גאָטס תּורה טאָג אין טאָג, פון ערשטן טאָג ביזן לעצטן טאָג;
און זיי האָבן געמאַכט יום־טוב זיבן טעג, און אויפן אַכטן
טאָג אַ הייליקע איינזאַמלונג, אַזוי ווי דער דין.

ט [1]און אין פיר און צוואַנציקסטן טאָג פון דעםדאָזיקן
חודש האָבן זיך איינגעזאַמלט די קינדער פון ישׂראל
מיט פאַסטן, און מיט זאַק, און ערד אויף זיך. [2]און די
קינדער פון ישׂראל האָבן זיך אָפּגעשיידט פון אַלע פרעמד־
געבאָרענע, און זיי זיינען געשטאַנען און האָבן זיך מתוודה
געווען אויף זייערע זינד, און די פאַרברעכן פון זייערע
עלטערן. [3]און זיי זיינען געשטאַנען אויף זייער אָרט און
האָבן געלייענט אין דעם בוך פון דער תּורה פון יהוה זייער
גאָט אַ פערטל טאָג, און אַ פערטל טאָג האָבן זיי זיך מתוודה

געוועז, און זיך געבוקט צו יהוה זייער גאָט. [4]און יֵשוּעַ, און
בָּנִי, קַדמיאֵל, שבַנְיָה, בּוּני, שֵרֵבְיָה, בָּנִי, כּנָנִי, האָבּן זיך
אויפגעשטעלט אויף דער בימה פון די לוִיִים, און זיי האָבּן
געשריגן אויף אַ הויכן קָול צו יהוה זייער גאָט.
[5]און די לוִיִים, יֵשוּעַ, און קַדמיאֵל, בָּנִי, חֲשַבנְיָה, שֵרֵבְיָה,
הוֹדִיָה, שבַנְיָה, פּתַחיָה, האָבּן געזאָגט: שטייט אויף, לויבּט
יהוה אַייער גאָט פון אייבּיק ביז אייבּיק; און לאָז מען לויבּן
דיין פּראַכטיקן נאָמען וואָס איז דערהויבּן איבּער יעט־
ווערער לויב און רימונג.
[6]דו יהוה בּיסט אַליין; דו האָסט געמאַכט די הימלען,
די הימלען פון די הימלען, און זייער גאַנצן חיל, די ערד
און אַלץ וואָס אויף איר, די ימען און אַלץ וואָס אין זיי,
און דו האַלטסט זיי אַלעמען אויף, און דער חיל פון הימל
בּוקט זיך צו דיר. [7]דו בּיסט יהוה דער גאָט וואָס האָסט
אויסדערוויילט אַבְרָמען, און אים אַרויסגעצויגן פון אור־
כַּשׂדים, און געמאַכט זיין נאָמען אַבְרָהָם. [8]און האָסט
געפונען זיין האַרץ געטריי פאַר דיר, און האָסט געשלאָסן
מיט אים אַ בּונד צו געבּן דאָס לאַנד פון דעם כּנַעֲנִי, דעם
חִתִּי, דעם אֱמוֹרִי, און דעם פּרִזִי, און דעם יבוּסִי, און דעם
גִרגָשִי—עס צו געבּן צו זיין זאָמען; און דו האָסט מקיים געווען
דיינע ווערטער, וואָרום אַ גערעכטער בּיסטו. [9]און דו
האָסט געזען די פּיין פון אונדזערע עלטערן אין מִצרַיִם,
און האָסט געהערט זייער געשריי בּיים ים־סוף. [10]און האָסט
געמאַכט צייכנס און וווּנדער אויף פּרעהן, און אויף אַלע
זיינע קנעכט, און אויף דעם גאַנצן פאָלק פון זיין לאַנד,
וואָרום האָסט געוווּסט, אַז זיי האָבּן געמוטוויליקט איבּער
זיי; און האָסט דיר געמאַכט אַ נאָמען אַזוי ווי היינטיקן טאָג.
[11]און דעם ים האָסטו געשפּאָלטן פאַר זיי, און זיי זיינען

דורכגעגאַנגען אין מיטן ים אין טריקעניש, און זייערע נאָכ־
יאָגער האָסטו אַריינגעוואָרפן אין די טיפענישן אַזוי ווי
אַ שטיין אין מאַכטיקע וואַסערן. 12 און מיט אַ זייל פון
וואָלקן האָסטו זיי געפירט ביי טאָג, און מיט אַ זייל פון
פייער ביי נאַכט, כדי זיי צו לייכטן דעם וועג וואָס זיי זאָלן
אויף אים גיין. 13 און אויפן באַרג סיני האָסטו אַראָפּגע־
נידערט, און גערעדט צו זיי פון הימל, און האָסט זיי גע־
געבן ריכטיקע געזעצן, און אמתע לערנונגען, גוטע חוקים
און געבאָט. 14 און דיין הייליקן שבת האָסטו זיי געלאָזט
וויסן, און האָסט זיי באַפוילן געבאָט און געזעצן און אַ תּורה
דורך משה דיין קנעכט. 15 און ברויט פון הימל האָסטו זיי
געגעבן פאַר זייער הונגער, און וואַסער האָסטו זיי פון פעלז
אַרויסגעצויגן פאַר זייער דאָרשט, און האָסט זיי געהייסן
קומען אַרבן דאָס לאַנד וואָס דו האָסט אויפגעהויבן דיין
האַנט[a] זיי צו געבן. 16 אָבער זיי אַזוי ווי אונדזערע עלטערן
האָבן געמוטוויליקט און האַרט געמאַכט זייער נאַקן, און
זיי האָבן ניט צוגעהערט צו דיינע געבאָט, 17 און ניט געוואָלט
געהאָרכן, און זיי האָבן ניט געדאַכט אָן דיינע וווּנדער וואָס
דו האָסט מיט זיי געטאָן; נאָר זיי האָבן האַרט געמאַכט זייער
נאַקן, און געמאַכט אַ הויפּטמאַן זיך אומצוקערן צו זייער
קנעכטשאַפט אין זייער ווידערשפּעניקייט. אָבער דו ביסט
אַ גאָט פון פאַרגעבונג, לייטזעליק און דערבאַרימדיק,
איינגעהאַלטן אין צאָרן און רייך אין גענאָד, און האָסט זיי
ניט פאַרלאָזן. 18 אַפילו אַז זיי האָבן זיך געמאַכט אַ געגאָסן
קאַלב, און זיי האָבן געזאָגט: „דאָס איז דיין גאָט וואָס האָט
דיך אויפגעבראַכט פון מִצרַיִם", און זיי האָבן באַגאַנגען
גרויסע לעסטערונגען, 19 האָסטו פון דעטסוועגן אין דיין
גרויס דערבאַרימונג זיי ניט פאַרלאָזן אין דער מדבר; דער

[a] געשוואָרן.

זייל פון וואָלקן האָט זיך ניט אָפּגעטאָן פון זיי ביי טאָג, כּדי
זיי צו פירן אויפן וועג, און דער זייל פון פייער ביי נאַכט,
כּדי זיי צו לייכטן דעם וועג וואָס זיי זאָלן אויף אים גיין.
[20]און דיין גוטן גייסט האָסטו געגעבן, זיי צו קליגן, און דיין
מַן האָסטו ניט פאַרמיטן[א] פון זייער מויל, און וואַסער האָסטו
זיי געגעבן פאַר זייער דאָרשט. [21]און פערציק יאָר האָסטו
זיי אויסגעהאַלטן אין דער מדבר; גאָרנישט האָט זיי
געפעלט; זייערע קליידער זיינען ניט אָפּגעטראָגן געוואָרן,
און זייערע פיס זיינען ניט אויפגעלאָפן.

[22]און האָסט זיי געגעבן קיניגרייכן און פעלקער, און
האָסט זיי אויסגעטיילט לויט גרענעצן; און זיי האָבן געאַרבט
דאָס לאַנד פון סיחוֹנען — דאָס לאַנד פון דעם מלך פון
חֶשבּוֹן, און דאָס לאַנד פון עוֹג דעם מלך פון בָּשָן. [23]און
זייערע קינדער האָסטו געמערט אַזוי ווי די שטערן פון
הימל, און האָסט זיי געבראַכט אין דעם לאַנד וואָס דו האָסט
געהייסן זייערע עלטערן קומען אַרבן. [24]און די קינדער
זיינען געקומען, און האָבן געאַרבט דאָס לאַנד, און דו האָסט
אונטערטעניק געמאַכט פאַר זיי די באַוווינער פון לאַנד
די כּנַעֲנים[ב], און האָסט זיי געגעבן אין זייער האַנט, מיט
זייערע מלכים און די פעלקער פון לאַנד, צו טאָן מיט
זיי לויט זייער ווילן. [25]און זיי האָבן באַצוווּנגען באַ־
פעסטיקטע שטעט און פעטע ערד, און האָבן געאַרבט
הייזער פול מיט כָּל־טוב, ברונעמער אויסגעהאַקטע, וויינ־
גערטנער און אייבערטגערטנער, און בוימער צום עסן
לרוב; און זיי האָבן געגעסן און זיינען זאַט און פעט געוואָרן,
און האָבן זיך וווּיל געטאָן מיט דיין גרויס גוטס.

[26]און זיי האָבן ווידערשפּעניקט און זיך געשטעלט[ג]
אַקעגן דיר, און זיי האָבן אַוועקגעוואָרפן דיין תּוֹרה הינטער

[א] וואָרטשפּיל: מַנְךָ—מָנַעְתָּ. [ב] וואָרטשפּיל: וַתַּכְנַע—הַכְּנַעֲנִים. [ג] וואָרטשפּיל: וַיַּמְרוּ—וַיִּמְרְדוּ.

זייער רוקן, און האָבן געהרגעט דיינע נביאים וואָס האָבן
זיי געוואָרנט, כּדי זיי אומצוקערן צו דיר, און זיי האָבן
באַגאַנגען גרויסע לעסטערונגען. [27]און דו האָסט זיי געגעבן
אין דער האַנט פֿון זייערע דריקער, און זיי האָבן זיי
געדריקט. און אין דער צייט פֿון זייער נויט פֿלעגן זיי
שרייען צו דיר, און דו פֿון הימל פֿלעגסט זיי צוהערן, און
לויט דיין גרויס דערבאַרימונג פֿלעגסטו זיי געבן העלפֿער
וואָס זאָלן זיי העלפֿן פֿון דער האַנט פֿון זייערע דריקער.
[28]אָבער ווי זיי איז באַרוט געוואָרן, פֿלעגן זיי ווידער שלעכטס
טאָן פֿאַר דיר; און דו האָסט זיי איבערגעלאָזן אין דער
האַנט פֿון זייערע פֿיינט, און זיי האָבן געוועלטיקט איבער
זיי; און זיי האָבן ווידער געשריען צו דיר, און דו פֿון הימל
פֿלעגסט צוהערן, און פֿלעגסט זיי צוהערן און זיי מציל
זיין לויט דיין דערבאַרימונג פֿיל מאָל. [29]און האָסט זיי
געוואָרנט, כּדי זיי אומצוקערן צו דיין תּוֹרה, אָבער זיי האָבן
געמוטוויליקט, און האָבן ניט צוגעהערט צו דיינע געבאָט,
נאָר געזינדיקט אַקעגן דיינע געזעצן, וואָס אַז אַ מענטש
טוט זיי, לעבט ער דורך זיי; און זיי האָבן געקערט אַ
ווידערשפּעניקן רוקן, און האָבן האַרט געמאַכט זייער נאַקן,
און ניט צוגעהערט. [30]און האָסט זיי אָפּגעצויגן פֿיל יאָרן,
און האָסט זיי געוואָרנט מיט דיין גייסט דורך דיינע נביאים,
אָבער זיי האָבן ניט צוגעלייגט דאָס אויער; און דו האָסט
זיי געגעבן אין דער האַנט פֿון די פֿעלקער פֿון די לענדער.
[31]אָבער אין דיין גרויס דערבאַרימונג האָסטו ניט געמאַכט
פֿון זיי אַ פֿאַרלענדונג, און האָסט זיי ניט פֿאַרלאָזן, וואָרום
אַ גאָט אַ לייטזעליקער און אַ דערבאַרימדיקער ביסטו.
[32]און אַצונד, אונדזער גאָט, דער גרויסער, שטאַרקער,
און פֿאָרכטיקער גאָט, וואָס היט דעם בונד און די גענאָד,

זאָל ניט ווינציק זײַן פֿאַר דיר אַלדי מאַטערניש וואָס האָט
געטראָפֿן אונדז, אונדזערע מלכים, אונדזערע האַרן, און
אונדזערע כּהנים, און אונדזערע נביאים, און אונדזערע
עלטערן ,און דײַן גאַנצן פֿאָלק, פֿון די טעג פֿון די מלכים
פֿון אַשור אָן ביז אויף הײַנטיקן טאָג. [33]יאָ, דו ביסט
גערעכט אין אַלץ וואָס איז געקומען אויף אונדז, וואָרום
דו האָסט געטאָן וואָרהאַפּטיק, און מיר האָבן שלעכטס
געטאָן. [34]און אונדזערע מלכים, אונדזערע האַרן, אונדזערע
כּהנים, און אונדזערע עלטערן, האָבן ניט געטאָן דײַן תּורה,
און ניט פֿאַרנומען דײַנע געבאָט, און דײַנע אָנזאָגן וואָס
דו האָסט זיי אָנגעזאָגט. [35]וואָרום אַז זיי זײַנען געווען אין
זייער מלוכה, און אין דײַן גרויסן גוטס וואָס דו האָסט זיי
געגעבן, און אין דעם ברייטן און פֿעטן לאַנד וואָס דו האָסט
איבערגעגעבן צו זיי, האָבן זיי דיר ניט געדינט, און זיי האָבן
זיך ניט אומגעקערט פֿון זייערע שלעכטע מעשׂים.
[36]אָט זײַנען מיר הײַנט קנעכט, און דאָס לאַנד וואָס דו
האָסט געגעבן אונדזערע עלטערן, צו עסן איר פּרוכט און
איר גוטס, אָט זײַנען מיר קנעכט דערויף; [37]און זי מערט
אירע תּבֿואה פֿאַר די מלכים וואָס דו האָסט געגעבן איבער
אונדז פֿאַר אונדזערע זינד; און זיי געוועלטיקן איבער
אונדזערע לײַבער, און איבער אונדזערע בהמות, לויט
זייער ווילן, און מיר זײַנען אין גרויס נויט.

י [1]אָבער בײַ אַלעם דעם שליסן מיר אַן אָפּמאַך, און
שרײַבן זיך אונטער; און אויף דעם געחתמעטן [געשריפֿט]
זײַנען אונדזערע האַרן, אונדזערע לוִיִים, אונדזערע כּהנים.
[2]און אויף די געחתמעטע [געשריפֿצן] זײַנען געווען:
נחֶמיָה דער תּרשָתאָ, דער זון פֿון חֲכַליָהן, און צִדקִיָה;

3שְׂרָיָה, עֲזַרְיָה, יִרְמְיָה; 4פַּשְׁחוּר, אֲמַרְיָה, מַלְכִּיָה; 5חַטּוּש,
שְׁבַנְיָה, מַלּוּך; 6חָרִם, מְרֵמוֹת, עֹבַדְיָה; 7דָנִיֵאל, גִנְּתוֹן,
בָּרוּך; 8מְשֻׁלָּם, אֲבִיָה, מִיָּמִן; 9מַעַזְיָה, בִּלְגַּי, שְׁמַעְיָה.
דאָס זיינען די כֹּהנים.
10און די לְוִיִם: יֵשׁוּעַ דער זון פון אֲזַנְיָהן, בִּנּוּי פון די
קינדער פון חֵנָדָד, קַדְמִיאֵל; 11און זייערע ברידער:
שְׁבַנְיָה, הוֹדִיָה, קְלִיטָא, פְּלָאיָה, חָנָן; 12מִיכָא, רְחוֹב, חֲשַׁבְיָה;
13זַכּוּר, שֵׁרֵבְיָה, שְׁבַנְיָה; 14הוֹדִיָה, בָּנִי, בְּנִינוּ.
15די הויפּטן פון דעם פאָלק: פַּרְעוֹשׁ, פַּחַת־מוֹאָב, עֵילָם,
זַתּוּא, בָּנִי; 16בֻּנִּי, עַזְגָּד, בֵּבָי; 17אֲדֹנִיָּה, בִגְוַי, עָדִין; 18אָטֵר,
חִזְקִיָּה, עַזּוּר; 19הוֹדִיָה, חָשׁוּם, בֵּצָי; 20חָרִיף, עֲנָתוֹת, נֵיבָי;
21מַגְפִּיעָשׁ, מְשֻׁלָּם, חֵזִיר; 22מְשֵׁיזַבְאֵל, צָדוֹק, יַדּוּעַ;
23פְּלַטְיָה, חָנָן, עֲנָיָה; 24הוֹשֵׁעַ, חֲנַנְיָה, חַשּׁוּב; 25הַלּוֹחֵשׁ,
פִּלְחָא, שׁוֹבֵק; 26רְחוּם, חֲשַׁבְנָה, מַעֲשֵׂיָה; 27און אֲחִיָה, חָנָן,
עָנָן; 28מַלּוּך, חָרִם, בַּעֲנָה.
29און דאָס איבעריקע פאָלק, די כֹּהנים, די לְוִיִם, די
טויערלייט, די זינגערס, די נתינים, און אַלע וואָס האָבן
זיך אָפּגעשיידט פון די פעלקער פון די לענדער צו דער
תּוֹרה פון גאָט, זייערע ווייבער, זייערע זין, און זייערע
טעכטער, איטלאַכער וואָס האָט געוווּסט [און] פאַרשטאַנען,
30האָבן זיך געהאַלטן אָן זייערע ברידער, זייערע גרויסע
לייט, און זיי זיינען אַריין אין אַ קללה און אין אַ שבועה צו גיין
אין דער תּוֹרה פון גאָט וואָס איז געגעבן געוואָרן דורך דער
האַנט פון משה דעם קנעכט פון גאָט, און צו היטן און צו
טאָן אַלע געבאָט פון יהוה אונדזער האַר, און זיינע געזעצן
און זיינע חוקים; 31און אַז מיר זאָלן ניט געבן אונדזערע
טעכטער צו די פעלקער פון לאַנד, און זייערע טעכטער
ניט נעמען פאַר אונדזערע זין; 32און די פעלקער פון לאַנד

וואָס ברענגען סחורות און אַלערליי תּבואה אין טאָג פון
שבת צו פאַרקויפן, זאָלן מיר פון זיי ניט קויפן אום שבת
אָדער אין אַ הייליקן טאָג; און אַז מיר זאָלן אָפּלאָזן [דאָס
פעלד] אין זיבעטן יאָר, און איטלאַכן חוב.[א]
[33]און מיר האָבן געשטעלט אויף אונדז אַ מִצווה, אַרויפ־
צולייגן אויף זיך אַ דריטל שֶקל אַ יאָר פאַר דעם דינסט
פון אונדזער גאָטס הויז, [34]פאַר דעם אויסגעלייגטן ברויט,
און דעם שטענדיקן שפּייזאָפּפער, און פאַר דעם שטענדיקן
בראַנדאָפּפער פון די שבתים, פון ראָש־חודש, פאַר די
יָום־טובים; און פאַר די געהייליקטע קרבנות, און פאַר די
זינדאָפּפער מכפּר צו זיין אויף ישׂראל, און פאַר דער
גאַנצער אַרבעט פון אונדזער גאָטס הויז. [35]און מיר האָבן
גורל געוואָרפן, די כּהנים, די לוִיִים, און דאָס פאָלק, וועגן
דער גאָב פון האָלץ צו ברענגען אין הויז פון אונדזער גאָט
לויט אונדזערע פאָטערהייזער אין געשטעלטע צייטן יאָר
אין יאָר, אויף צו ברענגען אויף דעם מזבח פון יהוה אונדזער
גאָט, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן אין דער תּורה. [36][ב]און
צו ברענגען די ערשטצייטיקע פון אונדזער ערד, און די
ערשטצייטיקע פון יעטוועדער פּרוכט פון אַלערליי
בוימער, יאָר אין יאָר, אין הויז פון גאָט; [37]און די בכּורים
פון אונדזערע זין, און פון אונדזערע בהמות, אַזוי ווי עס
שטייט געשריבן אין דער תּורה, און די בכּורים פון אונדזערע
רינדער און אונדזערע שאָף, צו ברענגען אין הויז פון אונדזער
גאָט, צו די כּהנים וואָס באַדינען אין הויז פון אונדזער
גאָט. [38]און אַז דאָס ערשטע פון אונדזערע טייגמולטערס,
און אונדזערע אָפּשיידונגען, און פון דער פּרוכט פון
אַלערליי בוימער, פון וויין און אייל, זאָלן מיר ברענגען
צו די כּהנים אין די קאַמערן פון דעם הויז פון אונדזער גאָט;

[א] זע שמות כג, 10; ויקרא כה, 4. [ב] פאַרבינדט זיך מיט 33, 34.

און דעם מעשׂר פון אונדזער ערד צו די לְוִיִם; וואָרום זיי,
די לְוִיִם, נעמען דעם מעשׂר אין אַלע אונדזערע אַקער־
שטעט. 39און דער כֹּהן, דער זון פון אַהרן, זאָל זיין מיט
די לְוִיִם, ווען די לְוִיִם נעמען מעשׂר; און די לְוִיִם זאָלן
אַרויפברענגען דעם מעשׂר פון מעשׂר אין הויז פון אונדזער
גאָט, אין די קאַמערן פון דעם שאַצהויז. 40וואָרום די קינדער
פון ישׂראל און די קינדער פון לֵוִי זאָלן ברענגען די אָפּ־
שיידונג פון תּבואה, וויין, און אייל, אין די קאַמערן וואָס
דאָרטן זיינען די זאַכן פון הייליקטום, און פון די כֹּהנים
וואָס באַדינען, און פון די טויערלייט, און פון די זינגערס;
און מיר זאָלן ניט פאַרלאָזן דאָס הויז פון אונדזער גאָט.

יא 1און די האַרן פון פאָלק זיינען געזעסן אין ירושָלַיִם,
און דאָס איבעריקע פאָלק האָט געוואָרפן גורל, צו
ברענגען איינעם פון צען צו זיצן אין ירושָלַיִם דער הייליקער
שטאָט, און ניין טיילן אין די שטעט. 2און דאָס פאָלק האָט
געבענטשט אַלע מענער וואָס האָבן זיך מתנדב געווען צו
זיצן אין ירושָלַיִם.
3און דאָס זיינען די הויפּטלייט פון דער מדינה וואָס
זיינען געזעסן אין ירושָלַיִם—און אין די שטעט פון יהודה
זיינען געזעסן, איטלאַכער אויף זיין אייגנטום אין זייערע
שטעט, ישׂראל, די כֹּהנים, און די לְוִיִם, און די נתינים,
און די קינדער פון שלמהס קנעכט; 4און אין ירושָלַיִם
זיינען געזעסן פון די קינדער פון יהודה, און פון די קינדער
פון בנימין.
פון די קינדער פון יהודה:
עֲתָיָה דער זון פון עוזִיָה דעם זון פון זכַריָה, דעם זון
פון אֲמַריָה, דעם זון פון שפַטיָה, דעם זון פון מַהֲלַלְאֵלן,

פון די קינדער פון פֶּרֶץ; [5]און מַעֲשֵׂיָה דער זון פון בָּרוּך
דעם זון פון כָּל־חוֹזֶה, דעם זון פון חֲזָיָה, דעם זון פון עֲדָיָה,
דעם זון פון יוֹיָריב, דעם זון פון זכַריָה, דעם זון פון דעם
שִׁלוֹני. [6]אַלע קינדער פון פֶּרֶץ וואָס זיינען געזעסן אין
ירוּשָׁלַיִם זיינען געווען פיר הונדערט אַכט און זעכציק
העלדישע לייט.

[7]און דאָס זיינען די קינדער פון בנימין:

סַלוּא דער זון פון משוּלָם דעם זון פון יוֹעֵד, דעם זון
פון פּדָיָה, דעם זון פון קוֹלָיָה, דעם זון פון מַעֲשֵׂיָה, דעם
זון פון איתיאֵל, דעם זון פון ישַׁעְיָהן; [8]און נאָך אים גַבַּי,
סַלַי—ניין הונדערט אַכט און צוואַנציק. [9]און יוֹאֵל דער זון
פון זכרין איז געווען דער אויפזעער איבער זיי, און יהודה
דער זון פון הַסנוּאָהן איז געווען דער צווייטער איבער דער
שטאָט.

[10]פון די כֹּהנים:

ידַעְיָה דער זון פון יוֹיָריבן, יָכין, [11]שׂרָיָה דער זון פון
חִלקִיָה דעם זון פון משוּלָם, דעם זון פון צָדוֹק, דעם זון
פון מרָיוֹת, דעם זון פון אַחיטוּבן, דעם פירשט פון גאָטס
הויז, [12]און זייערע ברידער וואָס האָבן געטאָן די אַרבעט
פון דעם הויז—אַכט הונדערט צוויי און צוואַנציק. און עֲדָיָה
דער זון פון ירוֹחָם דעם זון פון פּלַליָה, דעם זון פון אַמצי,
דעם זון פון זכַריָה, דעם זון פון פַּשחוּר, דעם זון פון מַלכִּיָהן,
[13]און זיינע ברידער, הויפּטן פון פאָטערהייזער—צוויי הונ־
דערט און צוויי און פערציק. און עֲמַשסַי דער זון פון עֲזַראֵל
דעם זון פון אַחזַי, דעם זון פון משִׁלֵמוֹת, דעם זון פון אִמֵרן,
[14]און זייערע ברידער, העלדישע גיבּוֹרים—הונדערט אַכט
און צוואַנציק. און דער אויפזעער איבער זיי איז געווען
זַבדיאֵל דער זון פון הַגדוֹלימען.

15אוּן פוּן די לְוִיִים:
שְׁמַעְיָה דער זון פוּן חַשׁוּב דעם זון פוּן עַזְרִיקָם, דעם
זון פוּן חֲשַׁבְיָה, דעם זון פוּן בּוּנִי; 16אוּן שַׁבְּתַי, אוּן יוֹזָבָד,
פוּן די הויפּטן פוּן די לְוִיִים, איבּער דער אויסנווייניקסטער
אַרבּעט פוּן גאָטס הויז; 17אוּן מַתַּנְיָה דער זון פוּן מִיכָא
דעם זון פוּן זַבְדִּי, דעם זון פוּן אָסָף, דער ערשטער אָנ־
צוהייבּן דעם לויבּגעזאַנג בּיים געבּעט; אוּן בַּקְבֻּקְיָה דער
צווייטער צווישן זיינע בּרידער; אוּן עַבְדָא דער זון פוּן
שַׁמּוּעַ דעם זון פוּן גָּלָל, דעם זון פוּן ידוּתוּנען. 18אַלע
לְוִיִים אין דער הייליקער שטאָט זיינען געווען צוויי הוּנדערט
פיר אוּן אַכציק.
19אוּן די טויערלייט:
עַקּוּב, טַלְמוֹן, אוּן זייערע בּרידער וואָס האָבּן געהיט
בּיי די טויערן—הוּנדערט צוויי אוּן זיבּעציק.
20אוּן די איבּעריקע ישׂראל, כֹּהנים, לְוִיִים, זיינען געווען
אין אַלע שטעט פוּן יהוּדה, איטלאַכער אויף זיין נחלה.
21אוּן די נתינים זיינען געזעסן אין עֹפֶל; אוּן צִיחָא אוּן
גִשְׁפָּא זיינען געווען איבּער די נתינים.
22אוּן דער אויפזעער פוּן די לְוִיִים אין ירוּשָׁלַיִם איז
געווען עֻזִּי דער זון פוּן בָּנִי דעם זון פוּן חֲשַׁבְיָה, דעם זון
פוּן מַתַּנְיָה, דעם זון פוּן מִיכָאן, פוּן די קינדער פוּן אָסָף,
די זינגערס, איבּער דער ווירטשאַפט פוּן גאָטס הויז.
23וואָרוּם אַ בּאַפעל פוּן מלך איז געווען וועגן זיי, אוּן אַ
פעסטע בּאַשטימוּנג וועגן די זינגערס, לויט דעם בּאַדאַרף
פוּן איטלאַכן טאָג. 24אוּן פְּתַחְיָה דער זון פוּן מְשֵׁיזַבְאֵלן,
פוּן די קינדער פוּן זֶרַח דעם זון פוּן יהוּדהן, איז געווען לעבּן
דעם מלך פאַר איטלאַכער זאַך פוּן פאָלק.
25אוּן וועגן די דערפער מיט זייערע פעלדער: זיינען

טײל פֿון יהודה געזעסן אין קִריַת־אַרבַּע און אירע אַרו־
מיקע ערטער, און אין דיבון און אירע אַרומיקע ערטער,
און אין יקַבצאֵל און אירע דערפֿער; [26]און אין יֵשוּעַ, און
אין מוֹלָדָה, און אין בֵּית־פֶּלֶט; [27]און אין חֲצַר־שוּעָל, און
אין בְּאֵר־שֶׁבַע און אירע אַרומיקע ערטער; [28]און אין צִקלָג,
און אין מכוֹנָה און אין אירע אַרומיקע ערטער; [29]און אין
עֵין־רִמון, און אין צָרעָה, און אין יַרמוּת, [30]זָנוֹח, עֲדוּלָם,
און זײערע דערפֿער, לָכִיש און אירע פֿעלדער, עֲזֵקָה און
אירע אַרומיקע ערטער. און זײ האָבן געלאַגערט פֿון בְּאֵר־
שֶׁבַע ביז דעם טאָל פֿון הִנוֹם.

[31]און די קינדער פֿון בנימין, פֿון גֶבַע אָן, אין מִכמָש, און
עַיָה, און בֵּית־אֵל און אירע אַרומיקע ערטער, [32]עֲנָתוֹת,
נוֹב, עֲנַניָה, [33]חָצוֹר, רָמָה, גִתַּיִם, [34]חָדִיד, צבוֹעִים, נבַלָט,
[35]לוֹד, און אוֹנוֹ, גֵי־חֲרָשִים. [36]און פֿון די לוִיִים זײנען עטלאַכע
אָפּטײלונגען פֿון יהודה אַריבער צו בנימין.

יב [1]און דאָס זײנען די כֹּהנים און די לוִיִים װאָס זײנען
אַרױפֿגעגאַנגען מיט זרוּבָבֶל דעם זון פֿון שאַלתִיאֵלן,
און יֵשוּעַן: שׂרָיָה, יִרמיָה, עזרא; [2]אַמַריָה, מַלוּך, חַטוּש;
[3]שכַניָה, רחוּם, מרֵמוֹת; [4]עִדוֹא, גִנתוֹי, אֲבִיָה; [5]מִיָמִין,
מַעַדיָה, בִּלגָה; [6]שמַעיָה, און יוֹיָריב, ידַעיָה, [7]סַלוּ, עָמוֹק,
חִלקִיָה, ידַעיָה. דידאָזיקע זײנען געװען די הױפּטן פֿון די
כֹּהנים און זײערע ברידער אין די טעג פֿון יֵשוּעַן.

[8]און די לוִיִים: יֵשוּעַ, בִּנוּי, קַדמיאֵל, שֵׁרֵביָה, יהודה,
מַתַניָה אױף די לױבגעזאַנגען, ער און זײנע ברידער. [9]און
בַּקבּוּקיָה, און עוּני, זײערע ברידער, אַקעגן זײ אין װאַכן.
[10]און יֵשוּעַ האָט געבאָרן יוֹיָקימען, און יוֹיָקים האָט
געבאָרן אֶליָשיבן, און אֶליָשיב האָט געבאָרן יוֹיָדָען, [11]און

יוֹיָדָע האָט געבאָרן יוֹנָתָנען, און יוֹנָתָן האָט געבאָרן יַדוּעַן.
12און אין די טעג פון יוֹיָקימען זיינען געווען כֹּהנים
הויפּטן פון פאָטערהייזער: פון שׂרָיָה, מרָיָה; פון יִרמִיָה,
חנַניָה; 13פון עזרא, משולָם; פון אַמַריָה, יהוֹחָנָן; 14פון
מליכוּ, יוֹנָתָן; פון שבַניָה, יוֹסף; 15פון חָרִם, עַדנאָ; פון
מרָיוֹת, חֶלקַי; 16פון עִדוֹא, זכַריָה; פון גִנתוֹן, משולָם;
17פון אַבִיָה, זִכרי; פון מִניָמין, .... ; פון מוֹעַדיָה, פִּלטַי;
18פון בִלגָה, שַמוּעַ; פון שמַעיָה, יהוֹנָתָן; 19און פון יוֹיָריב,
מַתנַי; פון ידַעיָה, עוּזי; 20פון סַלַי, קַלַי; פון עָמוֹק, עֵבֶר;
21פון חִלקִיָה, חַשַביָה; פון ידַעיָה, נתַנאֵל.
22פון די לֵוִיִים זיינען אין די טעג פון אֶליָשיבן, יוֹיָדָען,
און יוֹחָנָנען, און יַדוּעַן, פאַרשריבן געוואָרן די הויפּטן פון
די פאָטערהייזער; דעסגלייכן פון די כֹּהנים בעת דער
מלוכה פון דָריָוֶש פון פָּרַס.
23פון די קינדער פון לֵוִי זיינען די הויפּטן פון די פאָטער־
הייזער געווען פאַרשריבן אין בוך פון די צייטגעשעענישן,
און ביז די טעג פון יוֹחָנָן דעם זון פון אֶליָשיבן. 24און די
הויפּטן פון די לֵוִיִים זיינען געווען: חַשַביָה, שֵרֵביָה, און
יֵשוּעַ דער זון פון קַדמִיאֵלן, מיט זייערע ברידער אַקעגן זיי,
אויף צו דאַנקען און צו לויבן לויט דעם באַפעל פון דוד
דעם געטלאַכן מאַן, אַ וואַך איבער אַ וואַך. 25מַתַניָה, און
בַקבוּקיָה, עוֹבַדיָה, משולָם, טַלמוֹן, עַקוּב, זיינען געווען
היטער, טויערלייט צו היטן ביי די זאַמלהייזער פון די
טויערן. 26דידאָזיקע זיינען געווען אין די טעג פון יוֹיָקים
דעם זון פון יֵשוּעַ דעם זון פון יוֹצָדָקן, און אין די טעג פון
נחֶמיָה דעם פירשט, און עזרא דעם כֹּהן, דעם שרייבער.

27און ביי דער באַנייאונג פון דער מויער פון ירושָלַיִם,

האָט מען אויפגעזוכט די לוִיִים פון אַלע זייערע ערטער,
זיי צו ברענגען קיין ירושָלַיִם כּדי צו מאַכן אַ באַנייאונג מיט
שׂמחה, און מיט דאַנקגעבונגען, און מיט געזאַנג, מיט צימבלען,
גיטאַרן, און האַרפן. [28]און די קינדער פון די זינגער האָבן
זיך אײַנגעזאַמלט אי פון דער געגנט אַרום ירושָלַיִם, אי פון
די דערפער פון די נטוֹפָתים; [29]און פון בֵּית־הַגִלְגָל, און פון
די פעלדער פון גֶבַע און עַזמָוֶת; וואָרום די זינגערס האָבן
זיך אויפגעבויט דערפער אַרום ירושָלַיִם. [30]און די כֹּהנים
און די לוִיִים האָבן זיך געריייניקט, און זיי האָבן געריייניקט
דאָס פאָלק, און די טויערן, און די מויער.
[31]און איך האָב אַרויפגעבראַכט די האַרן פון יהודה
אויף דער מויער; און איך האָב אײַנגעשטעלט צוויי גרויסע
לויב־מחנות און הַקָפוֹת רעכטס אויף דער מויער צום
מיסטטויער צו. [32]און הינטער זיי איז געגאַנגען הוֹשַׁעְיָה,
און אַ העלפט פון די האַרן פון יהודה; [33]און עֲזַריָה, עזרא,
און משולָם; [34]יהודה, און בנימין, און שמַעְיָה, און יִרמיָה.
[35]און פון די קינדער פון די כֹּהנים, מיט טרומייטן: זכַריָה
דער זון פון יוֹנָתָן דעם זון פון שמַעְיָה, דעם זון פון מַתַניָה,
דעם זון פון מיכָיָה, דעם זון פון זַכּור, דעם זון פון אָסָפן;
[36]און זײַנע ברידער, שמַעְיָה, און עֲזַראֵל, מִלְלַי, גִלְלַי, מָעַי,
נתַנאֵל, און יהודה, חֲנָני, מיט די כּלֵי־זֶמֶר פון דוד דעם
געטלאַכן מאַן, און עזרא דער שרײַבער זיי פאַרויס. [37]און
ביים קוואַלטויער, און גלײַך אַקעגן זיך, זײַנען זיי אַרויפ־
געגאַנגען מיט די טרעפּ פון דודס־שטאָט אויף דעם אַרויפ־
גאַנג פון דער מויער, איבער דעם הויז פון דוד, און ביז
דעם וואַסערטויער צו מזרח. [38]און די צווייטע לויב־מחנה
איז געגאַנגען אַנטקעגן, און איך הינטער איר, מיט אַ העלפט
פון פאָלק, אויף דער מויער, איבער דעם טורעם פון די

אויוונס, און ביז דער ברייטער מויער; [39]און איבער דעם
טויער פון אפרים, און איבער דעם אַלטן טויער, און איבער
דעם פישטויער, און דעם טורעם פון חֲנַנְאֵל, און דעם טורעם
פון הַמֵּאָה, און ביז דעם שאָפטויער; און זיי האָבן זיך אָפּ־
געשטעלט ביים טויער פון דער וואַך. [40]און די צוויי לויב־
מחנות האָבן זיך אויסגעשטעלט אין הויז פון גאָט, און איך,
און אַ העלפט פון די פאָרשטייער מיט מיר; [41]און די
כֹּהנים, אֶלְיָקִים, מַעֲשֵׂיָה, מִנְיָמִין, מִיכָיָה, אֶלְיוֹעֵינַי, זְכַרְיָה,
חֲנַנְיָה, מיט טרומייטן; [42]און מַעֲשֵׂיָה, און שְׁמַעְיָה, און אֶלְעָזָר,
און עוזי, און יְהוֹחָנָן, און מַלְכִּיָה, און עֵילָם, און עֶזֶר. און
די זינגערס האָבן געזונגען אין דער הייך, און יִזְרַחְיָה איז
געווען דער אויפזעער. [43]און זיי האָבן געשלאַכט אין יענעם
טאָג גרויסע שלאַכטאָפּפער, וואָרום זיי האָבן זיך געפרייט,
ווייל גאָט האָט זיי דערפרייט אַ גרויסע פרייד, און אויך
די ווייבער און די קינדער האָבן זיך געפרייט; און די שׂמחה
פון ירושָלַיִם האָט זיך געהערט ביז אין דער ווייטן.

[44]און אין יענעם טאָג זיינען אויפגעזעצט געוואָרן מענטשן
אויף די קאַמערן פאַר די שאַצן, פאַר די אָפּשיידונגען, פאַר
די ערשטפרוכטן, און פאַר די מעשׂרות, כדי אַיינצוזאַמלען
אין זיי, לויט די פעלדער פון די שטעט, די אָפּגאָבן פון דער
תּוֹרה פאַר די כֹּהנים און פאַר די לֵוִיִים; וואָרום יהודה האָט
זיך געפרייט מיט די כֹּהנים און מיט די לֵוִיִים וואָס זיינען
דאָרטן געשטאַנען. [45]און זיי האָבן געהיט די היטונג פון
זייער גאָט, און די היטונג פון רייניקונג; דעסגלייכן די
זינגערס, און די טויערלייט, לויט דעם באַפעל פון דודן
[און] זיין זון שלמהן. [46]וואָרום נאָך פון פאַרצייטן, אין די
טעג פון דודן און אָסָפן זיינען געווען אויבערזינגערס, און

געזאַנגען פון לויב און דאַנק צו גאָט. 47און גאַנץ ישׂראל
אין די טעג פון זרובבֿלן, און אין די טעג פון נחמיָהן, האָבן
געגעבן די אָפּגאָבן פאַר די זינגערס און די טויערלייט לויט
דעם באַדאַרף פון איטלאַכן טאָג; און זיי האָבן געהייליקט
פאַר די לוִיִים, און די לוִיִים האָבן געהייליקט פאַר די קינ־
דער פון אַהרן.

## יג

1אין יענעם טאָג איז געלייענט געוואָרן פון דעם בוך
פון משהן אין די אויערן פון פאָלק, און עס איז גע־
פונען געוואָרן געשריבן דערין, אַז אַן עמוני און אַ מואָבי
זאָל ניט קומען אין דער עדה פון גאָט ביז אויף אייביק,
2ווייל זיי זיינען ניט אַקעגנגעקומען די קינדער פון ישׂראל
מיט ברויט און מיט וואַסער, און זיי האָבן אָנגעדונגען אויף
זיי בלעָמען זיי צו שילטן, נאָר אונדזער גאָט האָט פאַרקערט
די קללה אין אַ ברכה. 3און עס איז געווען, ווי זיי האָבן
געהערט די תורה, אַזוי האָבן זיי אָפּגעשיידט יעטוועדער
מישונג פון ישׂראל.

4און פאַר דעם האָט אֶלישיב דער כהן וואָס איז געווען
געשטעלט איבער די קאַמערן פון אונדזער גאָטס הויז,
אַ קרוב פון טוביָהן, 5געהאַט געמאַכט פאַר אים אַ גרויסע
קאַמער, דאָרט וווּ מע האָט פריער אַוועקגעלייגט דאָס
שפּייזאָפּפער, דעם ווייררויך, און די כלים, און דעם מעשׂר
פון תבואה, ווייַן, און אייל, וואָס איז באַפוילן פאַר די
לוִיִים, און די זינגערס, און די טויערלייט, און די אָפּשיידונג
פאַר די כהנים. 6און בעת דעם אַלעם בין איך ניט געווען
אין ירושלַיִם, וואָרום אין צוויי און דרייסיקסטן יאָר פון
אַרתחשסתּא, דעם מלך פון בָבל, בין איך אַוועק צום מלך,

און ערשט נאָך אַ פֿאַרלויף פֿון טעג האָב איך זיך אָפּגעבעטן
ביים מלך. 7און איך בין געקומען קיין ירושָלַיִם, און האָב
געמערקט דאָס בייז וואָס אֶליָשיב האָט געטאָן פֿון טוֹביָהס
וועגן, אים צו מאַכן אַ קאַמער אין די הויפֿן פֿון גאָטס הויז.
8און מיך האָט זייער געערגערט, און איך האָב אַרויס־
געוואָרפֿן אַלע זאַכן פֿון טוֹבִיָהס הויז דרויסן פֿון דער
קאַמער. 9און איך האָב געהייסן, און מע האָט גערייניקט
די קאַמערן, און איך האָב אומגעקערט אַהין די כּלים פֿון
גאָטס הויז, דאָס שפּייזאָפּפֿער, און דעם ווייַרויך.
10און איך האָב זיך דערוווסט אַז די אָפּגאָבן פֿון די
לֵוִיִים זיינען ניט געגעבן געוואָרן, און די לֵוִיִים און די זינגערס
וואָס האָבן געטאָן די אַרבעט, זיינען צעלאָפֿן איטלאַכער
צו זיין פֿעלד. 11האָב איך זיך געקריגט מיט די פֿאָרשטייער,
און איך האָב געזאָגט: פֿאַרוואָס איז פֿאַרלאָזן געוואָרן דאָס
הויז פֿון גאָט? און איך האָב זיי איינגעזאַמלט, און האָב
זיי געשטעלט אויף זייער אָרט. 12און גאַנץ יהודה האָבן
געבראַכט מעשׂר פֿון תּבֿואה, און אייל, און וויין, אין די
שאַצקאַמערן. 13און איך האָב געמאַכט פֿאַר שאַצמייסטער
איבער די שאַצקאַמערן, שֶׁלֶמְיָה דעם כּהן, און צָדוֹק דעם
שרייבער, און פְּדָיָהן פֿון די לֵוִיִים, און זיי צו דער האַנט,
חָנָן דעם זון פֿון זַכּוּר דעם זון פֿון מַתַּנְיָהן, ווייל זיי זיינען
געווען פֿאַררעכנט פֿאַר באַגלויבטע; און אויף זיי איז געלעגן
אויסצוטיילן צו זייערע ברידער.
14געדענק מיר, גאָט מיינער, פֿאַר דעם, און לאָז ניט
אָפּגעמעקט ווערן מיינע גוטע זאַכן וואָס איך האָב געטאָן
פֿאַר דעם הויז פֿון מיין גאָט, און פֿאַר זיינע וואַכן.
15אין יענע טעג האָב איך געזען אין יהודה ווי מע טרעט
קעלטערן אום שבת, און מע ברענגט אַריין די סטויגן, און

מע לאָדט אָן אויף אייזלען, און אויך וויין, טרויבן, און
פֿייגן, און אַלערליי משׂא, און מע ברענגט אין ירושָלַיִם אין
טאָג פֿון שבת; און איך האָב זיי געוואָרנט אין דעם טאָג
וואָס זיי האָבן פֿאַרקויפֿט שפּייז. 16 אויך די צורים וואָס
האָבן געוווינט אין איר, פֿלעגן ברענגען פֿיש און אַלערליי
סחורה, און פֿאַרקויפֿן אום שבת צו די קינדער פֿון יהודה,
און אין ירושָלַיִם. 17 האָב איך זיך געקריגט מיט די אַדל־
לייט פֿון יהודה, און איך האָב צו זיי געזאָגט: וואָס איז דאָס
פֿאַר אַ שלעכטע זאַך וואָס איר טוט, און פֿאַרשוועכט דעם
טאָג פֿון שבת? 18 האָבן ניט אַזוי געטאָן אײַערע עלטערן,
און אונדזער גאָט האָט געבראַכט דאָסדאָזיקע גאַנצע בייז
אויף אונדז, און אויף דערדאָזיקער שטאָט? און איר מערט
נאָך גרימצאָרן אויף ישׂראל, מחלל שבת צו זיין?
19 און עס איז געווען, ווי די טויערן פֿון ירושָלַיִם האָבן
אָנגעהויבן ווערן טונקל פֿאַר שבת, אַזוי האָב איך געהייסן,
און די טירן זיינען פֿאַרשלאָסן געוואָרן, און איך האָב
אָנגעזאָגט, אַז מע זאָל זיי ניט עפֿענען ביז נאָך שבת; און פֿון
מיינע יונגען האָב איך געשטעלט ביי די טויערן, אַז קיין
משׂא זאָל ניט אַריינקומען אין טאָג פֿון שבת. 20 און די
הענדלער און די פֿאַרקויפֿער פֿון אַלערליי סחורה האָבן
גענעכטיקט דרויסן פֿון ירושָלַיִם איין מאָל און צוויי מאָל.
21 האָב איך זיי געוואָרנט, און האָב צו זיי געזאָגט: פֿאַרוואָס
נעכטיקט איר לעבן דער מויער? אַז איר וועט עס טאָן אַ
צווייט מאָל, וועל איך לייגן אַ האַנט אויף אײַך. פֿון יע־
נער צייט אָן זיינען זיי ניט געקומען אום שבת. 22 און איך
האָב אָנגעזאָגט די לוִיִם, אַז זיי זאָלן זיך רייניקן, און
קומען היטן די טויערן, כּדי צו האַלטן הייליק דעם טאָג
פֿון שבת.

דאָס אויך געדענק מיר, גאָט מײַנער, און באַשיץ מיך לויט דײַן גרויס גענאָד.

[23]אויך האָב איך אין יענע טעג געזען אידן וואָס האָבן גענומען אַשדודישע, עַמונישע, מואָבישע ווײַבער. [24]און זייערע קינדער האָבן האַלב גערעדט אַשדודיש, און האָבן ניט געקענט רעדן יהודיש, נייערט לויט דעם לשון פֿון דעם פֿאָלק אָדער יענעם. [25]האָב איך זיך געקריגט מיט זיי, און איך האָב זיי געשאָלטן, און איך האָב געשלאָגן עטלאַכע פֿון זיי, און זיי געריסן פֿאַר די האָר. און איך האָב זיי באַשוואָרן בײַ גאָט: איר זאָלט ניט געבן אײַערע טעכטער צו זייערע זין, און ניט נעמען פֿון זייערע טעכטער פֿאַר אײַערע זין אָדער פֿאַר אײַך אַליין. [26]האָט ניט וועגן דעם זיך פֿאַרזינדיקט שלמה דער מלך פֿון ישׂראל, וואָס צווישן די פֿיל פֿעלקער איז ניט געווען אַ מלך אַזאַ ווי ער, און ער איז געווען באַליבט בײַ זײַן גאָט, און גאָט האָט אים געמאַכט פֿאַר אַ מלך איבער גאַנץ ישׂראל? אַפֿילו אים האָבן די פֿרעמדע ווײַבער געמאַכט זינדיקן. [27]און מיר זאָלן זיך צוהערן צו אײַך צו טאָן דאָסדאָזיקע גרויסע בייז, צו פֿעלשן אָן אונדזער גאָט, צו נעמען פֿרעמדע ווײַבער?

[28]און איינער פֿון די זין פֿון יוֹיָדָע דעם זון פֿון אֶלְיָשיב דעם כֹּהן־גָדול איז געווען אַן איידים פֿון סַנבַלַט דעם חוֹרוֹני, און איך האָב אים אַוועקגעיאָגט פֿון מיר.

[29]געדענק זיי, גאָט מײַנער, פֿאַר די פֿאַראומווערדיקונגען פֿון דער כהונה, און פֿון דעם בונד פֿון דער כהונה און די לוִיִים.

[30]אַזוי האָב איך זיי גערייניקט פֿון אַלעם פֿרעמדן, און איך האָב אײַנגעשטעלט די וואַכן פֿאַר די כֹּהנים און פֿאַר די לוִיִים, איטלאַכן אויף זײַן אַרבעט; [31]און אויף צו

ברענגען האָלץ אין געשטעלטע צייטן, און פאַר די ערשט־
צייטיקע פרוכטן.
דערמאָן דאָס מיר, גאָט מיינער, צום גוטן.

# דִברֵי הַיָמים א


| | | |
|---|---|---|
| יחוס־בריוו פון אָדָם ביז יעקב און עֵשָׂו. | א | 1 |
| פאַרצייכעניש פון די מלכים פון אֱדוֹם. | א | 35 |
| דער יחוס־בריוו פון שבט יהודה. | ב | 1 |
| דער יחוס־בריוו פון קיניגלאַכן הויז פון דוד. | ג | 1 |
| ווייטערע פאַרצייכעניש פון אָפּשטאַמען פון יהודה. | ד | 1 |
| דער יחוס־בריוו פון שבט שמעון. | ד | 24 |
| דער יחוס־בריוו פון שבט ראובן. | ה | 1 |
| דער יחוס־בריוו פון שבט גָד. די מלחמה פון די שבטים וואָס פון יענער זייט יַרדן מיט די הַגריאים. | ה | 11 |
| דער יחוס־בריוו פון אַ האַלבן שבט מנשה. | ה | 23 |
| דער יחוס־בריוו פון שבט לֵוִי. | ה | 27 |
| די שטעט וואָס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר די לוִיִים. | ו | 39 |
| דער יחוס־בריוו פון שבט יִשָׂשכָר. | ז | 1 |
| דער יחוס־בריוו פון שבט בנימין. | ז | 6 |
| דער יחוס־בריוו פון שבט נפתלי. | ז | 13 |
| דער יחוס־בריוו פון שבט מנשה. | ז | 14 |
| דער יחוס־בריוו פון שבט אפרים. | ז | 20 |
| דער יחוס־בריוו פון שבט אָשר. | ז | 30 |
| נאָך אַ פאַרצייכעניש פון שבט בנימין. | ח | 1 |
| דער יחוס־בריוו פון שָאולס הויז. | ח | 33 |
| אַ פאַרצייכעניש פון די באַוווינער פון ירושָלַיִם. די לוִיִים און זייערע אַמטן. די וואָס האָבן געוווינט אין גִבְעוֹן. די משפחה פון שָאולן. | ט | 1 |
| שָאולס טויט אויפן באַרג גִלבוֹעַ. | י | 1 |

דוד ווערט געזאַלבט פאַר אַ מלך אין חֶברון און ער
נעמט איין ירושָלַיִם. יא 1
די גיבורים וואָס זיינען געווען אַרום דודן. יא 10
די צאָל פון די קריגסלייט וואָס האָבן געקרוינט דודן
פאַר אַ מלך. יב 23
דער אָרון פון גאָט ווערט אַריבערגעבראַכט פון קִרְיַת־
יְעָרים צו דעם הויז פון עוֹבֵד־אֱדוֹם. יג 1
דוד בויט פאַר זיך אַ פּאַלאַץ. דודס ווייבער. זיינע זיגן
איבער די פּלִשתּים. יד 1
דער אָרון פון גאָט ווערט געבראַכט קיין צִיון. טו 1
דאָס דאַנקליד וואָס די לוִיִים האָבן געזונגען. טז 1
גאָט זאָגט צו דודן אַז זיין הויז וועט אייביק באַשטיין. יז 1
דודס העלדישע אויפטוען, און זיינע באַאַמטע. יח 1
דודס מלחמות מיט די עַמונים און זייערע העלפער,
און זיין זיג איבער זיי. זיינע מלחמות מיט די
פּלִשתּים. יט 1
דוד ציילט דאָס פאָלק, און דערפאַר קומט אַ מגפה
אויפן פאָלק. דוד בויט אַ מזבח און איז מַקריב
קרבנות און די מגפה הערט אויף. כא 1
דוד גרייט אָן אַלץ וואָס איז נייטיק אויף צו בויען דעם
בית־מקדש, און זאָגט אָן שלמהן אים צו בויען. כב 2
די אַיינטיילונג פון די לוִיִים לויט זייערע אַמטן. כג 1
אַיינטיילונג פון די כּהנים אין פיר און צוואַנציק אָפּטיי־
לונגען. ווידער אַן אויסרעכענונג פון די הויפּטן פון
די לוִיִים. כד 1
די פיר און צוואַנציק אָפּטיילונגען פון די זינגער און
שפּילער אין גאָטס הויז. כה 1
די אַיינטיילונגען פון די שוועלהיטער, די שאַצמייסטער
און די אויפזעער. כו 1

די צוועלף אָפּטיילונגען פון חיל. די באַאַמטע און פאַר־
וואַלטער פון דעם מלך דוד. כז 1
דוד מאַכט זיין צוואה פאַר די פירער פון דעם פאָלק
וועגן דעם בית־המקדש, און זאָגט זיי אָן צו העלפן
זיין זון שלמהן אויסצופירן די אַרבעט. כח 1
דודס מלוכה און זיין טויט. כט 26

# דִבְרֵי הַיָמִים א

א 1אָדָם, שֵׁת, אֱנוֹשׁ; 2קֵינָן, מַהֲלַלְאֵל, יָרֶד; 3חֲנוֹך, מְתוּשֶׁלַח,
לֶמֶך; 4נֹחַ, שֵׁם, חָם, און יֶפֶת.
5די זין פון יֶפֶתן: גוֹמֶר, און מָגוֹג, און מָדַי, און יָוָן,
און תּוּבַל, און מֶשֶׁך, און תִּירָס. 6און די זין פון גוֹמֶרן:
אַשְׁכְּנַז, און רִיפַת, און תּוֹגַרְמָה. 7און די זין פון יָוָנען:
אֱלִישָׁה, און תַּרְשִׁישָׁה, די כִּתִּים, און די דוֹדָנִים.
8די זין פון חָמען: כּוּשׁ, און מִצְרַיִם, פּוּט, און כְּנַעַן.
9און די זין פון כּוּשׁן: סְבָא, און חֲוִילָה, און סַבְתָּא, און
רַעְמָא, און סַבְתְּכָא. און די זין פון רַעְמָאן: שְׁבָא, און דְדָן.
10און כּוּשׁ האָט געבאָרן נִמְרוֹדן. ער איז געווען דער ערשטער
מאַכטיקער אויף דער ערד. 11און מִצְרַיִם האָט געבאָרן
די לוּדִים, און די עֲנָמִים, און די לְהָבִים, און די נַפְתּוּחִים,
12און די פַּתְרוּסִים, און די כַּסְלוּחִים,—פון וואַנען די פְּלִשְׁתִּים
זיינען אַרויסגעקומען—און די כַּפְתּוֹרִים. 13און כְּנַעַן האָט
געבאָרן צִידוֹן זיין בְּכוֹר, און חֵתן; 14און דעם יְבוּסִי, און
דעם אֱמוֹרִי, און דעם גִרְגָשִׁי; 15און דעם חִוִי, און דעם עַרְקִי,
און דעם סִינִי; 16און דעם אַרְוָדִי, און דעם צְמָרִי, און דעם
חֲמָתִי.
17די זין פון שֵׁמען: עֵילָם, און אַשּׁוּר, און אַרְפַּכְשַׁד,
און לוּד, און אֲרָם, און עוּץ, און חוּל, און גֶתֶר, און מֶשֶׁך.
18און אַרְפַּכְשַׁד האָט געבאָרן שֶׁלַחן, און שֶׁלַח האָט געבאָרן
עֵבֶרן. 19און בײַ עֵבֶרן זיינען געבאָרן געוואָרן צוויי זין;
דער נאָמען פון איינעם איז געווען פֶּלֶג[א], ווייל אין זיינע טעג
איז צעטיילט געוואָרן די ערד; און דער נאָמען פון זיין
ברודער איז געווען יָקְטָן. 20און יָקְטָן האָט געבאָרן

[א] ד. ה. צעטיילונג.

אַלמוֹדָדן, און שֶׁלֶפֿן, און חֲצַרמָוֶתן, און יֶרחן; 21און הֲדוֹרָמען,
און אוּזָלן, און דִקלָהן; 22און עֵיבָלן, און אֲבִימָאֵלן, און שבָאן;
23און אוֹפירן, און חֲוִילָהן, און יוֹבָבן. די אַלע זיינען געווען
יָקטָנס זין.

24שֵׁם, אַרפַּכשַׁד, שֶׁלַח; 25עֵבֶר, פֶּלֶג, רְעוּ; 26שְׂרוּג, נָחוֹר,
תֶּרַח; 27אַבְרָם, דאָס איז אַבְרָהָם. 28די זין פֿון אַברהמען:
יִצחָק, און יִשמָעֵאל.

29דאָס זיינען זייערע געבורטן: דער בְּכוֹר פֿון יִשמָעֵאלן,
נְבָיוֹת, און קֵדָר, און אַדבְּאֵל, און מִבשָׂם; 30מִשמָע, און דוּמָה,
מַשָׂא, חֲדַד, און תֵּימָא; 31יְטוּר, נָפִיש, און קֵדמָה. 31דאָס
זיינען די זין פֿון יִשמָעֵאלן.

32און די זין פֿון קטוּרָה, אַברהמס קעפּסווייב: זי האָט
געבאָרן זִמרָנען, און יָקשָנען, און מְדָנען, און מִדיָנען, און
יִשבָּקן, און שוּחַן. און די זין פֿון יָקשָנען זיינען געווען:
שבָא, און דְדָן. 33און די זין פֿון מִדיָנען: עֵיפָה, און עֵפֶר,
און חֲנוֹך, און אֲבִידָע, און אֶלדָעָה. די אַלע זיינען געווען
די זין פֿון קטוּרָהן.

34און אַברהם האָט געבאָרן יצחקן. די זין פֿון יצחקן
זיינען געווען: עֵשָׂו, און יִשׂרָאֵל.

35די זין פֿון עֵשָׂון: אֶלִיפַֿז, רְעוּאֵל, און יְעוּש, און יַעְלָם,
און קֹרַח. 36די זין פֿון אֶלִיפַֿזן: תֵּימָן, און אוֹמָר, צפִי, און
גַעְתָּם, קְנַז, און תִּמנַע, און עֲמָלֵק. 37די זין פֿון רְעוּאֵלן:
נַחַת, זֶרַח, שַמָה, און מִזָה.

38און די זין פֿון שֵׂעִירן: לוֹטָן, און שוֹבָל, און צִבְעוֹן,
און עֲנָה, און דישוֹן, און אֵצֶר, און דישָן. 39און די זין פֿון
לוֹטָנען: חוֹרִי, און הוֹמָם; און די שוועסטער פֿון לוֹטָנען:
תִּמנַע. 40די זין פֿון שוֹבָלן: עַליָן, און מָנַחַת, און עֵיבָל,
שפִי, און אוֹנָם. און די זין פֿון צִבְעוֹנען: אַיָה, און עֲנָה.

41די זין פון עֲנָהן: דישון. און די זין פון דישונען: חַמְרָן, און
אֶשְבָּן, און יִתְרָן, און כְרָן. 42די זין פון אֵצֶרן: בִּלְהָן, און
זַעֲוָן, יַעֲקָן. די זין פון דישָנען: עוּץ, און אַרָן.
43און דאָס זיינען די מלכים וואָס האָבן געקיניגט אין
לאַנד אֱדום איידער עס האָט געקיניגט אַ קיניג ביי די קינדער
פון ישׂראל: בֶּלַע דער זון פון בְּעורן; און דער נאָמען פון
זיין שטאָט איז געווען דִנהָבָה. 44איז בֶּלַע געשטאָרבן,
און אויף זיין אָרט האָט געקיניגט יובָב דער זון פון זֶרַחן,
פון בָּצרָה. 45איז יובָב געשטאָרבן, און אויף זיין אָרט
האָט געקיניגט חושָם פון לאַנד פון דעם תֵּימָני. 46איז חושָם
געשטאָרבן, און אויף זיין אָרט האָט געקיניגט הֲדַד דער
זון פון בְּדַדן, וואָס האָט געשלאָגן מִדיָן אין פעלד פון
מואָב; און דער נאָמען פון זיין שטאָט איז געווען עֲוִית.
47איז הֲדַד געשטאָרבן, און אויף זיין אָרט האָט געקיניגט
שַׂמלָה פון מַשׂרֵקָה. 48איז שַׂמלָה געשטאָרבן, און אויף
זיין אָרט האָט געקיניגט שָאול פון רחובות ביים טייך.
49איז שָאול געשטאָרבן, און אויף זיין אָרט האָט געקיניגט
בַּעַל־חָנָן דער זון פון עַכבורן; 50איז בַּעַל־חָנָן געשטאָרבן,
און אויף זיין אָרט האָט געקיניגט הֲדַד; און דער נאָמען פון
זיין שטאָט איז געווען פָּעִי; און דער נאָמען פון זיין ווייב
איז געווען מְהֵיטַבאֵל די טאָכטער פון מַטרֵד דער טאָכטער
פון מֵי־זָהָבן. 51און הֲדַד איז געשטאָרבן. און די פירשטן
פון אֱדום זיינען געווען: דער פירשט פון תִּמנַע, דער פירשט
פון עַליָה, דער פירשט פון יְתֵת; 52דער פירשט פון אָהֳלִי־
בָמָה, דער פירשט פון אֵלָה, דער פירשט פון פִּינון; 53דער
פירשט פון קְנַז, דער פירשט פון תֵּימָן, דער פירשט פון
מִבצָר; 54דער פירשט פון מַגדיאֵל, דער פירשט פון עִירָם.
דאָס זיינען די פירשטן פון אֱדום.

ב 1דאָס זיינען די זין פֿון ישׂראלן: ראובן, שמעון, לֵוִי,
און יהודה, יִשָׂשׂכָר, און זבולון; 2דָן, יוסף, און בנימין,
נפתלי, גָד, און אָשר.
3די זין פֿון יהודהן: עֵר, און אוֹנָן, און שֵׁלָה; די דריי
זיינען אים געבאָרן געוואָרן פֿון בַּת־שוּעַ דער כּנַעֲנית, און
עֵר, יהודהס בכֹור, איז געווען שלעכט אין די אויגן פֿון
גאָט, און ער האָט אים געטייט. 4און תָּמָר זיין שנור האָט
אים געבאָרן פֶּרֶצן, און זֶרַחן. אַלע זין פֿון יהודהן: פֿינף.
5די זין פֿון פֶּרֶצן: חֶצרוֹן, און חָמוּל. 6און די זין פֿון
זֶרַחן: זִמרי, און אֵיתָן, און הֵימָן, און כַּלכּוֹל, און דָרַע;
אין אַלעמען פֿינף. 7און די זין פֿון כַּרמין: עָכָר, דער
פֿאַראומגליקער פֿון ישׂראל וואָס האָט געפֿעלשט אָן
חרם[א]. 8און די זין פֿון אֵיתָנען: עֲזַריָה.
9און די זין פֿון חֶצרוֹנען וואָס זיינען אים געבאָרן גע־
וואָרן: יְרַחמְאֵל, און רָם, און כּלוּבַי. 10און רָם האָט גע־
באָרן עַמינָדָבן, און עַמינָדָב האָט געבאָרן נַחשוֹן דעם פֿירשט
פֿון די קינדער פֿון יהודה. 11און נַחשוֹן האָט געבאָרן שַׂלמאָן,
און שַׂלמאָ האָט געבאָרן בּוֹעַזן. 12און בּוֹעַז האָט געבאָרן
עוֹבֵדן, און עוֹבֵד האָט געבאָרן יִשַין. 13און יִשַי האָט גע־
באָרן זיין בכֹור אֶליאָבן, און אַבינָדָב דעם צווייטן, און
שִמעָא דעם דריטן; 14נתַנאֵל דעם פֿירטן, רַדַי דעם פֿינפֿטן;
15אוֹצֶם דעם זעקסטן, דוד דעם זיבעטן. 16און זייערע
שוועסטער זיינען געווען: צרוּיָה, און אַביגַיִל. און די זין
פֿון צרוּיָהן: אַבשַי, און יוֹאָב, און עֲשָׂהאֵל—דריי. 17און
אַביגַיִל האָט געבאָרן עֲמָשאָן, און עֲמָשאָס פֿאָטער איז געווען
יֶתֶר דער יִשמעֵאלי.
18און כָּלֵב דער זון פֿון חֶצרוֹנען האָט געהאַט קינדער
מיט דער ווייב עֲזוּבָהן—און מיט יריעוֹתן—און דאָס זיינען

א זע יהושע ז, 19–26.

אירע זין: יֵשֶׁר, און שׁוֹבָב, און אַרדוֹן. 19 איז עֲזוּבָה גע־
שטאָרבן און כָּלֵב האָט זיך גענומען אֶפְרָתן, און זי האָט
אים געבאָרן חוּרן. 20 און חור האָט געבאָרן אוּרין, און אורי
האָט געבאָרן בְּצַלְאֵלן.

21 און דערנאָך איז געקומען חֶצרוֹן צו דער טאָכטער
פון מָכִיר דעם פאָטער פון גִלְעָד, וואָס ער האָט גענומען
ווען ער איז געווען זעכציק יאָר אַלט; און זי האָט אים
געבאָרן שְׂגוּבן. 22 און שְׂגוּב האָט געבאָרן יָאִירן, וואָס האָט
געהאַט דריי און צוואַנציק שטעט אין לאַנד גִלְעָד. 23 און
גשור און אֲרָם האָבן אַוועקגענומען פון זיי חַוּות־יָאִיר[א], קְנָת
און אירע טעכטערשטעט, זעכציק שטעט. די אַלע זיינען
די זין פון מָכִיר דעם פאָטער פון גִלְעָד. 24 און נאָך חֶצרוֹנס
טויט אין כָּלֵב־אֶפְרָת, האָט אֲבִיָה, חֶצרוֹנס ווײַב, געבאָרן
פון אים אַשחור דעם פאָטער פון תְּקוֹעַ.

25 און די זין פון יְרַחְמְאֵל, חֶצרוֹנס בְּכוֹר, זיינען געווען:
דער בְּכוֹר רָם, און בּוּנָה, און אוֹרֶן, און אוֹצֶם, אֲחִיָה. 26 און
יְרַחְמְאֵל האָט געהאַט נאָך אַן אַנדער ווײַב, וואָס איר נאָמען
איז געווען עֲטָרָה; זי איז געווען די מוטער פון אוֹנָמען.

27 און די זין פון רָם, יְרַחְמְאֵלס בְּכוֹר, זיינען געווען:
מַעַץ, און יָמִין, און עֵקֶר. 28 און די זין פון אוֹנָמען זיינען
געווען: שַׁמַי, און יָדָע. און די זין פון שַׁמַין: נָדָב, און אֲבִישוּר.
29 און דער נאָמען פון אֲבִישוּרס ווײַב איז געווען אֲבִיחַיִל;
און זי האָט אים געבאָרן אַחבָּנען, און מוֹלִידן. 30 און די זין
פון נָדָבן: סֶלֶד, און אַפַּיִם. און סֶלֶד איז געשטאָרבן אָן
קינדער. 31 און די זין פון אַפַּיִמען: יִשְׁעִי. און די זין פון
יִשְׁעִין: שֵׁשָׁן. און די זין פון שֵׁשָׁנען: אַחְלָי. 32 און די זין פון
יָדָע, שַׁמַיס ברודער: יֶתֶר, און יוֹנָתָן. און יֶתֶר איז גע־

א ד.ה. יָאִירס דערפער.

שטאַרבן אָן קינדער. [33]און די זין פֿון יוֹנָתָנען: פֶּלֶת, און
זָזָא. דאָס זײַנען געװען די קינדער פֿון יְרַחמְאֵלן.

[34]און שֵׁשָן האָט ניט געהאַט קײן זין נאָר טעכטער. און
בײַ שֵׁשָנען איז געװען אַ קנעכט אַ מִצרי, װאָס זײַן נאָמען
איז געװען יַרחָע. [35]האָט שֵׁשָן געגעבן זײַן טאָכטער צו
זײַן קנעכט יַרחָען פֿאַר אַ װײַב; און זי האָט אים געבאָרן
עַתַּין. [36]און עַתַּי האָט געבאָרן נָתָנען, און נָתָן האָט געבאָרן
זָבָדן. [37]און זָבָד האָט געבאָרן אֶפְלָלן, און אֶפְלָל האָט
געבאָרן עוֹבֵדן. [38]און עוֹבֵד האָט געבאָרן יֵהוּאן, און יֵהוּא
האָט געבאָרן עֲזַריָהן. [39]און עֲזַריָה האָט געבאָרן חֶלֶצן,
און חֶלֶץ האָט געבאָרן אֶלעָשָׂהן. [40]און אֶלעָשָׂה האָט גע־
באָרן סִסמָין, און סִסמָי האָט געבאָרן שַׁלוּמען. [41]און שַׁלוּם
האָט געבאָרן יְקַמיָהן, און יְקַמיָה האָט געבאָרן אֱלִישָׁמָען.

[42]און די זין פֿון כָּלֵב, יְרַחמְאֵלס ברודער: מֵישָׁע זײַן
בכָור, װאָס איז געװען דער פֿאָטער פֿון זִיפֿן, און די זין פֿון
מָרֵשָׁה דעם פֿאָטער פֿון חֶברוֹנען. [43]און די זין פֿון חֶברוֹנען
זײַנען געװען: קֹרַח, און תַּפּוּח, און רֶקֶם, און שֶׁמַע. [44]און
שֶׁמַע האָט געבאָרן רַחַם דעם פֿאָטער פֿון יָרקעָמען, און
רֶקֶם האָט געבאָרן שַׁמַין. [45]און דער זון פֿון שַׁמַין איז געװען
מָעוֹן, און מָעוֹן איז געװען דער פֿאָטער פֿון בֵּית־צוּר.
[46]און עֵיפָה, כָּלֵבס קעפּסװײַב, האָט געבאָרן חָרָנען, און
מוֹצאָן, און גָזֵזן; און חָרָן האָט געבאָרן גָזֵזן. [47]און די זין
פֿון יָהדָין זײַנען געװען: רֶגֶם, און יוֹתָם, און גֵישָׁן, און פֶּלֶט,
און עֵיפָה, און שָׁעַף. [48]מַעֲכָה, כָּלֵבס קעפּסװײַב, האָט
געבאָרן שֶׁבֶרן, און תִּרחֲנָהן. [49]און [די װײַב פֿון] שַׁעַף דעם
פֿאָטער פֿון מַדמַנָה, האָט געבאָרן שְׁוָא דעם פֿאָטער פֿון
מַכבֵּנָא און דעם פֿאָטער פֿון גִבעָא. און די טאָכטער פֿון

כָּלֵבן איז געווען עַכסָה. 50דאָס זיינען געווען די קינדער
פֿון כָּלֵבן.
די זין פֿון חור, דעם בכָור פֿון אֶפֿרָתן: שׁוֹבָל דער
פֿאָטער פֿון קִריַת־יְעָרִים, 51שַׂלמָא דער פֿאָטער פֿון בֵּית־
לֶחֶם, חָרֵף דער פֿאָטער פֿון בֵּית־גָדֵר. 52און די קינדער
פֿון שׁוֹבָל דעם פֿאָטער פֿון קִריַת־יְעָרִים זיינען געווען:
הָרוֹאֶה, און האַלב מנוחות. 53און די משפחות פֿון קִריַת־
יְעָרִים זיינען געווען: די יִתרִים, און די פּוּתים, און די שׁוּמָתים,
און די מִשׁרָעִים. פֿון דידאָזיקע זיינען אַרויסגעקומען די
צָרעָתים, און די אֶשתָאוּלים.
54די קינדער פֿון שַׂלמָאן: בֵּית־לֶחֶם, און די נטוֹפָתים,
עַטרוֹת־בֵּית־יוֹאָב, און אַ העלפֿט פֿון די מָנַחתער, די צָרעִים.
55און די משפחות פֿון די שרייבער, די באַוווינער פֿון יַעְבֵּץ,
זיינען געווען: די תִּרעָתים, די שִׁמעָתים, די שׂוּכָתים. דאָס
זיינען די קֵינים וואָס קומען אַרויס פֿון חַמַת דעם פֿאָטער
פֿון דעם הויז פֿון רֵכָב.

ג 1און דאָס זיינען די זין פֿון דודן וואָס זיינען אים געבאָרן
געוואָרן אין חֶברוֹן: דער בכָור, אַמנוֹן, פֿון אַחינוֹעַמען פֿון
יִזרְעֶאל; דער צווייטער, דניאל, פֿון אַביגַיִלן, פֿון כַּרמֶל;
2דער דריטער, אַבשָלוֹם דער זון פֿון מַעֲכָה דער טאָכטער
פֿון תַּלמַי דעם מלך פֿון גשור; דער פֿירטער, אַדוֹנִיָה דער
זון פֿון חַגיתן; 3דער פֿינפֿטער, שפַטיָה, פֿון אַביטַלן; דער
זעקסטער, יִתרְעָם, פֿון זיין ווייב עֶגלָהן. 4די זעקס זיינען
אים געבאָרן געוואָרן אין חֶברוֹן; און ער האָט דאָרטן גע־
קיניגט זיבן יאָר און זעקס חדשים; און דריי און דרייסיק
יאָר האָט ער געקיניגט אין ירושָלַיִם.
5און דידאָזיקע זיינען אים געבאָרן געוואָרן אין ירושָלַיִם:

שְמָעָא, און שוֹבָב, און נָתָן, און שלמה—פיר, פון בַּת־שוּעַ
דער טאָכטער פון עַמיאֵלן; 6און יִבחָר, און אֱלישָמָע, און
אֱליפֶלֶט; 7און נוֹגַה, און נֶפֶג, און יָפִיעַ; 8און אֱלישָמָע, און
אֶלְיָדָע, און אֱליפֶלֶט—ניין. 9דאָס זיינען אַלע זין פון דודן,
אַחוץ די זין פון די קעפסווייבער, און זייער שוועסטער תָּמָר.
10און דער זון פון שלמהן איז געווען רחַבעָם. זיין זון
איז געווען אֲבִיָה, זיין זון אָסאָ, זיין זון יהוֹשָפָט; 11זיין זון
יוֹרָם, זיין זון אֲחַזיָהוּ, זיין זון יוֹאָש; 12זיין זון אֲמַציָהוּ, זיין
זון עֲזַריָה, זיין זון יוֹתָם; 13זיין זון אָחָז, זיין זון חִזקִיָה, זיין זון
מנשה; 14זיין זון אָמוֹן, זיין זון יֹאשִיָהוּ. 15און די זין פון
יֹאשִיָהון זיינען געווען: דער בְּכוֹר יוֹחָנָן, דער צווייטער
יהוֹיָקים, דער דריטער צִדקִיָה, דער פירטער, שַלוּם.
16און די זין פון יהוֹיָקימען זיינען געווען: זיין זון יְכָניָה, זיין
זון צִדקִיָה.
17און די זין פון יְכָניָה דעם געפאַנגענעם: זיין זון
שְאַלתִּיאֵל, 18און מַלכִּירָם, און פְּדָיָה, און שֶנאַצַר, יְקַמיָה,
הוֹשָמָע, און נְדַביָה. 19און די זין פון פְּדָיָהן: זרוּבָּבֶל, און
שִמעִי. און די קינדער פון זרוּבָּבֶלן: משוּלָם, און חֲנַניָה,
און זייער שוועסטער שלוֹמית; 20און חֲשוּבָה, און אוֹהֶל, און
בֶּרֶכיָה, און חֲסַדיָה, יוּשַב־חֶסֶד—פינף. 21און די זין פון
חֲנַניָהן: פְּלַטיָה און יְשַעְיָה. די זין פון [יְשַעְיָהן]: רְפָיָה.
די זין פון [רפָיָהן]: אַרנָן. די זין פון [אַרנָנען]: עוֹבַדיָה.
די זין פון [עוֹבַדיָהן]: שכַניָה. 22און די זין פון שכַניָהן:
שמַעְיָה. און די זין פון שמַעְיָהן: חַטוּש, און יִגאָל, און בָּרִיחַ,
און נְעַריָה, און שָפָט—זעקס. 23און די זין פון נְעַריָהן:
אֶלְיוֹעֵינַי, און חִזקִיָה, און עַזריקָם—דריי. 24און די זין פון
אֶלְיוֹעֵינַין: הוֹדַויָהוּ און אֶלְיָשיב, און פְּלָיָה, און עַקוּב, און
יוֹחָנָן, און דלָיָה, און עֲנָני—זיבן.

ד 1די זין פון יהודהן: פֶּרֶץ, חֶצרוֹן, און כַּרמי, און חור,
און שוֹבָל. 2און רְאָיָה דער זון פון שוֹבָלן האָט געבאָרן
יַחַתן, און יַחַת האָט געבאָרן אַחוּמַין, און לַהַדן. דאָס זיינען
די משפּחות פון די צָרעָתים.
3און דידאָזיקע זיינען פון דעם פאָטער פון עֵיטָם:
יִזרְעֶאל, און יִשמָא, און יִדבָּש; און דער נאָמען פון זייער
שוועסטער איז געווען הַצלֶלפּוֹני; 4און פּנוּאֵל דער פאָטער
פון גדוֹר, און עֵזֶר דער פאָטער פון חוּשָה. דאָס זיינען די
קינדער פון חור דעם בְּכוֹר פון אֶפרָת דעם פאָטער פון
בֵּית־לֶחֶם.
5און אַשחוּר דער פאָטער פון תּקוֹעַ האָט געהאַט צוויי
ווייבער: חֶלאָה, און נַעֲרָה. 6און נַעֲרָה האָט אים געבאָרן
אַחוּזָמען, און חֵפֶרן, און תֵּימָנין, און דעם אַחַשתָּרי. דאָס
זיינען די זין פון נַעֲרָהן. 7און די זין פון חֶלאָהן: צֶרֶת, און
צוֹחַר, און אֶתנָן. 8און קוֹץ האָט געבאָרן עָנוּבן, און
הַצוֹבֵבָהן, און די משפּחות פון אַחַרחֵל דעם זון פון הָרוּמען.
9און יַעְבֵּץ איז געווען דער אָנגעזעענסטער פון זיינע ברי־
דער; און זיין מוטער האָט גערופן זיין נאָמען יַעְבֵּץ, אַזוי
צו זאָגן: ווייל איך האָב אים געבאָרן מיט פּיין*. 10און יַעְבֵּץ
האָט גערופן צום גאָט פון ישׂראל, אַזוי צו זאָגן: אויב בענטשן
וועסטו מיך בענטשן, און וועסט פאַרגרעסערן מיין געמאַרק,
און דיין האַנט וועט זיין מיט מיר, און וועסט באַהיטן פון
בייז, מיך ניט ווי צו טאָן —. און גאָט האָט אים באַשערט
וואָס ער האָט געבעטן.
11און כּלוּב דער ברודער פון שוּחָהן האָט געבאָרן
מחירן, וואָס איז געווען דער פאָטער פון אֶשתּוֹנען. 12און
אֶשתּוֹן האָט געבאָרן בֵּית־רָפאָן, און פָּסֵחַן, און תּחִנָה דעם
פאָטער פון עִיר־נָחָש. דאָס זיינען די מענטשן פון רֵכָה.

[13]און די זין פון קְנַז זיינען געווען: עָתניאֵל, און שׂרָיָה.
און די זין פון עָתניאֵלן: חַתַת. [14]און מעוֹנוֹתַי האָט געבאָרן
עָפרָהן; און שׂרָיָה האָט געבאָרן יוֹאָב דעם פאָטער פון גֵיא־
חֲרָשים[א]; וואָרום זיי זיינען געווען מיינסטערס. [15]און די זין
פון כָּלֵב דעם זון פון יפוּנהן זיינען געווען: עִירוּ, אֵלָה, און
נַעַם. און די זין פון אֵלָהן: קְנַז.
[16]און די זין פון יהַלֶלאֵלן: זיף, און זיפָה, תירְיָא, און
אַשׂרְאֵל. [17]און די זין פון עֶזרָהן: יֶתֶר, און מֶרֶד, און עֵפֶר,
און יָלוֹן. און זי האָט געבאָרן מִרְיָמען, און שַׁמַי, און ישבַּח
דעם פאָטער פון אֶשתְּמוֹעַ—[18]און זיין ווייב פון יהודה האָט
געבאָרן יֶרֶד דעם פאָטער פון גדוֹר, און חֶבֶר דעם פאָטער
פון שׂוֹכוֹ, און יקוּתיאֵל דעם פאָטער פון זָנוֹחַ—און דאָס
זיינען די זין פון בִּתיָה דער טאָכטער פון פַּרעהן, וואָס
מֶרֶד האָט גענומען.
[19]און די זין פון הוֹדִיָהס ווייב, דער שוועסטער פון
נַחַם דעם פאָטער פון קעִילָה, זיינען געווען: דער גַרמי,
און אֶשתְּמוֹעַ דער מַעֲכָתי. [20]און די זין פון שימוֹנען: אַמנוֹן,
און רִנָה, בֶּן־חָנָן, און תִילוֹן. און די זין פון ישעִין: זוֹחֵת,
און בֶּן־זוֹחֵת.
[21]די קינדער פון שֵׁלָה דעם זון פון יהודהן: עֵר דער
פאָטער פון לֵכָה, און לַעְדָה דער פאָטער פון מָרֵשָׁה, און
די משפחות פון דעם הויז פון די לייַנענאַרבעטער פון
דעם הויז פון אַשבֵּעַ; [22]און יוֹקים, און די מענטשן פון כּוֹזֵבָא,
און יוֹאָש, און שָׂרָף, וואָס האָבן געהערשט איבער מוֹאָב,
און יָשוּבי־לֶחֶם. און די געשיכטע איז אַן אַלטע. [23]דאָס
זיינען געווען די טעפּער, און די וואָס זיינען געזעסן אין
פלאַנצגערטנער און געהעפטן; ביי דעם מלך אין זיין ווירט־
שאַפט זיינען זיי דאָרטן געזעסן.

[א] ד. ה. טאָל פון מיינסטערס.

[24]די זין פון שמעונען: נמואֵל, און יָמין, יָריב, זֶרח,
שָאול. [25]זיין זון איז געווען שַלום, זיין זון מִבשָם, זיין זון
מִשמָע. [26]און די קינדער פון מִשמָען זיינען געווען: זיין זון
חַמואֵל, זיין זון זַכּור, זיין זון שִמעִי. [27]און שִמעִי האָט גע־
האַט זעכצן זין און זעקס טעכטער; אָבער זיינע ברידער
האָבן ניט געהאַט פיל קינדער, און זייער גאַנצע משפחה
האָט זיך ניט געמערט אַזוי ווי די קינדער פון יהודה.
[28]און זיי זיינען געזעסן אין בּאֵר־שֶבַע, און מולָדָה, און
חֲצַר־שועָל; [29]און אין בִלהָה, און אין עֶצֶם, און אין תּולָד;
[30]און אין בתואֵל, און אין חָרמָה, און אין צִקלַג; [31]און אין
בֵית־מַרכָּבות, און אין חֲצַר־סוסים, און אין בֵית־בִּראי, און
אין שַעֲרַיִם. דאָס זיינען געווען זייערע שטעט ביז דוד
איז געוואָרן מלך. [32]און זייערע דערפער זיינען געווען:
עֵיטָם, און עַיִן, רִמון, און תּוכֶן, און עָשָן—פינף שטעט; [33]און
אַלע זייערע דערפער וואָס אַרום דידאָזיקע שטעט, ביז
בַּעַל. דאָס זיינען געווען זייערע וווינערטער, און זייער
יחוס־בריוו איז געווען לויט זיי.
[34]און מְשובָב, און יַמלֵך, און יושָה דער זון פון אֲמַציָהן;
[35]און יואֵל, און יֵהוא דער זון פון יושִביָה דעם זון פון שְרָיָה
דעם זון פון עֲשיאֵלן; [36]און אֶליועֵינַי, און יַעֲקובָה, און ישוחָיָה,
און עֲשָיָה, און עֲדיאֵל, און ישִימִאֵל, און בּנָיָה; [37]און זיזאָ
דער זון פון שִפעִי דעם זון פון אַלון, דעם זון פון יְדָיָה,
דעם זון פון שִמרי, דעם זון פון שְמַעיָהן—דידאָזיקע וואָס
קומען דאָ מיט די נעמען, זיינען געווען פירשטן אין זייערע
משפחות; און זייערע פאָטערהייזער האָבן זיך שטאַרק
פאַרשפּרייט. [39]און זיי זיינען אַוועק צום אַיינגאַנג פון
גדור, ביז צום מזרח פון טאָל, צו זוכן פיטערונג פאַר
זייערע שאָף. [40]און זיי האָבן געפונען אַ פעטע און גוטע

פיטערונג, און דאָס לאַנד איז געווען גערעאַם, און רואיק,
און בשלווה; וואָרום פון חָם זיינען געווען די וואָס זיינען
דאָרטן געזעסן פריער. [41]און דידאָזיקע וואָס זיינען דאָ
פאַרשריבן מיט די נעמען, זיינען געקומען אין די טעג פון
יחִזקִיָה דעם מלך פון יהודה, און האָבן געשלאָגן זייערע
געצעלטן, און די מְעונים וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען,
און זיי האָבן זיי פאַרוויסט ביז אויף היינטיקן טאָג, און האָבן
זיך באַזעצט אויף זייער אָרט; וואָרום דאָרטן איז געווען
פיטערונג פאַר זייערע שאָף. [42]און פון זיי, פון די קינדער
פון שמעון, זיינען אַוועק צום באַרג שֵׂעִיר פינף הונדערט
מאַן, און פלַטיָה, און נעַריָה, און רפָיָה, און עוזיאֵל, די זין
פון יִשעִין, זיי פאַרויס. [43]און זיי האָבן געשלאָגן דעם אַנ־
טרונענעם איבערבלייב פון עמָלֵק, און זיינען דאָרטן גע־
בליבן זיצן ביז אויף היינטיקן טאָג.

ה [1]און די זין פון ראובן דעם בכור פון ישׂראלן—וואָרום
ער איז געווען דער בכור, אָבער אַז ער האָט פאַר־
שוועכט דאָס געלעגער פון זיין פאָטער[א], איז זיין בכורה
אַוועקגעגעבן געוואָרן צו די קינדער פון יוסף דעם זון פון
ישׂראלן, הגם ניט זיך צו רעכענען אין דעם יחוס־בריוו אויף
דער בכורה; [2]וואָרום יהודה האָט אַריבערגעשטיגן זיינע ברי־
דער, און פון אים איז אַרויס דער פירשט; אָבער די בכורה
איז געווען יוסֵפס—[3]די זין פון ראובן דעם בכור פון ישׂראלן
זיינען געווען: חנוך, און פלוא, חצרון, און כרמי. [4]די
קינדער פון יואֵלן זיינען געווען: זיין זון שמעיָה, זיין זון גוג,
זיין זון שמעי; [5]זיין זון מיכה, זיין זון ראָיָה, זיין זון בעל;
[6]זיין זון בארה, וואָס תִלגַת־פִלנֶסר דער מלך פון אשור
האָט פאַרטריבן; ער איז געווען דער פירשט פון די ראובנים.

א זע בראשית לה, 22.

7און זײַנע ברידער לויט זײַנע משפּחות, זיך יחוסנדיק
לויט זייערע געבורטן, זײַנען געװען: דער הויפּט יְעִיאֵל,
און זְכַריָהו; 8און בֶּלַע דער זון פֿון עָזָז דעם זון פֿון שֶׁמַע,
דעם זון פֿון יוֹאֵלן, װאָס איז געזעסן אין עֲרוֹעֵר, ביז נבֿו
און בַּעַל־מעוֹן; 9און צו מזרח איז ער געזעסן ביז מע קומט
צום מדבר, פֿון טײַך פְּרָת אָן; װאָרום זייערע פֿי האָבן זיך
פֿאַרמערט אין לאַנד גִלעָד. 10און אין די טעג פֿון שָׁאולן
האָבן זיי געמאַכט אַ מלחמה מיט די הַגריאים, און יענע
זײַנען געפֿאַלן דורך זייער האַנט; און זיי האָבן זיך באַזעצט
אין זייערע געצעלטן איבער דער גאַנצער געגנט צו מזרח
פֿון גִלעָד.

11און די קינדער פֿון גָד זײַנען געזעסן אַקעגן זיי אין
לאַנד בָּשָׁן ביז סַלכָה; 12יוֹאֵל דער הויפּט, און שָׁפָם דער
צווייטער, און יַעֲנַי, און שָׁפָט, אין בָּשָׁן; 13און זייערע ברידער
לויט זייערע פֿאָטערהײַזער: מִיכָאֵל, און משוּלָם, און שֶׁבַע,
און יוֹרַי, און יַעְכָּן, און זִיעַ, און עֵבֶר — זיבן. 14דאָס זײַנען
די זין פֿון אֲבִיחַיִל דעם זון פֿון חוּרִי, דעם זון פֿון יָרוֹחַ, דעם
זון פֿון גִלעָד, דעם זון פֿון מִיכָאֵל, דעם זון פֿון ישישַי, דעם
זון פֿון יַחדוֹ, דעם זון פֿון בוּזן. 15אֲחִי דער זון פֿון עַבדיאֵל
דעם זון פֿון גוּנין איז געװען דער הויפּט פֿון זייערע פֿאָטער־
הײַזער. 16און זיי זײַנען געזעסן אין גִלעָד אין בָּשָׁן, און אין
אירע טעכטערשטעט, און אין אַלע אָפֿענע ערטער פֿון
שָׁרוֹן, ביי זייערע אויסלאָזן. 17זיי אַלע האָבן זיך פֿאַר־
צייכנט אין די טעג פֿון יוֹתָם דעם מלך פֿון יהודה, און אין
די טעג פֿון יָרָבעָם דעם מלך פֿון ישׂראל.
18די קינדער פֿון ראובן, און די גָדים, און דער האַלבער
שבט מנשה — פֿון העלדישע יונגען, מענטשן װאָס טראָגן אַ

שילד און אַ שווערד, און שפּאַנען אַ בויגן, און זיינען גע־
לערנט אין מלחמה, זיינען געווען פיר און פערציק טויזנט
און זיבן הונדערט און זעכציק וואָס גייען אַרויס אין חיל.
[19]און זיי האָבן געמאַכט אַ מלחמה מיט די הַגריאים, און
יטור, און נָפיש, און נוֹדָב. [20]און זיי זיינען געהאָלפן געוואָרן
אַקעגן זיי, און די הַגריאים און אַלע וואָס מיט זיי זיינען
געגעבן געוואָרן אין זייער האַנט; וואָרום זיי האָבן געשריען
צו גאָט אין דער מלחמה, און ער האָט זיך געלאָזט דער־
בעטן פון זיי, ווייל זיי האָבן זיך פאַרזיכערט אויף אים.
[21]און זיי האָבן געפאַנגען זייערע פי: זייערע קעמלען פופציק
טויזנט, און שאָף צוויי הונדערט און פופציק טויזנט, און
אייזלען צוויי טויזנט, און נפשות מענטשן הונדערט טויזנט.
[22]וואָרום עס זיינען געפאַלן פיל דערשלאָגענע, ווייל די
מלחמה איז געווען פון גאָט. און זיי זיינען געזעסן אויף דעם
אָרט פון זיי ביז צום גָלות.

[23]און די קינדער פון דעם האַלבן שבט מנשה זיינען
געזעסן אין לאַנד, פון בָשָן ביז בַעַל־חֶרמוֹן, און שׂניר, און
דעם באַרג חֶרמוֹן. זיי האָבן זיך געמערט. [24]און דאָס
זיינען די הויפּטלייט פון זייערע פאָטערהייזער: עֵפֶר, און
יִשעי, און אֱליאֵל, און עַזריאֵל, און יִרמְיָה, און הוֹדַוְיָה, און
יַחדיאֵל, מענטשן העלדישע גיבורים, מענטשן מיט נעמען,
הויפּטן פון זייערע פאָטערהייזער.
[25]און זיי האָבן געפעלשט אָן דעם גאָט פון זייערע
עלטערן, און זיינען געווען פאַרפירט נאָך די געטער פון
די פעלקער פון לאַנד, וואָס גאָט האָט פאַרטיליגט פון
פאַר זיי. [26]און דער גאָט פון ישׂראל האָט דערוועקט דעם
גייסט פון פּוּל דעם מלך פון אַשור, און דעם גייסט פון

תִּלְגַת־פִּלְנֶסֶר דעם מלך פון אַשור, און ער האָט זיי פֿאַר־
טריבן—די ראובֵנים, און די גָדים, און דעם האַלבן שבט
מנשה, און ער האָט זיי געבראַכט קיין לַחלַח, און חָבור,
און הָרא, און בײַם טײַך גוזָן, ביז אויף הײַנטיקן טאָג.

27 די זין פון לֵוִין: גֵרשון, קהָת, און מְרָרי. 28 און די זין
פון קהָתן: עַמרָם, יִצהָר, און חֶברון, און עוזיאֵל. 29 און די
קינדער פון עַמרָמען: אַהרן, און משה, און מרים. און די
זין פון אַהרֹנען: נָדָב, און אֲביהוא, אֶלעָזָר, און איתָמָר.
30 אֶלעָזָר האָט געבאָרן פּינחסן; פּינחס האָט געבאָרן אַבישוּעַן.
31 און אַבישוּעַ האָט געבאָרן בוקין, און בוקי האָט געבאָרן
עוזין. 32 און עוזי האָט געבאָרן זרַחיָהן, און זרַחיָה האָט
געבאָרן מְרָיותן. 33 מְרָיות האָט געבאָרן אַמַריָהן, און אַמַריָה
האָט געבאָרן אַחיטובן. 34 און אַחיטוב האָט געבאָרן צָדוקן,
און צָדוק האָט געבאָרן אַחימַעַצן. 35 און אַחימַעַץ האָט
געבאָרן עֲזַריָהן, און עֲזַריָה האָט געבאָרן יוחָנָנען. 36 און
יוחָנָן האָט געבאָרן עֲזַריָהן; דאָס איז דער וואָס איז געווען
אַ כֹּהן אין דעם הויז וואָס שלמה האָט געבויט אין ירושָלַיִם.
37 און עֲזַריָה האָט געבאָרן אַמַריָהן, און אַמַריָה האָט געבאָרן
אַחיטובן. 38 און אַחיטוב האָט געבאָרן צָדוקן, און צָדוק
האָט געבאָרן שַלומען. 39 און שַלום האָט געבאָרן חִלקִיָהן,
און חִלקִיָה האָט געבאָרן עֲזַריָהן. 40 און עֲזַריָה האָט געבאָרן
שְׂרָיָהן, און שְׂרָיָה האָט געבאָרן יהוֹצָדָקן. 41 און יהוֹצָדָק
איז אַוועק אין גָלות, ווען גאָט האָט פֿאַרטריבן יהודה און
ירושָלַיִם דורך דער האַנט פון נבוכַדנֶצַרן.

ו 1 די זין פון לֵוִין: גֵרשום, קהָת, און מְרָרי. 2 דאָס זײַנען
די נעמען פון גֵרשומס זין: לִבני, און שִמעִי. 3 און די
זין פון קהָתן זײַנען געווען: עַמרָם, און יִצהָר, און חֶברון,

אוּן עוּזיאֵל. 4די זין פֿון מְרָרִין: מַחלִי, אוּן מוּשִי. אוּן דאָס
זײַנען די משפּחות פֿון לֵוִי לויט זײערע עלטערן.
5פֿון גֵרשוֹמען: זײַן זון לִבנִי, זײַן זון יַחַת, זײַן זון זִמָה;
6זײַן זון יוֹאָח, זײַן זון עִדוֹ, זײַן זון זֶרַח, זײַן זון יאַתרַי.
7די קינדער פֿון קְהָתן: זײַן זון עַמינָדָב, זײַן זון קֹרַח,
זײַן זון אַסיר; 8זײַן זון אֶלקָנָה, אוּן זײַן זון אֶביָסָף, אוּן זײַן
זון אַסיר; 9זײַן זון תַּחַת, זײַן זון אוּריאֵל, זײַן זון עוּזִיָה, אוּן
זײַן זון שָאוּל. 10אוּן די קינדער פֿון אֶלקָנָהן: עֲמָשַי, אוּן
אֲחימוֹת, 11[אוּן] אֶלקָנָה. די קינדער פֿון אֶלקָנָהן: זײַן זון
צוֹפַי, אוּן זײַן זון נַחַת; 12זײַן זון אֶליאָב, זײַן זון ירוֹחָם, זײַן
זון אֶלקָנָה. 13אוּן די זין פֿון שמוּאלן: דער בְּכוֹר וַשנִי, אוּן
אֲבִיָה.
14די קינדער פֿון מְרָרִין: מַחלִי; זײַן זון לִבנִי, זײַן זון
שִמעִי, זײַן זון עוּזָה; 15זײַן זון שִמעָא, זײַן זון חַגִיָה, זײַן זון
עֲשָׂיָה.
16אוּן דאָס זײַנען די װאָס דוד האָט געשטעלט בײַם
זינגען אין הויז פֿון גאָט, נאָכדעם װי דער אָרון איז געקומען
צוּ זײַן רוּ. 17אוּן זײ האָבן געדינט פֿאַר דעם מִשכּן פֿון
אוֹהל־מוֹעד מיט געזאַנג, ביז שלמה האָט געבויט דאָס הויז
פֿון גאָט אין ירוּשָלַיִם, אוּן זײ האָבן זיך געשטעלט לויט
זײער אָרדענוּנג בײַ זײער דינסט. 18אוּן דאָס זײַנען די
װאָס זײַנען דאָרטן געשטאַנען, מיט זײערע זין: פֿון די זין
פֿון די קְהָתים: הֵימָן דער זינגער, דער זון פֿון יוֹאֵל דעם
זון פֿון שמוּאל, 19דעם זון פֿון אֶלקָנָה, דעם זון פֿון ירוֹחָם,
דעם זון פֿון אֶליאֵל, דעם זון פֿון תּוֹחַ, 20דעם זון פֿון צוּף,
דעם זון פֿון אֶלקָנָה, דעם זון פֿון מַחַת, דעם זון פֿון עֲמָשַי,
21דעם זון פֿון אֶלקָנָה, דעם זון פֿון יוֹאֵל, דעם זון פֿון עֲזַריָה,
דעם זון פֿון צפַניָה, 22דעם זון פֿון תַּחַת, דעם זון פֿון אַסיר,

דעם זון פון אֶבִיָסָף, דעם זון פון קֹרַח, 23דעם זון פון יִצְהָר,
דעם זון פון קְהָת, דעם זון פון לֵוִי, דעם זון פון ישׂראלן.
24און זיין ברודער אָסָף איז געווען דער וואָס איז געשטאַנען
צו זיין רעכטער האַנט: אָסָף דער זון פון בֶּרֶכְיָהוּ דעם זון
פון שִׁמְעָא, 25דעם זון פון מִיכָאֵל, דעם זון פון בַּעֲשֵׂיָה, דעם
זון פון מַלְכִּיָה, 26דעם זון פון אֶתְנִי, דעם זון פון זֶרַח, דעם
זון פון עֲדָיָה, 27דעם זון פון אֵיתָן, דעם זון פון זִמָּה, דעם
זון פון שִׁמְעִי, 28דעם זון פון יַחַת, דעם זון פון גֵרשׁוֹם, דעם
זון פון לֵוִין. 29און זייערע ברידער די קינדער פון מְרָרִי,
אויף דער לינקער זייט: אֵיתָן דער זון פון קִישִׁי דעם זון
פון עַבְדִי, דעם זון פון מַלּוּך, 30דעם זון פון חֲשַׁבְיָה, דעם
זון פון אֲמַצְיָה, דעם זון פון חִלְקִיָה, 31דעם זון פון אַמְצִי,
דעם זון פון בָּנִי, דעם זון פון שֶׁמֶר, 32דעם זון פון מַחְלִי,
דעם זון פון מוּשִׁי, דעם זון פון מְרָרִי, דעם זון פון לֵוִין.
33און זייערע ברידער די לְוִיִם זיינען געווען אָפּגעגעבן צו
דעם גאַנצן דינסט פון דעם מִשְׁכָּן פון גאָטס הויז.

34און אַהרן און זיינע קינדער האָבן געדעמפּט אויף
דעם מזבח פאַר בראַנדאָפּפער און אויף דעם מזבח פאַר
ווייריך; זיי זיינען געווען פאַר יעטוועדער אַרבעט פון
דעם קָדשֵׁי־קָדשים, און אויף מכפּר צו זיין אויף ישׂראל,
לויט אַלץ וואָס משה דער קנעכט פון גאָט האָט באַפוילן.
35און דאָס זיינען די קינדער פון אַהרן: זיין זון אֶלְעָזָר, זיין
זון פּינחס, זיין זון אַבִישוּעַ; 36זיין זון בּוּקִי, זיין זון עוּזִי, זיין
זון זְרַחְיָה; 37זיין זון מְרָיוֹת, זיין זון אֲמַרְיָה, זיין זון אַחִיטוּב;
38זיין זון צָדוֹק, זיין זון אַחִימַעַץ.

39און דאָס זיינען געווען זייערע וווינערטער לויט זייערע
לאַגערדערפער אין זייער געמאַרק: צו די קינדער פון אַהרן
פון דער משפּחה פון די קְהָתִים, ווייל זייערס איז געווען

[דער ערשטער] גורל, [40]זיי האָט מען געגעבן חֶברוֹן אין לאַנד יהודה מיט אירע פרייע פלעצער רונד אַרום איר. [41]אָבער דאָס פעלד פון דער שטאָט און אירע דערפער האָט מען געגעבן צו כָּלֵב דעם זון פון יפוּנֶהן. [42]און צו די קינדער פון אַהרן האָט מען געגעבן די שטעט פון אַנטרינונג, חֶברוֹן, און לִבנָה מיט אירע פרייע פלעצער, און יַתִּיר, און אֶשתְּמוֹעַ מיט אירע פרייע פלעצער; [43]און חִילֵן מיט אירע פרייע פלעצער, דביר מיט אירע פרייע פלעצער; [44]און עָשָן מיט אירע פרייע פלעצער, און בֵּית־שֶמֶש מיט אירע פרייע פלעצער. [45]און פון שבט בנימין: גֶבַע מיט אירע פרייע פלעצער, און עָלֶמֶת מיט אירע פרייע פלעצער, און עֲנָתוֹת מיט אירע פרייע פלעצער. אַלע זייערע שטעט, דרייצן שטעט, לויט זייערע משפחות.

[46]און פאַר די איבעריקע קינדער פון קְהָת, פון דער משפחה פון דעם שבט, פון דעם האַלבן שבט, פון האַלב מנשה, לויט גורל, צען שטעט. [47]און פאַר די קינדער פון גֵרשוֹם לויט זייערע משפחות, פון שבט יִששָׂכָר, און פון שבט אָשר, און פון שבט נפתלי, און פון שבט מנשה אין בָּשָן. דרייצן שטעט. [48]פאַר די קינדער פון מְרָרי לויט זייערע משפחות, פון שבט ראובן, און פון שבט גָד, און פון שבט זבולון, לויט גורל, צוועלף שטעט.

[49]און די קינדער פון ישׂראל האָבן געגעבן צו די לוִיִים די שטעט מיט זייערע פרייע פלעצער. [50]און זיי האָבן געגעבן לויט גורל, פון דעם שבט פון די קינדער פון יהודה, און פון דעם שבט פון די קינדער פון שמעון, און פון דעם שבט פון די קינדער פון בנימין, דידאָזיקע שטעט וואָס מ־ רופט דאָ אָן מיט די נעמען.

[51]און טייל פון די משפחות פון די קינדער פון קְהָ...

האָבן געהאַט די שטעט פון זייער געמאַרק פון שבט אפרים.
52 און מע האָט זיי געגעבן די שטעט פון אַנטרינונג, שכֶם מיט
אירע פרייע פּלעצער אויפן באַרג אפרים, און גֶזֶר מיט
אירע פרייע פּלעצער; 53 און יָקמעָם מיט אירע פרייע
פּלעצער, און בֵית־חוֹרון מיט אירע פרייע פּלעצער.
54 און אַיָלון מיט אירע פרייע פּלעצער, און גַת־רִמון מיט
אירע פרייע פּלעצער. 55 און פון דעם האַלבן שבט מנשה:
עָנֵר מיט אירע פרייע פּלעצער, און בִלעָם מיט אירע פרייע
פּלעצער, פאַר דער משפחה פון די איבעריקע קינדער פון
קהָת.
56 פאַר די קינדער פון גֵרשום, פון דער משפחה פון
דעם האַלבן שבט מנשה: גוֹלָן אין בָשָן מיט אירע פרייע
פּלעצער, און עַשתָרות מיט אירע פרייע פּלעצער. 57 און
פון שבט יִששָכָר: קֶדֶש מיט אירע פרייע פּלעצער, דָבְרַת
מיט אירע פרייע פּלעצער. 58 און רָאמות מיט אירע פרייע
פּלעצער, און עָנֵם מיט אירע פרייע פּלעצער. 59 און פון
שבט אָשר: מָשָל מיט אירע פרייע פּלעצער, און עַבדון
מיט אירע פרייע פּלעצער. 60 און חוקוק מיט אירע פרייע
פּלעצער, און רחוב מיט אירע פרייע פּלעצער. 61 און פון
שבט נפתלי: קֶדֶש אין גָליל מיט אירע פרייע פּלעצער,
און חַמון מיט אירע פרייע פּלעצער, און קִריָתַיִם מיט אירע
פרייע פּלעצער.
62 פאַר די איבעריקע, די קינדער פון מְרָרי, פון שבט
זבולון: רִמונו מיט אירע פרייע פּלעצער, תָבור מיט אירע
פרייע פּלעצער. 63 און פון יענער זייט יַרדן ביי יריחו, צו
מזרח פון יַרדן, פון שבט ראובן: בֶצֶר אין מדבר מיט אירע
פרייע פּלעצער, און יַהַץ מיט אירע פרייע פּלעצער; 64 און
קְדֵמות מיט אירע פרייע פּלעצער, און מֵיפַעַת מיט אירע

פרייע פּלעצער. [65]און פון שבט גָד: רָאמוֹת אין גִלעָד מיט
אירע פרייע פּלעצער, און מַחנַיִם מיט אירע פרייע פּלעצ־
צער; [66]און חֶשבּוֹן מיט אירע פרייע פּלעצער, און יַעְזֵיר
מיט אירע פרייע פּלעצער.

ז [1]און פון די זין פון יִששָׂכָר זיינען געווען: תּוֹלָע, און
פּוּאָה, יָשוּב, און שִמרוֹן—פיר. [2]און די זין פון תּוֹלָען:
עוּזי, און רפָיָה, און יריאֵל, און יַחמַי, און יִבשָׂם, און שמוּאֵל,
הויפּטן פון זייערע פֿאָטערהייזער—פון תּוֹלָע—לויט זייערע
געבוּרטן, העלדישע גיבּוֹרים. זייער צאָל אין די טעג פון
דוִדן איז געווען צוויי און צוואַנציק טויזנט און זעקס הונ־
דערט. [3]און די זין פון עוּזין זיינען געווען: יִזרַחיָה; און די
זין פון יִזרַחיָהן: מיכָאֵל, און עוֹבַדיָה, און יוֹאֵל, יִשִיָה—פינף;
אַלע הויפּטן. [4]און צו זיי האָבן געהערט, לויט זייערע
געבוּרטן, לויט זייערע פֿאָטערהייזער, מחנות קריג־חיל,
זעקס און דרייסיק טויזנט; וואָרום זיי האָבן געהאַט פיל
ווייבער און זין. [5]און זייערע ברידער פון אַלע משפּחות
פון יִששָׂכָר, העלדישע גיבּוֹרים—זייער פאַרצייכעניש, אין
אַלעמען: זיבן און אַכציק טויזנט.

[6]פון בנימינען: בֶּלַע, און בֶּכֶר, און ידיעֲאֵל—דריי. [7]און
די זין פון בֶּלַען: אֶצבּוֹן, און עוּזי, און עוּזיאֵל, און ירימוֹת,
און עִירי—פינף, הויפּטן פון פֿאָטערהייזער, העלדישע
גיבּוֹרים; און זייער פאַרצייכעניש: צוויי און צוואַנציק טויזנט
און פיר און דרייסיק. [8]און די זין פון בֶּכֶרן: זמירָה, און
יוֹעָש, און אֶלִיעֶזֶר, און אֶליוֹעֵינַי, און עָמרי, און ירֵמוֹת, און
אַביָה, און עֲנָתוֹת, און עָלֶמֶת; די אַלע זיינען געווען די זין
פון בֶּכֶרן. [9]און זייער פאַרצייכעניש לויט זייערע געבוּרטן,

לויט די הויפּטן פון זייערע פּאָטערהייזער, העלדישע
גיבּורים: צוואַנציק טויזנט און צוויי הונדערט. [10]און די זין
פון ידיעאֵלן: בִּלְהָן; און די זין פון בִּלְהָנען: יְעוּש, און בנימין,
און אֵהוּד, און כּנַעֲנָה, און זֵיתָן, און תַּרשיש, און אַחִישַׁחַר.
[11]די אַלע זיינען געווען די קינדער פון ידיעאֵל לויט די
הויפּטן פון די פּאָטערהייזער, העלדישע גיבּורים, זיבעצן
טויזנט און צוויי הונדערט וואָס גייען אַרויס אין חיל אויף
מלחמה. [12]דערצו שוּפּים, און חוּפּים, די זין פון עִירן;
חוּשִׁם, דער זון פון אַחֵרן.

[13]די זין פון נפתלין: יַחציאֵל, און גוּני, און יֵצֶר, און
שַׁלוּם, די קינדער פון בִּלְהָהן.

[14]די זין פון מנשהן: אַשׂריאֵל וואָס [זיין ווייב] האָט גע־
באָרן—זיין אַרַמישע קעפּסווייב האָט געבאָרן מָכיר דעם
פּאָטער פון גִלעָד; [15]און מָכיר האָט גענומען אַ ווייב פון
חוּפּים און שוּפּים, און דער נאָמען פון זייער שוועסטער איז
געווען מַעֲכָה—און דער נאָמען פון צווייטן איז געווען צלָפחָד;
און צלָפחָד האָט געהאַט טעכטער. [16]און מַעֲכָה די ווייב
פון מָכירן האָט געבאָרן אַ זון, און זי האָט גערופן זיין נאָמען
פֶּרֶש; און דער נאָמען פון זיין ברודער איז געווען שֶׁרֶש, און
זיינע זין זיינען געווען אוּלָם, און רֶקֶם. [17]און די זין פון
אוּלָמען: בְּדָן, דאָס זיינען די קינדער פון גִלעָד דעם זון פון
מָכיר, דעם זון פון מנשהן. [18]און זיין שוועסטער הַמוֹלֶכֶת
האָט געבאָרן אישהוֹדן, און אֲביעֶזֶרן, און מַחלָהן. [19]און
די זין פון שמידָען זיינען געווען: אַחיָן, און שֶׁכֶם, און לִקחי,
און אֲניעָם.

[20]און די זין פון אפרימען: שוּתֶלַח—און זיין זון איז געווען

בֶּרֶד, און זיין זון תַּחַת, און זיין זון אֶלְעָדָה, און זיין זון תַּחַת;
[21]און זיין זון זָבָד, און זיין זון שׁוּתֶלַח–און עֵזֶר, און אֶלְעָד.
און די מענטשן פון גַת, די אַיינגעבאָרענע פון לאַנד האָבן
זיי געהרגעט, ווייל זיי האָבן אַראָפּגענידערט אַוועקצונעמען
זייערע פי. [22]און זייער פאָטער אפרים האָט געטרויערט
פיל טעג, און זיינע ברידער זיינען געקומען אים טרייסטן.
[23]און ער איז געקומען צו זיין ווייב, און זי איז טראָגעדיק
געוואָרן, און האָט געבאָרן אַ זון, און ער האָט גערופן זיין
נאָמען בּריעָה ווייל אַן אומגליק[א] איז געשען אין זיין הויז.
[24]און זיין טאָכטער איז געווען שֶׁאֱרָה, און זי האָט געבויט
בֵּית־חוֹרוֹן, די אונטערשטע און די אויבערשטע, און אוּזֵן־
שֶׁאֱרָה. [25]און זיין זון איז געווען רֶפַח, און רֶשֶׁף, און זיין
זון תֶּלַח, און זיין זון תַּחַן; [26]זיין זון לַעְדָן, זיין זון עַמִּיהוּד,
זיין זון אֱלִישָׁמָע; [27]זיין זון נון, זיין זון יהוֹשוּעַ. [28]און זייער
אייגנטום און זייערע וווינערטער איז געווען בֵּית־אֵל מיט
אירע טעכטערשטעט, און צו מזרח, נַעֲרָן, און צו מערב
גֶזֶר מיט אירע טעכטערשטעט, און שְׁכֶם מיט אירע טעכ־
טערשטעט, ביז עַיָה מיט אירע טעכטערשטעט. [29]און לעבן
די קינדער פון מנשה, בֵּית־שְׁאָן מיט אירע טעכטערשטעט,
תַּעֲנָךְ מיט אירע טעכטערשטעט, מְגִדוֹ מיט אירע טעכטער־
שטעט, דוֹר מיט אירע טעכטערשטעט. אין די דאָזיקע זיינען
געזעסן די קינדער פון יוֹסף דעם זון פון ישׂראלן.

[30]די קינדער פון אָשרן: יִמְנָה, און יִשְׁוָה, און יִשְׁוִי,
און בּריעָה, און זייער שוועסטער שֶׂרַח. [31]און די זין פון
בּריעָהן: חֶבֶר, און מַלְכִּיאֵל, דאָס איז דער פאָטער פון
בִּרְזָיִת. [32]און חֶבֶר האָט געבאָרן יַפְלֵטן, און שׁוֹמֵרן, און
חוֹתָמען, און זייער שוועסטער שׁוּעָאן. [33]און די זין פון

[א] אין טעקסט: בְּרָעָה, אין אַן אומגליק.

יַפלֵטן זיינען געווען: פָּסַך, און בִּמהָל, און עַשוָת. דאָס
זיינען די זין פון יַפלֵטן. [34]און די זין פון שֶמֶרן: אַחִי, און
רָהגָה, און חוּבָּה, און אַרָם. [35]און די זין פון זיין ברודער
הֶלֶמען: צוֹפַח, און יִמנָע, און שֶלֶש, און עָמָל. [36]די זין פון
צוֹפַחן: סוּחַ, און חַרנֶפֶר, און שוּעָל, און בֵּרִי, און יִמרָה;
[37]בֶּצֶר, און הוֹד, און שַמָא, און שִלשָה, און יִתרָן, און בְּאֵרָא.
[38]און די זין פון יֶתֶרן: יפוּנֶה, און פִּספָּא, און אַרָא. [39]און די
זין פון עוּלָאן: אָרַח, און חַנִיאֵל, און רִצְיָא. [40]די אַלע זיינען
געווען די קינדער פון אָשר, הויפּטן פון די פאָטערהייזער,
געקליבענע העלדישע גיבוֹרים, אויבערפירשטן; און זייער
פאַרצייכעניש אין חיל פאַר מלחמה–זייער צאָל: זעקס און
צוואַנציק טויזנט מאַן.

ח [1]און בנימין האָט געבאָרן בֶּלַע זיין בכוֹר, אַשבֵּל דעם
צווייטן, און אַחרַח דעם דריטן; [2]נוֹחָה דעם פירטן,
און רָפָא דעם פינפטן. [3]און בֶּלַע האָט געהאַט זין: אַדָר,
און גֵרָא, און אַביהוּד; [4]און אַבישוּעַ, און נַעֲמָן, און אַחוֹחַ;
[5]און גֵרָא, און שפוּפָן, און חוּרָם. [6]און דאָס זיינען די זין פון
אֵחוּדן:–דידאָזיקע זיינען געווען הויפּטן פון פאָטערהייזער
פון די באַוווינער פון גֶבַע, און מע האָט זיי פאַרטריבן קיין
מָנַחַת; [7]און נַעֲמָן, און אַחִיָה, און גֵרָא, זיי האָבן זיי פאַרטריבן
–ער האָט געבאָרן עוּזאָן, און אַחיחוּדן. [8]און שַחֲרַיִם האָט
געהאַט קינדער אין פעלד פון מוֹאָב, נאָכדעם ווי ער האָט
זיי אַוועקגעשיקט–זיינע ווייבער, חוּשים, און בַּעֲרָא. [9]און
ער האָט געהאַט מיט זיין ווייב חוֹדֶשן: יוֹבָבן, און צִבְיָאן, און
מֵישָאן, און מַלכָּמען; [10]און יְעוּצן, און שָׂכְיָהן, און מִרמָהן.
דאָס זיינען געווען זיינע זין–הויפּטן פון פאָטערהייזער. [11]און
מיט חוּשימען האָט ער געהאַט אַביטוּבן, און אֶלפַּעַלן.

12 און די זין פון אֶלפַּעַלן: עֵבֶר, און מִשעָם, און שֶמֶר,
וואָס האָט געבויט אונוֹ, און לוֹד מיט אירע טעכטערשטעט;
13 און בּריעָה, און שֶמַע, וואָס זיינען געווען הויפּטן פון די
פּאָטערהייזער פון די בּאַווינער פון אַיָלון, די וואָס האָבּן
פּאַריאָגט די בּאַווינער פון גַת. 14 און אַחיוֹ, שָשַק, און
ירֵמוֹת, 15 און זבַדיָה, און עַרָד, און עֶדֶר, 16 און מיכָאֵל, און
ישפָּה, און יוֹחאָ, זיינען געווען די זין פון בּריעָהן. 17 און
זבַדיָה, און משוּלָם, און חִזקי, און חֶבֶר, 18 און ישמרַי, און
יזליאָה, און יוֹבָב, זיינען געווען די זין פון אֶלפַּעַלן. 19 און
יָקים, און זִכרי, און זַבדי, 20 און אֶליעֵינַי, און צִלתַי, און
אֶליאֵל, 21 און עֲדָיָה, און בּראָיָה, און שִמרָת, זיינען געווען
די זין פון שִמעִין. 22 און ישפָּן, און עֵבֶר, און אֶליאֵל, 23 און
עַבדוֹן, און זִכרי, און חָנָן, 24 און חֲנַניָה, און עֵילָם, און
עַנתוֹתִיָה. 25 און יִפדיָה, און פּנוּאֵל, זיינען געווען די זין פון
שָשַקן. 26 און שַמשרַי, און שחַריָה, און עֲתַליָה, 27 און יַעֲרֶשיָה,
און אֵליָה, און זִכרי, זיינען געווען די זין פון ירוֹחָמען.
28 דידאָזיקע זיינען געווען הויפּטן פון פּאָטערהייזער—לויט
זייערע געבורטן הויפּטן. דידאָזיקע זיינען געזעסן אין
ירוּשָלַיִם.

29 און אין גִבעוֹן זיינען געזעסן: דער פּאָטער פון גִבעוֹן[א],
וואָס דער נאָמען פון זיין ווייבּ איז געווען מַעֲכָה; 30 און זיין
ערשטגעבּאָרענער זון עַבדוֹן, און צוּר, און קיש, און בַּעַל,
און נָדָב; 31 און גדוֹר, און אַחיוֹ, און זֶכֶר. 32 און מִקלוֹת האָט
געבּאָרן שִמאָהן. און זיי אויך מיט זייערע בּרידער זיינען
געזעסן אין ירוּשָלַיִם, אַקעגן זייערע בּרידער.

33 און נֵר האָט געבּאָרן קישן, און קיש האָט געבּאָרן
שָאוּלן, און שָאוּל האָט געבּאָרן יוֹנָתָנען, און מַלכּי־שוּעַן,
און אַבינָדָבן, און אֶשבַּעַלן. 34 און יוֹנָתָנס זון איז געווען

א זע ט, 35.

מריב־בַּעַל; און מריב־בַּעַל האָט געבאָרן מִיכָהן. [35]און די
זין פון מִיכָהן זיינען געווען: פּיתוֹן, און מֶלֶך, און תַּאֲרֵעַ, און
אָחָז. [36]און אָחָז האָט געבאָרן יהוֹעַדָהן; און יהוֹעַדָה האָט
געבאָרן עָלֶמֶתן, און עַזמָוֶתן, און זִמריַן; און זִמרי האָט גע־
באָרן מוֹצאָן. [37]און מוֹצאָ האָט געבאָרן בִּנעָאן; זיין זון איז
געווען רָפָה, זיין זון אֶלעָשָׂה, זיין זון אָצֵל. [38]און אָצֵל האָט
געהאַט זעקס זין, און דאָס זיינען זייערע נעמען: עַזרִיקָם,
בּוֹכרוּ, און יִשמָעֵאל, און שעַריָה, און עוֹבַדיָה, און חָנָן.
די אַלע זיינען געווען די זין פון אָצֵלן. [39]און די זין פון זיין
ברודער עֵשֶקן: אוּלָם זיין בְּכוֹר, יְעוּש דער צווייטער, און
אֱלִיפֶלֶט דער דריטער. [40]און די זין פון אוּלָמען זיינען
געווען מענטשן העלדישע גִיבּוֹרים, בויגנשפּאַנער; און זיי
האָבן געהאַט פיל קינדער און קינדסקינדער—הונדערט און
פופציק. די אַלע זיינען געווען פון די קינדער פון בנימין.

ט [1]און גאַנץ ישׂראל האָבן זיך פאַרצייכנט, און זיי זיינען
פאַרשריבן אין בוך פון די מלכים פון ישׂראל. און יהודה
איז פאַרטריבן געוואָרן קיין בָּבֶל פאַר זייער פעלשונג.
[2]און די וואָס האָבן זיך די ערשטע באַזעצט אויף זייער
אייגנטום אין זייערע שטעט, זיינען געווען, ישׂראל, די כֹּהנים,
די לְוִיִים, און די נתינים. [3]און אין ירושָלַיִם זיינען געזעסן
פון די קינדער פון יהודה, און פון די קינדער פון בנימין,
און פון די קינדער פון אפרים און מנשה: [4]עוּתַי דער זון פון
עַמִיהוּד דעם זון פון עָמרי, דעם זון פון אִמרִין, דעם זון פון
בָּנִין, פון די זין פון פֶּרֶץ דעם זון פון יהודהן. [5]און פון די
שילוֹנים: עַשָׂיָה דער בְּכוֹר, און זיינע זין. [6]און פון די קינ־
דער פון זֶרח: יְעוּאֵל, און זייערע ברידער, זעקס הונדערט
און ניינציק. [7]און פון די קינדער פון בנימין: סַלוּא דער

זון פון משוּלָם דעם זון פון הוֹדַויָה, דעם זון פון הַסנוּאָהן;
8און יִבנִיָה דער זון פון ירוֹחָמען, און אֵלָה דער זון פון עוזי
דעם זון פון מִכרין, און משוּלָם דער זון פון שפַטיָה דעם
זון פון רְעוּאֵל, דעם זון פון יִבנִיָהן; 9און זייערע ברידער
לויט זייערע געבורטן, ניין הונדערט און זעקס און פופציק.
די אַלע מענער זיינען געווען הויפּטן פון פאָטערהייזער
לויט זייערע פאָטערהייזער.

10און פון די כֹּהנים: ידַעיָה, און יהוֹיָריב, און יָכין; 11און
עֲזַריָה דער זון פון חִלקִיָה דעם זון פון משוּלָם, דעם זון פון
צָדוֹק, דעם זון פון מְריוֹת, דעם זון פון אַחיטוּב, דער פירשט
פון גאָטס הויז; 12און עֲדָיָה דער זון פון ירוֹחָם דעם זון פון
פַּשחוּר, דעם זון פון מַלכִּיָהן, און מַעְשַׂי דער זון פון עֲדיאֵל
דעם זון פון יַחזֵרָה, דעם זון פון משוּלָם, דעם זון פון
משִלֵמית, דעם זון פון אִמֵרן; 13און זייערע ברידער, הויפּטן
פון זייערע פאָטערהייזער, טויזנט און זיבן הונדערט און
זעכציק טויגלאַכע לייט פאַר דער דינסטאַרבעט פון גאָטס
הויז.

14און פון די לְוִיִים: שמַעיָה דער זון פון חַשוּב דעם זון
פון עַזריקָם, דעם זון פון חֲשַביָהן, פון די קינדער פון מְרָרי;
15און בַּקבַּקַר, חֶרֶש, און גָלָל, און מַתַניָה דער זון פון מִיכָא
דעם זון פון זכרי, דעם זון פון אָסָפן; 16און עוֹבַדיָה דער זון
פון שמַעיָה דעם זון פון גָלָל, דעם זון פון ידוּתוּנען, און
בֶּרֶכיָה דער זון פון אָסָא דעם זון פון אֶלקָנָהן, וואָס איז
געזעסן אין די דערפער פון די נטוֹפָתים.

17און די טויערלייט זיינען געווען: שַלוּם, און עַקוּב, און
טַלמוֹן, און אַחימָן; און זייער ברודער שַלוּם איז געווען דער
הויפּט. 18און נאָך ביז אַהער זיינען זיי אין דעם מלכס
טויער צו מזרח; זיי זיינען די טויערלייט פאַר די לאַגערס

פון די קינדער פון לֵוִי. 19און שַׁלוּם דער זון פון קוֹרֵא דעם
זון פון אֶבְיָסָף, דעם זון פון קֹרַח, און זײַנע ברידער פון
זײַן פֿאָטערס הויז, די קָרְחִים, זײַנען געווען איבער דער
דינסטאַרבעט, די שוועלהיטער פון דעם געצעלט, אַזוי ווי
זייערע עלטערן זײַנען געווען איבער דעם לאַגער פון גאָט,
די היטער פון דעם אײַנגאַנג. 20און פִּינחס דער זון פון
אֶלְעָזָרן איז געווען דער פירשט איבער זיי אַמאָל; גאָט איז
מיט אים געווען. 21זְכַרְיָה דער זון פון מְשֶׁלֶמְיָהן איז געווען
דער טויערמאַן בײַם אײַנגאַנג פון אוהל־מועד. 22זיי אַלע,
די אויסגעקליבענע פֿאַר טויערלײַט בײַ די שוועלן, צוויי
הונדערט און צוועלף. זיי זײַנען געווען פֿאַרצײַכנט לויט
זייערע דערפֿער; זיי האָט דוד און שמואל דער זעער
געשטעלט אויף זייער אַמט. 23און זיי און זייערע קינדער
זײַנען געווען איבער די טויערן פון דעם הויז פון גאָט, פון
דעם הויז פון געצעלט, פֿאַר וואַכן. 24אין פיר זײַטן זײַנען
געווען די טויערלײַט: אין מזרח, אין מערב, אין צפון, און
אין דָרום. 25און זייערע ברידער אין זייערע דערפֿער
האָבן געדאַרפֿט קומען אויף זיבן טעג, פון צײַט צו צײַט,
צו זײַן מיט די דאָזיקע; 26וואָרום אויף שטענדיק זײַנען געווען
נאָר די פיר הויפּטטויערלײַט.

דאָס זײַנען געווען די לְוִיִם.

אויך זײַנען זיי געווען איבער די קאַמערן, און איבער די
אוֹצרות פון גאָטס הויז. 27און זיי האָבן גענעכטיקט אַרום
דעם הויז פון גאָט, ווײַל אויף זיי איז געווען די היטונג, און
זיי זײַנען געווען איבער דעם עפענען, מאָרגן פֿאַר מאָרגן.
28און טייל פון זיי זײַנען געווען איבער די כּלים פון דינסט,
וואָרום מיט אַ צאָל האָט מען זיי אַרײַנגעבראַכט, און מיט
אַ צאָל האָט מען זיי אַרויסגענומען. 29און טייל פון זיי

זיינען געווען געשטעלט איבער די זאַכן, און איבער אַלע
הייליקע כּלים, און איבער דעם זעמלמעל, און דעם ווײַן,
און דעם אייל, און דעם ווײַרויך, און די בשׂמים. [30]און
טייל פון די זין פון די כּהנים האָבן צובאַרייט די צובאַריי־
טונג פון די בשׂמים. [31]און מַתִּתְיָה פון די לוִיִם, וואָס איז
געווען דער בכור פון שַׁלום דעם קָרחי, האָט געהאַט דעם
אַמט איבער די פאַנגעבעקסן. [32]און טייל פון די קינדער
פון די קְהָתים, פון זייערע ברידער, זיינען געווען איבערן
אויסגעלייגטן ברויט, דאָס צוצוגרייטן שבת אין שבת.

[33]און דאָס זיינען געווען די זינגערס, הויפּטן פון פאָ־
טערהייזער פון די לוִיִם, אין די קאַמערן, פּטור [פון אַנ־
דערן דינסט] ווייל טאָג און נאַכט איז אויף זיי געווען די
אַרבעט. [34]דידאָזיקע זיינען געווען הויפּטן פון די פאָטער־
הייזער פון די לוִיִם—לויט זייערע געבורטן הויפּטן. די־
דאָזיקע זיינען געזעסן אין ירושָׁלַיִם.

[35]און אין גִבְעוֹן זיינען געזעסן: דער פאָטער פון גִבְעוֹן,
יְעוּאֵל, וואָס דער נאָמען פון זיין ווייב איז געווען מַעֲכָה;
[36]און זיין זון דער בכור, עַבדון, און צור, און קיש, און בַּעַל,
און נֵר, און נָדָב; [37]און גדור, און אַחיו, און זכַריָה, און מִקלוֹת.
[38]און מִקלוֹת האָט געבאָרן שִׁמאָמען. און זיי אויך זיינען
געזעסן מיט זייערע ברידער אין ירושָׁלַיִם, אַקעגן זייערע
ברידער.

[39]און נֵר האָט געבאָרן קישן; און קיש האָט געבאָרן
שָׁאולן; און שָׁאול האָט געבאָרן יוֹנָתָנען, און מַלכּי־שוּעַן, און
אַבינָדָבן, און אֶשבַּעַלן. [40]און יוֹנָתָנס זון איז געווען מריב־
בַּעַל, און מריב־בַּעַל האָט געבאָרן מיכָהן. [41]און די זין פון
מיכָהן זיינען געווען: פּיתוֹן, און מֶלֶך, און תַּחרֵעַ, [און אָחָז[א]].
[42]און אָחָז האָט געבאָרן יַעְרָהן; און יַעְרָה האָט געבאָרן

[א] זע ח, 35.

עָלֶמֶתן, און עַזמָוֶתן, און זִמרִין; און זִמרִי האָט געבאָרן מוֹצאָן.
43און מוֹצאָ האָט געבאָרן בִּנעָאן; און זײַן זון איז געווען רפָיָה,
זײַן זון אֶלעָשָׂה, זײַן זון אָצֵל. 44און אָצֵל האָט געהאַט זעקס
זין, און דאָס זײַנען זײערע נעמען: עַזרִיקָם, בּוֹכרוּ, און
יִשמָעֵאל, און שעַריָה, און עוֹבַדיָה, און חָנָן. דאָס זײַנען
די זין פֿון אָצֵלן.

י 1און די פּלִשתּים האָבן מלחמה געהאַלטן אויף ישׂראל,
און די מענער פֿון ישׂראל זײַנען אַנטלאָפֿן פֿאַר די
פּלִשתּים, און זײ זײַנען געפֿאַלן דערשלאָגענע אויפֿן באַרג
גִלבּוֹעַ. 2און די פּלִשתּים האָבן נאָכגעיאָגט שָאולן און זײַנע
זין, און די פּלִשתּים האָבן דערשלאָגן יוֹנָתָן, און אַבִינָדָב,
און מַלכּי־שוּעַ, די זין פֿון שָאולן. 3און די מלחמה איז געווען
שווער אַקעגן שָאולן, און די בויגנשיסערס האָבן אים גע־
פֿונען, און ער האָט געציטערט פֿאַר די שיסערס. 4און
שָאול האָט געזאָגט צו זײַן וואָפֿנטרעגער: צי אַרויס דײַן
שווערד, און דערשטעך מיך מיט איר, אַז די דאָזיקע אומ־
באַשניטענע זאָלן ניט קומען, און מאַכן געשפּעט איבער
מיר. אָבער זײַן וואָפֿנטרעגער האָט ניט געוואָלט, וואָרום
ער האָט זײער מוֹרא געהאַט. האָט שָאול גענומען די
שווערד, און איז אַרויפֿגעפֿאַלן אויף איר. 5און ווי זײַן
וואָפֿנטרעגער האָט געזען, אַז שָאול איז געשטאָרבן, איז ער
אויך אַרויפֿגעפֿאַלן אויף זײַן שווערד, און איז געשטאָרבן.
6אַזוי איז געשטאָרבן שָאול; און זײַנע דרײ זין און זײַן גאַנץ
הויזגעזינט אין אײנעם זײַנען געשטאָרבן.
7און ווי אַלע מענער פֿון ישׂראל וואָס אין טאָל האָבן
געזען, אַז יענע זײַנען אַנטלאָפֿן, און אַז שָאול און זײַנע זין
זײַנען טויט, אַזוי האָבן זײ פֿאַרלאָזן זײערע שטעט, און

זײַנען אַנטלאָפֿן. און די פּלִשתּים זײַנען געקומען, און האָבן
זיך אין זײ באַזעצט.
[8]און עס איז געװען אױף מאָרגן, זײַנען די פּלִשתּים
געקומען אױסטאָן די דערשלאָגענע, און זײ האָבן געפֿונען
שָאולן און זײַנע דרײַ זין, געפֿאַלן אױפֿן באַרג גִלבוֹעַ.
[9]האָבן זײ אים אױסגעטאָן, און האָבן גענומען זײַן קאָפּ, און
זײַנע װאָפֿן, און געשיקט אין לאַנד פֿון די פּלִשתּים רונד
אַרום, צו ברענגען די בשׂורה צו זײערע געצנבילדער און
צום פֿאָלק. [10]און זײ האָבן אַװעקגעלײגט זײַנע װאָפֿן אין
הױז פֿון זײערע געטער, און זײַן שאַרבן האָבן זײ אױפֿגע־
שטאָכן אין הױז פֿון דָגוֹן.
[11]און גאַנץ יָבֵיש־גִלעָד האָט געהערט אַלץ װאָס די
פּלִשתּים האָבן געטאָן צו שָאולן, [12]און אַלע העלדישע לײַט
זײַנען אױפֿגעשטאַנען, און זײ האָבן גענומען דעם לײַב פֿון
שָאולן, און די לײַבער פֿון זײַנע זין, און זײ געבראַכט קײן
יָבֵיש; און זײ האָבן באַגראָבן זײערע בײנער אונטער דעם
אײכנבױם אין יָבֵיש; און זײ האָבן געפֿאַסט זיבן טעג.
[13]און שָאול איז געשטאָרבן פֿאַר זײַן פֿעלשונג װאָס ער
האָט געפֿעלשט אָן גאָט פֿון װעגן דעם װאָרט פֿון גאָט װאָס
ער האָט ניט געהיט, און אױך פֿאַרװאָס שָאול האָט געפֿרעגט
בײַ אַ גײַסט צו פֿאָרשן בײַ אים, [14]און ניט געפֿרעגט בײַ גאָט;
דרום האָט ער אים געטײט, און האָט אָפּגעקערט די מלוכה
צו דוד דעם זון פֿון יִשַי.

יא [1]און גאַנץ ישׂראל האָבן זיך אײַנגעזאַמלט צו דודן קײן
חֶברוֹן, אַזױ צו זאָגן: דײַן בײן און דײַן פֿלײש זײַנען
מיר דאָך. [2]נאָך פֿון נעכטן און אײערנעכטן, נאָך װען
שָאול איז געװען אַ מלך, ביסטו געװען דער װאָס האָט

אַרויסגעפירט און אַריינגעפירט ישׂראל. און גאָט דיין האַר
האָט צו דיר געזאָגט: דו זאָלסט פּיטערן מיין פאָלק ישׂראל,
און דו זאָלסט זיין אַ פירשט איבער מיין פאָלק ישׂראל.
3און אַלע עלטסטע פון ישׂראל זיינען געקומען צום מלך
קיין חֶברוֹן, און דוד האָט זיי געשלאָסן אַ בונד אין חֶברוֹן
פאַר גאָט, און זיי האָבן געזאַלבט דודן פאַר אַ מלך איבער
ישׂראל, אַזוי ווי גאָטס וואָרט דורך שמואלן.
4און דוד און גאַנץ ישׂראל זיינען געגאַנגען קיין ירושָלַיִם,
דאָס איז יבוס; און דאָרטן זיינען געווען די יבוסים, די באַ־
וווינער פון לאַנד. 5האָבן די באַוווינער פון יבוס געזאָגט
צו דודן: וועסט אַהער ניט קומען. אָבער דוד האָט באַ־
צוווּנגען די פעסטונג פון צִיוֹן, דאָס איז דודס־שטאָט. 6און
דוד האָט געזאָגט: ווער נאָר עס וועט צוערשט שלאָגן
דעם יבוסי זאָל ווערן פאַר אַ הויפּטמאַן און פאַר אַ האַר.
איז יוֹאָב דער זון פון צרויָהן אַרויפגעגאַנגען צום ערשטן,
און ער איז געוואָרן פאַר אַ הויפּטמאַן. 7און דוד האָט זיך
באַזעצט אין דער פעסטונג, דרום האָט מען זי גערופן דודס־
שטאָט. 8און ער האָט פאַרבויט די שטאָט רונד אַרום, פון
מִלוֹא ביז רונד אַרום. און יוֹאָב האָט פאַרריכט דעם רעשט
פון דער שטאָט. 9און דוד איז געוואָרן אַלץ גרעסער, און
גאָט פון צבָאוֹת איז געווען מיט אים.
10און דאָס זיינען די הויפּט־גיבורים וואָס דוד האָט גע־
האַט, די וואָס האָבן פעסט געהאַלטן מיט אים אין זיין
מלוכה, אינאיינעם מיט גאַנץ ישׂראל, אים צו מאַכן פאַר
אַ מלך, אַזוי ווי דאָס וואָרט פון גאָט צו ישׂראל. 11און דאָס
איז די צאָל פון די גיבורים וואָס דוד האָט געהאַט: יָשָבעָם
דער זון פון חַכמוֹנין, דער הויפּטמאַן פון די עלצטע; ער
האָט אויפגעהויבן זיין שפּיז אויף דריי הונדערט, און זיי

דערשלאָגן אויף איין מאָל. [12]און נאָך אים, אֶלְעָזָר דער
זון פון דודון, פון אֲחוֹחַ; ער איז געווען פון די דריי גיבּוֹרים.
[13]ער איז געווען מיט דודן אין פַּס־דַמִים, ווען די פּלִשתּים
האָבן זיך דאָרטן אײַנגעזאַמלט אויף מלחמה; און דאָרטן
איז געווען אַ שטיק פעלד פול מיט גערשטן; און דאָס פאָלק
איז אַנטלאָפן פאַר די פּלִשתּים. [14]האָבן זיי זיך געשטעלט
אין מיטן פון דעם שטיק לאַנד, און האָבן עס מציל געווען;
און זיי האָבן געשלאָגן די פּלִשתּים, און גאָט האָט זיי געהאָלפן
אַ גרויס הילף.

[15]און דריי פון די דרייסיק הויפּטלײַט האָבן אַראָפּ־
גענידערט צום פעלז צו דודן אין דער הייל פון עֲדוּלָם;
און די מחנה פון די פּלִשתּים האָט געלאַגערט אין טאָל
רפָאים. [16]און דוד איז דענסמאָל געווען אין דער פעס־
טונג, און די וואַך פון די פּלִשתּים איז דענסמאָל געווען
אין בֵית־לֶחֶם. [17]האָט דוד געגלוסט, און ער האָט געזאָגט:
ווען עמיצער גיט מיר טרינקען וואַסער פון דעם ברונעם
פון בֵית־לֶחֶם וואָס אין טויער! [18]האָבן די דריי דורכגע־
בראָכן אין לאַגער פון די פּלִשתּים, און האָבן אָנגעשעפּט
וואַסער פון דעם ברונעם פון בֵית־לֶחֶם וואָס אין טויער,
און גענומען און געבראַכט צו דודן. אָבער דוד האָט עס
ניט געוואָלט טרינקען, און ער האָט עס אויסגעגאָסן פאַר גאָט.
[19]און ער האָט געזאָגט: באַהיט מיך מיין גאָט פון דאָס צו
טאָן! דאָס בלוט פון דידאָזיקע מענטשן מיט זייער לעבן
זאָל איך טרינקען? וואָרום מיט דער סכנה פון זייער לעבן
האָבן זיי עס געבראַכט. און ער האָט עס ניט געוואָלט
טרינקען.

דאָס האָבן געטאָן די דריי גיבּוֹרים.

[20]און אַבשַי דער ברודער פון יוֹאָבן, ער איז געווען

דער הויפּט פֿון די דרײַ; און ער האָט אויפֿגעהויבן זײַן
שפּיז אויף דרײַ הונדערט, און זיי דערשלאָגן; און ער האָט
געהאַט אַ שם צווישן די דרײַ. [21]פֿון די צווייטע דרײַ איז
ער געווען דער אָנגעזעענסטער, און ער איז געווען זייער
עלצטער, אָבער צו די [ערשטע] דרײַ איז ער ניט געקומען.
[22]בּנָיָה דער זון פֿון יהוֹיָדָען, דער זון פֿון אַ העלדישן
מאַן פֿון פֿיל אויפֿטוען, פֿון קַבְצְאֵל, ער האָט געשלאָגן די
צוויי מזבחות פֿון מוֹאָב, און ער האָט אַראָפּגענידערט, און
האָט דערשלאָגן אַ לײב אין אַ גרוב אין אַ טאָג פֿון שניי. [23]און
ער האָט דערשלאָגן אַ מִצרישן מאַן, אַ מאַן פֿון אַ גרויסן
וווקס, פֿינף איילן [די הייך]; און אין דעם מִצרים האַנט איז
געווען אַ שפּיז אַזוי ווי דער שטאַנג פֿון וועבער, און ער
האָט אַראָפּגענידערט צו אים מיט אַ רוט; האָט ער אַרויס־
געריסן דעם שפּיז פֿון דעם מִצרים האַנט, און האָט אים
געהרגעט מיט זײַן אייגענעם שפּיז.
[24]דאָס האָט געטאָן בּנָיָהו דער זון פֿון יהוֹיָדָען, און ער
האָט געהאַט אַ שם צווישן די דרײַ גיבּוֹרים. [25]ער איז געווען
מער אָנגעזעען פֿון די דרײַסיק, אָבער צו די [ערשטע] דרײַ
איז ער ניט געקומען. און דוד האָט אים אויפֿגעזעצט איבער
זײַן לײַבוואַך.
[26]און די העלדישע גיבּוֹרים זײַנען געווען: עֲשָׂהאֵל דער
ברודער פֿון יוֹאָבן; אֶלְחָנָן דער זון פֿון דוֹדוֹן פֿון בֵּית־לֶחֶם;
[27]שַׁמּוֹת פֿון הַרוֹר; חֶלֶץ פֿון פּלוֹן; [28]עִירָא דער זון פֿון עִקֵּשׁן
פֿון תּקוֹעַ; אֲבִיעֶזֶר פֿון עֲנָתוֹת; [29]סִבְּכַי פֿון חוּשָׁה; עִילַי פֿון
אֲחוֹחַ; [30]מַהֲרַי פֿון נטוֹפָה; חֵלֶד דער זון פֿון בַּעֲנָהן פֿון
נטוֹפָה; [31]איתַי דער זון פֿון רִיבַין פֿון גִבעָה פֿון די קינדער
פֿון בנימין; בּנָיָה פֿון פִּרעָתוֹן; [32]חוּרַי פֿון נַחֲלֵי־גָעַש; אֲביאֵל
פֿון עַרְבָה; [33]עַזמָוֶת פֿון בַּחֲרוּם; אֶלְיַחְבָּא פֿון שַׁעַלבוֹן; [34]די

זין פון הָשֵׁמען פון גִזוֹן; יוֹנָתָן דער זון פון שָׁגֵהן פון הָרָר;
35 אֲחִיאָם דער זון פון שָׂכָרן פון הָרָר; אֱלִיפָל דער זון פון
אורן; 36 חֵפֶר פון מכֵרָה; אֲחִיָה פון פּלוֹן; 37 חֶצרוֹ פון כַּרמֶל;
נַעֲרַי דער זון פון אֶזבָּין; 38 יוֹאֵל דער ברודער פון נָתָנען;
מִבחָר דער זון פון הַגרין; 39 צֶלֶק דער עַמוֹני; נַחרַי פון בֵּרוֹת,
דער וואָפנטרעגער פון יוֹאָב דעם זון פון צרוּיָהן; 40 עִירָא
פון יֶתֶר; גָרֵב פון יֶתֶר; 41 אוּרִיָה דער חִתִּי; זָבָד דער זון פון
אַחלָין; 42 עֲדִינָא דער זון פון שִיזָא דעם ראוּבֵני, אַ הויפּטמאַן
פון די ראוּבֵנים, און דרײַסיק מיט אים; 43 חָנָן דער זון פון
מַעֲכָהן, און יוֹשָפָט פון מֶתֶן; 44 עוּזִיָא פון עַשתְּרוֹת; שָמָע,
און יעִיאֵל, די זין פון חוֹתָמען פון עֲרוֹעֵר; 45 ידִיעֲאֵל דער זון
פון שִמרין, און יוֹחָא זײַן ברודער פון תִּיץ; 46 אֱלִיאֵל פון
מַחֲוִים; און ירִיבַי, און יוֹשַוְיָה, די זין פון אֶלנַעֲמען; און
יִתמָה דער מוֹאָבִי; 47 אֱלִיאֵל, און עוֹבֵד, און יַעֲשִיאֵל פון
מצוֹבָיָה.

יב 1 און דאָס זײַנען די וואָס זײַנען געקומען צו דודן קײן
צִקלַג, בעת ער איז נאָך געווען פאַרשפּאַרט פון וועגן
שָאוּל דעם זון פון קִישן; און זײ זײַנען געווען צווישן די גיבורים
וואָס האָבן געהאָלפן אין דער מלחמה; 2 באַוואָפנטע מיט
בויגנס, וואָס האָבן אי מיט דער רעכטער האַנט אי מיט
דער לינקער געקענט וואַרפן שטײנער און פײַלן פון בויגן;
פון שָאוּלס ברידער, פון בנימין. 3 דער הויפּט אֲחִיעֶזֶר,
און יוֹאָש, די זין פון הַשמָעָהן פון גִבעָה; און יזִיאֵל, און פֶּלֶט,
די זין פון עַזמָוֶתן; און בּרָכָה, און יֵהוּא פון עֲנָתוֹת; 4 און
יִשמַעְיָה פון גִבעוֹן, אַ גיבור פון די דרײַסיק, און איבער די
דרײַסיק; און יִרמְיָה, און יַחזִיאֵל, און יוֹחָנָן, און יוֹזָבָד פון
גְדֵרָה; 5 אֶלעוּזַי, און ירִימוֹת, און בְּעַלְיָה, און שְמַריָהוּ, און
שְפַטיָהוּ פון חָרִיף; 6 אֶלקָנָה, און יִשִׁיָהוּ, און עֲזַרְאֵל, און

יוֹעֶזֶר, און יָשָׁבְעָם, די קָרחים; [7]און יוֹעֵאלָה, און זְבַדְיָה
די זין פון ירוֹחָמען פון גדוֹר.
[8]און פון די גָדים האָבן זיך אָפּגעשיידט צו דודן, צו
דער פעסטונג אין דער מדבר, העלדישע גיבוֹרים, חיל־
לייט פאַר מלחמה, וואָס האָבן געקענט האַלטן אַ פּאַנצער
און אַ שפּיז, מיט פּנימער ווי פּנימער פון לֵייבן, און אַזוי ווי
הירשן אויף די בערג אין פלינקייט. [9]עֵזֶר דער הויפּט,
עוֹבַדְיָה דער צווייטער, אֱלִיאָב דער דריטער; [10]מִשְׁמַנָּה
דער פירטער, יִרמְיָה דער פינפטער; [11]עַתַּי דער זעקסטער,
אֱלִיאֵל דער זיבעטער; [12]יוֹחָנָן דער אַכטער, אֶלְזָבָד דער
ניינטער; [13]יִרמְיָהוּ דער צענטער, מַכְבַּנַי דער עלפטער.
[14]דידאָזיקע פון די קינדער פון גָד זיינען געווען הויפּטלייט
פון חיל; דער מינדסטער איבער הונדערט, און דער
גרעסטער איבער טויזנט. [15]דאָס זיינען די וואָס זיינען
אַריבער דעם יַרדן אין ערשטן חודש ווען ער איז געווען
פול איבער אַלע זיינע ברעגן, און האָבן פאַריאָגט אַלע
פון די טאָלן צו מזרח און צו מערב.
[16]און פון די קינדער פון בנימין און יהודה זיינען גע־
קומען צו דער פעסטונג צו דודן. [17]און דוד איז זיי אַרויס
אַנטקעגן, און ער האָט זיך אָפּגערופן און האָט צו זיי גע־
זאָגט: אויב איר זייט געקומען אויף שלום צו מיר, מיך צו
העלפן, וועט מיין האַרץ זיין איינס מיט אַייך; אויב אָבער
מיך צו פאַרנאַרן צו מיינע פיינט, אָן אַן אומרעכט אין מיינע
הענט, זאָל דער גאָט פון אונדזערע עלטערן צוזען און
משפּטן. [18]האָט אַ גייסט אָנגעקליידט עֲמָשַׂי דעם הויפּט־
מאַן פון די עלצטע:

פאַר דיר, דוד,
און מיט דיר, זון פון יִשַׁין!

שלום, שלום צו דיר,
און שלום צו דיינע העלפער;
וואָרום דיין גאָט טוט דיך העלפן.
האָט זיי דוד צוגענומען, און האָט זיי געמאַכט פאַר הויפּט־
לייט פון דער מחנה.
[19]אויך פון מנשה זיינען צוגעפאַלן צו דודן ווען ער איז
געקומען מיט די פּלשתּים אַקעגן שאָולן אויף מלחמה, אָבער
זיי[א] האָבן זיי ניט געהאָלפן, וואָרום נאָך אַ באַראָטונג האָבן
די פירשטן פון די פּלשתּים אים אַוועקגעשיקט, אַזוי צו
זאָגן: מיט אונדזערע קעפּ וועט ער צופאַלן צו זיין האַר
שאָולן. [20]אַז ער איז געגאַנגען קיין צִקלַג זיינען צוגעפאַלן
צו אים פון מנשה: עַדנַח, און יוֹזָבָד, און ידיעַאֵל, און מיכָאֵל,
און יוֹזָבָד, און אֶליהוא, און צִלְתַי, הויפּטלייט פון טויזנטן
וואָס פון מנשה. [21]און זיי האָבן געהאָלפן דודן אַקעגן דער
מחנה, וואָרום זיי זיינען אַלע געווען העלדישע גיבּורים, און
זיי זיינען געוואָרן עלצטע אין חיל. [22]יאָ, פון טאָג צו טאָג
איז מען געקומען צו דודן אים צו העלפן, ביז די מחנה איז
געווען גרויס, אַזוי ווי אַ מחנה פון גאָט.
[23]און דאָס זיינען די צאָלן פון די קעפּ פון די באַוואָפנטע
פאַר מלחמה, וואָס זיינען געקומען צו דודן קיין חֶברון,
אָפּצוקערן די מלוכה פון שאָולן צו אים, לויט דעם מויל
פון גאָט: [24]די קינדער פון יהודה וואָס האָבן געטראָגן אַ
פאַנצער און אַ שפּיז, זעקס טויזנט און אַכט הונדערט באַ־
וואָפנט פאַר מלחמה. [25]פון די קינדער פון שמעון, העל־
דישע גיבּורים פאַר מלחמה, זיבן טויזנט און הונדערט. [26]פון
די קינדער פון לֵוִי, פיר טויזנט און זעקס הונדערט. [27]און
יהוֹיָדָע דער פירשט פון אַהרן, און מיט אים דריי טויזנט
און זיבן הונדערט. [28]און צָדוֹק, אַ יונגער העלדישער גיבּור,

א דוד מיט זיינע מענטשן – די פּלשתּים. זע שמואל א, כח, 1, און קאַפּ. כט.

און זיין פאָטערהויז, צוויי און צוואַנציק עלצטע. [29]און פון
די קינדער פון בנימין, די ברידער פון שָאולן, דריי טויזנט,
וואָרום ביז דענסמאָל האָט דאָס רֹוב פון זיי אָפּגעהיט די
געטריישאַפט צו שָאולס הויז. [30]און פון די קינדער פון
אפרים, צוואַנציק טויזנט און אַכט הונדערט העלדישע
גיבוֹרים, מענטשן מיט נעמען אין זייערע פאָטערהייזער.
[31]און פון דעם האַלבן שבט מנשה, אַכצן טויזנט וואָס זיינען
געווען אָנגערופן מיט נעמען—צו קומען מאַכן דודן פאַר אַ
מלך. [32]און פון די קינדער פון יִששָׂכָר, די וואָס האָבן זיך
פאַרשטאַנען אויף די צייטן, צו וויסן וואָס ישׂראל דאַרף
טאָן; זייערע הויפּטלייט זיינען געווען צוויי הונדערט, און
אַלע זייערע ברידער זיינען געווען אונטער זייער באַפעל.
[33]פון זבולון, פופציק טויזנט וואָס קענען אַרויסגיין אין חיל,
וואָס קענען אָנריכטן אַ מלחמה מיט אַלערליי כּלי־מלחמה,
און זיך אויסשטעלן ניט מיט אַ האַלבן האַרצן. [34]און פון
נפתלי, טויזנט עלצטע, און מיט זיי זיבן און דרייסיק טויזנט
מיט פאַנצערס און שפּיזן. [35]און פון די דָנים, אַכט און
צוואַנציק טויזנט און זעקס הונדערט וואָס קענען אָנריכטן
אַ מלחמה. [36]און פון אָשר, פערציק טויזנט וואָס קענען
אַרויסגיין אין חיל אָנצוריכטן אַ מלחמה. [37]און פון יענער
זייט יַרדן, פון די ראובֵנים, און די גָדים, און דעם האַלבן
שבט מנשה, מיט אַלע קריגעצייג פאַר מלחמה, הונדערט
און צוואַנציק טויזנט.

[38]די אַלע, מלחמה־לייט וואָס האָבן געקענט זיך אויס־
שטעלן אין שלאַכטרֵיי, זיינען געקומען מיט אַ גאַנצן האַרצן
קיין חֶברון, צו מאַכן דודן פאַר אַ מלך איבער גאַנץ ישׂראל.
און אויך אַלע איבעריקע פון ישׂראל זיינען געווען מיט איין
האַרץ צו מאַכן דודן פאַר אַ מלך. [39]און זיי זיינען דאָרטן

געווען מיט דודן דריי טעג, און זיי האָבן געגעסן און גע־
טרונקען, וואָרום זייערע ברידער האָבן צוגעגרייט פאַר
זיי. 40און אויך האָבן די וואָס זיינען געווען נאָנט צו זיי, ביז
צו יִשָׂשכָר און זבולון און נפתלי, געבראַכט ברויט אויף
אייזלען, און אויף קעמלען, און אויף מויל־אייזלען, און
אויף רינדער, מעלשפּייזן, געפּרעסטע פייגן, און ראָזינקעס,
און וויין, און אייל, און רינדער און שאָף לרוב, וואָרום עס
איז געווען אַ שׂמחה אין ישׂראל.

יג 1און דוד האָט געהאַלטן אַן עצה מיט די הויפּטלייט פון
די טויזנטן און פון די הונדערטן, מיט איטלאַכן אָנפירער.
2און דוד האָט געזאָגט צו דער אַיינזאַמלונג פון ישׂראל: אויב
אַייך איז ווילגעפעלן, און עס איז פון גאָט אונדזער האַר,
לאָמיר ברייט פאַנאַנדערשיקן צו אונדזערע איבעריקע
ברידער אין אַלע לענדער פון ישׂראל, און צוגלייך מיט זיי
צו די כּהנים און צו די לוִיִם וואָס זיינען אין זייערע שטעט
מיט די פרייע פלעצער, אַז זיי זאָלן זיך אויפקלייבן צו
אונדז. 3און לאָמיר אַריבערברענגען דעם אָרון פון אונדזער
גאָט צו אונדז, וואָרום מיר האָבן אים ניט געזוכט אין די
טעג פון שָׁאולן. 4האָט די גאַנצע אַיינזאַמלונג געזאָגט, מע
זאָל אַזוי טאָן, וואָרום די זאַך איז געווען גלייך אין די אויגן
פון דעם גאַנצן פאָלק. 5און דוד האָט אַיינגעזאַמלט גאַנץ
ישׂראל פון [דעם טייך] שיחור פון מִצרַיִם און ביז מע קומט
קיין חֲמָת, כּדי צו ברענגען דעם אָרון פון גאָט פון קִרְיַת־
יְעָרים.
6און דוד און גאַנץ ישׂראל זיינען אַרויפגעגאַנגען קיין
בַּעֲלָה, קיין קִרְיַת־יְעָרים וואָס געהערט צו יהודה, כּדי
אַרויפצוברענגען פון דאָרטן דעם אָרון פון גאָט דעם האַר

וואָס זיצט איבער די כּרובים, וואָס זיין נאָמען ווערט גע־
רופן דערויף. 7און זיי האָבן אַרויפגעלייגט דעם אָרון פון
גאָט אויף אַ נייעם וואָגן פון אַבינָדָבֿס הויז, און עוזאָ און
אַחיו האָבן געפירט דעם וואָגן. 8און דוד און גאַנץ ישׂראל,
האָבן זיך פריילאַך געמאַכט פאַר גאָט מיטן גאַנצן כּוח,
מיט געזאַנגען, און מיט האַרפן, און מיט גיטאַרן, און מיט
פּויקן, און מיט צימבלען, און מיט טרומייטן.
9און ווי זיי זיינען געקומען ביז צום שייער פון כּידון,
האָט עוזאָ אויסגעשטרעקט זיין האַנט אָנצונעמען דעם אָרון,
וואָרום די רינדער האָבן אים אַראָפּגערוקט. 10האָט דער
צאָרן פון גאָט געגרימט אויף עוזאָן, און ער האָט אים גע־
שלאָגן פאַרוואָס ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט צום
אָרון; און ער איז דאָרטן געשטאָרבן פאַר גאָט.
11און דודן האָט געערגערט וואָס גאָט האָט געבראַכט
אַ בראָך אויף עוזאָן. און מע רופט יענעם אָרט פּרץ־עוזאָ[א]
ביז אויף היינטיקן טאָג. 12און דוד האָט מורא געהאַט פאַר
גאָט אין יענעם טאָג, אַזוי צו זאָגן: ווי אַזוי זאָל איך ברענגען
צו מיר דעם אָרון פון גאָט?
13און דוד האָט ניט אַוועקגענומען דעם אָרון צו זיך אין
דודס־שטאָט, נאָר ער האָט אים אָפּגעפירט צו דעם הויז פון
עוֹבֵד־אֱדוֹמען פון גַת. 14און דער אָרון פון גאָט איז געבליבן
ביי דעם הויזגעזינט פון עוֹבֵד־אֱדוֹמען אין זיין הויז דריי
חדשים. און גאָט האָט געבענטשט דאָס הויז פון עוֹבֵד־
אֱדוֹמען, און אַלץ וואָס ער האָט געהאַט.

יד 1און חוּרָם דער מלך פון צוֹר האָט געשיקט שלוּחים
צו דודן מיט צעדערהאָלץ און מויערמייסטערס און
האָלצמייסטערס, אים צו בויען אַ הויז. 2און דוד האָט

א ד.ה. עוזאָס בראָך.

געוווּסט אַז גאָט האָט אים באַפעסטיקט פאַר אַ מלך איבער
ישׂראל, וואָרום זיין מלוכה איז געווען הויך דערהויבן, פון
וועגן זיין פאָלק ישׂראל.
3 און דוד האָט גענומען נאָך ווייבער אין ירושָלַיִם, און
דוד האָט געבאָרן נאָך זין און טעכטער. 4 און דאָס זיינען
די נעמען פון די קינדער וואָס ער האָט געהאַט אין ירושָלַיִם:
שַמוּעַ, און שוֹבָב, נָתָן, און שלמה; 5 און יִבחָר, און אֱלִישוּעַ,
און אֶלפֶּלֶט; 6 און נוֹגַה, און נֶפֶג, און יָפִיעַ; 7 און אֱלִישָמָע, און
בְּעֶליָדָע, און אֱלִיפֶלֶט.
8 און די פְּלִשתּים האָבן געהערט אַז דוד איז געזאַלבט
געוואָרן פאַר אַ מלך איבער גאַנץ ישׂראל, און אַלע פְּלִשתּים
זיינען אַרויפגעגאַנגען צו זוכן דודן. האָט דוד געהערט,
און ער איז אַרויס זיי אַנטקעגן.
9 און די פְּלִשתּים זיינען געקומען, און האָבן זיך פאַר־
שפּרייט אין טאָל רְפָאִים.
10 האָט דוד געפרעגט ביי גאָט, אַזוי צו זאָגן: זאָל איך
אַרויפגיין אויף די פְּלִשתּים? און וועסטו זיי געבן אין מיין
האַנט? האָט גאָט צו אים געזאָגט: גיי אַרויף, און איך וועל
זיי געבן אין דיין האַנט.
11 און זיי זיינען אַרויפגעגאַנגען קיין בַּעַל־פְּרָצִים, און
דוד האָט זיי דאָרטן געשלאָגן; און דוד האָט געזאָגט: גאָט
האָט דורכגעבראָכן מיינע פיינט מיט מיין האַנט, אַזוי ווי
אַ דורכבראָך פון וואַסער. דרום האָט מען גערופן דעם
נאָמען פון יענעם אָרט בַּעַל־פְּרָצִים[א].
12 און זיי האָבן דאָרטן איבערגעלאָזט זייערע אָפּגעטער;
האָט דוד געהייסן, און זיי זיינען פאַרברענט געוואָרן אין
פייער.
13 און די פְּלִשתּים האָבן זיך ווידער אַ מאָל פאַרשפּרייט

[א] ד.ה. דורכבראָך.

אין טאָל. 14 האָט דוד ווידער געפרעגט ביי גאָט, און גאָט
האָט צו אים געזאָגט: זאָלסט ניט אַרויפגיין נאָך זיי; דריי
זיך אַוועק פון זיי, און זאָלסט קומען אויף זיי פון אַקעגן די
מוילבערבוימער. 15 און עס וועט זיין, ווי דו וועסט הערן
אַ געריוש פון טריט אין די שפּיצן פון די מוילבערבוימער,
דענסמאָל זאָלסטו אַרויסגיין אין מלחמה, וואָרום דאָס איז
גאָט אַרויסגעגאַנגען דיר פאַרויס צו שלאָגן דעם חיל פון
די פּלִשתּים.

16 און דוד האָט געטאָן אַזוי ווי גאָט האָט אים באַפוילן,
און זיי האָבן געשלאָגן דעם חיל פון די פּלִשתּים פון גִבעון
און ביז גֶזֶרה.

17 און דודס שם איז אַרויס אין אַלע לענדער, און גאָט
האָט געגעבן זיין מורא אויף אַלע פעלקער.

טו 1 און ער האָט זיך געמאַכט הייזער אין דודס־שטאָט,
און ער האָט צוגעגרייט אַן אָרט פאַר דעם אָרון פון
גאָט, און אויפגעשטעלט פאַר אים אַ געצעלט. 2 דענסמאָל
האָט דוד געזאָגט, אַז קיינער זאָל ניט טראָגן דעם אָרון פון
גאָט, נאָר די לוִיִים, ווייל זיי האָט גאָט אויסדערוויילט צו
טראָגן דעם אָרון פון גאָט, און אים צו באַדינען אויף אייביק.
3 און דוד האָט איינגעזאַמלט גאַנץ ישׂראל קיין ירושָלַיִם, כּדי
אַרויפצוברענגען דעם אָרון פון גאָט אויף זיין אָרט, וואָס
ער האָט צוגעגרייט פאַר אים. 4 און דוד האָט צונויפגעקליבן
די קינדער פון אַהרן, און די לוִיִים. 5 פון די קינדער פון
קהָת: אוריאֵל דעם הויפּטמאַן, און זיינע ברידער, הונדערט
און צוואַנציק. 6 פון די קינדער פון מְרָרי: עֲשָׂיָה דעם
הויפּטמאַן, און זיינע ברידער, צוויי הונדערט און צוואַנציק.
7 פון די קינדער פון גֵרשום: יואֵל דעם הויפּטמאַן, און זיינע
ברידער, הונדערט און דרייסיק. 8 פון די קינדער פון

אֶליצָפָן: שמַעְיָה דעם הויפּט, און זײַנע ברידער, צוויי הונ־
דערט. [9]פֿון די קינדער פֿון חֶברון: אֶליאֵל דעם הויפּטמאַן,
און זײַנע ברידער, אַכציק. [10]פֿון די קינדער פֿון עוזיאֵל:
עַמינָדָב דעם הויפּטמאַן, און זײַנע ברידער, הונדערט און
צוועלף.

[11]און דוד האָט גערופֿן צָדוק און אֶביָתָר די כֹהנים, און
די לוִיִים, אוריאֵלן, עֲשָׂיָהן, און יואֵלן, שמַעְיָהן, און אֶליאֵלן,
און עַמינָדָבן. [12]און ער האָט צו זיי געזאָגט: איר זייט די
הויפּטן פֿון די פֿאָטערהײַזער פֿון די לוִיִים; הייליקט אײַך,
איר און אײַערע ברידער, און איר וועט אַרויפֿברענגען
דעם אָרון פֿון גאָט דעם האַר פֿון ישׂראל אַהין ווו איך האָב
צוגעגרייט פֿאַר אים. [13]וואָרום ווײַל איר זייט ניט געווען
דאָס ערשטע מאָל, האָט גאָט אונדזער האַר געמאַכט אַ
בראָך צווישן אונדז; וואָרום מיר האָבן אים ניט געזוכט ווי
געהעריק.

[14]האָבן די כֹהנים און די לוִיִים זיך געהייליקט, כּדי
אַרויפֿצוברענגען דעם אָרון פֿון גאָט דעם האַר פֿון ישׂראל.
[15]און די קינדער פֿון די לוִיִים האָבן געטראָגן דעם אָרון פֿון
גאָט, אַזוי ווי משה האָט באַפֿוילן לויט דעם וואָרט פֿון גאָט,
אויף זייער אַקסל מיט שטאַנגען אויף זיך. [16]און דוד האָט
געהייסן די הויפּטלייט פֿון די לוִיִים צו שטעלן זייערע ברי־
דער די זינגערס מיט כּלֵי־זֶמֶר, האַרפֿן, און גיטאַרן, און
צימבלען, צו שפּילן אויף אַ הויכן קָול מיט שׂמחה. [17]און
די לוִיִים האָבן געשטעלט הֵימָן דעם זון פֿון יואֵלן; און פֿון
זײַנע ברידער, אָסָף דעם זון פֿון בֶרֶכיָהון; און פֿון די קינדער
פֿון מְרָרי, זייערע ברידער, אֵיתָן דעם זון פֿון קושָׁיָהון.
[18]און מיט זיי זײַנען געווען זייערע ברידער פֿון צווייטן ראַנג:
זכַריָהו, בֵן, און יַעֲזיאֵל, און שמירָמות, און יחיאֵל, און עוני,

אֱליאָב, און בְנָיָהוּ, און מַעֲשֵׂיָהוּ, און מַתִּתְיָהוּ, און אֱליפְלֵהוּ,
און מִקְנֵיָהוּ, און עוֹבֵד־אֱדוֹם, און יְעִיאֵל, די טויערלייט.
[19]און די זינגערס, הֵימָן, אָסָף, און אֵיתָן, אויף צו שפּילן מיט
קופּערנע צימבלען. [20]און זְכַרְיָה, און עֲזִיאֵל, און שמי־
רָמוֹת, און יחיאֵל, און עוני, און אֱליאָב, און מַעֲשֵׂיָהוּ, און
בְנָיָהוּ, מיט האַרפן אויף עֲלָמוֹת. [21]און מַתִּתְיהוּ, אֱליפְלֵהוּ,
און מִקְנֵיָהוּ, און עוֹבֵד־אֱדוֹם, און יְעִיאֵל, און עֲזַזְיָהוּ, אויף
אָנצופירן מיט האַרפן אויף שמינית. [22]און כְּנַנְיָהוּ דער
הויפּטמאַן פון די לְוִיִם איז געווען איבער דעם געזאַנג; ער
פלעגט זיין דער האַר ביים געזאַנג, וואָרום ער איז געווען
אַ קענער. [23]און בֶּרֶכְיָה און אֶלְקָנָה זיינען געווען טויערלייט
ביים אָרון. [24]און שבַנְיָהוּ, און יוֹשָׁפָט, און נתַנאֵל, און עֲמָשַׂי,
און זְכַרְיָהוּ, און בְנָיָהוּ, און אֱלִיעֶזֶר, די כֹּהנים, האָבן
געטרומייטערט אויף טרומייטן פאַר דעם אָרון פון גאָט;
און עוֹבֵד־אֱדוֹם און יחִיָה, זיינען געווען טויערלייט ביים
אָרון.
[25]און דוד, און די עלטסטע פון ישׂראל, און די הויפּט־
לייט פון די טויזנטן, זיינען געגאַנגען אַרויפצוברענגען דעם
אָרון פון גאָטס בונד, פון עוֹבֵד־אֱדוֹמס הויז, מיט שׂמחה.
[26]און עס איז געווען, אַז גאָט האָט געהאָלפן די לְוִיִם וואָס
האָבן געטראָגן דעם אָרון פון גאָטס בונד, האָבן זיי גע־
שלאַכט זיבן אָקסן און זיבן ווידערס. [27]און דוד איז געווען
אַיינגעוויקלט אין אַ מאַנטל פון פיינליינען, דעסגלייכן אַלע
לְוִיִם וואָס האָבן געטראָגן דעם אָרון, און די זינגערס, און
כְּנַנְיָה דער געזאַנגמייסטער איבער די זינגערס; און דוד
האָט אויף זיך געהאַט אַ ליינענעם אֵפוֹד. [28]און גאַנץ ישׂראל
האָבן אַרויפגעבראַכט דעם אָרון פון גאָטס בונד מיט שאַלונג,
און מיט אַ קול פון שופר, און מיט טרומייטן, און מיט צימ־

בלען, שפּילנדיק אויף גיטאַרן און האַרפּן. 29און עס איז
געווען, ווי דער אָרון פון גאָטס בונד איז געקומען ביז דודס־
שטאָט, האָט מיכל די טאָכטער פון שָאולן אַרויסגעקוקט
דורכן פענצטער, און זי האָט געזען דעם מלך דוד טאַנצן
און זיך מאַכן פריילאַך, און זי האָט אים פאַראַכט אין איר
האַרצן.

טז 1און זיי האָבן געבראַכט דעם אָרון פון גאָט, און האָבן
אים אַריינגעשטעלט אין דעם געצעלט וואָס דוד
האָט פאַר אים אויפגעשטעלט, און זיי האָבן מַקריב געווען
בראַנדאָפּפער און פרידאָפּפער פאַר גאָט. 2און אַז דוד
האָט געענדיקט אויפברענגען די בראַנדאָפּפער און די
פרידאָפּפער, האָט ער געבענטשט דאָס פאָלק אין נאָמען
פון גאָט. 3און ער האָט אויסגעטיילט צו יעטוועדער איינעם
פון ישׂראל פון אַ מאַן ביז אַ פרוי, איטלאַכן אַ לאַבן ברויט,
און אַ חלק פלייש, און אַ ראָזינקעקוכן.
4און ער האָט געשטעלט פאַר דעם אָרון פון גאָט פון
די לוִיִים פאַר באַדינער, און אויף צו דערמאָנען און דאַנקען
און לויבן גאָט דעם האַר פון ישׂראל: 5אָסָף דעם הויפּט,
און דעם צווייטן צו אים, זכַריָהן, יעִיאֵלן, און שמירָמוֹתן,
און יחִיאֵלן, און מַתִּתיָהן, און אֶליאָבן, און בנָיָהון, און עוֹבֵד־
אֶדוֹמען, און יעִיאֵלן, מיט גיטאַרן און מיט האַרפּן; און אָסָף
האָט געשפּילט אויף אַ צימבל; 6און בנָיָהו און יַחזיאֵל די
כֹּהנים, מיט טרומייטן תּמיד פאַר דעם אָרון פון גאָטס בונד.
7דענסמאָל אין יענעם טאָג האָט דוד צוערשט געלאָזט
געבן אַ דאַנק צו גאָט דורך אָסָפן און זיינע ברידער.
8גיט אַ דאַנק צו גאָט, רופט זיין נאָמען,
לאָזט וויסן צווישן די פעלקער זיינע טואונגען.
9זינגט צו אים, שפּילט צו אים,

רעדט פון אַלע זײַנע װוּנדער.
10רימט זיך מיט זײַן הײליקן נאָמען;
זאָל זיך פֿרײען דאָס האַרץ פֿון די װאָס זוכן גאָט.
11פֿאָרשט גאָט און זײַן שטאַרקײט,
זוכט זײַן פּנים תּמיד.
12דערמאָנט זײַנע װוּנדער װאָס ער האָט געטאָן,
זײַנע צײכנס, און די משפּטים פֿון זײַן מויל,
13איר זאָמען פֿון ישׂראל זײַן קנעכט,
איר קינדער פֿון יעקב, זײַנע אויסדערװײלטע.

14ער איז גאָט אונדזער האַר,
איבער דער גאַנצער ערד זײַנען זײַנע משפּטים.
15געדענקט אײביק זײַן בונד,
דאָס װאָרט װאָס ער האָט באַפֿוילן אויף טויזנט דורות.
16װאָס ער האָט געשלאָסן מיט אַבֿרהמען,
און זײַן שבֿועה צו יצחקן.
17און ער האָט עס אויפֿגעשטעלט פֿאַר אַ חוק צו יעקבֿ,
פֿאַר אַן אײביקן בונד צו ישׂראל,
18אַזוי צו זאָגן: דיר װעל איך געבן דאָס לאַנד כּנַעַן,
דעם טײל פֿון אײַער נחלה.

19אַז איר זײַט געװען געצײלטע מענטשן,
װיניק און פֿרעמדע דערין;
20און זײ זײַנען אומגעגאַנגען פֿון פֿאָלק צו פֿאָלק,
און פֿון אײן קיניגרײך צו אַן אַנדער אומה,
21האָט ער ניט געלאָזן אַ מענטשן זײ דריקן,
און האָט געשטראָפֿט מלכים װעגן זײ:
22איר זאָלט ניט אָנרירן מײַנע געזאַלבטע,

און מײַנע נביאים ניט בײז טאָן.

23 זינגט צו גאָט, די גאַנצע ערד,
זאָגט אָן פון טאָג צו טאָג זײַן ישועה.
24 דערצײלט צװישן די פעלקער זײַן כבוד,
צװישן אַלע אומות זײַנע װוּנדער.
25 װאָרום גרױס איז יהוה און זײער גערימט,
און ער איז פאָרכטיק איבער אַלע געטער.
26 װאָרום די געטער פון אַלע פעלקער זײַנען נישטיק,
און יהוה האָט די הימלען געמאַכט.
27 גלאַנץ און שײנקײט זײַנען פאַר זײַן פּנים,
שטאַרקײט און פרײד זײַנען אין זײַן אָרט.
28 גיט צו גאָט, איר משפּחות פון די פעלקער,
גיט צו גאָט כּבוד און שטאַרקײט.
29 גיט צו גאָט דעם כּבוד פון זײַן נאָמען,
ברענגט אַ געשאַנק, און קומט פאַר אים,
בוקט זיך צו גאָט מיט הײליקן אָפּשײ.
30 ציטערט פאַר אים, די גאַנצע ערד;
אויך איז באַפעסטיקט די װעלט, זי זאָל זיך ניט
װאַקלען,
31 זאָלן זיך פרײען די הימלען, און לוסטיק זײַן די ערד,
און זאָל מען זאָגן צװישן די פעלקער: גאָט טוט קיניגן.
32 זאָל דונערן דער ים מיט זײַן פולקײט,
זאָל פרײלאַך זײַן דאָס פעלד און אַלץ װאָס דערין.
33 דענסמאָל זאָל זינגען די בוימער פון װאַלד פאַר גאָט,
װאָרום ער קומט משפּטן די ערד.

34 גיט אַ דאַנק צו גאָט, װאָרום ער איז גוט,

װאָרום אױף אײביק איז זײַן חסד.
35און זאָגט: העלף אונדז, גאָט פֿון אונדזער הילף,
און זאַמל אונדז אײַן, און זײ אונדז מציל פֿון די
פֿעלקער,
צו לױבן דײַן הײליקן נאָמען,
זיך צו רימען מיט דײַן לױב.
36געלױבט איז גאָט דער האַר פֿון ישׂראל
פֿון אײביקײט און ביז אײביקײט.
און דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט געזאָגט: אָמן! און האָט געלױבט
גאָט.
37און ער האָט דאָרטן געלאָזן פֿאַר דעם אָרון פֿון גאָטס
בונד אָסָפֿן און זײַנע ברידער צו באַדינען פֿאַרן אָרון תּמיד
װי עס איז נײטיק טאָגטעגלאַך. 38און עוֹבֵד־אֱדומען, און
זײערע ברידער, אַכט און זעכציק, און עוֹבֵד־אֱדוֹם דעם זון
פֿון ידיתונען, און חוֹסָהן, פֿאַר טױערלײט. 39און צָדוֹק
דעם כּהן, און זײַנע ברידער די כּהנים, פֿאַר דעם מִשכּן
פֿון גאָט אױף דער בָּמָה װאָס אין גִבְעוֹן, 40אױפֿצוּברענגען
בראַנדאָפּפֿער צו גאָט אױף דעם מזבח פֿאַר בראַנדאָפּפֿער
תּמיד, אין דער פֿרי און אין אָװנט, אַזױ װי עס שטײט גע־
שריבן אין דער תּורה פֿון גאָט װאָס ער האָט באַפֿױלן ישׂראל.
41און מיט זײ זײַנען געװען הֵימָן, און ידותון, און די איבע־
ריקע אױסגעקליבענע װאָס זײַנען געװען אָנגערופֿן מיט
נעמען, אױף צו „לױבן גאָט, װײַל אױף אײביק איז זײַן חסד".
42און מיט זײ, מיט הֵימָנען און ידותונען, זײַנען געװען טרו־
מײטן און צימבלען צום שפּילן, און כּלֵי־זֶמֶר פֿאַר דעם
געזאַנג פֿון גאָט; און די זין פֿון ידותונען זײַנען געװען בײַם
טױער.
43און דאָס גאַנצע פֿאָלק איז אַװעק איטלאַכער צו זײַן

הויז, און דוד האָט זיך אומגעקערט צו בענטשן זיין הויז־
געזינט.

יז [1]און עס איז געווען, אַז דוד האָט זיך באַזעצט אין זיין
הויז, האָט דוד געזאָגט צו נָתָן דעם נביא: זע, איך זיץ
אין אַ הויז פון צעדערן, און דער אָרון פון גאָטס בונד איז
אונטער פאָרהאַנגען. [2]האָט נָתָן געזאָגט צו דודן: אַלץ וואָס
אין דיין האַרצן, טו, וואָרום גאָט איז מיט דיר.
[3]און עס איז געווען אין יענער נאַכט, איז דאָס וואָרט
פון גאָט געווען צו נָתָנען, אַזוי צו זאָגן: [4]גיי און זאָלסט זאָגן
צו מיין קנעכט דודן: אַזוי האָט גאָט געזאָגט: ניט דו וועסט
מיר בויען אַ הויז צום וווינען; [5]וואָרום איך האָב ניט גע־
וווינט אין אַ הויז פון דעם טאָג וואָס איך האָב אויפגעבראַכט
ישׂראל ביז אויף היינטיקן טאָג; נייערט איך בין געגאַנגען
פון געצעלט צו געצעלט, און פון מִשכּן [צו מִשכּן].
[6]אומעטום ווו איך בין אומגעגאַנגען צווישן גאַנץ ישׂראל,
האָב איך ווען אַ וואָרט גערעדט מיט איינעם פון די ריכטער
פון ישׂראל, וואָס איך האָב באַפוילן צו פּיטערן מיין פאָלק,
אַזוי צו זאָגן: פאַרוואָס האָט איר מיר ניט געבויט אַ הויז
פון צעדערן? [7]און אַצונד, זאָלסטו אַזוי זאָגן צו מיין קנעכט,
צו דודן: אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבָאוֹת: איך האָב דיך
גענומען פון דעם פּיטערפּלאַץ, פון הינטער די שאָף, צו
זיין אַ פירשט איבער מיין פאָלק ישׂראל. [8]און איך בין
געווען מיט דיר אומעטום ווו דו ביסט געגאַנגען, און איך
האָב פאַרשניטן אַלע דיינע פיינט פון פאַר דיר; און איך
וועל דיר מאַכן אַ נאָמען, אַזוי ווי דער נאָמען פון די גרעסטע
וואָס אויף דער ערד. [9]און איך וועל מאַכן אַן אָרט פאַר
מיין פאָלק ישׂראל, און וועל אים איינפלאַנצן ער זאָל רוען

אויף זיין אָרט, און מער ניט ציטערן, און פאַרברעכער
זאָלן אים מער ניט אומברענגען אַזוי ווי פריער, [10]פון די
טעג וואָס איך האָב באַפוילן ריכטער איבער מיין פאָלק
ישׂראל. און איך וועל מאַכן אונטערטעניק אַלע דיינע
פיינט. און איך זאָג דיר אָן, אַז גאָט וועט דיר בויען אַ הויז.
[11]און עס וועט זיין, אַז דיינע טעג וועלן דערפילט ווערן
צו גיין צו דיינע עלטערן, וועל איך אויפשטעלן דיין זאָמען
נאָך דיר, וואָס וועט זיין פון דיינע קינדער, און איך וועל
באַפעסטיקן זיין מלוכה. [12]ער וועט מיר בויען אַ הויז, און
איך וועל באַפעסטיקן זיין טראָן אויף אייביק. [13]איך וועל
אים זיין פאַר אַ פאָטער, און ער וועט מיר זיין פאַר אַ זון,
און איך וועל ניט אָפּטאָן מיין חסד פון אים, אַזוי ווי איך האָב
אָפּגעטאָן פון דעם וואָס איז געווען פאַר דיר. [14]און איך
וועל אים אויפשטעלן אין מיין הויז און אין מיין קיניגרייך ביז
אויף אייביק, און זיין טראָן וועט זיין פעסט ביז אייביק.
[15]אַזוי ווי אַלע דידאָזיקע ווערטער, און אַזוי ווי דידאָ־
זיקע גאַנצע זעאונג, אַזוי האָט נָתָן גערעדט צו דודן.
[16]און דער מלך דוד איז געקומען, און האָט זיך גע־
זעצט פאַר גאָט, און האָט געזאָגט: ווער בין איך, גאָט דו
האַר, און ווער איז מיין הויז, וואָס דו האָסט מיך געבראַכט
ביז אַהער? [17]און דאָס, גאָט, איז נאָך געווען קליין אין
דיינע אויגן, און דו האָסט גערעדט וועגן דעם הויז פון דיין
קנעכט אויף ווייטער אַהין, און האָסט מיך באַטראַכט אין
שטייגער פון אַ געהויבענעם מאַן, גאָט דו האַר. [18]וואָס
מער נאָך קען דוד דיר זאָגן וועגן דעם כּבוד צו דיין קנעכט?
דו קענסט דאָך דיין קנעכט. [19]גאָט, פון וועגן דיין קנעכט,
און לויט דיין האַרצן האָסטו געטאָן אַלדידאָזיקע גרויסקייט,
צו לאָזן וויסן די אַלע גרויסע זאַכן. [20]יהוה, עס איז ניטאָ

אַזאַ ווי דו, און ניטאָ קיין גאָט אַחוץ דיר, לויט אַלץ וואָס
מיר האָבן געהערט מיט אונדזערע אויערן. 21און וואָסער
איינציקע אומה אויף דער ערד איז אַזוי ווי דיין פֿאָלק
ישׂראל, וואָס גאָט איז געגאַנגען אויסלייזן פֿאַר זיך צום
פֿאָלק, דיר צו מאַכן אַ נאָמען דורך גרויסע און פֿאָרכטיקע
זאַכן–צו פֿאַרטרייבן אומות פֿון פֿאַר דיין פֿאָלק וואָס דו
האָסט אויסגעלייזט פֿון מִצרַיִם? 22וואָרום דו האָסט גע־
מאַכט דיין פֿאָלק ישׂראל דיר צום פֿאָלק אויף אייביק,
און דו, יהוה, ביסט געוואָרן זיי צום גאָט. 23און אַצונד,
גאָט, זאָל דאָס וואָרט וואָס דו האָסט גערעדט וועגן דיין
קנעכט און וועגן זיין הויז, באַווערט ווערן אויף אייביק,
און טו אַזוי ווי דו האָסט גערעדט. 24יאָ, זאָל עס באַווערט
ווערן, און זאָל דיין נאָמען געגרייסט ווערן אויף אייביק,
אַזוי צו זאָגן: יהוה פֿון צבָאוֹת איז דער גאָט פֿון ישׂראל–
אַ גאָט פֿאַר ישׂראל, און דאָס הויז פֿון דוד דיין קנעכט זאָל
זיין פֿעסט פֿאַר דיר. 25וואָרום דו, מיין גאָט, האָסט אַנט־
פּלעקט דעם אויער פֿון דיין קנעכט, אים צו בויען אַ הויז,
דרום האָט דיין קנעכט זיך דערוועגט מתפּלל צו זיין פֿאַר
דיר. 26און אַצונד, יהוה, דו ביסט גאָט, און דו האָסט צו־
געזאָגט דיין קנעכט דאָסדאָזיקע גוטס, 27און האָסט אַצונד
באַוויליקט צו בענטשן דאָס הויז פֿון דיין קנעכט, צו זיין
אויף אייביק פֿאַר דיר; אַז דו, גאָט, האָסט געבענטשט, זאָל
עס זיין געבענטשט אויף אייביק.

יח 1און עס איז געווען נאָך דעם, האָט דוד געשלאָגן די
פּלשתּים, און האָט זיי געמאַכט אונטערטעניק, און
האָט צוגענומען גַת מיט אירע טעכטערשטעט פֿון דער
האַנט פֿון די פּלשתּים.

2און ער האָט געשלאָגן מואָב, און מואָב איז געוואָרן
צו דודן קנעכט וואָס ברענגען אָפּגאָב.
3און דוד האָט געשלאָגן הֲדַדעֶזֶר דעם מלך פון צוֹבָה
אין חֲמָת, בעת ער איז געגאַנגען אויפשטעלן זיין איבער־
האַנט ביים טייך פְּרָת. 4און דוד האָט באַצוואונגען פון אים
טויזנט רייטוועגן, און זיבן טויזנט רייטער, און צוואַנציק
טויזנט מאַן פוסגייער; און דוד האָט געליימט אַלע גע־
שפּאַנען, נאָר הונדערט געשפּאַן האָט ער איבערגעלאָזט
פון זיי.
5איז אֲרָם פון דַרמֶשֶׂק געקומען העלפן הֲדַדעֶזֶר דעם
מלך פון צוֹבָה, און דוד האָט געשלאָגן פון די אֲרַמים צוויי
און צוואַנציק טויזנט מאַן. 6און דוד האָט געשטעלט [וואַכן]
אין אֲרַם־דַמֶשֶׂק, און אֲרָם איז געוואָרן צו דודן קנעכט וואָס
ברענגען אָפּגאָב.
און גאָט האָט געהאָלפן דודן אומעטום וווּ ער איז גע־
גאַנגען.
7און דוד האָט גענומען די גילדערנע שילדן וואָס זיינען
געווען אויף הֲדַדעֶזֶרס קנעכט, און האָט זיי געבראַכט קיין
ירושָלַיִם. 8און פון טִבְחַת, און פון כּוּן, הֲדַדעֶזֶרס שטעט,
האָט דוד צוגענומען זייער פיל קופּער. דערפון האָט שלמה
געמאַכט דעם קופּערנעם ים, און די זיילן, און די קופּערנע
כּלים.
9און תּוֹעוּ דער מלך פון חֲמָת האָט געהערט אַז דוד
האָט געשלאָגן דעם גאַנצן חיל פון הֲדַדעֶזֶר דעם מלך פון
צוֹבָה, 10און ער האָט געשיקט זיין זון הֲדוֹרָמען צום מלך
דוד אים צו פרעגן אויף פריד און אים אָנצווינטשן, פאַר־
וואָס ער האָט מלחמה געהאַלטן מיט הֲדַדעֶזֶרן, און אים
געשלאָגן—וואָרום הֲדַדעֶזֶר האָט געהאַט מלחמות מיט תּוֹעוּ—

מיט אַלערליי גילדערנע און זילבערנע און קופּערנע כּלים.
[11]זיי אויך האָט דער מלך דוד געהייליקט צו גאָט, מיט דעם
זילבער און דעם גאָלד וואָס ער האָט אַוועקגענומען פון
אַלע פעלקער: פון אֱדוֹם, און פון מוֹאָב, און פון די קינדער
פון עַמוֹן, און פון די פּלִשתּים, און פון עֲמָלֵק.
[12]און אַבשַי דער זון פון צרויָה האָט געשלאָגן פון אֱדוֹם
אין דעם טאָל פון זאַלץ אַכצן טויזנט. [13]און ער האָט גע־
שטעלט וואַכן אין אֱדוֹם, און גאַנץ אֱדוֹם איז געוואָרן קנעכט
צו דודן.
און גאָט האָט געהאָלפן דודן אומעטום ווו ער איז גע־
גאַנגען. [14]און דוד האָט געקיניגט איבער גאַנץ ישׂראל,
און ער האָט געטאָן רעכט און גערעכטיקייט צו זיין גאַנצן
פאָלק.
[15]און יוֹאָב דער זון פון צרויָה איז געווען איבערן חיל;
און יהוֹשָפָט דער זון פון אַחילודן, דער דערמאָנער. [16]און
צָדוֹק דער זון פון אַחיטובן, און אַבימֶלֶך דער זון פון
אֶבְיָתָרן, כּהנים; און שַוְשָא, דער שרייבער. [17]און בְּנָיָהו
דער זון פון יהוֹיָדָען, איבער די כּרֵתים און די פּלֵתים; און
די זין פון דודן, די ערשטע ביי דער האַנט פון מלך.

יט [1]און עס איז געווען נאָך דעם, איז געשטאָרבן נָחָש
דער מלך פון די קינדער פון עַמוֹן, און זיין זון איז גע־
וואָרן מלך אויף זיין אָרט. [2]האָט דוד געזאָגט: לאָמיך טאָן
אַ פריינטלאַכקייט מיט חָנון דעם זון פון נָחָשן, וואָרום זיין
פאָטער האָט געטאָן אַ פריינטלאַכקייט מיט מיר.
און דוד האָט געשיקט שלוחים אים צו טרייסטן נאָך
זיין פאָטער, און דודס קנעכט זיינען געקומען אין לאַנד
פון די קינדער פון עַמוֹן צו חָנונען, אים צו טרייסטן.

3האָבן די האַרן פֿון די קינדער פֿון עַמון געזאָגט צו
חָנונען: מיינסטו אַז דוד וויל טאָן כּבוד דײַן פֿאָטער, וואָס
ער האָט געשיקט צו דיר טרייסטער? דאָך נאָר אויסצו־
פֿאָרשן און דורכצונישטערן און אויסצוקוקן דאָס לאַנד זײַנען
זײַנע קנעכט געקומען צו דיר.
4האָט חָנון גענומען דודס קנעכט, און האָט זיי אָפּגעגאָלט,
און אָפּגעשניטן זייערע קליידער אין העלפֿט, ביזן דיך,
און האָט זיי אַוועקגעשיקט.
5איז מען געקומען און מע האָט אָנגעזאָגט דודן וועגן די
מענטשן, און ער האָט זיי געשיקט אַנטקעגן, וואָרום די מענטשן
האָבן זיך זייער געשעמט. און דער מלך האָט געלאָזט
זאָגן: זיצט אין יריחו ביז אײַערע בערד וועלן אָפּוואַקסן,
און איר וועט זיך אומקערן.
6האָבן די קינדער פֿון עַמון געזען אַז זיי האָבן זיך
פֿאַרמיאוסט בײַ דודן, און חָנון און די קינדער פֿון עַמון
האָבן געשיקט טויזנט צענטנער זילבער, כּדי זיך אָנצו־
דינגען פֿון אֲרַם־נַהֲרַיִם, און פֿון אֲרַם־מַעֲכָה, און פֿון צוֹבָה,
רײַטוועגן און רײַטער. 7און זיי האָבן זיך אָנגעדונגען צוויי
און דרײַסיק טויזנט רײַטוועגן, און דעם מלך פֿון מַעֲכָה,
און זײַן פֿאָלק, און זיי זײַנען געקומען, און האָבן גע־
לאַגערט פֿאַר מֵידבאָ. און די קינדער פֿון עַמון האָבן זיך
אײַנגעזאַמלט פֿון זייערע שטעט, און זײַנען געקומען אויף
מלחמה.
8און דוד האָט געהערט, און ער האָט געשיקט יוֹאָבן,
און דעם גאַנצן חיל פֿון די גיבוֹרים.
9און די קינדער פֿון עַמון זײַנען אַרויסגעגאַנגען, און
האָבן אָנגעריכט אַ מלחמה בײַם אײַנגאַנג פֿון שטאָט; און
די מלכים וואָס זײַנען געקומען, זײַנען געווען באַזונדער

אין פעלד. 10און יואָב האָט געזען אַז דער פראָנט פון דער
מלחמה איז קעגן אים פון פאָרנט און פון הינטן; האָט ער
אויסגעקליבן פון אַלע געקליבענע פון ישׂראל, און אויס־
געשטעלט אַקעגן אַרָם. 11און דאָס איבעריקע פאָלק האָט
ער געגעבן אויף דער האַנט פון זיין ברודער אַבשַין, און
זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט אַקעגן די קינדער פון עמון.
12און ער האָט געזאָגט: אויב אַרָם וועט זיין שטאַרקער פון
מיר, וועסטו מיר זיין צו הילף, און אויב די קינדער פון
עמון וועלן זיין שטאַרקער פון דיר, וועל איך דיר העלפן.
13זיי שטאַרק, און לאָמיר זיך שטאַרקן, פאַר אונדזער
פאָלק און פאַר די שטעט פון אונדזער גאָט; און זאָל יהוה
טאָן וואָס איז גוט אין זיינע אויגן.

14און יואָב און דאָס פאָלק וואָס מיט אים האָבן גענענט
אַנטקעגן אַרָם אויף מלחמה, און זיי זיינען אַנטלאָפן פאַר
אים. 15און ווי די קינדער פון עמון האָבן געזען אַז אַרָם
איז אַנטלאָפן, אַזוי זיינען זיי אויך אַנטלאָפן פאַר זיין ברו־
דער אַבשַין, און זיינען אַריין אין שטאָט. און יואָב איז
אַוועק קיין ירושָלַיִם.

16און אַרָם האָט געזען אַז זיי זיינען געשלאָגן פאַר ישׂראל,
און זיי האָבן געשיקט שלוחים, און האָבן אַרויסגעבראַכט
אַרָם וואָס פון יענער זייט טייך, מיט שופך דעם חיל־פירער
פון הַדדעֶזֶרן זיי פאַרויס.

17איז אָנגעזאָגט געוואָרן דודן, און ער האָט איינגעזאַמלט
גאַנץ ישׂראל, און איז אַריבער דעם יַרדן; און ער איז גע־
קומען צו זיי, און האָט זיך אויסגעשטעלט אַקעגן זיי; און
דוד האָט אָנגעריכט אַקעגן אַרָם אַ מלחמה, און זיי האָבן
מלחמה געהאַלטן מיט אים. 18און אַרָם איז אַנטלאָפן פאַר
ישׂראל, און דוד האָט געהרגעט פון אַרָם זיבן טויזנט אויף

רייטוועגן, און פערציק טויזנט מאַן פוסגייער; אויך שופך
דעם חיל־פירער האָט ער געטייט.
19און די קנעכט פון הדדעזרן האָבן געזען אַז זיי זיינען
געשלאָגן פאַר ישׂראל, און זיי האָבן געמאַכט שלום מיט
דודן, און האָבן אים געדינט. און אַרם האָט מער ניט גע־
וואָלט העלפֿן די קינדער פון עמון.

כ 1און עס איז געווען אין דער צייט פון דעם אומקער
פון יאָר, אין דער צייט וואָס די מלכים גייען אַרויס
אויף מלחמה, האָט יואָב אַרויסגעפירט דעם קריג־חיל, און
האָט פאַרוויסט דאָס לאַנד פון די קינדער פון עמון; און
ער איז געקומען און האָט געלעגערט אויף רבה–און דוד
איז געזעסן אין ירושלים–און יואָב האָט געשלאָגן רבה, און
האָט זי צעשטערט.
2און דוד האָט אַראָפגענומען מלכּמס קרוין פון זיין
קאָפּ; און ער האָט זי געפונען אַ צענטנער גאָלד אויפן וואָג,
מיט טייער געשטיין אין איר. און זי איז אָנגעטאָן געוואָרן
אויף דודס קאָפּ. און רויב פון דער שטאָט האָט ער
אַרויסגעפירט זייער פיל. 3און דאָס פאָלק וואָס אין איר
האָט ער אַרויסגעפירט, און האָט זיי געשניטן מיט זעגן, און
מיט אײַזערנע דרעששליטנס, און מיט העק. און אַזוי
פלעגט דוד טאָן צו אַלע שטעט פון די קינדער פון עמון.
און דוד און דאָס גאַנצע פאָלק האָבן זיך אומגעקערט
קיין ירושלים.

4און עס איז געווען נאָך דעם, האָט זיך אויפגעהויבן
אַ מלחמה אין גזר מיט די פלשתים. דענסמאָל האָט סבכי
פון חושה דערשלאָגן ספּין פון די קינדער פון די רפאים,
און זיי זיינען געוואָרן אונטערטעניק.

5און עס איז ווידער געווען אַ מלחמה מיט די פּלִשתּים, און אֶלחָנָן דער זון פון יָעִירן האָט דערשלאָגן לַחמי דעם ברודער פון גָלְיַתן פון גַת, וואָס דער האָלץ פון זיין שפּיז איז געווען אַזוי ווי דער שטאַנג פון וועבער.

6און עס איז ווידער געווען אַ מלחמה אין גַת. איז דאָרטן געווען אַ מאַן פון אַ גרויסן וווּקס, וואָס זיינע פינגער זיינען געווען צו זעקס און זעקס–פיר און צוואַנציק; און ער אויך איז געווען געבאָרן פון דעם רָפאָ. 7און ער האָט געלעסטערט ישׂראל; האָט אים יהוֹנָתָן דער זון פון שִמעָא, דודס ברודער, דערשלאָגן.

8דידאָזיקע זיינען געווען געבאָרן פון דעם רָפאָ אין גַת; און זיי זיינען געפאַלן דורך דער האַנט פון דודן, און דורך דער האַנט פון זיינע קנעכט.

כא 1און אַ שָׂטָן איז אויפגעשטאַנען אויף ישׂראל, און ער האָט אָנגערעדט דודן צו ציילן ישׂראל. 2און דוד האָט געזאָגט צו יוֹאָבן, און צו די האַרן פון פאָלק: גייט ציילט ישׂראל פון באֵר־שֶבַע און ביז דָן, און ברענגט עס מיר, כדי איך זאָל וויסן זייער מספּר. 3האָט יוֹאָב געזאָגט: זאָל גאָט מערן זיין פאָלק הונדערט מאָל אַזוי פיל ווי זיי זיינען! זיינען זיי ניט אַלע, מיין האַר מלך, קנעכט צו מיין האַר? צוואָס פאַרלאַנגט דאָס מיין האַר? נאָכוואָס זאָל עס זיין פאַר אַ זינד אויף ישׂראל?

4אָבער דאָס וואָרט פון מלך איז געווען שטאַרק צו יוֹאָבן, און יוֹאָב איז אַרויסגעגאַנגען, און איז אַרומגעגאַנגען אין גאַנץ ישׂראל, און איז צוריקגעקומען קיין ירושָלַיִם. 5און יוֹאָב האָט איבערגעגעבן דעם מספּר פון דער ציי־לונג פון דעם פאָלק צו דודן. און גאַנץ ישׂראל איז געווען

טויזנט מאָל טויזנט און הונדערט טויזנט מאַן וואָס ציען אַ
שווערד; און יהודה, פיר הונדערט און זיבעציק טויזנט וואָס
ציען אַ שווערד. [6]און לֵוִי און בנימין האָט ער ניט געציילט
צווישן זיי; וואָרום דער אָנזאָג פון דעם מלך איז געווען
יוֹאָבן צווידער.

[7]און עס איז געווען שלעכט אין די אויגן פון גאָט וועגן
דערדאָזיקער זאַך, און ער האָט געשלאָגן ישׂראל. [8]האָט
דוד געזאָגט צו גאָט: איך האָב זייער געזינדיקט וואָס איך
האָב געטאָן דידאָזיקע זאַך, און אַצונד, טו אָפּ, איך בעט
דיך, דעם פאַרברעך פון דיין קנעכט, וואָרום איך בין
געווען זייער נאַריש.

[9]האָט גאָט געזאָגט צו גָד, דודס זעער, אַזוי צו זאָגן:
[10]גיי און זאָלסט רעדן צו דודן, אַזוי צו זאָגן: אַזוי האָט גאָט
געזאָגט: דרייערליי זאַכן לייג איך אויף דיר; קלייב דיר
אויס איינס פון זיי, וואָס איך זאָל דיר טאָן.

[11]איז גָד געקומען צו דודן, און האָט צו אים געזאָגט:
אַזוי האָט גאָט געזאָגט: נעם אויף דיר, [12]ענטוועדער דריי
יאָר הונגער, אָדער דריי חדשים פאַרלענדט ווערן פאַר
דיינע פיינט, און די שווערד פון דיינע שׂונאים זאָל דיך
דערגרייכן, אָדער דריי טעג די שווערד פון גאָט און אַ
מגפה אין לאַנד, און דער מלאַך פון גאָט זאָל אומברענגען
אין גאַנצן געמאַרק פון ישׂראל. און אַצונד זע וואָס פאַר
אַ באַשייד איך זאָל ברענגען צו דעם וואָס שיקט מיך.

[13]האָט דוד געזאָגט צו גָדן: מיר איז זייער ענג. לאָמיך,
איך בעט דיך, פאַלן אין דער האַנט פון גאָט, וואָרום זיין
רחמנות איז זייער גרויס, און לאָמיך ניט פאַלן אין דער
האַנט פון אַ מענטשן.

[14]האָט גאָט געשיקט אַ מגפה אויף ישׂראל, און עס זײַנען
געפֿאַלן פֿון ישׂראל זיבעציק טויזנט מאַן.
[15]און גאָט האָט געשיקט אַ מלאַך קיין ירושָלַיִם, זי אומ־
צוברענגען; אָבער ווי ער האָט געהאַלטן בײַם אומברענגען,
האָט גאָט אַראָפּגעקוקט, און ער האָט חרטה געהאַט אויף
דעם בייז, און ער האָט געזאָגט צו דעם מלאַך דעם אומ־
ברענגער: גענוג! אַצונד לאָז אָפּ דײַן האַנט. און דער מלאַך
פֿון גאָט איז געשטאַנען בײַ דעם שייער פֿון אָרנָן דעם יבוסי.
[16]האָט דוד אויפֿגעהויבן זײַנע אויגן, און האָט דערזען דעם
מלאַך פֿון גאָט ווי ער שטייט צווישן ערד און הימל מיט זײַן
שווערד אַרויסגעצויגן אין זײַן האַנט, אויסגעשטרעקט אַקעגן
ירושָלַיִם; און דוד און די עלטסטע, צוגעדעקט מיט זאַק,
זײַנען געפֿאַלן אויף זייער פּנים. [17]און דוד האָט געזאָגט
צו גאָט: פֿאַרוואָר, איך האָב געהייסן ציילן דאָס פֿאָלק,
און איך בין דער וואָס האָב געזינדיקט, און האָב זייער
שלעכטס געטאָן, אָבער די דאָזיקע שאָף, וואָס האָבן זיי
געטאָן? גאָט מײַן האַר, זאָל, איך בעט דיך, דײַן האַנט זײַן
אויף מיר און אויף מײַן פֿאָטערס הויז, אָבער ניט אויף דײַן
פֿאָלק מיט אַ מגפה.
[18]האָט דער מלאַך פֿון גאָט געהייסן גָדן זאָגן דודן, אַז
דוד זאָל אַרויפֿגיין אויפֿשטעלן אַ מזבח צו גאָט אין דעם
שייער פֿון אָרנָן דעם יבוסי.
[19]איז דוד אַרויפֿגעגאַנגען לויט דעם וואָרט פֿון גָדן
וואָס ער האָט גערעדט אין נאָמען פֿון גאָט. [20]און אָרנָן
האָט זיך אומגעקערט און האָט דערזען דעם מלאַך; און
זײַנע פֿיר זין וואָס מיט אים האָבן זיך באַהאַלטן. און אָרנָן
האָט געדראָשן ווייץ. [21]און ווי דוד איז געקומען צו אָרנָנען,
האָט אָרנָן אַ קוק געטאָן, און האָט דערזען דודן, און ער

איז אַרויסגעגאַנגען פון שייער, און האָט זיך געבוקט צו
דודן מיטן פנים צו דער ערד. [22]האָט דוד געזאָגט צו
אָרנָנען: גיב מיר דעם אָרט פון דעם שייער, און איך וועל
בויען דערויף אַ מזבח צו גאָט; אין פולן געלט גיב עס מיר;
כּדי די מגפה זאָל פאַרהאַלטן ווערן פון פאָלק. [23]האָט אָרנָן
געזאָגט צו דודן: נעם דיר, און זאָל מיין האַר דער מלך טאָן
וואָס איז גוט אין זיינע אויגן. זע, איך גיב די רינדער פאַר
בראַנדאָפּפער, און די דרעששליטנס פאַר האָלץ, און די ווייץ
פאַר אַ שפּייזאָפּפער; אַלץ גיב איך אַוועק. [24]האָט דער מלך
דוד געזאָגט צו אָרנָנען: ניין, נייערט קויפן וועל איך קויפן,
פאַר פולן געלט, וואָרום איך וועל ניט נעמען וואָס איז דיינס
פאַר גאָט, און אויפברענגען אַ בראַנדאָפּפער פאַר אומזיסט.
[25]און דוד האָט געגעבן אָרנָנען פאַר דעם אָרט זעקס
הונדערט שֶקל גאָלד אויפן וואָג. [26]און דוד האָט דאָרטן
געבויט אַ מזבח צו גאָט, און האָט דאָרטן אויפגעבראַכט
בראַנדאָפּפער און פרידאָפּפער, און ער האָט גערופן צו
גאָט, און ער האָט אים געענטפערט מיט פייער פון הימל
אויף דעם מזבח פאַר בראַנדאָפּפער.
[27]און גאָט האָט געהייסן דעם מלאַך, און ער האָט אומ־
געקערט די שווערד אין איר שייד.
[28]אין יענער צייט, ווי דוד האָט געזען אַז גאָט האָט אים
געענטפערט אין דעם שייער פון אָרנָן דעם יבוסי, אַזוי
האָט ער דאָרטן געשלאַכט קרבנות. [29]און דער מִשכּן פון
גאָט וואָס משה האָט געמאַכט אין דער מדבר, און דער
מזבח פאַר בראַנדאָפּפער, איז אין יענער צייט געווען אויף
דער בָּמָה אין גִבעוֹן. [30]אָבער דוד האָט ניט געקענט גיין
צו אים צו פרעגן ביי גאָט, וואָרום ער איז געווען דערשראָקן
פאַר דער שווערד פון גאָטס מלאַך.

כב [1]און דוד האָט געזאָגט: דאָס איז דאָס הויז פֿון גאָט
דעם האַר, און דאָס איז דער מזבח פֿאַר בראַנד־
אָפּפֿער פֿאַר ישׂראל.

[2]און דוד האָט געהייסן אײַנזאַמלען אַלע פֿרעמדע
וואָס אין לאַנד ישׂראל, און ער האָט געשטעלט שטיינהעקער
אויסצוהאַקן געשניטענע שטיינער אויף צו בויען דאָס הויז
פֿון גאָט. [3]און אײַזן לרוב אויף נעגל פֿאַר די טירן פֿון די
טויערן, און אויף קלאַמערן, האָט דוד אָנגעברייט; און
קופּער לרוב גאָר אָן אַ וואָג; [4]און צעדערהאָלץ אָן אַ צאָל;
וואָרום די צידוֹנים און די צוֹרים האָבן געבראַכט דודן
צעדערהאָלץ לרוב. [5]און דוד האָט געזאָגט: מײַן זון שלמה
איז יונג און שוואַך, און דאָס הויז וואָס מע דאַרף בויען צו
גאָט, דאַרף מען מאַכן גרויס ביז גאָר, פֿאַר אַ שם, און פֿאַר
אַ צירונג, אַנטקעגן אַלע לענדער; לאָמיך אַקאָרשט צו־
גרייטן פֿאַר אים. און דוד האָט צוגעגרייט אַ סך פֿאַר זײַן
טויט.
[6]און ער האָט גערופֿן זײַן זון שלמהן, און ער האָט אים
באַפֿוילן צו בויען אַ הויז צו גאָט דעם האַר פֿון ישׂראל.
[7]און דוד האָט געזאָגט צו שלמהן: מײַן זון, בײַ מיר אַליין
איז געווען אין האַרצן צו בויען אַ הויז צו דעם נאָמען פֿון
גאָט מײַן האַר. [8]אָבער דאָס וואָרט פֿון גאָט איז געווען צו
מיר, אַזוי צו זאָגן: אַ סך בלוט האָסטו פֿאַרגאָסן, און גרויסע
מלחמות האָסטו געמאַכט; קענסט ניט בויען אַ הויז צו מײַן
נאָמען, ווײַל דו האָסט פֿיל בלוט פֿאַרגאָסן צו דער ערד
פֿאַר מײַן געזיכט. [9]אָט ווערט דיר געבאָרן אַ זון; ער וועט
זײַן אַ מענטש פֿון רו, און איך וועל אים באַרוען פֿון אַלע
זײַנע פֿײַנט פֿון אַרום; וואָרום שלמה וועט זײַן זײַן נאָמען,

און שלום און שטילקייט וועל איך געבן ישׂראל אין זיינע
טעג. [10]ער וועט בויען אַ הויז צו מיין נאָמען, און ער וועט
מיר זיין פֿאַר אַ זון, און איך אים פֿאַר אַ פֿאָטער; און איך
וועל באַפֿעסטיקן דעם טראָן פֿון זיין מלוכה איבער ישׂראל
אויף אײביק. [11]אַצונד, מיין זון, זאָל גאָט זיין מיט דיר,
און זאָלסט מצליח זיין, און בויען דאָס הויז פֿון גאָט דיין
האַר, אַזוי ווי ער האָט גערעדט וועגן דיר. [12]זאָל נאָר גאָט
דיר געבן שׂכל און פֿאַרשטאַנדיקייט, און דיך באַפֿעלן
איבער ישׂראל; און אַז דו זאָלסט היטן די תּורה פֿון גאָט דיין
האַר. [13]דענסמאָל וועסטו מצליח זיין, אַז דו וועסט היטן
צו טאָן די חוקים און די געזעצן וואָס גאָט האָט באַפֿוילן
משהן פֿאַר ישׂראל. זיי שטאַרק און פֿעסט, זאָלסט ניט
מורא האָבן און ניט אַנגסטן. [14]און אָט אין מיין אָרעמקייט
האָב איך צוגעגרייט פֿאַר דעם הויז פֿון גאָט הונדערט טויזנט
צענטנער גאָלד, און טויזנט מאָל טויזנט צענטנער זילבער,
און קופּער און אײַזן אָן אַ וואָג, וואָרום עס איז דאָ לרוב;
אויך האָלץ און שטיינער האָב איך צוגעגרייט, און דו קענסט
נאָך צולייגן דערצו. [15]און ביי דיר זיינען דאָ אַ סך בעלי־
מלאָכות, שטיינהעקער, און מיינסטערס אין שטיין און אין
האָלץ, און אַלערליי קינצלער אין יעטוועדער מלאָכה.
[16]צום גאָלד, צום זילבער, און צום קופּער, און צום אײַזן,
איז קיין צאָל ניטאָ; שטיי אויף און טו, און זאָל גאָט זיין מיט
דיר.

[17]און דוד האָט באַפֿוילן אַלע האַרן פֿון ישׂראל צו
העלפֿן זיין זון שלמהן: [18]פֿאַרוואָר, גאָט אײַער האַר איז
מיט אײַך, און ער האָט אײַך באַרוט פֿון רונד אַרום, וואָרום
ער האָט געגעבן אין מיין האַנט די באַוווינער פֿון לאַנד,
און דאָס לאַנד ליגט באַצוווּנגען פֿאַר גאָט און פֿאַר זיין

פאָלק. [19]אַצונד, גיט אַייער האַרץ און אַייער זעל צו זוכן
גאָט אַייער האַר, און שטייט אויף, און בויט דאָס הייליקטום
פון גאָט דעם האַר, כדי צו ברענגען דעם אָרון פון גאָטס
בונד, און די הייליקע כּלים פון גאָט, אין דעם הויז וואָס
ווערט געבויט צו דעם נאָמען פון גאָט.

כג [1]און דוד איז געוואָרן אַלט און זאַט מיט טעג, און
ער האָט געמאַכט זיין זון שלמהן פאַר מלך איבער
ישׂראל. [2]און ער האָט אַיינגעזאַמלט אַלע האַרן פון ישׂראל,
און די כּהנים און די לוִיִים. [3]און די לוִיִים זיינען געציילט
געוואָרן פון דרייסיק יאָר אַלט און העכער, און זייער צאָל
לויט זייערע קעפּ, פון די מענער, איז געווען אַכט און דריי־
סיק טויזנט. [4]פון דידאָזיקע, אויף אויפצופּאַסן אויף דער
אַרבעט פון גאָטס הויז פיר און צוואַנציק טויזנט, און אויפ־
זעער און ריכטער, זעקס טויזנט. [5]און פיר טויזנט טויער־
לייט; און פיר טויזנט וואָס זאָלן לויבן גאָט „מיט די כּלֵי־זֶמֶר
וואָס איך האָב געמאַכט אויף צו לויבן".

[6]און דוד האָט זיי אַיינגעטיילט אין אַיינטיילונגען לויט
די זין פון לֵוִין: גֵרשון, קְהָת, און מְרָרי.
[7]פון די גֵרשונים: לַעְדָן, און שִמעִי. [8]די זין פון לַעְדָנען:
דער הויפּט יחיאֵל, און זֵתָם, און יואֵל—דריי. [9]די זין פון
שִמעִין: שלומית, און חֲזיאֵל, און הָרָן—דריי. דידאָזיקע
זיינען געווען הויפּטן פון די פאָטערהייזער פון לַעְדָן. [10]און
די זין פון שִמעִין זיינען געווען: יַחַת, זינאָ, און יְעוש, און
בריעָה. דאָס זיינען געווען די פיר זין פון שִמעִין. [11]און
יַחַת איז געווען דער הויפּט, און זיזָה דער צווייטער; און
יְעוש און בריעָה האָבן ניט געהאַט פיל זין, דרום זיינען זיי
אין דער ציילונג געווען איין פאָטערהויז.

12די זין פון קְהָת: עַמְרָם, יִצְהָר, חֶברוֹן, און עוזיאֵל־
פיר. 13די זין פון עַמְרָמען: אַהרן, און משה. און אַהרן
איז אָפּגעשיידט געוואָרן, כּדי אים צו הייליקן פֿאַר גאָר
הייליק, אים און זיינע זין ביז אייביק, צו דעמפֿן פֿאַר גאָט,
אים צו באַדינען, און צו בענטשן אין זיין נאָמען אייביק.
14און משה דער געטלאַכער מאַן, זיינע קינדער ווערן גע־
רופֿן אויף שבט לֵוִי. 15די זין פון משהן זיינען געווען: גֵרשוֹם,
און אֱלִיעֶזֶר. 16די זין פון גֵרשוֹמען: שבוּאֵל דער הויפּט.
17און די זין פון אֱלִיעֶזֶרן זיינען געווען: רחַבְיָה דער הויפּט.
און אֱלִיעֶזֶר האָט ניט געהאַט קיין אַנדערע זין; אָבער די
זין פון רחַבְיָהן זיינען געווען פיל ביז גאָר. 18די זין פון
יִצְהָרן זיינען געווען: שלוֹמית דער הויפּט. 19די זין פון
חֶברוֹנען: יְרִיָהוּ, דער הויפּט, אֲמַריָה דער צווייטער, יַחזיאֵל
דער דריטער, און יְקַמְעָם דער פֿירטער. 20די זין פון
עוזיאֵלן: מִיכָה דער הויפּט, און יִשִׁיָה דער צווייטער.
21די זין פון מְרָרין: מַחלי, און מוּשי. די זין פון מַחלין:
אֶלְעָזָר, און קִיש. 22און אֶלְעָזָר איז געשטאָרבן, און האָט
ניט געהאַט קיין זין, נאָר טעכטער; און זייערע אייגענע,
די זין פון קישן, האָבן זיי גענומען. 23די זין פון מוּשין זיינען
געווען: מַחלי, און עֵדֶר, און יְרֵמוֹת—דריי.
24דידאָזיקע זיינען געווען די זין פון לֵוִין לויט זייערע
פֿאָטערהייזער, הויפּטן פון די פֿאָטערהייזער לויט זייערע
געציילטע, נאָך דער צאָל פון נעמען לויט זייערע קעפּ,
די וואָס האָבן געטאָן די אַרבעט פֿאַר דעם דינסט פון גאָטס
הויז, פון צוואַנציק יאָר אַלט און העכער. 25וואָרום דוד
האָט געזאָגט: גאָט דער האַר פון ישׂראל האָט באַרוט זיין
פֿאָלק, און ער רוט אין ירושָלַיִם אויף אייביק; 26און אויך
די לְוִיִים דאַרפֿן מער ניט טראָגן דעם מִשכּן, און אַלע זיינע

כלים פאַר זיין דינסט. 27יאָ, לויט די לעצטע ווערטער
פון דודן איז די ציילונג פון די קינדער פון לֵוִי געווען פון
צוואַנציק יאָר אַלט און העכער. 28וואָרום זיי האָבן גע־
דאַרפט שטיין ביי דער האַנט פון די קינדער פון אַהרן פאַר
דעם דינסט פון גאָטס הויז, אויף די הויפן, און אויף די
קאַמערן, און אויף דער ריייניקונג פון אַלע הייליקע זאַכן,
און דער אַרבעט פון דעם דינסט פון גאָטס הויז; 29און פאַר
דעם אויסגעלייגטן ברויט, און פאַר דעם זעמלמעל פאַר
שפּייזאָפּפער, סיי פון אומגעזייערטע קוכנס, סיי אין אַ
באַקפאַן, סיי אין אַ שמאָרפאַן; און פאַר יעטוועדער פייכ־
טער און טרוקענער מאָס; 30און אויף צו שטיין מאָרגן פאַר
מאָרגן צו דאַנקען און צו לויבן גאָט, און דעסגלייכן אין
אָוונט; 31און פאַר יעטוועדער אויפבּרענגען פון בראַנד־
אָפּפער צו גאָט אין די שבתים, אום ראָש־חודש, און אין די
יָום־טובים, לויט דער צאָל, אַזוי ווי דער דין וועגן זיי, תמיד,
פאַר גאָט; 32און אַז זיי זאָלן היטן די היטונג פון דעם אוהל־
מועד, און די היטונג פון דעם הייליקטום, און די היטונג
פון די קינדער פון אַהרן, זייערע ברידער, פאַר דעם דינסט
פון גאָטס הויז.

כד 1און די אַיינטיילונגען פון די קינדער פון אַהרן זיינען
געווען: די זין פון אַהרנען: נָדָב, און אֲבִיהוא, אֶלְעָזָר,
און איתָמָר. 2און נָדָב און אֲבִיהוא זיינען געשטאָרבן ביי
זייער פאָטערס לעבן, און קיין קינדער האָבן זיי ניט געהאַט,
זיינען אֶלְעָזָר און איתָמָר געווען כהנים. 3און דוד, און
צָדוק פון די קינדער פון אֶלְעָזָר, און אֲחימֶלֶך פון די קינ־
דער פון איתָמָר, האָבן זיי אַיינגעטיילט לויט זייער ריי אין
זייער דינסט. 4און פון די קינדער פון אֶלְעָזָר האָבן זיך

געפונען מער הויפּטמענער ווי פון די קינדער פון איתָמָר;
און מע האָט זיי אַזוי אײַנגעטיילט: פון די קינדער פון אֶלְעָזָר
זעכצן הויפּטן פון פּאָטערהייזער, און פון די קינדער פון
איתָמָר, לויט זייערע פּאָטערהייזער, אַכט. 5און מע האָט
זיי אײַנגעטיילט לויט גורל, די אַזוי ווי יענע, וואָרום עס
זײַנען געווען פירשטן פון הייליקטום, און פירשטן פון גאָט,
אי פון די קינדער פון אֶלְעָזָר, אי פון די קינדער פון
איתָמָר. 6און שְמַעְיָה דער זון פון נתַנאֵלן, דער שרײַבער,
פון לֵוִי, האָט זיי פאַרשריבן פאַר דעם מלך, און די האַרן,
און צָדוֹק דעם כֹּהן, און אַחימֶלֶך דעם זון פון אֶבְיָתָרן, און
די הויפּטן פון די פּאָטערהייזער פון די כֹּהנים און פון די
לְוִיִים: איין פּאָטערהויז גענומען פון אֶלְעָזָר, און איינס
גענומען פון איתָמָר.

7און דער ערשטער גורל איז אַרויסגעגאַנגען אויף
יְהוֹיָריבן, דער צווייטער אויף יְדַעְיָהן; 8דער דריטער אויף
חָרִמען, דער פירטער אויף שְׂעוֹרימען; 9דער פינפטער
אויף מַלכִּיָהן, דער זעקסטער אויף מִיָמִנען; 10דער זיבעטער
אויף הַקוֹצן, דער אַכטער אויף אֲבִיָהן; 11דער נײַנטער
אויף יֵשוּעַן, דער צענטער אויף שְכַנְיָהון; 12דער עלפטער
אויף אֶלְיָשִיבן, דער צוועלפטער אויף יָקימען; 13דער
דרײַצנטער אויף חוּפָּהן, דער פערצנטער אויף יֶשֶבְאָבן;
14דער פופצנטער אויף בִּלְגָהן, דער זעכצנטער אויף אִמֵרן;
15דער זיבעצנטער אויף חֵזירן, דער אַכצנטער אויף הַפִּצֵצן;
16דער נײַנצנטער אויף פְּתַחְיָהן, דער צוואַנציקסטער אויף
יְחֶזקאלן; 17דער איין און צוואַנציקסטער אויף יָכינען, דער
צוויי און צוואַנציקסטער אויף גָמולן; 18דער דריי און צוואַנ־
ציקסטער אויף דְלָיָהון, דער פיר און צוואַנציקסטער אויף
מַעַזְיָהון. 19דאָס איז געווען זייער ריי אין זייער דינסט,

צו קומען אין הויז פון גאָט לויט דעם געזעץ צו זיי דורך
דער האַנט פון זייער פאָטער אַהרֹנען, אַזוי ווי גאָט דער
האַר פון ישׂראל האָט אים באַפוילן.
[20]און פון די איבעריקע קינדער פון לֵוִי: פון די זין פון
עַמְרָמען, שוּבָאֵל; פון די זין פון שוּבָאֵלן, יֶחְדְיָהו. [21]פון
רחַבְיָהון: פון די זין פון רחַבְיָהון, דער הויפּט יִשִׁיָה. [22]פון
די יִצְהָרים, שלוֹמוֹת; פון די זין פון שלוֹמוֹתן, יַחַת. [23]און
די זין [פון חֶברוֹנען], יְרִיָהו, אֲמַרְיָהו דער צווייטער, יַחזיאֵל
דער דריטער, יְקַמְעָם דער פירטער. [24]די זין פון עוּזיאֵלן,
מִיכָה; פון די זין פון מִיכָהן, שָׁמִיר. [25]דער ברודער פון
מִיכָהן, יִשִׁיָה; פון די זין פון יִשִׁיָהן, זכַריָהו. [26]די זין פון
מְרָרין, מַחלִי, און מוּשִׁי; די זין פון זיין זון יַעֲזִיָהון—[27]די קינ־
דער פון מְרָרין פון זיין זון יַעֲזִיָהון, שוֹהַם, און זַכּוּר, און
עִברי. [28]פון מַחלִין, אֶלְעָזָר; און ער האָט ניט געהאַט קיין
זין. [29]פון קִישן, די זין פון קִישן, יְרַחמְאֵל. [30]און די זין פון
מוּשִׁין, מַחלִי, און עֵדֶר, און ירימוֹת.
דאָס זיינען געווען די קינדער פון די לְוִיִים לויט זייערע
פאָטערהייזער. [31]און זיי אויך האָבן געוואָרפן גוֹרל אַזוי
ווי זייערע ברידער, די קינדער פון אַהרן, פאַר דעם מלך
דוד, און צָדוֹקן, און אַחימֶלֶכן, און די הויפּטן פון די פאָטער־
הייזער פון די כֹּהנים און פון די לְוִיִים: די פאָטערהייזער
פון דעם הויפּט אַזוי ווי זיין אינגסטער ברודער.

כה [1]און דוד און די האַרן פון חיל האָבן אָפּגעשיידט פאַר
דעם דינסט פון די זין פון אָסָפן און הֵימָנען און ידוּתוּנ־
ען, די וואָס האָבן נביא׳יש געשפּילט אויף האַרפן, אויף
גיטאַרן, און אויף צימבלען; און זייער צאָל, פון די מענטשן
וואָס האָבן געטאָן די אַרבעט לויט זייער דינסט, איז געווען:

2 פון די זין פון אָסָפֿן, זַכּור, און יוסף, און נתַניָה, און
אַשַׂרְאֵלָה, די זין פון אָסָפֿן; אונטער דער האַנט פון אָסָפֿן,
וואָס האָט נביא׳יש געשפּילט לויט דעם אײַנשטעל פון דעם
מלך. 3 פון ידותונען, די זין פון ידותונען: גדַליָהו, און צרי,
און ישַעְיָהו, חַשַביָהו, און מַתִּתיָהו—זעקס, אונטער דער האַנט
פון זײער פאָטער ידותונען, וואָס האָט נביא׳יש געשפּילט
אויף אַ האַרף בײַם דאַנקען און לויבן גאָט. 4 פון הֵימָנען,
די זין פון הֵימָנען: בוקִיָהו, מַתַּנְיָהו, עוזיאֵל, שבואֵל, און
ירימות, חַנַניָה, חָנָני, אֱליאָתָה, גִדַלתּי, און רוֹמַמתּי־עֶזֶר,
יָשבְּקָשָה, מַלוֹתי, הוֹתיר, מַחזיאוֹת. 5 די אַלע זײנען געווען
זין פון הֵימָן דעם מלכס זעער אין זאַכן פון גאָט—צו דער־
הײבן [זײַן] האָרן, וואָרום גאָט האָט געשאָנקען הֵימָנען
פערצן זין און דרײַ טעכטער. 6 די אַלע זײנען געווען אונ־
טער דער האַנט פון זײער פאָטער, בײַם געזאַנג אין הויז
פון גאָט, מיט צימבלען, גיטאַרן, און האַרפן, פאַר דעם
דינסט פון גאָטס הויז, לויט דעם אײַנשטעל פון מלך—אָסָף,
ידותון, און הֵימָן. 7 און זײער צאָל מיט זײערע ברידער,
געלערנטע אין געזאַנג צו גאָט, אַלע קענער, איז געווען צוויי
הונדערט און אַכט און אַכציק. 8 און זיי האָבן געוואָרפן
גורל, אַ וואַך קעגן [אַ וואַך], אַזוי דער קלענסטער אַזוי דער
גרעסטער, דער קענער אַזוי ווי דער תּלמיד.

9 און דער ערשטער גורל איז אַרויסגעגאַנגען אויף
אָסָפֿן—אויף יוספֿן.

דער צווייטער גדַליָהו; ער און זײנע ברידער און זײנע
זין—צוועלף.

10 דער דריטער זַכּור, זײנע זין, און זײנע ברידער—
צוועלף.

[11]דער פירטער אויף יִצרין, זיינע זין, און זיינע ברידער
—צוועלף.
[12]דער פינפטער נתַניָהו, זיינע זין, און זיינע ברידער—
צוועלף.
[13]דער זעקסטער בוקיָהו, זיינע זין, און זיינע ברידער—
צוועלף.
[14]דער זיבעטער ישַׂראֵלָה, זיינע זין, און זיינע ברידער—
צוועלף.
[15]דער אַכטער ישַעיָהו, זיינע זין, און זיינע ברידער—
צוועלף.
[16]דער ניינטער מַתַניָהו, זיינע זין, און זיינע ברידער—
צוועלף.
[17]דער צענטער שִמעִי, זיינע זין, און זיינע ברידער—
צוועלף.
[18]דער עלפטער עֲזַראֵל, זיינע זין, און זיינע ברידער—
צוועלף.
[19]דער צוועלפטער חַשַביָה, זיינע זין, און זיינע ברידער
—צוועלף.
[20]צום דרייצנטן שובָאֵל, זיינע זין, און זיינע ברידער—
צוועלף.
[21]צום פערצנטן מַתִתיָהו, זיינע זין, און זיינע ברידער—
צוועלף.
[22]צום פופצנטן אויף ירֵמוֹתן, זיינע זין, און זיינע ברי־
דער—צוועלף.
[23]צום זעכצנטן אויף חֲנַניָהון, זיינע זין, און זיינע ברי־
דער—צוועלף.
[24]צום זיבעצנטן אויף יָשבְקָשָהן, זיינע זין, און זיינע ברי־
דער—צוועלף.

25 צום אַכצנטן אויף חֲנָנִין, זײַנע זין, און זײַנע ברידער—צוועלף.

26 צום נײַנצנטן אויף מַלּוֹתִין, זײַנע זין, און זײַנע ברידער—צוועלף.

27 צום צוואַנציקסטן אויף אֶלִיָּתָהן, זײַנע זין, און זײַנע ברידער—צוועלף.

28 צום איין און צוואַנציקסטן אויף הוֹתִירן, זײַנע זין, און זײַנע ברידער—צוועלף.

29 צום צוויי און צוואַנציקסטן אויף גִדַּלְתִּין, זײַנע זין, און זײַנע ברידער—צוועלף.

30 צום דריי און צוואַנציקסטן אויף מַחֲזִיאוֹתן, זײַנע זין, און זײַנע ברידער—צוועלף.

31 צום פיר און צוואַנציקסטן אויף רוֹמַמְתִּי־עֶזֶרן, זײַנע זין, און זײַנע ברידער—צוועלף.

כו 1 פאַר די אָפּטײלונגען פון די טויערלײט: פון די קָרחים:
מְשֶׁלֶמְיָהו דער זון פון קוֹרֵאן, פון די זין פון אָסָפן.
2 און מְשֶׁלֶמְיָהו האָט געהאַט זין: זְכַריָהו דער בְּכוֹר, ידיעֲאֵל
דער צווייטער, זְבַדְיָהו דער דריטער, יַתניאֵל דער פירטער;
3 עֵילָם דער פינפטער, יהוֹחָנָן דער זעקסטער, אֶלְיהוֹעֵינַי
דער זיבעטער. 4 און עוֹבֵד־אֱדוֹם האָט געהאַט זין: שְׁמַעְיָה
דער בְּכוֹר, יהוֹזָבָד דער צווייטער, יוֹאָח דער דריטער,
און שָׂכָר דער פירטער, און נתַנאֵל דער פינפטער; 5 עַמיאֵל
דער זעקסטער, יִשָׂשכָר דער זיבעטער, פְּעוּלְתַי דער
אַכטער; וואָרום גאָט האָט אים געבענטשט. 6 און בײַ זײַן
זון שְׁמַעְיָהן זײַנען געבאָרן געוואָרן זין וואָס האָבן געוועל־
טיקט איבער דעם הויז פון זייער פאָטער, וואָרום זיי זײַנען
געווען העלדישע גיבּוֹרים. 7 די זין פון שְׁמַעְיָהן זײַנען געווען:

עָתני, און רפָאֵל, און עוֹבֵד, אֶלזָבָד, זײַנע ברידער, העל־
דישע יונגען, און אֶליהו, און סמַכיָהו. [8]די אַלע פון די
קינדער פון עוֹבֵד־אֱדומען, זײ און זײערע זין און זײערע
ברידער, העלדישע לײט מיט כּוח צום דינסט; צװײ און
זעכציק פון עוֹבֵד־אֱדומען. [9]און משֶלֶמיָהו האָט געהאַט
זין און ברידער, העלדישע יונגען, אַכצן. [10]און חוֹסָה פון
די זין פון מרָרין האָט געהאַט זין: שִמרי איז געװען דער
הױפּט; הגם ער איז ניט געװען דער בּכָור, אָבער זײַן
פֿאָטער האָט אים געמאַכט פֿאַרן הױפּט; [11]חִלקִיָהו דער
צװײטער, טבַליָהו דער דריטער, זכַריָהו דער פירטער;
אַלע זין און ברידער פון חוֹסָהן—דרײַצן.
[12]די דאָזיקע אָפּטײלונגען פון די טױערלײט, די הױפּט־
מענער, האָבן געהאַט װאַכן אַזױ װי זײערע ברידער, צו
באַדינען אין הױז פון גאָט. [13]און זײ האָבן געװאָרפן גוֹרל,
אַזױ דער קלענסטער אַזױ דער גרעסטער, לױט זײערע
פֿאָטערהײַזער, טױער פֿאַר טױער. [14]און דער גוֹרל אױף
מזרח איז געפֿאַלן שֶלֶמיָהון. און פֿאַר זײַן זון זכַריָהון,
אַ קלוגן בַּעל־יוֹעֵץ, האָבן זײ געװאָרפן גוֹרל, און זײַן גוֹרל
איז געפֿאַלן אױף צפון. [15]עוֹבֵד־אֱדומען צו דָרום, און
זײַנע זין דאָס זאַמלהױז. [16]און שופּימען און חוֹסָהן, צו
מערב, בײַם טױער שַלֶכֶת, לעבן דעם װעג װאָס גײט אַרױף
צו, אַ װאַך קעגן אַ װאַך. [17]צו מזרח זעקס לוִיִים, צו צפון
פיר אַ טאָג, צו דָרום פיר אַ טאָג, און בײַ דעם זאַמלהױז צו
צװײ. [18]פֿאַר דעם פֿאָרהױף צו מערב, פיר בײַם װעג,
צװײ בײַם פֿאָרהױף. [19]דאָס זײַנען געװען די אָפּטײלונגען
פון די טױערלײט פון די קינדער פון די קָרחים און פון די
קינדער פון מרָרי.
[20]און פון די לוִיִים, איז אַחִיָה געװען איבער די שאַצן

פון גאָטס הויז, און איבער די שאַצן פון די געהייליקטע
זאַכן. [21]די קינדער פון לַעְדָן, די קינדער פון די גֵרשוּנים
פון לַעְדָן, די הויפּטן פון די פאָטערהײַזער פון לַעְדָן דעם
גֵרשוּני, זײַנען געווען די יחיאֵלים. [22]די קינדער פון די
יחיאֵלים, זֵתָם, און זײַן ברודער יואֵל, זײַנען געווען איבער
די שאַצן פון גאָטס הויז. [23]פון די עַמרָמים, פון די יִצהָרים,
פון די חֶברונים, פון די עוזיאֵלים, [24]איז שבואֵל דער זון
פון גֵרשוֹם דעם זון פון משהן, געווען דער פירשט איבער
די שאַצן. [25]און זײַנע ברידער פון אֶלִיעֶזֶרן, זײַנען געווען:
זײַן זון רחַבְיָהו, און זײַן זון ישַעְיָהו, און זײַן זון יוֹרָם, און זײַן
זון זִכרי, און זײַן זון שלומית. [26]דערדאָזיקער שלומות און
זײַנע ברידער זײַנען געווען איבער אַלע שאַצן פון די גע־
הייליקטע זאַכן וואָס דוד המלך, און די הויפּטן פון די
פאָטערהײַזער, די הויפּטלײַט פון די טויזנטן און די הונ־
דערטן, און די חיל־פירער, האָבן געהייליקט. [27]פון די
מלחמות און פון דעם רויב האָבן זיי עס געהייליקט אויף
צו פאַרריכטן דאָס הויז פון גאָט. [28]און אַלץ וואָס שמואל
דער זעער, און שָאול דער זון פון קישן, און אַבנֵר דער זון
פון נֵרן, און יואָב דער זון פון צרויָהן, האָבן געהייליקט,
ווער נאָר עס האָט געהייליקט, איז דאָס געווען אונטער דער
האַנט פון שלומיתן און זײַנע ברידער.

[29]פון די יִצהָרים, זײַנען כּנַניָהו און זײַנע זין געווען פאַרן
אויסנווייניקסטן דינסט איבער ישׂראל, פאַר אויפזעער און
פאַר ריכטער. [30]פון די חֶברונים זײַנען חַשַבְיָהו און זײַנע
ברידער, העלדישע יונגען, טויזנט און זיבן הונדערט, געווען
פאַר דער אויפזעונג איבער ישׂראל פון יענער זײַט יַרדן
צו מערב, פאַר יעטוועדער אַרבעט פון גאָט, און פאַר דעם
דינסט פון מלך. [31]פון די חֶברונים, איז יריָה געווען דער

הויפּט—פון די חֶברוֹנים לויט זייערע געבורטן נאָך די פּאָ־
טערהייזער. אין פערציקסטן יאָר פון דודס מלוכה זיינען
זיי נאָכגעזוכט געוואָרן, און עס זיינען געפונען געוואָרן
צווישן זיי העלדישע גיבוֹרים אין יַעְזֵיר־גִלְעָד. 32און זיינע
ברידער, העלדישע יונגען, זיינען געווען צוויי טויזנט און זיבן
הונדערט, הויפּטן פון פאָטערהייזער; און דוד המלך האָט
זיי אויפגעזעצט איבער די ראוּבֵנים, און די גָדים, און דעם
האַלבן שבט מנשה, פאַר אַלע זאַכן פון גאָט און זאַכן פון
מלך.

כז 1און די קינדער פון ישׂראל לויט זייער צאָל, די הויפּטן
פון די פאָטערהייזער און די הויפּטלייט פון די טויזנטן
און הונדערטן, און זייערע אויפזעער, וואָס האָבן באַדינט
דעם מלך אין אַלע זאַכן פון די אָפּטיילונגען וואָס זיינען
אַריינגעקומען און אַרויסגעגאַנגען חוֹדש פאַר חוֹדש דורך
אַלע חדשים פון יאָר, זיינען געווען צו פיר און צוואַנציק
טויזנט אין איטלאַכער אָפּטיילונג.
2איבער דער ערשטער אָפּטיילונג פאַרן ערשטן חוֹדש
איז געווען יָשָׁבְעָם דער זון פון זַבדיאֵלן; און אין זיין אָפּ־
טיילונג זיינען געווען פיר און צוואַנציק טויזנט. 3פון די
קינדער פון פֶּרֶץ איז ער געווען; דער הויפּט פון אַלע חיל־
פירער פאַרן ערשטן חוֹדש.
4און איבער דער אָפּטיילונג פון צווייטן חוֹדש איז געווען
דוֹדַי פון אֲחוֹחַ, און מיט זיין אָפּטיילונג איז געווען מִקלוֹת
דער פירשט; און אין זיין אָפּטיילונג זיינען געווען פיר און
צוואַנציק טויזנט.
5דער דריטער חיל־פירער פאַרן דריטן חוֹדש איז געווען
בְּנָיָהוּ דער זון פון דעם כֹּהן יהוֹיָדָע, דער הויפּט; און אין

זיין אָפּטייל֞ונג זיינען געווען פיר און צוואַנציק טויזנט.
6דאָס איז בְּנָיָהו דער גיבור פון די דרייסיק און איבער די
דרייסיק; מיט זיין אָפּטיילונג איז געווען זיין זון עַמיזָבָד.
7דער פירטער פאַרן פירטן חודש איז געווען עֲשָׂהאֵל,
דער ברודער פון יוֹאָבן, און זבַדיָה זיין זון נאָך אים; און
אין זיין אָפּטיילונג זיינען געווען פיר און צוואַנציק טויזנט.
8דער פינפטער פאַרן פינפטן חודש איז געווען דער
הויפּטמאַן שַמהוּת דער יִזרָחי; און אין זיין אָפּטיילונג זיינען
געווען פיר און צוואַנציק טויזנט.
9דער זעקסטער פאַרן זעקסטן חודש איז געווען עירָא
דער זון פון עִקֵשן פון תּקוֹעַ; און אין זיין אָפּטיילונג זיינען
געווען פיר און צוואַנציק טויזנט.
10דער זיבעטער פאַרן זיבעטן חודש איז געווען חֶלֶץ
פון פּלוֹן, פון די קינדער פון אפרים; און אין זיין אָפּטיילונג
זיינען געווען פיר און צוואַנציק טויזנט.
11דער אַכטער פאַרן אַכטן חודש איז געווען סִבכַי פון
חוּשָה, פון די זַרחים; און אין זיין אָפּטיילונג זיינען געווען
פיר און צוואַנציק טויזנט.
12דער ניינטער פאַרן ניינטן חודש איז געווען אַביעֶזֶר
פון עֲנָתוֹת, פון די בנימינער; און אין זיין אָפּטיילונג זיינען
געווען פיר און צוואַנציק טויזנט.
13דער צענטער פאַרן צענטן חודש איז געווען מַהרַי
פון נטוֹפָה, פון די זַרחים; און אין זיין אָפּטיילונג זיינען געווען
פיר און צוואַנציק טויזנט.
14דער עלפטער פאַרן עלפטן חודש איז געווען בּנָיָה
פון פִּרעָתוֹן, פון די קינדער פון אפרים; און אין זיין אָפּ־
טיילונג זיינען געווען פיר און צוואַנציק טויזנט.
15דער צוועלפטער פאַרן צוועלפטן חודש איז געווען

הֶלְדַי פון נטוֹפָה, פון עָתניאֵל; און אין זיין אָפּטיילונג זיינען
געווען פיר און צוואַנציק טויזנט.

[16]און איבער די שבטים פון ישׂראל: פון די ראוּבֵנים איז
געווען דער פירשט, אֱלִיעֶזֶר דער זון פון זִכרין; פון די
שִמעוֹנים, שפַטיָהוּ דער זון פון מַעֲכָהן; [17]פון לֵוִי, חֲשַביָה
דער זון פון קמוּאֵלן; פון אַהרן, צָדוֹק; [18]פון יהודה, אֱליהוּ
פון דודס ברידער; פון יִשָׂשכָר, עָמרי דער זון פון מִיכָאֵלן;
[19]פון זבולון, יִשמַעְיָהוּ דער זון פון עוֹבַדיָהון; פון נפתּלי,
ירימוֹת דער זון פון עַזריאֵלן; [20]פון די קינדער פון אפרים,
הוֹשֵעַ דער זון פון עֲזַזיָהון; פון דעם האַלבן שבט מנשה,
יוֹאֵל דער זון פון פּדָיָהון; [21]פון דעם האַלבן שבט מנשה אין
גִלעָד, יִדוֹ דער זון פון זכַריָהון; פון בִנימין, יַעֲשִׂיאֵל דער
זון פון אַבנֵרן; [22]פון דָן, עֲזַראֵל דער זון פון ירוֹחָמען. דאָס
זיינען געווען די האַרן פון די שבטים פון ישׂראל. [23]און
דוד האָט ניט אויפגענומען זייער צאָל פון צוואַנציק יאָר
אַלט און אַרונטער; וואָרום גאָט האָט צוגעזאָגט צו מערן
ישׂראל אַזוי ווי די שטערן פון הימל. [24]יוֹאָב דער זון פון
צרוּיָהן האָט אָנגעהויבן ציילן און צומאָל ניט געענדיקט,
פון דעסטוועגן איז געווען איבער דעם אַ צאָרן אויף ישׂראל;
און די צאָל איז ניט אַריין אין דער דערציילונג פון די צייט־
געשעענישן פון מלך דוד.

[25]און איבער די שאַצן פון דעם מלך איז געווען עַזמָוֶת
דער זון פון עַדיאֵלן, און איבער די שפּייכלערס אין די
פעלדער, אין די שטעט, און אין די דערפער, און אין די
טורעמס, יהוֹנָתָן דער זון פון עוּזִיָהון. [26]און איבער די וואָס
טוען פעלדאַרבעט ביי דער באַאַרבעטונג פון דער ערד,
עֶזרי דער זון פון כּלובן. [27]און איבער די ווייגערטנער,
שִמעִי פון רָמָה; און איבער וואָס אין די ווייגערטנער פּאַר

די ווײַנקעלערס, זַבדי פון שפָם. 28און איבער די אײל־
בערטבוימער און די ווילדע פײַגנבוימער וואָס אין דער
נידערונג, בַעַל־חָנָן פון גֶדֶר; און איבער די אײלקעלערס,
יוֹעָש. 29און איבער די רינדער וואָס האָבן זיך געפיטערט
אין שָרוֹן, שִטְרַי פון שָרוֹן; און איבער די רינדער אין די
טאָלן, שָפָט דער זון פון עַדְלָין. 30און איבער די קעמלען,
אוֹבִיל דער יִשְמְעֵאלי; און איבער די אײזעלינס, יֶחְדְיָהוּ פון
מֵרוֹנוֹת. 31און איבער די שאָף, יָזִיז דער הַגְרי. די אַלע
זײַנען געווען די אויבערלײַט איבער דעם פאַרמעג וואָס
דער מלך דוד האָט געהאַט.
32און יְהוֹנָתָן, דודס פעטער איז געווען אַ בַעַל־יוֹעֵץ,
אַ פאַרשטאַנדיקער מאַן און אַ שרײַבער. און יְחִיאֵל דער
זון פון חַכְמוֹנִי איז געווען מיט דעם מלכס זין. 33און אֲחִי־
תוֹפֶל איז געווען דעם מלכס בַעַל־יוֹעֵץ, און חוּשַי דער
אַרְכִּי איז געווען דעם מלכס גוטער פרײַנט. 34און נאָך
אֲחִיתוֹפֶלן איז געווען יְהוֹיָדָע דער זון פון בְנָיָהוּ, און אֶבְיָתָר;
און דער חיל־פירער פון דעם מלך איז געווען יוֹאָב.

**כח** 1און דוד האָט אײַנגעזאַמלט אַלע האַרן פון ישׂראל,
די האַרן פון די שבטים, און די הויפטלײַט פון די
אָפטײלונגען וואָס האָבן באַדינט דעם מלך, און די הויפט־
לײַט פון די טויזנטן און די הויפטלײַט פון די הונדערטן,
און די אויבערלײַט איבער דעם גאַנצן פאַרמעג און פי
פון מלך און פון זײַנע זין, מיט די הויפדינער און די
גיבוֹרים–איטלאַכן העלדישן גיבור–קיין ירושָלַיִם. 2און דוד
המלך האָט זיך געשטעלט אויף זײַנע פיס, און האָט
געזאָגט: הערט מיך צו, מײַנע ברידער און מײַן פאָלק; בײַ
מיר אין מײַן האַרצן איז געווען צו בויען אַ הויז פון רו פאַר

דעם אָרון פון יהוהס בונד, און פאַר אַ פוסבענקל פאַר
אונדזער גאָט, און איך האָב זיך אָנגעברייט צו בויען.
[3]אָבער גאָט האָט צו מיר געזאָגט: קענסט ניט בויען אַ הויז
צו מיין נאָמען, וואָרום אַ מענטש פון מלחמות ביסטו, און
בלוט האָסטו פאַרגאָסן. [4]אָבער גאָט דער האַר פון ישׂראל
האָט מיך אויסדערוויילט פון דעם גאַנצן הויז פון מיין
פאָטער צו זיין אַ מלך איבער ישׂראל אויף אייביק; וואָרום
יהודהן האָט גאָט אויסדערוויילט פאַר אַ פירשט, און אין
דעם הויז פון יהודה, דעם הויז פון מיין פאָטער, און צווישן
די זין פון מיין פאָטער, האָט ער מיך באַגערט, אויף צו
מאַכן פאַר אַ מלך איבער גאַנץ ישׂראל. [5]און פון אַלע
מיינע זין—וואָרום פיל זין האָט מיר גאָט געשאָנקען—האָט
ער אויסדערוויילט מיין זון שלמהן צו זיצן אויף דעם טראָן
פון גאָטס מלוכה איבער ישׂראל. [6]און ער האָט צו מיר
געזאָגט: דיין זון שלמה, ער וועט בויען מיין הויז און מיינע
הויפן, וואָרום איך האָב אים אויסדערוויילט פאַר אַ זון
צו מיר, און איך וועל אים זיין פאַר אַ פאָטער. [7]און איך
וועל באַפעסטיקן זיין מלוכה אויף אייביק, אויב ער וועט
זיין שטאַרק, צו טאָן מיינע געבאָט און מיינע געזעצן אַזוי
ווי היינטיקן טאָג. [8]און אַצונד, פאַר די אויגן פון גאַנץ
ישׂראל, דער עדה פון יהוה, און אין די אויערן פון אונדזער
גאָט: היט אָפּ און זוכט נאָך אַלע געבאָט פון יהוה אייער
גאָט, כּדי איר זאָלט אַרבן דאָס גוטע לאַנד, און לאָזן אין
ירושה צו אייערע קינדער נאָך אייך ביז אייביק.
[9]און דו שלמה מיין זון, ווייס דעם גאָט פון דיין פאָטער,
און דין אים מיט אַ גאַנצן האַרצן, און מיט אַ וויליקער זעל,
וואָרום אַלע הערצער פאָרשט יהוה, און יעטוועדער
טראַכטעניש פון די געדאַנקען קען ער; אַז דו וועסט אים זוכן,

װעט ער זיך לאָזן געפינען פון דיר, אָבער אַז דו װעסט
אים פאַרלאָזן, װעט ער דיך אַװעקװאַרפן אויף אייביק.
[10]קוק זיך אַרום אַצונד, װאָרום גאָט האָט דיך אויסדער־
װײלט צו בויען אַ הויז פאַר אַ הײליקטום; זײ שטאַרק,
און טו.

[11]און דוד האָט געגעבן זײַן זון שלמהן דאָס געמעל פון
דעם פאָדערהויז, און זײַנע בנינים, און זײַנע שאַצקאַמערן,
און זײַנע אויבערשטובן, און זײַנע אינעװײניקסטע חדרים,
און דאָס הויז פון דעם דעק [פון אָרון]; [12]און דאָס געמעל
פון אַלץ װאָס איז געװען בײַ אים אין געדאַנקען, פאַר די
הויפן פון גאָטס הויז, און פאַר אַלע קאַמערן רונד אַרום,
פאַר די שאַצן פון גאָטס הויז, און פאַר די שאַצן פון די גע־
הײליקטע זאַכן, [13]און פאַר די אָפּטײלונגען פון די כּהנים און
די לוִיִים, און פאַר אַלערלײ אַרבעט פון דעם דינסט אין
גאָטס הויז, און פאַר די כּלים פון דעם דינסט אין גאָטס
הויז.

[14]„גאָלד אויפן װאָג, פאַר דעם גאָלד פון אַלערלײ כּלים
פאַר יעטװעדער דינסט; פאַר אַלע זילבערנע כּלים, אויפן
װאָג, פאַר אַלערלײ כּלים פון יעטװעדער דינסט. [15]און
אויפן װאָג פאַר די גילדערנע מנורות מיט זײערע גילדערנע
רערלאַך, לויט דער װאָג פון איטלאַכער מנורה מיט אירע
רערלאַך; און פאַר די זילבערנע מנורות לויט דער װאָג
פון אַ מנורה מיט אירע רערלאַך, װי נאָך דער אַרבעט פון
איטלאַכער מנורה. [16]און גאָלד אויפן װאָג פאַר די טישן
פון דער אויסלײגונג [פון ברויט], פאַר איטלאַכן טיש; און
זילבער פאַר די זילבערנע טישן. [17]און פאַר די גאָפּלען,
און די שפּרענגבעקנס, און די קאַנען, רײנע גאָלד; און פאַר
די גילדערנע בעכערס, אויפן װאָג פאַר איטלאַכן בעכער;

און פאַר די זילבערנע בעכערס, אויפן וואָג פאַר איטלאַכן
בעכער. 18און פאַר דעם מזבח פון ווייַרויך געלייטערטע
גאָלד אויפן וואָג; און גאָלד פאַר דער געשטאַלט פון דעם
רייטוואָגן, די כּרובים וואָס שפּרייטן אויס [די פליגלען]
און שירעמען איבער דעם אָרון פון גאָטס בונד. 19דאָס אַלץ
[גיב איך דיר] אין געשריפט, פון דער האַנט פון גאָט וואָס
האָט מיך געקליגט; אַלע אַרבעטן פון דעם געמעל."
20און דוד האָט געזאָגט צו זיין זון שלמהן: זיי שטאַרק
און פעסט, און טו; זאָלסט ניט מורא האָבן און ניט אַנגסטן,
וואָרום גאָט יהוה, מיין גאָט, איז מיט דיר; ער וועט דיך ניט
אָפּלאָזן און ניט פאַרלאָזן, ביז די גאַנצע אַרבעט פאַר דעם
דינסט פון יהוהס הויז וועט זיין געענדיקט. 21און אָט זיינען
די אָפּטיילונגען פון די כּהנים און די לויִים פאַר יעטוועדער
דינסט פון גאָטס הויז; און דו האָסט מיט זיך פאַר יעט־
וועדער אַרבעט איטלאַכן וואָס איז גערנוויליק, מיט קלוג־
שאַפט פאַר אַלערליי אַרבעט; און די האַרן און דאָס גאַנצע
פאָלק זיינען צו אַלע דיינע באַפעלן.
כט 1און דוד המלך האָט געזאָגט צו דער גאַנצער איינ־
זאַמלונג: שלמה מיין זון, וואָס אים איינעם האָט גאָט
אויסדערוויילט, איז יונג און שוואַך, און די אַרבעט איז
גרויס, וואָרום ניט פאַר אַ מענטשן איז דער פּאַלאַץ, נאָר
פאַר גאָט דעם האַר. 2און מיט אַלע מיינע כּוחות האָב איך
אָנגעגרייט פאַר דעם הויז פון מיין גאָט, גאָלד פאַר די גיל־
דערנע זאַכן, און זילבער פאַר די זילבערנע, און קופּער
פאַר די קופּערנע, אײַזן פאַר די אײַזערנע, און האָלץ פאַר
די הילצערנע; אָניקלשטיינער און שטיינער צום איינפאַסן,
גלאַנציקע און פילפאַרביקע שטיינער, און אַלערליי טייער
געשטיין, און מירמלשטיינער לרוב. 3און מער נאָך: וייל

איך באַגער דאָס הויז פון מיין גאָט, האָב איך אַן אוֹצר
גאָלד און זילבער וואָס איך גיב אַוועק פאַר דעם הויז פון
מיין גאָט, אַחוץ אַלץ וואָס איך האָב אָנגעגרייט פאַר דעם
הייליקן הויז: [4]דריי טויזנט צענטנער גאָלד, פון גאָלד פון
אוֹפיר, און זיבן טויזנט צענטנער געלײַטערטע זילבער,
אויף צו באַלייגן די ווענט פון די הייזער; [5]גאָלד ווו מע
דאַרף גאָלד, און זילבער ווו זילבער; און פאַר יעטוועדער
אַרבעט דורך דער האַנט פון מייסטערס. און ווער וויל
היינט מנדב זיין מיט זיין פולער האַנט צו גאָט?
[6]און די האַרן פון די פאָטערהייזער, און די האַרן פון
די שבטים פון ישׂראל, און די הויפּטלייט פון די טויזנטן און
די הונדערטן, און די אויבערלייט איבער דעם מלכס
ווירטשאַפט, האָבן מנדב געווען. [7]און זיי האָבן געשאָנקען
פאַר דער אַרבעט פון גאָטס הויז, גאָלד פינף טויזנט צענט־
נער, און אַדרכּונים צען טויזנט, און זילבער צען טויזנט
צענטנער, און קופּער אַכצן טויזנט צענטנער, און אײַזן
הונדערט טויזנט צענטנער. [8]און די וואָס ביי זיי האָבן זיך
געפונען טייערע שטיינער, האָבן עס אַוועקגעגעבן צו דעם
שאַץ פון גאָטס הויז, אונטער דער האַנט פון יחיאֵל דעם
גֵרשוני. [9]און דאָס פאָלק האָט זיך געפרייט וואָס זיי האָבן
מנדב געווען, וואָרום מיטן גאַנצן האַרצן האָבן זיי מנדב
געווען צו גאָט, און אויך דוד המלך האָט זיך געפרייט אַ
גרויס פרייד.

[10]און דוד האָט געלויבט גאָט פאַר די אויגן פון דער
גאַנצער אײַנזאַמלונג, און דוד האָט געזאָגט: געלויבט ביסטו
גאָט דער האַר פון ישׂראל, אונדזער פאָטער, פון אייביק
און ביז אייביק. [11]דיין, גאָט, איז די גרויסקייט, און די
שטאַרקייט, און די פּראַכטיקייט, און די אייביקייט, און

דער גלאַנץ, וואָרום אַלץ וואָס אויפֿן הימל און אויף דער
ערד [איז דיין]; דיין, גאָט, איז די מלוכה, און דו ביסט
דערהויבן צום הויפּט איבער אַלעם. [12]און עושר און כּבוד
זיינען פֿון דיר, און דו געוועלטיקסט איבער אַלץ, און אין
דיין האַנט איז כּוח און גבורה, און אין דיין האַנט איז צו
גרייסן און צו שטאַרקן אַלעמען. [13]און אַצונד, אונדזער
גאָט, דאַנקען מיר דיר, און לויבן דיין פּראַכטיקן נאָמען.
[14]וואָרום ווער בין איך, און ווער איז מיין פֿאָלק, אַז מיר
זאָלן האָבן בכּוח מנדב צו זיין אַזויוואָס? נאָר פֿון דיר איז
אַלץ, און פֿון דיין האַנט האָבן מיר דיר געגעבן. [15]וואָרום
פֿרעמדע זיינען מיר פֿאַר דיר, און איינגעוואַנדערטע, אַזוי
ווי אַלע אונדזערע עלטערן; אַזוי ווי אַ שאָטן זיינען אונדזערע
טעג אויף דער ערד, און אָן אַ באַשטאַנד. [16]גאָט אונדזער
האַר, דאָסדאָזיקע גאַנצע רייכטום וואָס מיר האָבן אָנגע־
גרייט אויף דיר צו בויען אַ הויז פֿאַר דיין הייליקן נאָמען,
איז פֿון דיין האַנט, און אַלץ איז דיין. [17]און איך ווייס, מיין
גאָט, אַז דו פּרוּווסט דאָס האַרץ, און באַגערסט רעכט־
פֿאַרטיקייט. איך האָב מיט רעכטפֿאַרטיקייט פֿון מיין
האַרצן מנדב געווען דאָס אַלץ; און אַצונד האָב איך געזען
מיט שׂמחה ווי דיין פֿאָלק וואָס געפֿינט זיך דאָ האָט מנדב
געווען צו דיר. [18]גאָט דער האַר פֿון אַברהם, יצחק, און
ישׂראל, אונדזערע עלטערן, האַלט דאָס אָן אויף אייביק,
די טראַכטונג פֿון די געדאַנקען פֿון דיין פֿאָלקס האַרצן, און
קער זייער האַרץ צו דיר. [19]און שלמהן מיין זון גיב אַ גאַנץ
האַרץ צו היטן דיינע געבאָט, דיינע אָנזאָגן, און דיינע געזעצן,
און צו טאָן דאָס אַלץ, און צו בויען דעם פּאַלאַץ וואָס איך
האָב צוגעגרייט.

[20]און דוד האָט געזאָגט צו דער גאַנצער איינזאַמלונג:

לויבט נון גאָט אײַער האַר. און די גאַנצע אײַנזאַמלונג האָט
געלויבט גאָט דעם האַר פון זײערע עלטערן, און זײ האָבן
זיך געבייגט און זיך געבוקט צו גאָט און צום מלך. [21]און
זײ האָבן געשלאַכט שלאַכטאָפּפער צו גאָט, און אויפגע־
בראַכט בראַנדאָפּפער צו גאָט, אויף מאָרגן פון יענעם
טאָג, טויזנט אָקסן, טויזנט ווידערס, טויזנט שעפּסן, מיט
זײערע גיסאָפּפער, און שלאַכטאָפּפער לרוב פאַר גאַנץ
ישׂראל. [22]און זײ האָבן געגעסן און געטרונקען פאַר גאָט
אין יענעם טאָג מיט גרויס שׂמחה, און זײ האָבן אַ צווייט
מאָל געמאַכט שלמה דעם זון פון דודן פאַר אַ מלך, און
געזאַלבט פאַר אַ פירשט פון גאָט, און צָדוקן פאַר אַ כּהן.
[23]און שלמה האָט זיך געזעצט אויף דעם טראָן פון גאָט
פאַר אַ מלך אויף דעם אָרט פון זײַן פאָטער דודן, און ער
האָט באַגליקט. און גאַנץ ישׂראל האָבן זיך צוגעהערט צו
אים. [24]און אַלע האַרן, און די גיבּורים, און אויך אַלע זין
פון דעם מלך דוד, האָבן זיך אונטערוואָרפן אונטער שלמה
המלך. [25]און גאָט האָט שלמהן הויך געגרייסט פאַר די
אויגן פון גאַנץ ישׂראל, און ער האָט געגעבן אויף אים אַ
קיניגלאַכן גלאַנץ וואָס איז ניט געווען אויף קיין מלך איבער
ישׂראל פאַר אים.

[26]און דוד דער זון פון ישַׁין האָט געקיניגט איבער גאַנץ
ישׂראל. [27]און די טעג וואָס ער האָט געקיניגט איבער
ישׂראל, זײַנען געווען פערציק יאָר: אין חֶברון האָט ער
געקיניגט זיבן יאָר, און אין ירושָלַיִם האָט ער געקיניגט דרײַ
און דרײַסיק. [28]און ער איז געשטאָרבן אין אַ גוטער עלטער,
זאַט מיט טעג, עושר, און כּבוד; און זײַן זון שלמה איז גע־
וואָרן מלך אויף זײַן אָרט. [29]און די זאַכן וועגן דודן, די
ערשטע אַזוי ווי לעצטע, זײ זײַנען באַשריבן אין די ווערטער

פון שמואל דעם זעער, און אין די ווערטער פון נָתָן דעם
נביא, און אין די ווערטער פון גָד דעם זעער, 30מיט זיין
גאַנצער מלוכה, און זיינע גבורות, און די צייטן וואָס זיינען
אַריבער איבער אים און איבער ישׂראל, און איבער אַלע
קיניגרייכן פון די לענדער.

# דִברֵי הַיָמים ב


שלמהס תפילה פאַר גאָט אין גִבעון. גאָט שענקט אים חכמה און עשירות. א 1

שלמהס חיל און זיין עשירות. א 13

שלמה קריגט פון חורָם דעם מלך פון צור האָלץ און מיינסטערס אויף צו בויען דעם בית־המקדש און זיין פּאַלאַץ. דער בנין. ב 12

די חנוכת־הבית פון דעם בית־המקדש. שלמהס תפילה. ה 1

גאָט באַווייזט זיך צו שלמהן, און פאַרזיכערט אים די דויערהאַפטיקייט פון זיין טראָן, און וואָרנט דאָס פאָלק אויב זיי וועלן ניט גיין אין זיינע וועגן. ז 11

די אויפטוען און די גרויסקייט פון שלמהן. ח 1

די מלכה פון שבאָ קומט הערן שלמהס חכמה. ט 1

שלמה המלכס רייכקייט. שלמהס טויט. ט 13

די איבעריקע שבטים זונדערן זיך אָפּ פון שבט יהודה, און בילדן אַ מלוכה פאַר זיך. י 1

דער מלך רחַבעָם. י 5

דער מלך אַבִיָה. יג 1

דער מלך אָסאָ. יד 1

דער מלך יהוֹשָפָט. יז 1

דער מלך יהוֹרָם. כא 2

דער מלך אַחַזיָהו. כב 1

די מלכה עַתַליָהו. כב 10

דער מלך יהוֹאָש. כד 1

דער מלך אַמַציָהו. כה 1

| | |
|---|---|
| דער מלך עוזִיָהו. | כו 1 |
| דער מלך יוֹתָם. | כז 1 |
| דער מלך אָחָז. | כח 1 |
| דער מלך יחִזקִיָהו. | כט 1 |
| דער מלך מנשה. | לג 1 |
| דער מלך אָמוֹן. | לג 21 |
| דער מלך יֹאשִיָהו. | לד 1 |
| דער מלך יהוֹאָחָז. | לו 1 |
| דער מלך יהוֹיָקים. | לו 5 |
| דער מלך יהוֹיָכין. | לו 9 |
| דער מלך צִדקִיָהו. | לו 11 |

# דִברֵי הַיָמִים ב

א 1און שלמה דער זון פון דודן האָט זיך באַפעסטיקט
אין זיין מלוכה, און גאָט זיין האַר איז געווען מיט אים,
און האָט אים הויך געגרייסט. 2און שלמה האָט גערעדט
צו גאַנץ ישׂראל, צו די הויפּטלייט פון די טויזנטן און די
הונדערטן, און צו די ריכטער, און צו איטלאַכן פירשט אין
גאַנץ ישׂראל, די הויפּטן פון די פּאָטערהייזער. 3און שלמה
און די גאַנצע אײַנזאַמלונג מיט אים זיינען געגאַנגען צו דער
בָמָה וואָס אין גִבְעוֹן, וואָרום דאָרטן איז געווען דער אֹהל־
מוֹעד פון גאָט, וואָס משה דער קנעכט פון גאָט האָט גע־
מאַכט אין מדבר. 4נאָר דעם אָרון פון גאָט האָט דוד
אַרויפגעבראַכט פון קִרְיַת־יְעָרִים אַהין ווו דוד האָט צו־
געגרייט פאַר אים, וואָרום ער האָט אויפגעשטעלט פאַר
אים אַ געצעלט אין ירושָלַיִם. 5אָבער דער קופּערנער
מזבח וואָס בצַלאֵל דער זון פון אורי דעם זון פון חורן האָט
געמאַכט, האָט מען אַוועקגעשטעלט פאַר דעם מִשכָן פון
גאָט; און שלמה און די אײַנזאַמלונג האָבן זיך צו אים גע־
ווענדט. 6און שלמה האָט אויפגעבראַכט דאָרטן אויפן
קופּערנעם מזבח פאַר גאָט וואָס ביים אֹהל־מוֹעד; און ער
האָט אויפגעבראַכט אויף אים טויזנט בראַנדאָפּפער.
7אין יענער נאַכט האָט זיך גאָט באַוויזן צו שלמהן, און
ער האָט צו אים געזאָגט: בעט וואָס איך זאָל דיר געבן.
8האָט שלמה געזאָגט צו גאָט: דו האָסט געטאָן גרויס חסד
מיט מיין פאָטער דודן, און האָסט מיך געמאַכט פאַר אַ
מלך אויף זיין אָרט. 9אַצונד, גאָט דו האַר, זאָל באַוואָרט
ווערן דיין צוזאָג צו מיין פאָטער דודן, וואָרום דו האָסט

מיך געמאַכט פאַר אַ מלך איבער אַ פאָלק אַזוי פיל ווי
דער שטויב פון דער ערד. [10]אַצונד גיב מיר חכמה און
קענשאַפט, אַז איך זאָל אַרויסגיין און אַריינגיין פאַרויס
פאַר דעמדאָזיקן פאָלק, וואָרום ווער קען משפטן דאָס־
דאָזיקע גרויסע פאָלק דיינס?
[11]האָט גאָט געזאָגט צו שלמהן: ווייל דאָס איז אין דיין
האַרצן, און ניט דו האָסט געבעטן עשירות, גיטער, און
כבוד, אָדער דאָס לעבן פון דיינע פיינט, און ניט צומאָל
פיל טעג האָסטו געבעטן, נייערט דו האָסט דיר געבעטן
חכמה און קענשאַפט, כדי זאָלסט קענען משפטן מיין פאָלק
וואָס איך האָב דיך געמאַכט פאַר אַ מלך איבער אים—
[12]ווערט דיר אי געגעבן חכמה און קענשאַפט, אי איך וועל
דיר געבן עשירות און גיטער און כבוד, וואָס אַזויוואָס איז
ניט געווען ביי די מלכים וואָס פאַר דיר, און אַזויוואָס וועט
ניט זיין נאָך דיר.

[13]און שלמה איז צוריקגעקומען [פון גיין] צו דער בָמָה
וואָס אין גִבְעוֹן, פון פאַר דעם אוהל־מוֹעד, קיין ירושָלַיִם;
און ער האָט געקיניגט איבער ישׂראל.
[14]און שלמה האָט אָנגעזאַמלט רייטוועגן און רייטער,
און ער האָט געהאַט טויזנט און פיר הונדערט רייטוועגן און
צוועלף טויזנט רייטער. און ער האָט זיי אַוועקגעשטעלט
אין די שטעט פאַר רייטוועגן, און ביים מלך אין ירושָלַיִם.
[15]און דער מלך האָט געמאַכט זילבער און גאָלד אין
ירושָלַיִם אַזוי ווי שטיינער, און צעדערן האָט ער געמאַכט
אַזוי ווי די ווילדע פייגנבוימער וואָס אין דער נידערונג, אין
פילקייט.
[16]און דער אַרויסקום פון די פערד וואָס שלמה האָט

געהאַט, איז געוועזן פון מִצרַיִם און פון קְוֵא; די סָוחרים פון
דעם מלך פלעגן זיי קריגן פון קְוֵא פאַר געצאָלט. [17]און
זיי האָבן אַרויפגעבראַכט און אַרויסגעפירט פון מִצרַיִם אַ
רייטוואָגן פאַר זעקס הונדערט זילבערשטיק, און אַ פערד
פאַר הונדערט און פופציק; און דעסגלייכן פאַר אַלע מלכים
פון די חִתּים, און די מלכים פון אֲרָם, פלעגט מען אַרויס־
ברענגען דורך זייער האַנט.

[18]און שלמה האָט געהייסן בויען אַ הויז צו דעם נאָמען
פון גאָט, און אַ הויז פאַר זיין מלוכה.
ב [1]און שלמה האָט געציילט זיבעציק טויזנט מאַן לאַסט־
טרעגער, און אַכציק טויזנט מאַן שטיינהעקער אין די
בערג, און אויפזעער איבער זיי, דריי טויזנט און זעקס
הונדערט.
[2]און שלמה האָט געשיקט צו חורָם דעם מלך פון צור,
אַזוי צו זאָגן: אַזוי ווי דו האָסט געטאָן מיט מיין פאָטער
דודן, וואָס דו האָסט אים געשיקט צעדערן צו בויען פאַר
זיך אַ הויז אויף צו וווינען דערין, [3]איז, אָט בוי איך אַ הויז
צו דעם נאָמען פון יהוה מיין גאָט, כּדי עס צו הייליקן צו
אים, און צו רייכערן פאַר אים ווייַרויך פון שמעקעדיקע
געווירצן, און פאַר דער שטענדיקער אויסלייגונג [פון דעם
הייליקן ברויט], און פאַר די בראַנדאָפּפער אין דער פרי
און אין אָוונט, אין די שבתים, און אום ראש־חודש, און אין
די יום־טובים פון יהוה אונדזער גאָט, וואָס דאָס איז אייביק
אַ חוב אויף ישׂראל. [4]און דאָס הויז וואָס איך בוי, דאַרף
זיין גרויס, וואָרום גרויס איז אונדזער גאָט איבער אַלע
געטער. [5]און ווער האָט בכּוח אים צו בויען אַ הויז, אַז
די הימלען און די הימלען פון די הימלען קענען אים ניט

אַריינגעמען? און ווער בין איך, אַז איך זאָל אים בויען אַ
הויז, סיידן אויף צו רייכערן פאַר אים? 6און אַצונד, שיק
מיר אַ קלוגן מאַן צו אַרבעטן אין גאָלד, און אין זילבער,
און אין קופער, און אין אַייזן, און אין פורפל און קאַרמין
און בלאָער וואָל, און אַזאַ וואָס פאַרשטייט צו קריצן קרי־
צונגען — אין איינעם מיט די קלוגע לייט וואָס ביי מיר אין
יהודה און אין ירושָלַיִם, וואָס מיין פאָטער דוד האָט אָנ־
געגרייט. 7און שיק מיר צעדערהאָלץ, ציפרעסן, און סאַנ־
דאַלהאָלץ, פון לבָנון, וואָרום איך ווייס אַז דיינע קנעכט
פאַרשטייען צו האַקן געהילץ פון לבָנון; און אָט וועלן מיינע
קנעכט זיין מיט דיינע קנעכט, 8אָנצוברייטן פאַר מיר אַ סך
האָלץ, וואָרום דאָס הויז וואָס איך בוי, דאַרף זיין גרויס
און ווונדערלאַך. 9און אָט גיב איך די העקער, די וואָס
שניידן דאָס געהילץ, געשטויסענע ווייץ פאַר דיינע קנעכט,
צוואַנציק טויזנט כור, און גערשטן צוואַנציק טויזנט כור,
און וויין צוואַנציק טויזנט בַת, און אייל צוואַנציק טויזנט
בַת.

10און חורָם דער מלך פון צור האָט געענטפערט אין
אַ געשריפט, און געשיקט שלמהן: ווייל יהוה האָט ליב
זיין פאָלק, האָט ער דיך געמאַכט פאַר אַ מלך איבער
זיי. 11און חורָם האָט געזאָגט: געלויבט איז יהוה דער גאָט
פון ישראל וואָס האָט געמאַכט דעם הימל און די ערד,
פאַרוואָס ער האָט געגעבן דעם מלך דוד אַ קלוגן זון,
געניט אין שכל און פאַרשטאַנדיקייט, וואָס וועט בויען אַ
הויז פאַר יהוה, און אַ הויז פאַר זיין מלוכה. 12און אַצונד,
שיק איך דיר אַ קלוגן מאַן, געניט אין פאַרשטאַנדיקייט,
מיין הויפטמייַנסטער חורָם, 13דעם זון פון אַ פרוי פון די
טעכטער פון דָן, וואָס זיין פאָטער איז אַ מאַן פון צור; ער

פאַרשטייט צו אַרבעטן אין גאָלד, און אין זילבער, אין
קופּער, אין אײַזן, אין שטיינער, און אין האָלץ, אין פּורפּל,
אין בלאָער וואָל, און אין פֿיינליינען, און אין קאַרמין, און
צו קריצן יעטוועדער קריצונג, און אויסקינצלען יעטוועד־
דער קונציקע אַרבעט וואָס וועט אים געגעבן ווערן—אין
איינעם מיט דײַנע קלוגע לײַט, און מיט די קלוגע לײַט פֿון
מײַן האַר, דײַן פֿאָטער דודן. 14און אַצונד, די ווייץ און די
גערשטן, און דאָס אייל, און דעם ווײַן, וואָס מײַן האַר האָט
געזאָגט, זאָל ער שיקן צו זײַנע קנעכט; 15און מיר וועלן האַקן
געהילץ פֿון לבֿנון לויט אַל דײַן באַדאַרף, און וועלן עס
ברענגען צו דיר אויף טראַפֿטן מיטן ים קיין יָפֿוֹ, און דו וועסט
עס אַרויפֿברענגען קיין ירושָלַיִם.
16און שלמה האָט איבערגעציילט אַלע פֿרעמדע
מענטשן וואָס אין לאַנד ישׂראל, נאָך דער ציילונג וואָס זײַן
פֿאָטער דוד האָט זיי געציילט. און עס האָבן זיך געפֿונען
הונדערט און דרײַ און פֿופֿציק טויזנט און זעקס הונדערט.
17און ער האָט געמאַכט פֿון זיי זיבעציק טויזנט לאַסטטרעגער
און אַכציק טויזנט שטיינהעקער אין די בערג; און דרײַ
טויזנט און זעקס הונדערט אויפֿפּאַסערס צו מאַכן אַרבעטן
דאָס פֿאָלק.

ג 1און שלמה האָט אָנגעהויבן בויען דאָס הויז פֿון גאָט אין
ירושָלַיִם אויפֿן באַרג מוֹרִיָה וואָס איז אויסגעקליבן גע־
וואָרן פֿון זײַן פֿאָטער דודן, אין דעם אָרט פֿון דודן ווו ער
האָט צוגעגרייט, אין דעם שייער פֿון אָרנָן דעם יבֿוסי.
2און ער האָט אָנגעהויבן בויען אין צווייטן חודש, אין צווייטן
טאָג, אין פֿירטן יאָר פֿון זײַן מלוכה.
3און דאָס זײַנען די גרונטפֿעסטן וואָס זײַנען געלייגט

געוואָרן פון שלמהן ביים בויען דאָס הויז פון גאָט: די לענג
אין איילן לויט דער פריערדיקער מאָס זעכציק איילן, און
די ברייט צוואַנציק איילן. 4 און דער פּאָליש וואָס פאָרנט–
די לענג, פאַר ברייט פון דעם הויז, איז געווען צוואַנציק
איילן, און די הייך הונדערט און צוואַנציק; און ער האָט
עס איבערגעצויגן פון אינעווייניק מיט ריינעם גאָלד. 5 און
דאָס גרויסע הויז האָט ער באַדעקט מיט ציפּרעסהאָלץ,
און האָט עס באַלייגט מיט גוטן גאָלד, און אויסגעאַרבעט
דערויף טייטלבוימער און קייטלאַך. 6 און ער האָט באַ־
זעצט דאָס הויז מיט טייערע שטיינער פון שיינקייט וועגן,
און דאָס גאָלד איז געווען גאָלד פון פּרוָיִם. 7 און ער האָט
באַדעקט דאָס הויז, די באַלקנס, די שוועלן, און זיינע
ווענט, און זיינע טירן, מיט גאָלד, און אויסגעקריצט כּרובים
אויף די ווענט.
8 און ער האָט געמאַכט דאָס הויז פון דעם קָדשי־קָדשים;
זיין לענג, פאַר ברייט פון דעם הויז, צוואַנציק איילן; און
זיין ברייט צוואַנציק איילן; און ער האָט עס באַדעקט מיט
גוטן גאָלד, זעקס הונדערט צענטנער. 9 און די וואָג פון די
נעגל איז געווען פופציק שֶקל גאָלד. און די אויבערקאַמערן
האָט ער באַדעקט מיט גאָלד.
10 און ער האָט געמאַכט אין דעם הויז פון קָדשי־קָדשים
צוויי כּרובים פון בילדערווערק, און מע האָט זיי איבער־
געצויגן מיט גאָלד. 11 און די פליגלען פון די כּרובים, זייער
לענג איז געווען צוואַנציק איילן: אַ פליגל פון איינעם, פון
פינף איילן, גרייכנדיק ביז דער וואַנט פון הויז, און דער
אַנדער פליגל פון פינף איילן גרייכנדיק ביזן פליגל פון דעם
אַנדער כּרוב. 12 און אַ פליגל פון דעם אַנדער כּרוב, פון
פינף איילן, האָט אָנגערירט די וואַנט פון הויז, און דער

אַנדער פֿליגל פֿון פֿינף איילן איז געווען באַהעפֿט צו דעם
פֿליגל פֿון דעם אַנדער כּרוב. 13 די פֿליגלען פֿון דידאָזיקע
כּרובים פֿאַנאַנדערגעשפּרייטערהייט זיינען געווען צוואַנציק
איילן; און זיי זיינען געשטאַנען אויף זייערע פֿיס, מיט זייערע
פּנימער אינעווייניק צו.
14 און ער האָט געמאַכט דעם פָּרוֹכֶת פֿון בלאָער וואָל,
און פּורפּל, און קאַרמין, און פֿיינלייַנען; און ער האָט אויס־
געאַרבעט דערויף כּרובים.
15 און ער האָט געמאַכט פֿאַרן הויז צוויי זיילן, פֿינף און
דרייסיק איילן די הייך; און די קרוין וואָס אויף זייערע
קעפּ, פֿינף איילן.
16 און ער האָט געמאַכט קייטן אין דביר[א], און אַרויפֿ־
געטאָן אויף די קעפּ פֿון די זיילן; און ער האָט געמאַכט
הונדערט מילגרוימען און אַרייַנגעטאָן אין די קייטן.
17 און ער האָט אויפֿגעשטעלט די זיילן פֿאַר דעם הֵיכל,
איינעם פֿון דער רעכטער זייט, און איינעם פֿון דער לינ־
קער זייט; און ער האָט גערופֿן דעם נאָמען פֿון דעם רעכטן
יָכִין, און דעם נאָמען פֿון דעם לינקען בּוֹעַז.
ד 1 און ער האָט געמאַכט אַ קופּערנעם מזבח; צוואַנציק
איילן זיין לענג, און צוואַנציק איילן זיין ברייט, און צען
איילן זיין הייך.
2 און ער האָט געמאַכט דעם ים אַ געגאָסענעם, צען
איילן פֿון ראַנד צו ראַנד, קייַלאַכדיק רונד אַרום, און פֿינף
איילן די הייך; און אַ שנור פֿון דרייסיק איילן האָט אים
אַרומגערינגלט רונד אַרום. 3 און אונטער אים איז געווען די
געשטאַלט פֿון רינדער וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט רונד
אַרום, צען איילן, אַרומצירקלענדיק דעם ים רונד אַרום.

א ד.ה. דער הינטערשטער אָדער אינעווייניקסטער און הייליקסטער, דער קָדשי־קָדשים.

אין צוויי צייַלן זייַנען געווען די רינדער, אויסגעגאָסן אין
איין גוס מיט אים. [4]ער איז געשטאַנען אויף צוועלף רינ־
דער, דריי געקערט צו צפֿון, און דריי געקערט צו מערבֿ,
און דריי געקערט צו דָרום, און דריי געקערט צו מִזרח;
און דער ים איז געווען איבער זיי פֿון אויבן; און אַלע זייערע
הינטערלייַבער זייַנען געווען אינעווייניק צו. [5]און זייַן גרעבּ
איז געווען אַ האַנטברייט; און זייַן ראַנד איז געווען אַזוי ווי
די אַרבעט פֿון דעם ראַנד פֿון אַ בעכער, ווי אַ בלום פֿון
אַ ליליע; דריי טויזנט בַּת האָט ער געהאַלטן.

[6]און ער האָט געמאַכט צען האַנטפֿאַסן, און אַוועק־
געשטעלט פֿינף פֿון דער רעכטער זייַט, און פֿינף פֿון דער
לינקער זייַט, אויף צו וואַשן דרינען; די זאַכן פֿון בראַנד־
אָפּפֿער פֿלעגט מען אָפּשווענקען אין זיי; אָבער דער ים
איז געווען פֿאַר די כֹּהנים זיך צו וואַשן דרינען.

[7]און ער האָט געמאַכט צען גילדערנע מנורות לויט
זייער דין, און אַרייַנגעשטעלט אין הֵיכל, פֿינף פֿון דער
רעכטער זייַט, און פֿינף פֿון דער לינקער זייַט.

[8]און ער האָט געמאַכט צען טישן, און אַוועקגעשטעלט
אין הֵיכל, פֿינף פֿון דער רעכטער זייַט, און פֿינף פֿון דער
לינקער זייַט. און ער האָט געמאַכט הונדערט גילדערנע
שפּרענגבעקנס.

[9]און ער האָט געמאַכט דעם הויף פֿון די כֹּהנים, און
דעם גרויסן פֿאָרהויף, און די טירן צו דעם פֿאָרהויף; און
ער האָט איבערגעצויגן זייערע טירן מיט קופּער.

[10]און דעם ים האָט ער אַוועקגעשטעלט פֿון דער רעכ־
טער זייַט צו מִזרח, אַקעגן דָרום.

[11]און חורָם האָט געמאַכט די טעפּ, און די שופֿלען, און
די שפּרענגבעקנס.

אַזוי האָט חורָם געענדיקט מאַכן די אַרבעט וואָס ער
האָט געהאַט צו מאַכן פאַר דעם מלך שלמה אין גאָטס
הויז: [12]די צוויי זיילן, און די בעקנס, די צוויי בעקנס פון די
קרוינען וואָס אויף די קעפּ פון די זיילן; און די צוויי נעצן
צו באַדעקן די בעקנס פון די קרוינען וואָס אויף די קעפּ
פון די זיילן; [13]און די פיר הונדערט מילגרוימען פאַר די
צוויי נעצן, צוויי ציילן מילגרוימען פאַר איטלאַכער נעץ,
צו באַדעקן די צוויי בעקנס פון די קרוינען וואָס איבער
די זיילן. [14]און ער האָט געמאַכט די געשטעלן, און גע־
מאַכט די האַנטפאַסן אויף די געשטעלן; [15]דעם איין ים,
און די צוועלף רינדער אונטער אים; [16]און די טעפּ, און די
שופלען, און די גאָפּלען, און אַלע זייערע כלים, האָט חורָם
זיין הויפּטמייסטער געמאַכט פאַר דעם מלך שלמה פאַר
גאָטס הויז, פון בלאַנקען קופּער. [17]אין דער געגנט פון
יַרדן האָט זי דער מלך אויסגעגאָסן, אין געדיכטער ערד,
צווישן סוכּות און צווישן צרֵדָה. [18]און שלמה האָט געמאַכט
פון אַלע די דאָזיקע כלים זייער פיל, ווייל די וואָג פון דעם
קופּער איז ניט געווען צו באַרעכענען.

[19]און שלמה האָט געמאַכט אַלע כלים וואָס אין גאָטס
הויז, און דעם גילדערנעם מזבח, און די טישן וואָס אויף
זיי איז דאָס ברויט פון אָנגעזיכט; [20]און די מנורות מיט זיי־
ערע רערלאַך, כּדי זיי זאָלן ברענען אַזוי ווי דער דין פאַרן
דביר—פון עכטן גאָלד; [21]און די בלומען, און די רערלאַך,
און די צוואַנגלאַך, פון גאָלד, און דאָס פון בעסטן גאָלד;
[22]און די שנייצמעסערס, און די שפּרענגבעקנס, און די שאָלן,
און די פייערפאַנען, פון עכטן גאָלד; און דער אַיינגאַנג פון
הויז, זיינע אינעווייניקסטע טירן צום קָדשי־קָדשים, און די
טירן פון הויז צום הֵיכל, פון גאָלד.

ה 1און די גאַנצע אַרבעט וואָס שלמה האָט געמאַכט פאַר
גאָטס הויז איז געענדיקט געוואָרן. און שלמה האָט
געבראַכט די געהייליקטע זאַכן פון זיין פאָטער דודן, און
האָט דאָס זילבער, און דאָס גאָלד, און אַלע כּלים אַריינ־
געגעבן אין די שאַצקאַמערן פון גאָטס הויז.

2דענסמאָל האָט שלמה אײַנגעזאַמלט די עלטסטע פון
ישׂראל, און אַלע הויפּטן פון די שבטים, די פירשטן פון די
פאָטערהייזער פון די קינדער פון ישׂראל, קיין ירושָלַיִם,
כּדי אַרויפצוברענגען דעם אָרון פון גאָטס בונד פון דודס־
שטאָט, דאָס איז צִיוֹן. 3און אַלע מענער פון ישׂראל האָבן
זיך אײַנגעזאַמלט צום מלך אין דעם יָום־טוב, דאָס איז אין
זיבעטן חודש. און אַלע עלטסטע פון ישׂראל זײַנען געקומען,
און די לוִיִם האָבן געטראָגן דעם אָרון. 5און זיי האָבן
אַרויפגעבראַכט דעם אָרון, און דעם אוהל־מועד, און אַלע
הייליקע כּלים וואָס אין געצעלט—די כּהנים און די לוִיִם
האָבן זיי אַרויפגעבראַכט. 6און דער מלך שלמה און די
גאַנצע עדה פון ישׂראל וואָס זײַנען געווען אײַנגעזאַמלט
אַרום אים פאַר דעם אָרון, האָבן געשלאַכט שאָף און רינ־
דער, וואָס האָבן ניט געקענט געציילט ווערן און ניט באַ־
רעכנט ווערן פון פילקייט. 7און די כּהנים האָבן אַריינ־
געבראַכט דעם אָרון פון גאָטס בונד אויף זיין אָרט, אין
דעם דביר פון הויז, אין קָדשֵי־קָדשים, אונטער די פליגלען
פון די כּרובים. 8וואָרום די כּרובים האָבן אויסגעשפּרייט
זייערע פליגלען איבער דעם אָרט פון אָרון, און די כּרובים
האָבן איבערגעדעקט דעם אָרון און זיינע שטאַנגען פון
אויבן. 9און די שטאַנגען זײַנען געווען אַזוי לאַנג, אַז די
שפּיצן פון די שטאַנגען אַרויס פון אָרון זײַנען געזען געוואָרן

פֿאַרן דביר, אָבער זיי זײַנען ניט געזען געװאָרן װײַטער אַרױס. און ער איז דאָרטן געבליבן ביז אױפֿן הײַנטיקן טאָג. [10]גאָרנישט איז אין אָרון געװען, נאָר די צװײ לוחות װאָס משה האָט אַרײַנגעטאָן אין חורֵב, בעת גאָט האָט גע־שלאָסן אַ בונד מיט די קינדער פֿון ישׂראל, װען זײ זײַנען אַרױסגעגאַנגען פֿון מִצרַיִם.

[11]און עס איז געװען, װי די כֹּהנים זײַנען אַרױסגעגאַנגען פֿון הײליקטום—װאָרום אַלע כֹּהנים װאָס האָבן זיך דאָרטן געפֿונען, האָבן זיך געהאַט געהײליקט, ניט אַכטנדיק אױף די אָפּטײלונגען; [12]און די לֵוִיִים די זינגערס, זײ אַלע, אָסָף, הֵימָן, און ידותון, און זײערע זין און זײערע ברידער, אָנ־געטאָן אין פֿײַנלײַנען, מיט צימבלען, און מיט גיטאַרן, און האַרפֿן, זײַנען געשטאַנען אין מזרח פֿון מזבח, און מיט זײ הונדערט און צװאַנציק כֹּהנים טרומײטערנדיק אױף טרו־מײטן—[13]איז, װי די טרומײטערערס און די זינגערס האָבן אין אײנעם אַרױסגעלאָזט אײן קָול צו לױבן און צו דאַנקען גאָט, און װי זײ האָבן אױפֿגעהױבן דעם קָול מיט טרומײטן, און מיט צימבלען, און מיט כּלֵי־זֶמֶר, און געלױבט גאָט: „װאָרום ער איז גוט, װאָרום אױף אײביק איז זײַן חסד", אַזױ איז פֿול געװאָרן דאָס הױז מיט אַ װאָלקן—דאָס הױז פֿון גאָט. [14]און די כֹּהנים האָבן ניט געקענט זיך שטעלן אָן דעם דינסט פֿון װעגן דעם װאָלקן, װאָרום די פּראַכט פֿון גאָט האָט אָנגעפֿילט דאָס הױז פֿון גאָט.

ו [1]דענסמאָל האָט שלמה געזאָגט:
גאָט האָט געזאָגט, אין װאָלקן צו רוען;[א]
[2]אָבער איך האָב דיר געבױט אַ הױז פֿאַר אַ װױנונג,
און אַן אָרט דיר צום זיצן אױף אײביק.

[א] זע ויקרא טז, 2.

³און דער מלך האָט אומגעדרייט זיין פּנים, און האָט
געבענטשט די גאַנצע איינזאַמלונג פון ישׂראל, און די גאַנצע
איינזאַמלונג פון ישׂראל איז געשטאַנען. ⁴און ער האָט גע־
זאָגט: געלויבט איז יהוה דער גאָט פון ישׂראל, וואָס האָט
מיט זיין מויל גערעדט צו מיין פאָטער דודן, און מיט זיין
האַנט דערפילט, אַזוי צו זאָגן: ⁵פון דעם טאָג וואָס איך האָב
אַרויסגעצויגן מיין פאָלק פון לאַנד מִצרַיִם, האָב איך ניט
אויסדערוויילט קיין שטאָט פון אַלע שבטים פון ישׂראל
אויף צו בויען אַ הויז, אַז מיין נאָמען זאָל דאָרטן זיין, און
איך האָב ניט אויסדערוויילט קיין מענטשן צו זיין אַ פירשט
איבער מיין פאָלק ישׂראל, ⁶נאָר איך האָב אויסדערוויילט
ירושָלַיִם, אַז מיין נאָמען זאָל דאָרטן זיין, און איך האָב
אויסדערוויילט דודן צו זיין איבער מיין פאָלק ישׂראל.
⁷און עס איז געווען אין האַרצן פון מיין פאָטער דודן צו
בויען אַ הויז צו דעם נאָמען פון יהוה דעם גאָט פון ישׂראל.
⁸אָבער גאָט האָט געזאָגט צו מיין פאָטער דודן: וואָס דו
האָסט געהאַט אין האַרצן צו בויען אַ הויז צו מיין נאָמען,
האָסטו גוט געטאָן וואָס דו האָסט דאָס געהאַט אין האַרצן.
⁹אָבער ניט דו וועסט בויען דאָס הויז, נייערט דיין זון וואָס
גייט אַרויס פון דיינע לענדן, ער וועט בויען דאָס הויז צו
מיין נאָמען. ¹⁰און גאָט האָט מקיים געווען זיין צוזאָג וואָס
ער האָט צוגעזאָגט, און איך בין אויפגעשטאַנען אויף דעם
אָרט פון מיין פאָטער דודן, און איך האָב זיך געזעצט אויף
דעם טראָן פון ישׂראל, אַזוי ווי גאָט האָט צוגעזאָגט, און
איך האָב געבויט דאָס הויז צו דעם נאָמען פון יהוה דעם
גאָט פון ישׂראל. ¹¹און איך האָב אַהין אַריינגעטאָן דעם
אָרון, וואָס דאָרטן איז דער בונד פון גאָט, וואָס ער האָט
געשלאָסן מיט די קינדער פון ישׂראל.

[13]און ער האָט זיך געשטעלט פאַר דעם מזבח פון גאָט,
אַקעגן דער גאַנצער אײַנזאַמלונג פון ישׂראל, און ער האָט
אויסגעשפּרייט זיינע הענט. [13]וואָרום שלמה האָט געהאַט
געמאַכט אַ קופּערן געשטעל, און אים אַרײַנגעשטעלט אין
מיטן פאָרהויף; פינף איילן זיין לענג, און פינף איילן
זיין ברייט, און דריי איילן זיין הייך; האָט ער זיך דערויף
געשטעלט, און ער האָט געקניט אויף זיינע קני אַקעגן דער
גאַנצער אײַנזאַמלונג פון ישׂראל, און ער האָט אויסגעשפּרייט
זיינע הענט צום הימל. [14]און ער האָט געזאָגט: יהוה דו
גאָט פון ישׂראל, ניטאָ אין הימל אָדער אויף דער ערד אַ
גאָט ווי דו, וואָס האַלטסט דעם בונד און די גענאָד צו דיינע
קנעכט וואָס גייען פאַר דיר מיט זייער גאַנצן האַרצן;
[15]וואָס האָסט געהאַלטן דיין קנעכט, מיין פאָטער דודן,
דאָס וואָס דו האָסט אים צוגעזאָגט; און מיט דיין מויל האָסטו
גערעדט, און מיט דיין האַנט דערפילט, אַזוי ווי היינטיקן
טאָג. [16]און אַצונד, יהוה דו גאָט פון ישׂראל, האַלט דיין
קנעכט, מיין פאָטער דודן, דאָס וואָס דו האָסט צו אים
גערעדט, אַזוי צו זאָגן: עס וועט דיר ניט פאַרשניטן ווערן
פון פאַר מיר אַ מאַן צו זיצן אויף דעם טראָן פון ישׂראל,
אויב נאָר דיינע קינדער וועלן היטן זייער וועג, צו גיין אין
מיין תּורה אַזוי ווי דו ביסט געגאַנגען פאַר מיר. [17]און אַצונד,
יהוה דו גאָט פון ישׂראל, זאָל באַוואַרט ווערן דיין צוזאָג
וואָס דו האָסט צוגעזאָגט דיין קנעכט, דודן.

[18]וואָרום קען אין דער אמתן גאָט וווינען מיט מענטשן
אויף דער ערד? אַז די הימלען און די הימלען פון די הימ־
לען קענען דיך ניט אַרײַננעמען, הײַנט ווי שוין דאָסדאָזיקע
הויז וואָס איך האָב געבויט. [19]אָבער קער זיך, גאָט מיין
האַר, צו דער תּפילה פון דיין קנעכט, און צו זיין בקשה,

צוצוהערן צו דעם געשריי און צו דער תּפֿילה וואָס דײַן
קנעכט איז מתפּלל פֿאַר דיר, 20אַז דײַנע אויגן זאָלן זײַן
אָפֿן טאָג און נאַכט אויף דעמדאָזיקן הויז, אויף דעם אָרט
וואָס דו האָסט צוגעזאָגט צו טאָן דײַן נאָמען דאָרטן; צו־
צוהערן צו דער תּפֿילה וואָס דײַן קנעכט וועט מתפּלל זײַן
אַקעגן דעמדאָזיקן אָרט. 21און זאָלסט צוהערן צו די
בקשות פֿון דײַן קנעכט, און פֿון דײַן פֿאָלק ישׂראל, וואָס
זיי וועלן מתפּלל זײַן אַקעגן דעמדאָזיקן אָרט; און דו זאָלסט
הערן פֿון דעם אָרט פֿון דײַן וווינונג, פֿון הימל, און אַז דו
וועסט הערן, זאָלסטו פֿאַרגעבן.
22אַז אַ מאַן וועט זינדיקן קעגן זײַן חבֿר, און מע וועט
אַרויפֿלייגן אויף אים אַ שבֿועה אים צו באַשווערן, און ער
וועט קומען און שווערן פֿאַר דײַן מזבח אין דעמדאָזיקן
הויז, 23זאָלסט דו צוהערן פֿון הימל, און טאָן, און משפּטן
דײַנע קנעכט, צו פֿאַרגעלטן דעם שולדיקן, צו ברענגען
זײַן וועג אויף זײַן קאָפּ; און צו מאַכן גערעכט דעם גערעכטן,
אים צו געבן לויט זײַן גערעכטיקייט.
24און אַז דײַן פֿאָלק ישׂראל וועט געשלאָגן ווערן פֿאַרן
פֿײַנט, ווײַל זיי האָבן געזינדיקט צו דיר, און זיי וועלן תּשובֿה
טאָן, און וועלן באַקענען דײַן נאָמען, און וועלן מתפּלל
זײַן און בעטן פֿאַר דיר אין דעמדאָזיקן הויז, 25זאָלסט דו
צוהערן פֿון הימל, און פֿאַרגעבן די זינד פֿון דײַן פֿאָלק
ישׂראל, און זיי אומקערן אויף דער ערד וואָס דו האָסט
געגעבן זיי און זייערע עלטערן.
26אַז דער הימל וועט זײַן פֿאַרשלאָסן, און עס וועט ניט
זײַן קיין רעגן, ווײַל זיי האָבן געזינדיקט צו דיר, און זיי
וועלן מתפּלל זײַן אַקעגן דעמדאָזיקן אָרט, און וועלן באַ־
קענען דײַן נאָמען, זיך אומקערן פֿון זייער זינד, ווען דו

האָסט זיי געפּייניקט, [27]זאָלסט דו צוהערן אין הימל, און
פאַרגעבן די זינד פון דיינע קנעכט און דיין פאָלק ישׂראל,
ווען דו וועסט זיי האָבן אָנגעוויזן אויף דעם גוטן וועג וואָס
זיי זאָלן אויף אים גיין; און זאָלסט געבן רעגן אין דיין לאַנד,
וואָס דו האָסט געגעבן דיין פאָלק פאַר אַ נחלה.
[28]אַז עס וועט זיין אַ הונגער אין לאַנד, אַז עס וועט זיין
מגפה, אַז עס וועט זיין אַ קאָרנבראַנד אָדער אַ וועלקעניש,
אַ היישעריק אָדער אַ גראָזפרעסער; אַז זיינע פיינט וועלן
אים באַלעגערן אין דעם לאַנד פון זיינע שטעט; וואָס נאָר
פאַר אַ פּלאָג און וואָס נאָר פאַר אַ קראַנקשאַפט; [29]וואָס נאָר
פאַר אַ תּפילה, וואָס נאָר פאַר אַ בקשה, עס וועט זיין ביי
עמיצן איינעם, אָדער ביי דיין גאַנצן פאָלק ישׂראל, ווען
איטלעכער פון זיי שפּירט זיין פּלאָג און זיין ווייטאָק, און
ער שפּרייט אויס זיינע הענט צו דעם דאָזיקן הויז, [30]זאָלסט
דו צוהערן פון הימל, דעם אָרט פון דיין וווינונג, און זאָלסט
פאַרגעבן, און געבן איטלעכן לויט זיינע וועגן, אַזוי ווי דו
ווייסט זיין האַרץ—וואָרום דו אַליין ווייסט דאָס האַרץ פון
די מענטשנקינדער—[31]כּדי זיי זאָלן מורא האָבן פאַר דיר,
צו גיין אין דיינע וועגן אַלע טעג וואָס זיי לעבן אויף דער
ערד, וואָס דו האָסט געגעבן אונדזערע עלטערן.
[32]און אויך צו דעם פרעמדן וואָס איז ניט פון דיין
פאָלק ישׂראל, אַז ער וועט קומען פון אַ ווייטן לאַנד פון
וועגן דיין גרויסן נאָמען, און דיין שטאַרקער האַנט, און דיין
אויסגעשטרעקטן אָרעם, אַז זיי וועלן קומען און וועלן מתפּלל
זיין אַקעגן דעם דאָזיקן הויז, [33]זאָלסט דו צוהערן פון הימל,
פון דעם אָרט פון דיין וווינונג, און זאָלסט טאָן אַלץ אום
וואָס דער פרעמדער וועט רופן צו דיר; כּדי אַלע פעלקער
פון דער ערד זאָלן דערקענען דיין נאָמען, און מורא האָבן

פאַר דיר, אַזוי ווי דיין פאָלק ישראל, און וויסן אַז דיין
נאָמען ווערט גערופן אויף דעמדאָזיקן הויז וואָס איך האָב
געבויט.
34 אַז דיין פאָלק וועט אַרויסגיין אויף מלחמה אַקעגן
זיינע פיינט, אויף דעם וועג וואָס דו וועסט זיי שיקן, און זיי
וועלן מתפלל זיין צו דיר אַקעגן דערדאָזיקער שטאָט וואָס
דו האָסט זי אויסדערוויילט, און דעם הויז וואָס איך האָב
געבויט צו דיין נאָמען, 35 זאָלסטו צוהערן פון הימל זייער
תפילה און זייער בקשה, און טאָן זייער רעכט.
36 אַז זיי וועלן זינדיקן צו דיר—וואָרום עס איז ניטאָ אַ
מענטש וואָס זאָל ניט זינדיקן—און דו וועסט צערענען אויף
זיי, און זיי איבערגעבן פאַרן פיינט, און זייערע פאַנגערס
וועלן זיי נעמען געפאַנגען אין אַ ווייטן אָדער נאָענטן לאַנד,
37 און זיי וועלן זיך נעמען צום האַרצן אין דעם לאַנד וואָס
זיי זיינען גענומען געוואָרן געפאַנגען אַהין, און זיי וועלן
תשובה טאָן, און וועלן בעטן צו דיר אין לאַנד פון זייער
געפאַנגענשאַפט, אַזוי צו זאָגן: מיר האָבן געזינדיקט, מיר
האָבן פאַרבראָכן, מיר האָבן געטאָן שלעכטס; 38 און זיי
וועלן זיך אומקערן צו דיר מיט זייער גאַנצן האַרצן, און
מיט זייער גאַנצער זעל, אין דעם לאַנד פון זייער געפאַנגענ־
שאַפט וווהין מע האָט זיי גענומען געפאַנגען, און זיי וועלן
מתפלל זיין אַקעגן זייער לאַנד, וואָס דו האָסט געגעבן
זייערע עלטערן, און דער שטאָט וואָס דו האָסט אויסדער־
וויילט, און אַקעגן דעם הויז וואָס איך האָב געבויט צו דיין
נאָמען, 39 זאָלסט דו צוהערן פון הימל, פון דעם אָרט פון
דיין וווינונג, זייער תפילה און זייערע בקשות, און טאָן זייער
רעכט; און זאָלסט פאַרגעבן דיין פאָלק וואָס זיי האָבן צו
דיר געזינדיקט.

[40]אַצונד, מײַן גאָט, זאָלן, איך בעט דיך, דײַנע אויגן
זײַן אָפֿן, און דײַנע אויערן פֿאַרנעמיק צו דער תּפֿילה פֿון
דעמדאָזיקן אָרט.

[41]און אַצונד, שטײ אויף, גאָט דו האַר, צו דײַן
רואונג,
דו און דער אָרון פֿון דײַן שטאַרקײַט;
דײַנע כּהנים, גאָט דו האַר, זאָלן זיך אָנקלײדן
מיט הילף,
און דײַנע פֿרומע זאָלן זיך פֿרײען מיט גוטס.
[42]גאָט דו האַר, שטויס ניט אָפּ דעם פּנים פֿון דײַן
געזאַלבטן,
געדענק די חסדים פֿון דײַן קנעכט דודן.

ז [1]און װי שלמה האָט געענדיקט מתפּלל זײַן, אַזױ האָט
אַראָפּגענידערט אַ פֿײַער פֿון הימל, און האָט פֿאַרצערט
דאָס בראַנדאָפּפֿער און די שלאַכטאָפּפֿער, און די פּראַכט
פֿון גאָט האָט אָנגעפֿילט דאָס הויז. [2]און די כּהנים האָבן
ניט געקענט אַרײַנגײן אין הויז פֿון גאָט, װײַל די פּראַכט
פֿון גאָט האָט אָנגעפֿילט דאָס הויז פֿון גאָט. [3]און אַלע
קינדער פֿון ישׂראל האָבן געזען װי דאָס פֿײַער האָט אַראָפּ־
גענידערט, און די פּראַכט פֿון גאָט איז געװען איבערן הויז,
און זײ האָבן געקניט מיטן פּנים צו דער ערד אויף דער
פּלאַסטערונג, און זײ האָבן זיך געבוקט, און האָבן געלויבט
גאָט: „װאָרום ער איז גוט, װאָרום אויף אײביק איז זײַן חסד״.
[4]און דער מלך און דאָס גאַנצע פֿאָלק האָבן געשלאַכט
שלאַכטאָפּפֿער פֿאַר גאָט. [5]און דער מלך שלמה האָט
געשלאַכט אַ שלאַכטאָפּפֿערונג פֿון צװײ און צװאַנציק טויזנט
רינדער, און הונדערט און צװאַנציק טויזנט שאָף. אַזױ האָט

דער מלך און דאָס גאַנצע פאָלק באַנייט דאָס הויז פון גאָט.
[6]און די כֹּהנים זיינען געשטאַנען אויף זייערע וואַכן,
און די לוִיִם מיט כּלֵי־זֶמֶר פאַר דעם געזאַנג פון גאָט, וואָס
דוד המלך האָט געמאַכט אויף צו געבן אַ דאַנק צו גאָט,
ווייל אויף אייביק איז זיין חסד, מיט אַ לויבונג פון דודן,
דורך זייער האַנט; און די כֹּהנים האָבן געטרומייטערט
אַקעגן זיי; און גאַנץ ישׂראל זיינען געשטאַנען.
[7]און שלמה האָט געהייליקט דעם מיטן פון הויף וואָס
פאַר גאָטס הויז; ווייל ער האָט דאָרטן געמאַכט די בראַנד־
אָפּפער און דאָס פעטס פון די פרידאָפּפער; וואָרום דער
קופּערנער מזבח וואָס שלמה האָט געמאַכט, האָט ניט גע־
קענט אַרויפנעמען די בראַנדאָפּפער און די שפּייזאָפּפער,
און דאָס פעטס.
[8]און שלמה האָט געמאַכט דעם יָום־טוב אין יענער צייט
זיבן טעג, און גאַנץ ישׂראל מיט אים, אַ זייער גרויסע איינ־
זאַמלונג, פון ווו מע קומט קיין חֲמָת ביז דעם טייך פון
מִצרַיִם. [9]און אויפן אַכטן טאָג האָבן זיי געמאַכט אַ הייליקע
איינזאַמלונג; וואָרום זיבן טעג האָבן זיי געמאַכט די באַניי־
אונג פון מזבח, און דער יָום־טוב איז געווען זיבן טעג.
[10]און אויפן דריי און צוואַנציקסטן טאָג אין זיבעטן חודש
האָט ער אַוועקגעשיקט דאָס פאָלק צו זייערע געצעלטן
פריילאַך און מיט אַן אויפגעראַמטן האַרצן איבער דעם
גוטס וואָס גאָט האָט געטאָן צו דודן, און צו שלמהן, און צו
זיין פאָלק ישׂראל.
[11]אַזוי האָט שלמה פאַרענדיקט דאָס הויז פון גאָט, און
דאָס הויז פון מלך; און אַלץ וואָס איז געקומען שלמהן
אויפן האַרצן צו מאַכן אין הויז פון גאָט, אָדער אין זיין הויז,
האָט ער דורכגעפירט.

12 און גאָט האָט זיך באַוויזן צו שלמהן בײַ נאַכט, און
האָט צו אים געזאָגט: איך האָב צוגעהערט דײַן תפילה, און
איך האָב אױסדערװײלט דעמדאָזיקן אָרט פֿאַר מיר, פֿאַר
אַ הויז פֿון אָפּפֿערונג. 13 אַז איך וועל פֿאַרשליסן דעם
הימל, און עס וועט ניט זײַן קיין רעגן, אָדער אַז איך וועל
באַפֿעלן דעם הײשעריק צו פֿאַרצערן דאָס לאַנד, אָדער
אויב איך וועל שיקן אַ מגפה צווישן מײַן פֿאָלק, 14 און מײַן
פֿאָלק וואָס מײַן נאָמען ווערט גערופֿן אויף אים, וועט ווערן
אונטערטעניק, און זיי וועלן מתפלל זײַן און בעטן פֿאַר מיר,
און וועלן זיך אומקערן פֿון זייערע שלעכטע וועגן, וועל
איך צוהערן פֿון הימל, און וועל פֿאַרגעבן זייער זינד, און
וועל אויפֿריכטן זייער לאַנד. 15 אַצונד וועלן מײַנע אויגן
זײַן אָפֿן, און מײַנע אויערן פֿאַרנעמיק, צו דער תפילה פֿון
דעמדאָזיקן הויז. 16 און אַצונד האָב איך אויסדערוויילט
און האָב געהייליקט דאָסדאָזיקע הויז, אַז מײַן נאָמען זאָל
דאָרטן זײַן אויף אייביק, און מײַנע אויגן און מײַן האַרץ
וועלן דאָרטן זײַן אַלע טעג. 17 און דו, אויב דו וועסט גיין
פֿאַר מיר, אַזוי ווי דײַן פֿאָטער דוד איז געגאַנגען, צו טאָן
אַזוי ווי אַלץ וואָס איך האָב דיר באַפֿוילן, און מײַנע חוקים
און מײַנע געזעצן וועסטו היטן, 18 וועל איך אויפֿשטעלן
דעם טראָן פֿון דײַן מלוכה, אַזוי ווי איך האָב געשלאָסן
אַ בונד מיט דײַן פֿאָטער דודן, אַזוי צו זאָגן: עס וועט דיר
ניט פֿאַרשניטן ווערן אַ מאַן וואָס געוועלטיקט אין ישׂראל.
19 אויב אָבער איר וועט זיך אָפּקערן, און איר וועט פֿאַרלאָזן
מײַנע חוקים און מײַנע געזעצן וואָס איך האָב געלייגט פֿאַר
אײַך, און איר וועט גיין און וועט דינען פֿרעמדע געטער,
און וועט זיך בוקן צו זיי, 20 וועל איך זיי אויסרײַסן פֿון מײַן
ערד וואָס איך האָב זיי געגעבן, און דאָסדאָזיקע הויז וואָס

איך האָב געהייליקט צו מיין נאָמען, וועל איך אַוועק־
וואַרפֿן פֿון מיין פּנים, און איך וועל עס מאַכן פֿאַר אַ שפּריכ־
וואָרט און פֿאַר אַ געשפּעט צווישן אַלע פֿעלקער. 21און
דאָסדאָזיקע הויז וואָס איז געווען דערהויבן, וועט איט־
לעכער וואָס גייט אים פֿאַרביי זיך דערשרעקן; און אַז
ער וועט זאָגן: פֿאַרוואָס האָט גאָט אַזוי געטאָן צו דעמ־
דאָזיקן לאַנד, און צו דעמדאָזיקן הויז? 22וועט מען זאָגן:
דערפֿאַר וואָס זיי האָבן פֿאַרלאָזן יהוה דעם גאָט פֿון זיי־
ערע עלטערן, וואָס האָט זיי אַרויסגעצויגן פֿון לאַנד מִצרַיִם,
און זיי האָבן זיך געהאַלטן אָן פֿרעמדע געטער, און זיך
געבוקט צו זיי און זיי געדינט; דרום האָט ער געבראַכט
אויף זיי אַלדאָסדאָזיקע בייז.

ח 1און עס איז געווען צום סוף פֿון צוואַנציק יאָר וואָס
שלמה האָט געבויט דאָס הויז פֿון גאָט, און זיין הויז,
2און די שטעט וואָס חורם האָט געגעבן שלמהן, זיי האָט
שלמה געהאַט פֿאַרבויט, און דאָרטן באַזעצט די קינדער
פֿון ישׂראל, 3איז שלמה געגאַנגען קיין חֲמַת־צוֹבָה, און איז
זי בייגעקומען. 4און ער האָט געבויט תַּדמוֹר אין דער
מדבר, און אַלע שפּייכלערשטעט וואָס ער האָט געבויט
אין חֲמָת. 5און ער האָט אָפּגעבויט די אויבערשטע בֵּית־
חוֹרוֹן און די אונטערשטע בֵּית־חוֹרוֹן, פֿעסטונגשטעט מיט
מויערן, טירן, און ריגלען; 6און בַּעֲלָת, און אַלע שפּייכלער־
שטעט וואָס שלמה האָט געהאַט, און אַלע שטעט פֿאַר רייט־
וועגן, און שטעט פֿאַר רייטער, און יעטוועדער געלוסט
וואָס שלמה האָט געגלוסט צו בויען אין ירושָלַיִם, און אויפֿן
לבָנוֹן, און אין גאַנצן לאַנד פֿון זיין ממשלה.
7דאָס גאַנצע פֿאָלק וואָס איז געבליבן פֿון דעם חִתּי,

און דעם אֶמוֹרִי, און דעם פְּרִזִי, און דעם חִוִּי, און דעם
יבוסי, וואָס זיי זיינען ניט פון ישׂראל–8פון זייערע קינדער
וואָס זיינען געבליבן נאָך זיי אין לאַנד, וואָס די קינדער
פון ישׂראל האָבן זיי ניט פאַרלענדט–זיי האָט שלמה גע־
נומען פאַר צינזקנעכט ביז אויף היינטיקן טאָג. 9אָבער פון
די קינדער פון ישׂראל האָט שלמה ניט געמאַכט פאַר קנעכט
פאַר זיין אַרבעט; נאָר זיי זיינען געווען די מלחמה־לייט,
און זיינע אויבערעלצטע, און די האַרן איבער זיינע רייט־
וועגן און זיינע רייטער.
10און דאָס זיינען געווען די הויפּטגעשטעלטע וואָס דער
מלך שלמה האָט געהאַט: צוויי הונדערט און פופציק וואָס
האָבן געוועלטיקט איבער דעם פאָלק.
11און פַּרעהס טאָכטער האָט שלמה אַרויפגעבראַכט
פון דודס־שטאָט אין דעם הויז וואָס ער האָט פאַר איר
געבויט, וואָרום ער האָט געזאָגט: מיינע אַ ווייב זאָל ניט
וווינען אין דעם הויז פון דוד דעם מלך פון ישׂראל, וואָרום
די [ערטער] זיינען הייליק, ווייל צו זיי איז געקומען דער
אָרון פון גאָט.
12דענסמאָל האָט שלמה אויפגעבראַכט בראַנדאָפּפער
צו גאָט אויף דעם מזבח פון גאָט וואָס ער האָט געבויט פאַר
דעם פאָדערהויז, 13אַזוי ווי מע דאַרף אויפברענגען טאָג־
טעגלאַך לויט דעם געבאָט פון משהן, אין די שבתים, און
אום ראש־חודש, און אין די יָום־טובים, דריי מאָל אין יאָר,
אין דעם יָום־טוב פון מצות, און אין דעם יָום־טוב פון
שבועות, און אין דעם יָום־טוב פון סוכות. 14און ער האָט
געשטעלט, לויט דעם געזעץ פון זיין פאָטער דודן, די אָפּ־
טיילונגען פון די כֹּהנים אויף זייער דינסט, און די לְוִיִם
אויף זייערע וואַכן, אויף צו לויבן און צו טאָן דעם דינסט

לעבן די כּהנים, לויט דעם טאָגטעגלאַכן באַדאַרף; און די טויערלײַט לויט זײַערע אָפּטײלונגען בײַ איטלאַכן טויער, וואָרום אַזוי איז געווען דער באַפעל פון דוד דעם געטלאַכן מאַן. [15]און מע האָט זיך ניט אָפּגעקערט פון דעם מלכס באַפעל צו די כּהנים און די לוִיִים וועגן יעטוועדער זאַך, און וועגן די שאַצן.

[16]אַזוי איז צו שטאַנד געקומען שלמהס גאַנצע אַרבעט פון דעם טאָג וואָס דער גרונטפעסט איז געלייגט געוואָרן פאַר גאָטס הויז, און ביז ער האָט אין גאַנצן פאַרענדיקט דאָס הויז פון גאָט.

[17]דענסמאָל איז שלמה געגאַנגען קיין עציון־גֶבֶר און קיין אֵילוֹת אויפן ברעג ים אין לאַנד אֱדום. [18]און חוּרָם האָט אים געשיקט דורך דער האַנט פון זײַנע קנעכט שיפן, און קנעכט וואָס קענען דעם ים, און זיי זײַנען געקומען מיט שלמהס קנעכט קיין אוֹפיר, און האָבן געקריגן פון דאָרטן פיר הונדערט און פופציק צענטנער גאָלד, און געבראַכט צום מלך שלמה.

ט [1]און די מלכּה פון שבֿאָ האָט געהערט די הערונג פון שלמהן, און זי איז געקומען צו פּרוּוון שלמהן מיט רעטענישן, קיין ירושָלַיִם, מיט זייער אַ גרויסער מחנה, און קעמלען אָנגעלאָדן מיט בשָׂמים און גאָלד לרוב, און טײַער געשטיין. און זי איז געקומען צו שלמהן, און האָט גערעדט צו אים וועגן אַלץ וואָס איז געווען בײַ איר אין האַרצן.
[2]און שלמה האָט איר געזאָגט אַלע אירע זאַכן, און ניט געווען אַ זאַך פאַרהוילן פון שלמהן, וואָס ער זאָל איר ניט זאָגן.
[3]און די מלכּה פון שבֿאָ האָט געזען די חכמה פון שלמהן, און דאָס הויז וואָס ער האָט געבויט, [4]און דאָס עסן פון זײַן

טיש, און דאָס זיצן פון זיינע הויפדינער, און דאָס שטיין
פון זיינע משרתים מיט זייערע מלבושים, און זיינע טראַנק־
מיינסטערס מיט זייערע מלבושים, און זיין אַרויפגאַנג וואָס
ער פלעגט אַרויפגיין צו גאָטס הויז, און אין איר איז מער
ניט געבליבן קיין אָטעם. [5]און זי האָט געזאָגט צום מלך:
אמת איז דער קלאַנג וואָס איך האָב געהערט אין מיין לאַנד
וועגן דיינע פירונגען און וועגן דיין חכמה. [6]און איך האָב
ניט געגלויבט זייערע ווערטער, ביז איך בין געקומען, און
מיינע אויגן האָבן געזען; ערשט מיר איז צומאָל אַ העלפט
ניט דערציילט געוואָרן פון דיין גרויס חכמה; דו שטייגסט
אַריבער די הערונג וואָס איך האָב געהערט. [7]וויל צו
דיינע לייט, און וויל צו דידאָזיקע קנעכט דיינע וואָס שטייען
פאַר דיר תמיד, און הערן דיין חכמה. [8]געלויבט איז יהוה
דיין גאָט וואָס ער האָט דיך באַגערט דיך אַרויפצוזעצן
אויף זיין טראָן פאַר אַ מלך פון יהוה דיין גאָט. ווייל דיין
גאָט האָט ליב ישׂראל, כּדי אים אויפצושטעלן אויף אייביק,
דרום האָט ער דיך געמאַכט פאַר אַ מלך איבער זיי, צו
טאָן רעכט און גערעכטיקייט.

[9]און זי האָט געגעבן דעם מלך הונדערט און צוואַנציק
צענטנער גאָלד, און בשׂמים זייער פיל, און טייערע געשטיין;
און קיינמאָל איז ניט געווען אַזעלכע בשׂמים ווי יענע וואָס
די מלכּה פון שבאָ האָט געגעבן שלמה המלך.

[10]און אויך די קנעכט פון חורָמען, און די קנעכט פון
שלמהן, וואָס האָבן געבראַכט גאָלד פון אופיר, האָבן
געבראַכט סאַנדאַלהאָלץ און טייערע שטיינער. [11]און דער
מלך האָט געמאַכט פון דעם סאַנדאַלהאָלץ שטעגן פאַר
דעם הויז פון גאָט, און פאַר דעם הויז פון מלך, און האַרפן

און גיטאַרן פאַר די זינגערס; און אַזויוואָס איז ניט געזען געוואָרן פריער אין לאַנד יהודה.
[12]און שלמה המלך האָט געגעבן דער מלכּה פון שבֿאָ אַלע אירע באַגערן וואָס זי האָט פאַרלאַנגט, אַחוץ פאַר דעם וואָס זי האָט געבראַכט דעם מלך. און זי האָט זיך אומגעקערט, און איז אַוועקגעגאַנגען אין איר לאַנד, זי מיט אירע קנעכט.

[13]און די וואָג פון דעם גאָלד וואָס איז אַרײַנגעקומען שלמהן אין איין יאָר, איז געווען זעקס הונדערט און זעקס און זעכציק צענטנער גאָלד, [14]אַחוץ וואָס די אַרומפאָרער און די סוחרים האָבן געבראַכט; און אַלע מלכים פון אַראַביע, און די לאַנדפירשטן האָבן שלמהן געבראַכט גאָלד און זילבער.
[15]און שלמה המלך האָט געמאַכט צוויי הונדערט פאַנצערס פון געשלאָגענעם גאָלד; זעקס הונדערט שֶקל געשלאָגענע גאָלד איז אַוועק אויף איין פאַנצער. [16]און דריי הונדערט שילדן פון געשלאָגענעם גאָלד; דריי הונדערט גאָלדשטיק איז אַוועק אויף איין שילד. און דער מלך האָט זיי אַרײַנגעשטעלט אין דעם הויז פון לבֿנוֹן וואַלד.
[17]און דער מלך האָט געמאַכט אַ גרויסן טראָן פון עלפנבײַן, און האָט אים איבערגעצויגן מיט ריינעם גאָלד. [18]און זעקס טרעפּ זײַנען געווען צום טראָן, און אַ גילדערן פוסבענקל, באַפעסטיקט צום טראָן; און הענטלאַך זײַנען געווען אויף בײדע זײַטן פון דעם אָרט צום זיצן, און צוויי לייבן זײַנען געשטאַנען בײַ די הענטלאַך. [19]און צוועלף לייבן זײַנען דאָרטן געשטאַנען אויף די זעקס טרעפּ, פון

דער זײַט און פֿון דער אַנדער זײַט, אַזױװאָס איז ניט גע־
מאַכט געװאָרן אין קײן קיניגרײַך.
[20]און אַלע טרינק־כּלים פֿון שלמה המלך זײַנען געװען
פֿון גאָלד, און אַלע כּלים פֿון דעם הױז פֿון לבָנון־װאַלד
זײַנען געװען פֿון עכטן גאָלד; זילבער האָט זיך אין די טעג
פֿון שלמהן גערעכנט פֿאַר גאָרנישט. [21]װאָרום דער מלך
האָט געהאַט שיפֿן װאָס זײַנען געגאַנגען קײן תּרשיש מיט
די קנעכט פֿון חוּרָמען. אײן מאָל אין דרײַ יאָר פֿלעגן די
תּרשיש־שיפֿן קומען אָנגעלאָדן מיט גאָלד, און זילבער,
עלפֿנבײן, און מאַלפּעס, און פּאַװעס.
[22]און שלמה המלך איז געװען גרעסער פֿון אַלע מלכים
פֿון דער ערד אין עושר און חכמה. [23]און אַלע מלכים
פֿון דער ערד האָבן געזוכט שלמהס פּנים, כּדי צו הערן זײַן
חכמה װאָס גאָט האָט אַרײַנגעגעבן אין זײַן האַרצן. [24]און
זײ האָבן געבראַכט איטלאַכער זײַן מתּנה, זילבערנע כּלים,
און גילדערנע כּלים, און קלײדער, װאָפֿן, און בּשָׂמים,
פֿערד און מױלאײזלען, יאָר אין יאָר.
[25]און שלמה האָט געהאַט פֿיר טױזנט שטאַלן פֿערד און
רײַטװעגן, און צװעלף טױזנט רײַטער, און ער האָט זײ
אַװעקגעשטעלט אין די שטעט פֿאַר רײַטװעגן, און בײַם
מלך אין ירושָלַיִם.
[26]און ער האָט געװעלטיקט איבער אַלע מלכים, פֿון
דעם טײַך און בּיזן לאַנד פּלִשתּים, און בּיז דעם געמאַרק
פֿון מִצרַיִם. [27]און דער מלך האָט געמאַכט זילבער אין
ירושָלַיִם אַזױ װי די שטײנער, און צעדערן האָט ער גע־
מאַכט אַזױ װי די װילדע פֿײַגנבױמער װאָס אין דער ני־
דערונג, אין פֿילקײט. [28]און פֿערד האָט מען אַרױסגע־
בראַכט שלמהן פֿון מִצרַיִם און פֿון אַלע לענדער.

29און די איבעריקע זאַכן וועגן שלמהן, די ערשטע אַזוי
ווי די לעצטע, זיי זיינען שוין באַשריבן אין די ווערטער
פון נָתָן דעם נביא, און אין דער נבואה פון אַחִיָה פון שילוֹ,
און אין דער זעאונג פון יֶעְדוֹ דעם זעער וועגן יָרָבעָם דעם
זון פון נבָטן.
30און שלמה האָט געקיניגט אין ירושָלַיִם איבער גאַנץ
ישׂראל פערציק יאָר.
31און שלמה האָט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, און
מע האָט אים באַגראָבן אין דער שטאָט פון זיין פאָטער
דודן; און זיין זון רחַבעָם איז געוואָרן מלך אויף זיין אָרט.

י 1און רחַבעָם איז געגאַנגען קיין שכֶם, וואָרום קיין שכֶם
זיינען געקומען גאַנץ ישׂראל אים צו מאַכן פאַר אַ מלך.
2און עס איז געווען, אַז יָרָבעָם דער זון פון נבָטן האָט
דאָס געהערט—וואָרום ער איז געווען אין מִצרַיִם, וווהין ער
איז אַנטלאָפן פון דעם מלך שלמה—האָט זיך יָרָבעָם אומ־
געקערט פון מִצרַיִם. 3און זיי האָבן געשיקט און אים גע־
רופן; און יָרָבעָם און גאַנץ ישׂראל זיינען געקומען, און האָבן
גערעדט צו רחַבעָמען, אַזוי צו זאָגן: 4דיין פאָטער האָט
שווער געמאַכט אונדזער יאָך, און אַצונד פאַרגרינגער דעם
האַרטן דינסט פון דיין פאָטער, וואָס ער האָט אַרויפגעלייגט
אויף אונדז, און מיר וועלן דיר דינען. 5האָט ער צו זיי
געזאָגט: קומט ווידער צו מיר אין דריי טעג אַרום. און
דאָס פאָלק איז אַוועקגעגאַנגען.
6האָט דער מלך רחַבעָם זיך געעֵצהט מיט די זקנים
וואָס זיינען געשטאַנען פאַר זיין פאָטער שלמהן, ווען ער
האָט געלעבט, אַזוי צו זאָגן: ווי עֵצהט איר צו געבן אַן
ענטפער דעמדאָזיקן פאָלק? 7האָבן זיי צו אים גערעדט,

אַזוי צו זאָגן: אויב דו וועסט גיין מיט גוטן מיט דעמדאָזיקן
פאָלק, און וועסט זיי באַוויליקן, און וועסט רעדן צו זיי
גוטע רייד, וועלן זיי דיר זיין קנעכט אויף אַלע טעג.
[8]אָבער ער האָט פאַרלאָזן די עצה פון די זקנים וואָס
זיי האָבן אים געעצהט, און ער האָט זיך געעצהט מיט די
אינגלאַך וואָס זיינען אויפגעוואַקסן מיט אים, וואָס זיינען
געשטאַנען פאַר אים. [9]און ער האָט צו זיי געזאָגט: וואָס
עצהט איר, מיר זאָלן געבן אַן ענטפער דעמדאָזיקן
פאָלק, וואָס האָט צו מיר גערעדט, אַזוי צו זאָגן: פאַר־
גרינגער דעם יאָך וואָס דיין פאָטער האָט אַרויפגעלייגט
אויף אונדז? [10]האָבן צו אים גערעדט די אינגלאַך וואָס זיי־
נען אויפגעוואַקסן מיט אים, אַזוי צו זאָגן: אַזוי זאָלסטו זאָגן
צו דעם פאָלק וואָס האָט צו דיר גערעדט, אַזוי צו זאָגן:
דיין פאָטער האָט שווער געמאַכט אונדזער יאָך, דרום
פאַרגרינגער דו אונדז—אַזוי זאָלסטו זאָגן צו זיי: מיין מינד־
סטער פינגער איז דיקער פון מיין פאָטערס לענדן. [11]און
אַצונד, מיין פאָטער האָט אויף אייך אַרויפגעלאָדן אַ שווערן
יאָך, און איך וועל נאָך צולייגן צו אייער יאָך; מיין פאָטער
האָט אייך געשטראָפט מיט ריטער, און איך—מיט דערנער.
[12]און יָרָבעָם און דאָס גאַנצע פאָלק זיינען געקומען צו
רחבעָמען אויפן דריטן טאָג, אַזוי ווי דער מלך האָט גע־
הייסן, אַזוי צו זאָגן: קומט ווידער צו מיר אויפן דריטן טאָג.
[13]און דער מלך האָט זיי געענטפערט האַרט, און דער מלך
רחבעָם האָט פאַרלאָזן די עצה פון די זקנים. [14]און ער
האָט צו זיי גערעדט אַזוי ווי די עצה פון די אינגלאַך, אַזוי צו
זאָגן: מיין פאָטער האָט שווער געמאַכט אייער יאָך, און איך
וועל נאָך צולייגן צו אים; מיין פאָטער האָט אייך געשטראָפט
מיט ריטער, און איך—מיט דערנער.

15און דער מלך האָט זיך ניט צוגעהערט צום פאָלק,
וואָרום דאָס איז געווען באַשערט פון גאָט, כּדי גאָט זאָל
מקיים זיין זיין וואָרט, וואָס ער האָט גערעדט דורך אַחִיָהן
פון שילו, צו יָרָבעָם דעם זון פון נבָטן.
16און ווי גאַנץ ישׂראל האָבן געזען, אַז דער מלך האָט
זיך ניט צוגעהערט צו זיי, האָט דאָס גאַנצע פאָלק געענט־
פערט דעם מלך, אַזוי צו זאָגן:

מיר האָבן ניט קיין חלק אין דודן,
און קיין ירושה אין דעם זון פון יִשַין.
איטלאַכער צו דיינע געצעלטן, ישׂראל!
אַצונד קוק זיך אום אויף דיין הויז, דוד!

און גאַנץ ישׂראל איז אַוועקגעגאַנגען צו זיינע געצעלטן.
17נאָר די קינדער פון ישׂראל וואָס זיינען געזעסן אין די
שטעט פון יהודה, איבער זיי איז געבליבן מלך רחַבעָם.
18און דער מלך רחַבעָם האָט אַרויסגעשיקט הַדוֹרָמען
וואָס איבער דעם צינז, און די קינדער פון ישׂראל האָבן
אים פאַרוואָרפן מיט שטיינער, און ער איז געשטאָרבן.
און דער מלך רחַבעָם האָט זיך געאײַלט אַרויפצוגיין אויף
זיין רייטוואָגן, צו אַנטלויפן קיין ירושָלַיִם.
19און ישׂראל האָט ווידערשפּעניקט אָן דעם הויז פון
דוד ביז אויף היינטיקן טאָג.
**יא** 1און רחַבעָם איז געקומען קיין ירושָלַיִם, און ער האָט
אײַנגעזאַמלט דאָס הויז פון יהודה און בנימין, הונדערט
און אַכציק טויזנט געקליבענע קריגסלייט, מלחמה צו האַלטן
מיט ישׂראל, כּדי אומצוקערן די מלוכה צו רחַבעָמען.
2איז דאָס וואָרט פון גאָט געווען צו שמַעְיָהּ דעם געט־
לאַכן מאַן, אַזוי צו זאָגן: 3זאָג צו רחַבעָם דעם זון פון
שלמהן, דעם מלך פון יהודה, און צו גאַנץ ישׂראל אין יהודה

און בנימין, אַזוי צו זאָגן: [4]אַזוי האָט גאָט געזאָגט: איר זאָלט
ניט אַרויפגיין, און איר זאָלט ניט מלחמה האַלטן מיט אײַ־
ערע ברידער; קערט אײַך אום איטלאַכער צו זײַן הויז,
וואָרום פון מיר איז געשען דידאָזיקע זאַך.
און זיי האָבן צוגעהערט די ווערטער פון גאָט, און האָבן
זיך אומגעקערט פון צו גיין אויף יָרָבעָמען.

[5]און רחבעָם איז געזעסן אין ירושָלַיִם; און ער האָט
געבויט שטעט פאַר פעסטונגען אין יהודה. [6]און ער האָט
איבערגעבויט בֵית־לֶחֶם, און עֵיטָם, און תקוֹעַ, [7]און בֵית־
צוּר, און שׂוֹכוֹ, און עֲדוּלָם, [8]און גַת, און מָרֵשָׁה, און זיף,
[9]און אֲדוֹרַיִם, און לָכִיש, און עֲזֵקָה, [10]און צָרעָה, און אַיָלוֹן,
און חֶברוֹן, וואָס אין יהודה און בנימין, אויף פעסטונגשטעט.
[11]און ער האָט פאַרשטאַרקט די פעסטונגען, און האָט אַרײַנ־
געזעצט אין זיי אָנפירער מיט שפּײַכלערס עסנוואַרג און
אײל און ווײַן. [12]און אין יעטוועדער שטאָט זײַנען געווען
פאַנצערס און שפּיזן; און ער האָט זיי זייער שטאַרק באַ־
פעסטיקט. און יהודה און בנימין זײַנען געבליבן בײַ אים.
[13]און די כֹּהנים און די לֵוִיִים וואָס אין גאַנץ ישׂראל
האָבן זיך געשטעלט פאַר אים פון זייער גאַנצן געמאַרק.
[14]וואָרום די לֵוִיִים האָבן פאַרלאָזן זייערע אָפּענע ערטער
און זייער אייגנטום, און זײַנען אַוועק קיין יהודה און קיין
ירושָלַיִם, ווײַל יָרָבעָם און זײַנע זין האָבן זיי פאַרשטויסן
פון צו טאָן דעם דינסט צו גאָט; [15]און ער האָט זיך געשטעלט
כֹּהנים צו די בָמות, און צו די שֵׁדים, און צו די קעלבער
וואָס ער האָט געמאַכט. [16]און נאָך זיי, זײַנען פון אַלע
שבטים פון ישׂראל וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייער האַרץ צו
זוכן יהוה דעם גאָט פון ישׂראל, געקומען קיין ירושָלַיִם,

כדי צו שלאַכטן צו יהוה דעם גאָט פֿון זייערע עלטערן.
17און זיי האָבן געשטאַרקט די מלוכה פֿון יהודה, און האָבן
באַפֿעסטיקט רחַבעָם דעם זון פֿון שלמהן, דריי יאָר; וואָרום
זיי זיינען געגאַנגען אין דעם וועג פֿון דודן און שלמהן דריי
יאָר.
18און רחַבעָם האָט זיך גענומען פֿאַר אַ ווייַב מָחלַת די
טאָכטער פֿון ירימוֹת דעם זון פֿון דודן, פֿון אַביחַיִל דער
טאָכטער פֿון אֶליאָב דעם זון פֿון יִשַׁין. 19און זי האָט אים
געבאָרן זין: יְעוּשן, און שמַריָהן, און זַהמען. 20און נאָך איר
האָט ער גענומען מַעֲכָה די טאָכטער פֿון אַבשָלוֹמען, און
זי האָט אים געבאָרן אַביָהן, און עַתַּין, און זיזאָן, און שלוֹמיתן.
21און רחַבעָם האָט ליב געהאַט מַעֲכָה די טאָכטער פֿון
אַבשָלוֹמען מער פֿון אַלע זיינע ווייבער און זיינע קעפּס־
ווייבער; וואָרום אַכצן ווייבער האָט ער גענומען, און
זעכציק קעפּסווייבער; און ער האָט געבאָרן אַכט און
צוואַנציק זין, און זעכציק טעכטער. 22און רחַבעָם האָט
אויפֿגעשטעלט אַביָה דעם זון פֿון מַעֲכָהן פֿאַרן הויפּט,
פֿאַר דעם פֿירשט צווישן זיינע ברידער, וואָרום [זיין מֵיין
איז געווען] אים צו מאַכן פֿאַר אַ מלך. 23און ער האָט
געטאָן מיט שׂכל, און האָט צעשפּרייט אַלע זיינע זין איבער
אַלע לענדער פֿון יהודה און בנימין, און אַלע פֿעסטונג־
שטעט, און ער האָט זיי געגעבן שפּייז לרוב; און ער האָט
[פֿאַר זיי] אויסגעזוכט אַ סך ווייבער.
יב 1און עס איז געווען, אַז רחַבעָמס מלוכה האָט זיך באַ־
פֿעסטיקט, און ער איז געוואָרן שטאַרק, האָט ער פֿאַר־
לאָזן די תּוֹרה פֿון גאָט, און גאַנץ ישׂראל מיט אים.
2און עס איז געווען אין פֿינפֿטן יאָר פֿון דעם מלך
רחַבעָם, איז שישַק דער מלך פֿון מִצרַיִם אַרויפֿגעגאַנגען

אויף ירושָלַיִם, ווייל זיי האָבן געפעלשט אָן גאָט; 3 מיט טויזנט
און צוויי הונדערט רייטוועגן, און מיט זעכציק טויזנט רייַ־
טער; און אָן אַ צאָל איז געווען דאָס פאָלק וואָס איז מיט
אים געקומען פון מִצרַיִם, לוּבים, סוּכּיִים, און כּושים. 4 און
ער האָט באַצוווּנגען די פעסטונגשטעט פון יהודה, און איז
געקומען ביז ירושָלַיִם.
5 איז שמַעְיָה דער נביא געקומען צו רחַבעָמען, און צו
די האַרן פון יהודה, וואָס האָבן זיך אײַנגעזאַמלט קיין
ירושָלַיִם פון וועגן שישַקן, און ער האָט צו זיי געזאָגט: אַזוי
האָט גאָט געזאָגט: איר האָט מיך פאַרלאָזן, דרום האָב איך
אויך אײַך איבערגעלאָזן אין דער האַנט פון שישַקן.
6 און די האַרן פון ישׂראל און דער מלך זײַנען געוואָרן
אונטערטעניק, און זיי האָבן געזאָגט: גאָט איז גערעכט.
7 און ווי גאָט האָט געזען אַז זיי זײַנען געוואָרן אונטערטעניק,
איז דאָס וואָרט פון גאָט געווען צו שמַעְיָהן, אַזוי צו זאָגן:
זיי זײַנען געוואָרן אונטערטעניק, וועל איך זיי ניט אומ־
ברענגען; און איך וועל זיי געבן אַ קליינע אַנטרינונג, און מײַן
גרימצאָרן וועט ניט אויסגעגאָסן ווערן אויף ירושָלַיִם דורך
דער האַנט פון שישַקן. 8 נײַערט זיי וועלן זײַן קנעכט צו
אים; כּדי זיי זאָלן וויסן צווישן מײַן דינסט און דעם דינסט
פון די מלוכות פון די לענדער.
9 און שישַק דער מלך פון מִצרַיִם איז אַרויפגעקומען
אויף ירושָלַיִם; און ער האָט צוגענומען די אוצרות פון גאָטס
הויז, און די אוצרות פון מלכס הויז; אַלץ האָט ער צוגע־
נומען. און ער האָט צוגענומען די גילדערנע שילדן וואָס
שלמה האָט געמאַכט. 10 און דער מלך רחַבעָם האָט געמאַכט
אַנשטאָט זיי קופערנע שילדן, און האָט זיי איבערגעגעבן
אויף דער האַנט פון די הויפטלייט פון די לויפערס וואָס

האָבן געהיט דעם אַיינגאַנג פון מלכס הויז. [11]און עס איז
געווען, ווען נאָר דער מלך פלעגט קומען אין גאָטס הויז,
זײַנען געקומען די לויפערס און פלעגן זיי אַרויסטראָגן,
דערנאָך פלעגן זיי זיי אומקערן אין דער קאַמער פון די
לויפערס.

[12]און אַז ער איז געוואָרן אונטערטעניק, האָט זיך אָפּ־
געקערט פון אים דער צאָרן פון גאָט, ניט אומצוברענגען
אין גאַנצן; און אויך זײַנען געווען אין יהודה גוטע זאַכן.

[13]און דער מלך רחבעָם האָט זיך באַפעסטיקט אין
ירושָלַיִם, און האָט געקיניגט; וואָרום איין און פערציק יאָר
איז רחבעָם אַלט געווען אַז ער איז געוואָרן מלך, און זיבעצן
יאָר האָט ער געקיניגט אין ירושָלַיִם, אין דער שטאָט וואָס
גאָט האָט אויסדערוויילט פון אַלע שבטים פון ישׂראל, צו
טאָן זײַן נאָמען דאָרטן. און דער נאָמען פון זײַן מוטער
איז געווען נַעֲמָה די עַמוֹנית. [14]און ער האָט געטאָן וואָס איז
שלעכט, וואָרום ער האָט ניט געקערט זײַן האַרץ צו זוכן
גאָט.

[15]און די זאַכן וועגן רחבעָמען, די ערשטע אַזוי ווי די
לעצטע, זיי זײַנען שוין באַשריבן אין די ווערטער פון שמַעְיָה
דעם נביא, און עִדוֹ דעם זעער, וועגן דעם יחוס. און
מלחמות זײַנען געווען צווישן רחבעָמען און יָרָבעָמען אַלע
טעג.

[16]און רחבעָם האָט זיך געלייגט מיט זײַנע עלטערן, און
ער איז באַגראָבן געוואָרן אין דודס־שטאָט. און זײַן זון
אַביָה איז געוואָרן מלך אויף זײַן אָרט.

יג [1]אין אַכצנטן יאָר פון דעם מלך יָרָבעָם איז אַביָה גע־
וואָרן מלך איבער יהודה. [2]דרײַ יאָר האָט ער געקיניגט

אין ירושָלַיִם. און דער נאָמען פון זיין מוטער איז געווען
מיכָיָהו די טאָכטער פון אוריאֵלן פון גִבעָה.
און אַ מלחמה איז געווען צווישן אַבִיָהן און צווישן
יָרָבעָמען. 3 און אַבִיָה האָט אָנגעקניפּט די מלחמה מיט אַ
חיל פון מלחמה־גיבורים, פיר הונדערט טויזנט געקליבענע
מענער; און יָרָבעָם האָט אָנגעריכט אויף אים די מלחמה
מיט אַכט הונדערט טויזנט געקליבענע מענער, העלדישע
גיבורים.
4 און אַבִיָה האָט זיך געשטעלט אויף דעם באַרג צמָרַיִם
וואָס אין די בערג פון אפרים, און ער האָט געזאָגט: הערט
מיך צו, יָרָבעָם און גאַנץ ישׂראל. 5 איר דאַרפט דאָך וויסן
אַז גאָט דער האַר פון ישׂראל האָט געגעבן די מלוכה איבער
ישׂראל צו דודן אויף אייביק, צו אים און צו זיינע קינדער,
אין אַ בונד פון זאַלץ. 6 און יָרָבעָם דער זון פון נבָטן, דער
קנעכט פון שלמה דעם זון פון דודן, איז אויפגעשטאַנען און
האָט ווידערשפּעניקט אָן זיין האַר. 7 און עס האָבן זיך
אויפגעקליבן אַרום אים נישטיקע לייט, נידערטרעכטיקע
יונגען, און זיי האָבן זיך געפּעסטיקט אַקעגן רחַבעָם דעם
זון פון שלמהן, און רחַבעָם איז געווען יונג און ווייכהאַרציק,
און האָט זיך ניט געקענט שטאַרקן אַקעגן זיי. 8 און אַצונד
ווילט איר זיך שטאַרקן אַקעגן דער מלוכה פון יהוה אין
דער האַנט פון די קינדער פון דוד; און איר זייט אַ גרויסער
המון, און מיט אייך זיינען די גילדערנע קעלבער וואָס
יָרָבעָם האָט אייך געמאַכט פאַר געטער. 9 פאַרוואָר, איר
האָט פאַרשטויסן די כֹּהנים פון יהוה, די קינדער פון אַהרן,
און די לוִיִם, און איר האָט אייך געמאַכט כֹּהנים אַזוי ווי די
פעלקער פון אַנדערע לענדער; איטלאַכער וואָס קומט
דערפילן זיין האַנט[א], מיט אַ יונגן אָקס, און מיט זיבן

[א] ד. ה. זיך איינווייען.

ווידערס, ער ווערט אַ כּהן צו די אומגעטער. [10]אָבער מיר —
אונדזער גאָט איז יהוה, און מיר האָבן אים ניט פֿאַרלאָזן,
און כּהנים וואָס דינען פֿאַר יהוה, זיינען קינדער פֿון אַהרן,
און די לוִיִים זיינען אויף דעם דינסט; [11]און זיי דעמפֿן צו
יהוה בראַנדאָפּפֿער פֿרימאָרגן אין פֿרימאָרגן, און אָוונט
אין אָוונט, און ווייַרויך פֿון שמעקעדיקע געווירצן, און די
אויסלייגונג פֿון דעם ברויט אויף דעם ריינעם טיש, און די
גילדערנע מנורה מיט אירע רערלאַך אויף צו ברענען
אָוונט אין אָוונט. וואָרום מיר היטן די היטונג פֿון יהוה
אונדזער גאָט, און איר האָט אים פֿאַרלאָזן. [12]און אָט איז
פֿאַרויס מיט אונדז גאָט, און זיינע כּהנים מיט שאַלטרומייטן
צו שאַלן אויף אַייך. קינדער פֿון ישׂראל, איר זאָלט ניט
מלחמה האַלטן מיט יהוה דעם גאָט פֿון אונדזערע עלטערן,
וואָרום איר וועט ניט באַגליקן.
[13]אָבער יָרָבעָם האָט אויסגעדרייט די לויערער צו
קומען אויף זיי פֿון הינטן, אַזוי אַז זיי זיינען געווען פֿאַר
יהודה, און די לויערער הינטער זיי. [14]און יהודה האָט זיך
אומגעקוקט, ערשט די מלחמה איז אויף זיי פֿון פֿאָרנט און
פֿון הינטן; און זיי האָבן געשריען צו יהוה, און די כּהנים
האָבן געטרומייטערט אין טרומייטן. [15]און די מענער פֿון
יהודה האָבן אַרויסגעלאָזט אַ שאַלונג. און עס איז געווען,
ווי די מענער פֿון יהודה האָבן אַרויסגעלאָזט אַ שאַלונג,
האָט גאָט געשלאָגן יָרָבעָמען און גאַנץ ישׂראל פֿאַר אַבִיָהן
און יהודה. [16]און די קינדער פֿון ישׂראל זיינען אַנטלאָפֿן
פֿאַר יהודה, און גאָט האָט זיי געגעבן אין זייער האַנט. [17]און
אַבִיָה און זיין פֿאָלק האָבן זיי געשלאָגן אַ גרויסן שלאַק, און
עס זיינען געפֿאַלן דערשלאָגענע פֿון ישׂראל פֿינף הונדערט
טויזנט געקליבענע מענער. [18]און די קינדער פֿון ישׂראל

זיינען אונטערטעניק געוואָרן אין יענער צייט, און די קינדער
פֿון יהודה זיינען געוואָרן שטאַרק, ווייל זיי האָבן זיך אָנ־
געלענט אויף יהוה דעם גאָט פֿון זייערע עלטערן.
[19]און אֲבִיָה האָט נאָכגעיאָגט יָרָבעָמען, און ער האָט
באַצוווּנגען פֿון אים שטעט: בֵּית־אֵל מיט אירע טעכטער־
שטעט, און יְשָנָה מיט אירע טעכטערשטעט, און עֶפְרַיִן מיט
אירע טעכטערשטעט. [20]און יָרָבעָם איז מער ניט געקומען
צו די כּוחות אין די טעג פֿון אֲבִיָהן; און גאָט האָט אים גע־
פּלאָגט, און ער איז געשטאָרבן.
[21]און אֲבִיָה האָט זיך באַפֿעסטיקט. און ער האָט זיך
גענומען פֿערצן ווייבער, און האָט געבאָרן צוויי און צוואַנ־
ציק זין, און זעכצן טעכטער.
[22]און די איבעריקע זאַכן וועגן אֲבִיָהן, און זיינע פֿירונגען,
און זיינע רייד, זיינען פֿאַרשריבן אין דעם מִדרָש פֿון עִדוֹ
דעם נביא.
[23]און אֲבִיָה האָט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, און
מע האָט אים באַגראָבן אין דודס־שטאָט. און זיין זון אָסאָ
איז געוואָרן מלך אויף זיין אָרט. אין זיינע טעג איז דאָס
לאַנד געווען רואיק צען יאָר.

יד [1]און אָסאָ האָט געטאָן וואָס איז גוט און רעכטפֿאַרטיק
אין די אויגן פֿון גאָט זיין האַר. [2]און ער האָט אָפּגעטאָן
די פֿרעמדע מזבחות און די בָּמות, און ער האָט צעבראָכן
די זיילשטיינער, און האָט אָפּגעהאַקט די געצנבוימער.
[3]און ער האָט אָנגעזאָגט יהודה צו זוכן יהוה דעם גאָט פֿון
זייערע עלטערן, און צו טאָן די תּורה און דאָס געבאָט.
[4]און ער האָט אָפּגעטאָן פֿון אַלע שטעט פֿון יהודה די בָּמות
און די זונזיילן. און דאָס קיניגרייך איז געווען רואיק אונטער

אים. [5]און ער האָט געבויט פעסטונגשטעט אין יהודה,
וואָרום דאָס לאַנד איז געווען רואיק, און בײַ אים איז ניט
געווען קיין מלחמה אין יענע יאָרן, ווייל גאָט האָט אים
באַרוט. [6]און ער האָט געזאָגט צו יהודה: לאָמיר פאַר־
בויען די דאָזיקע שטאָט, און אַרומרינגלען מיט אַ מויער און
טורעמס, טירן און ריגלען, אַזוי לאַנג דאָס לאַנד ליגט פאַר
אונדז, ווייל מיר האָבן געזוכט יהוה אונדזער גאָט; מיר
האָבן אים געזוכט, און ער האָט אונדז באַרוט פון רונד אַרום.
און זיי האָבן געבויט, און האָבן באַגליקט.
[7]און אָסאָ האָט געהאַט אַ חיל וואָס האָט געטראָגן פאַנ־
צערס און שפּיזן, פון יהודה דריי הונדערט טויזנט; און פון
בנימין, די וואָס האָבן געטראָגן אַ שילד און געשפּאַנט אַ
בויגן, צוויי הונדערט און אַכציק טויזנט. די אַלע זיינען
געווען העלדישע גיבורים.
[8]איז אַרויסגעגאַנגען אַקעגן זיי זֶרח דער כּושי מיט אַ
חיל פון טויזנט מאָל טויזנט, און רייטוועגן דריי הונדערט,
און ער איז געקומען ביז מָרֵשָׁה. [9]איז אָסאָ אַרויסגעגאַנגען
זיי אַנטקעגן, און זיי האָבן אָנגעריכט אַ מלחמה אין טאָל
פון צפַת ביי מָרֵשָׁה. [10]און אָסאָ האָט גערופן צו יהוה זיין
גאָט, און ער האָט געזאָגט: יהוה, ניטאָ אַחוץ דיר צו העלפן
צווישן דעם מאַכטיקן און דעם וואָס אָן כּוח; העלף אונדז,
יהוה אונדזער גאָט, וואָרום אויף דיר לענען מיר זיך אָן,
און אין דיין נאָמען זיינען מיר געקומען אויף דעמדאָזיקן
גרויסן המון. דו ביסט יהוה אונדזער גאָט; זאָל ניט אַ מענטש
אויסהאַלטן אַקעגן דיר.
[11]און גאָט האָט געשלאָגן די כּושים פאַר אָסאָן און פאַר
יהודה, און די כּושים זיינען אַנטלאָפן. [12]און אָסאָ און דאָס
פאָלק וואָס מיט אים האָבן זיי נאָכגעיאָגט ביז קיין גְרָר,

און עס זײַנען געפֿאַלן פֿון די כּושים, ביז פֿון זיי איז ניט גע־
בליבן אַ לעבעדיקער; וואָרום זיי זײַנען צעבראָכן געוואָרן
פֿאַר גאָט און פֿאַר זײַן מחנה. און זיי האָבן גענומען רויב
זייער פֿיל. 13און זיי האָבן געשלאָגן אַלע שטעט רונד אַרום
גרָר, וואָרום אַ פּחד פֿון גאָט איז געווען אויף זיי; און זיי
האָבן אויסגערויבט אַלע שטעט, וואָרום פֿיל רויב איז אין זיי
געווען. 14און אויך די פֿיגעצעלטן האָבן זיי געשלאָגן, און
זיי האָבן געפֿאַנגען שאָף אַ סך, און קעמלען, און האָבן זיך
אומגעקערט קיין ירושָלַיִם.

טו 1און עֲזַריָהו דעם זון פֿון עוֹדֵדן, אויף אים איז געווען
דער גײַסט פֿון גאָט. 2און ער איז אַרויסגעגאַנגען אַנט־
קעגן אָסאָן, און האָט צו אים געזאָגט: הערט מיך צו, אָסאָ,
און גאַנץ יהודה, און בנימין: גאָט איז מיט אײַך, אַז איר זײַט
מיט אים; און אַז איר וועט אים זוכן, וועט ער זיך לאָזן גע־
פֿינען פֿון אײַך; אָבער אַז איר וועט אים פֿאַרלאָזן, וועט
ער אײַך פֿאַרלאָזן. 3און פֿיל טעג איז ישׂראל געווען אָן
דעם אמתן גאָט, און אָן אַ כּהן וואָס זאָל לערנען, און אָן אַ
תּוֹרה. 4אָבער אַז זיי האָבן אין זייער נויט זיך אומגעקערט
צו יהוה דעם גאָט פֿון ישׂראל, און האָבן אים געזוכט, האָט
ער זיך געלאָזט געפֿינען פֿון זיי. 5און אין יענע צײַטן איז
ניט געווען קיין פֿריד פֿאַר דעם אַרויסגייער און פֿאַר דעם
אַרײַנגייער, וואָרום גרויסע מהומות זײַנען געווען אויף אַלע
באַוווינער פֿון די לענדער. 6און זיי זײַנען צעשלאָגן געוואָרן
אַ פֿאָלק אָן אַ פֿאָלק, און אַ שטאָט אָן אַ שטאָט, וואָרום
גאָט האָט זיי פֿאַרטומלט מיט אַלערליי צרות. 7אָבער איר
זײַט שטאַרק, און זאָלן ניט אָפּגעשלאַפֿט ווערן אײַערע
הענט, וואָרום אַ שׂכר איז דאָ פֿאַר אײַער טוּאונג.

8און ווי אָסאָ האָט געהערט דידאָזיקע ווערטער און

די נבואה פון עוֹדֵד דעם נביא, האָט ער זיך געשטאַרקט,
און האָט אָפּגעשאַפט די אומווערדיקייטן פון גאַנצן לאַנד
יהודה און בנימין, און פון די שטעט וואָס ער האָט באַ־
צוווּנגען פון בארג אפרים; און ער האָט באַנייט דעם מזבח
פון גאָט וואָס פאַר דעם פֿאָדערהויז פון גאָט. [9]און ער האָט
אײַנגעזאַמלט גאַנץ יהודה און בנימין און די וואָס האָבן זיך
אויפגעהאַלטן בײַ זיי פון אפרים און מנשה, און פון שמעון;
וואָרום אַ סך זײַנען צוגעפאַלן צו אים פון ישׂראל, ווען
זיי האָבן געזען אַז יהוה זײַן גאָט איז מיט אים. [10]און זיי
האָבן זיך אײַנגעזאַמלט אין ירושָלַיִם אין דריטן חודש, אין
פופצנטן יאָר פון אָסאָס מלוכה. [11]און זיי האָבן געשלאַכט
צו גאָט אין יענעם טאָג, פון דעם רויב וואָס זיי האָבן גע־
בראַכט, זיבן הונדערט רינדער, און זיבן טויזנט שאָף.
[12]און זיי זײַנען אַרײַן אין אַ בונד צו זוכן יהוה דעם גאָט פון
זייערע עלטערן מיט זייער גאַנצן האַרצן און מיט זייער
גאַנצער זעל; [13]און אַז איטלאַכער וואָס וועט ניט זוכן יהוה
דעם גאָט פון ישׂראל, זאָל געטייט ווערן, סײַ קליין סײַ
גרויס, סײַ אַ מאַן סײַ אַ פרוי. [14]און זיי האָבן געשוואָרן צו
גאָט אויף אַ הויכן קָול, און מיט שאַלונג, און מיט טרומייטן,
און מיט שופרות. [15]און גאַנץ יהודה האָבן זיך געפרייט
מיט דער שבועה; וואָרום מיט זייער גאַנצן האַרצן האָבן זיי
געשוואָרן, און מיט זייער גאַנצן רָצון האָבן זיי אים געזוכט;
און ער האָט זיך געלאָזט געפינען פון זיי, און גאָט האָט זיי
באַרוט פון רונד אַרום.

[16]און אויך מַעֲכָה די מוטער פון דעם מלך אָסאָן האָט
ער אָפּגעטאָן פון זײַן אַ האַרנטע, ווײַל זי האָט געמאַכט אַ
פאַרזעעניש צו דעם אַשֵׁרָה. און אָסאָ האָט אָפּגעהאַקט
איר פאַרזעעניש, און צעמאָלן, און פאַרברענט בײַם טײַך

קִדרוֹן. [17]אָבער די בָּמות זײַנען ניט אָפּגעטאָן געװאָרן פֿון
ישׂראל; נאָר אָסאָס האַרץ איז געװען גאַנץ אַלע זײַנע טעג.
[18]און ער האָט געבראַכט די געהײליקטע זאַכן פֿון זײַן
פֿאָטער, און זײַנע אײגענע געהײליקטע זאַכן, אין גאָטס הויז,
זילבער, און גאָלד, און כּלים.
[19]און קײן מלחמה איז מער ניט געװען ביז דעם פֿינף
און דרײַסיקסטן יאָר פֿון אָסאָס מלוכה.
טז [1]אין זעקס און דרײַסיקסטן יאָר פֿון אָסאָס מלוכה, איז
בַּעְשָׁא דער מלך פֿון ישׂראל אַרױפֿגעגאַנגען אויף
יהודה, און ער האָט אַרומגעבויט רָמָה, כּדי ניט צו דער־
לאָזן אַן אַרױסגײער און אַן אַרײַנגײער צו אָסָא דעם מלך
פֿון יהודה.
[2]האָט אָסָא אַרױסגענומען זילבער און גאָלד פֿון די
אוֹצרות פֿון גאָטס הויז און דעם מלכס הויז, און אַװעקגע־
שיקט צו בֶּן־הֲדַד דעם מלך פֿון אֲרָם, װאָס איז געזעסן אין
דַרמֶשֶׂק, אַזױ צו זאָגן: [3]אַ בונד איז צװישן מיר און צװישן
דיר, און צװישן מײַן פֿאָטער און צװישן דײַן פֿאָטער; אָט
שיק איך דיר זילבער און גאָלד; גײ פֿאַרשטער דײַן בונד
מיט בַּעְשָׁא דעם מלך פֿון ישׂראל, כּדי ער זאָל אָפּציִען פֿון
מיר.
[4]האָט בֶּן־הֲדַד צוגעהערט צו דעם מלך אָסָא, און ער
האָט געשיקט זײַנע חיל־פֿירער אויף די שטעט פֿון ישׂראל,
און זײ האָבן געשלאָגן עִיוֹן, און דָן, און אָבֵל־מַיִם, און אַלע
שפּײַכלערשטעט פֿון נפֿתּלי.
[5]און עס איז געװען, װי בַּעְשָׁא האָט דערהערט, אַזױ
האָט ער אױפֿגעהערט אַרומבויען רָמָה, און האָט אָפּגע־
שטעלט זײַן אַרבעט. [6]און דער מלך אָסָא האָט גענומען גאַנץ
יהודה, און זײ האָבן אַװעקגעטראָגן די שטײנער פֿון רָמָה, און

אירע האָלצן, מיט וואָס בעשאָ האָט געבויט. און ער האָט
מיט זיי אַרומגעבויט גֶבַע און מִצפָּה.

7און אין יענער צייט איז געקומען חֲנָני דער זעער צו
אָסאָ דעם מלך פון יהודה, און האָט צו אים געזאָגט: ווייל
דו האָסט זיך אָנגעלענט אויף דעם מלך פון אֲרָם, און האָסט
זיך ניט אָנגעלענט אויף גאָט דיין האַר, דרום איז דער חיל
פון דעם מלך פון אֲרָם אַנטרונען געוואָרן פון דיין האַנט.
8זיינען ניט די כּושים און די לובים געווען אַ גרויסער חיל
מיט רייטוועגן און מיט רייטער זייער פיל? אָבער אַז דו
האָסט זיך אָנגעלענט אויף גאָט, האָט ער זיי געגעבן אין
דיין האַנט. 9וואָרום די אויגן פון גאָט וואַנדערן אום איבער
דער גאַנצער ערד, זיך צו שטאַרקן פאַר די וואָס זייער
האַרץ איז אים גאַנץ. דו ביסט נאַריש געווען אין דעם,
וואָרום פון אַצונד אָן וועלן בײַ דיר זיין מלחמות.

10האָט אָסאָ געצערנט אויף דעם זעער, און ער האָט
אים אַרײַנגעזעצט אין תּפיסה; ווייל ער איז געווען אין כּעס
אויף אים דערפאַר. און אָסאָ האָט געדריקט טייל פון
דעם פאָלק אין יענער צייט.

11און אָט די זאַכן וועגן אָסאָן, די ערשטע אַזוי ווי די
לעצטע, זיי זיינען באַשריבן אין בוך פון די מלכים פון
יהודה און ישׂראל.

12און אָסאָ איז קראַנק געוואָרן אויף זיינע פיס אין ניין
און דרייסיקסטן יאָר פון זיין מלוכה; זיין קראַנקשאַפט איז
געווען זייער שטאַרק; אָבער אַפילו אין זיין קראַנקשאַפט
האָט ער ניט געפרעגט בײַ גאָט נייערט בײַ די היילערס.

13און אָסאָ האָט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, און
איז געשטאָרבן אין איין און פערציקסטן יאָר פון זיין מלוכה.
14און מע האָט אים באַגראָבן אין זיין קבר וואָס ער האָט

זיך געלאָזט גראָבן אין דודס־שטאָט, און מע האָט אים אַריינ־
געלייגט אין אַ געלעגער וואָס מע האָט אָנגעפילט מיט גע־
ווירצן און פאַרשידענע מינים, צובאַרייט דורך בשָׂמים־
מאַכעריי, און מע האָט פאַרברענט נאָך אים אַ גרויסע
פאַרברענונג ביז גאָר.

יז 1 און יהוֹשָפָט זיין זון איז געוואָרן מלך אויף זיין אָרט,
און האָט זיך באַפעסטיקט אַקעגן ישׂראל. 2 און ער
האָט געשטעלט חיל אין אַלע באַפעסטיקטע שטעט פון
יהודה, און געשטעלט וואַכן אין לאַנד יהודה, און אין די
שטעט פון אפרים וואָס זיין פאָטער אָסאָ האָט באַצוווּנגען.
3 און יהוה איז געווען מיט יהוֹשָפָטן, וואָרום ער איז געגאַנגען
אין די פריערדיקע וועגן פון זיין פאָטער דודן, און ער
האָט ניט געזוכט די בַּעַל־געטער. 4 נאָר דעם גאָט פון זיין
פאָטער האָט ער געזוכט, און אין זיינע געבאָט איז ער גע־
גאַנגען, און ניט אַזוי ווי די מעשׂים פון ישׂראל. 5 און יהוה
האָט באַפעסטיקט די מלוכה אין זיין האַנט, און גאַנץ יהודה
האָט געגעבן מתנות יהוֹשָפָטן, און ער האָט געהאַט פיל
עוֹשר און כבוד. 6 און זיין האַרץ איז געווען געהויבן אין
די וועגן פון יהוה; דערצו נאָך האָט ער אָפּגעטאָן די בָּמות
און די געצנבוימער פון יהודה.
7 און אין דריטן יאָר פון זיין מלוכה האָט ער געשיקט
זיינע האַרן: בֶּן־חַיִלן, און עוֹבַדיָהן, און זכַריָהן, און נתַנאֵלן,
און מיכָיָהון, צו לערנען די שטעט פון יהודה. 8 און מיט זיי
זיינען געווען די לוִיִים שמַעיָהו, און נתַניָהו, און זבַדיָהו,
און עֲשָׂהאֵל, און שמירָמוֹת, און יהוֹנָתָן, און אדוֹניָהו, און
טוֹביָהו, און טוֹב־אדוֹניָה, די לוִיִים; און מיט זיי, אֶלישָמָע
און יהוֹרָם, די כֹּהנים. 9 און זיי האָבן געלערנט אין יהודה,
און מיט זיי איז געווען דאָס בוך פון גאָטס תּורה; און זיי זיינען

אַרומגעגאַנגען אין אַלע שטעט פון יהודה, און האָבן גע־
לערנט צווישן דעם פאָלק.
10 און אַ פּחד פון גאָט איז געווען אויף אַלע מלוכות פון
די לענדער וואָס אַרום יהודה, און זיי האָבן ניט מלחמה
געהאַלטן מיט יהושָפָטן. 11 און פון די פּלִשתּים האָט מען
געבראַכט יהושָפָטן מתּנות, און זילבער אַ לאָדונג; אויך די
אַראַבער האָבן אים געבראַכט שאָף: זיבן טויזנט און זיבן
הונדערט ווידערס, און זיבן טויזנט און זיבן הונדערט בעק.
12 און יהושָפָט איז געוואָרן אַלץ גרעסער, ביז גאָר הויך;
און ער האָט געבויט אין יהודה פּאַלאַצן און שפּייכלער־
שטעט. 13 און אַ גרויסע ווירטשאַפט האָט ער געהאַט אין
די שטעט פון יהודה; און מלחמה־לייט, העלדישע גיבורים,
אין ירושָלַיִם.
14 און דאָס איז געווען זייער ציילונג לויט זייערע פאָ־
טערהייזער: פון יהודה, הויפּטלייט פון טויזנט: עַדנָה דער
הויפּטמאַן, און מיט אים העלדישע גיבורים דריי הונדערט
טויזנט; 15 און לעבן אים: יהוחָנָן דער הויפּטמאַן, און מיט
אים צוויי הונדערט און אַכציק טויזנט; 16 און לעבן אים:
עַמַסיָה דער זון פון זִכרי, וואָס האָט זיך פרייוויליק אָנגע־
באָטן פאַר גאָט, און מיט אים צוויי הונדערט טויזנט העל־
דישע גיבורים. 17 און פון בנימין: אַ העלדישער גיבור, אֶליָדָע
און מיט אים באַוואָפנטע מיט בויגנס און שילדן, צוויי הונ־
דערט טויזנט; 18 און לעבן אים: יהוזָבָד, און מיט אים הונ־
דערט און אַכציק טויזנט געוואָפנטע צום קריג. 19 דאָס
זיינען די וואָס האָבן באַדינט דעם מלך, אַחוץ וואָס דער
מלך האָט געשטעלט אין די פעסטונגשטעט אין גאַנץ יהודה.
יח 1 און יהושָפָט האָט געהאַט פיל עושר און כּבוד; און ער
האָט זיך מתחתן געווען מיט אַחאָבן. 2 און נאָך אַ פּאַרלויף

פון יאָרן האָט ער אַראָפּגענידערט צו אַחְאָבן קיין שומרון,
און אַחְאָב האָט געשלאַכט פאַר אים און פאַר דעם פאָלק
וואָס מיט אים שאָף און רינדער אַ סך, און ער האָט
אים אַיינגערעדט אַרויפצוגיין קיין רָמות־גִלעָד. 3און אַחְאָב
דער מלך פון ישׂראל האָט געזאָגט צו יהושָפָט דעם מלך
פון יהודה: ווילסטו גיין מיט מיר קיין רָמות־גִלעָד? האָט ער
געזאָגט: אַזוי ווי דו אַזוי איך, און אַזוי ווי דיין פאָלק מיין
פאָלק, און אין איינעם מיט דיר אויף מלחמה.
4און יהושָפָט האָט געזאָגט צו דעם מלך פון ישׂראל:
פרעג היינט, איך בעט דיך, דאָס וואָרט פון גאָט.
5האָט דער מלך פון ישׂראל אַיינגעזאַמלט די נביאים,
פיר הונדערט מאַן, און ער האָט צו זיי געזאָגט: זאָלן מיר
גיין קיין רָמות־גִלעָד אויף מלחמה, אָדער זאָל איך אָפּשטיין?
האָבן זיי געזאָגט: גיי אַרויף, און גאָט וועט זי געבן אין דער
האַנט פון מלך.
6האָט יהושָפָט געזאָגט: איז דאָ ניטאָ נאָך אַ נביא פון גאָט,
אַז מיר זאָלן פרעגן ביי אים? 7האָט דער מלך פון ישׂראל
געזאָגט צו יהושָפָטן: פאַראַן נאָך איין מאַן אויף צו פרעגן
ביי גאָט דורך אים, אָבער איך האָב אים פיינט, ווייל ער
זאָגט ניט אויף מיר נביאות צום גוטן, נייערט אַלע זיינע טעג
צום שלעכטן; דאָס איז מִיכָיהו דער זון פון יִמלאָן. האָט
יהושָפָט געזאָגט: זאָל דער מלך אַזוי ניט רעדן.
8האָט דער מלך פון ישׂראל צוגערופן אַ הויפדינער,
און האָט געזאָגט: ברענג אויף גיך מִיכָיהו דעם זון פון יִמלאָן.
9און דער מלך פון ישׂראל און יהושָפָט דער מלך פון
יהודה זיינען געזעסן איטלאַכער אויף זיין טראָן אָנגעקליידט
אין בגדי־[מַלכות]; און זיי זיינען געזעסן אין אַ שייער ביי
דעם טויער־אַיינגאַנג פון שומרון, און אַלע נביאים האָבן

נביאות געזאָגט פֿאַר זיי. 10און צִדקִיָהו דער זון פֿון כּנַעֲנָהן
האָט זיך געמאַכט אַייזערנע הערנער, און ער האָט געזאָגט:
אַזוי האָט גאָט געזאָגט: מיט דידאָזיקע וועסטו שטויסן די
אַרַמים ביז זיי צו פֿאַרלענדן. 11און אַלע נביאים האָבן
נביאות געזאָגט דעסגלייכן, אַזוי צו זאָגן: גיי אויף רָמוֹת־
גִלעָד, און באַגליק, און גאָט וועט זי געבן אין דער האַנט
פֿון מלך.
12און דער שליח וואָס איז געגאַנגען רופֿן מיכָיהון, האָט
גערעדט צו אים, אַזוי צו זאָגן: זע, די ווערטער פֿון די נביאים
זיינען ווי איין מויל גוטס אויפֿן מלך; טאָ זאָל, איך בעט
דיך, דיין וואָרט זיין אַזוי ווי פֿון איינעם פֿון זיי, און רעד
גוטס. 13האָט מיכָיהו געזאָגט: אַזוי ווי עס לעבט יהוה, אַז
דאָס וואָס מיין גאָט וועט זאָגן, דאָס וועל איך רעדן!
14און ווי ער איז געקומען צום מלך, האָט דער מלך
צו אים געזאָגט: מיכָה, זאָלן מיר גיין קיין רָמוֹת־גִלעָד אויף
מלחמה, אָדער זאָל איך אָפּשטיין? האָט ער געזאָגט: גייט
אַרויף און באַגליקט, און זיי וועלן געגעבן ווערן אין אַייער
האַנט. 15האָט דער מלך צו אים געזאָגט: ביז וויפֿיל מאָל
זאָל איך דיך באַשווערן, אַז דו זאָלסט ניט רעדן צו מיר
נאָר דעם אמת אין נאָמען פֿון גאָט? 16האָט ער געזאָגט:
איך האָב געזען גאַנץ ישׂראל צעשפּרייט אויף די בערג,
אַזוי ווי שאָף וואָס האָבן ניט קיין פּאַסטוך, און גאָט האָט
געזאָגט: אָן אַ האַר זיינען דידאָזיקע; זאָלן זיי זיך אומקערן
איטלאַכער צו זיין הויז בשלום. 17האָט דער מלך פֿון
ישׂראל געזאָגט צו יהוֹשָפָטן: האָב איך דיר ניט געזאָגט, ער
וועט ניט נביאות זאָגן אויף מיר גוטס, נייערט צום שלעכטן?
18האָט ער געזאָגט: דרום הערט דאָס וואָרט פֿון גאָט:
איך האָב געזען ווי גאָט זיצט אויף זיין טראָן, און דער

גאַנצער חיל פון הימל שטייט אויף זיין רעכטער זייט און אויף
זיין לינקער. [19]און גאָט האָט געזאָגט: ווער וועט אָנרעדן
אַחְאָב דעם מלך פון ישׂראל, ער זאָל אַרויפגיין, און פאַלן
אין רָמות־גִלעָד? האָט מען גערעדט: דער זאָגט אַזוי, און
דער זאָגט אַזוי. [20]איז אַרויסגעגאַנגען דער גייסט, און האָט
זיך געשטעלט פאַר גאָט, און האָט געזאָגט: איך וועל אים
אָנרעדן. האָט גאָט צו אים געזאָגט: מיט וואָס? [21]האָט
ער געזאָגט: איך וועל אַרויסגיין און ווערן פאַר אַ גייסט
פון ליגן אין מויל פון אַלע זיינע נביאים. האָט ער געזאָגט:
וועסט אָנרעדן, און וועסט אויך אויספירן; גיי אַרויס און
טו אַזוי. [22]און אַצונד, זע, גאָט האָט אַרייַנגעגעבן אַ גייסט
פון ליגן אין דעם מויל פון דידאָזיקע נביאים דיינע, אָבער
גאָט האָט אָנגעזאָגט אויף דיר שלעכטס.

[23]האָט גענענט צִדקִיָהו דער זון פון כּנַעֲנָה, און האָט
געשלאָגן מִיכָיהון אויפן באַק, און געזאָגט: אויף וואָסער וועג
איז דער גייסט פון גאָט אַוועקגעגאַנגען פון מיר כּדי צו רעדן
מיט דיר? [24]האָט מִיכָיהו געזאָגט: אָט וועסטו זען אין יענעם
טאָג, ווען דו וועסט אַרייַנגיין אין אַ קאַמער הינטער אַ קאַ־
מער זיך צו באַהאַלטן.

[25]האָט דער מלך פון ישׂראל געזאָגט: נעמט מִיכָיהון,
און גיט אים אָפּ צו אָמון דעם האַר פון דער שטאָט, און צו
יואָש דעם מלכס זון, [26]און איר זאָלט זאָגן: אַזוי האָט געזאָגט
דער מלך: טוט אַרייַן דעם דאָזיקן אין געפענקעניש, און
שפּייזט אים מיט קאַרג ברויט און קאַרג וואַסער, ביז איך
קער זיך אום בשלום. [27]האָט מִיכָיהו געזאָגט: אויב אומקערן
וועסטו זיך אומקערן בשלום, האָט גאָט ניט גערעדט דורך
מיר. און ער האָט געזאָגט: הערט דאָס צו, איר פעלקער
אַלע.

[28]און דער מלך פֿון ישׂראל און יהוֹשָפָט דער מלך פֿון
יהודה זײַנען אַרויפֿגעגאַנגען קיין רָמוֹת־גִלְעָד. [29]און דער
מלך פֿון ישׂראל האָט געזאָגט צו יהוֹשָפָטן: איך וועל זיך
פֿאַרשטעלן, און וועל אַרײַנגיין אין דער מלחמה, און דו
טראָג דײַנע קלײדער.
און דער מלך פֿון ישׂראל האָט זיך פֿאַרשטעלט, און
זיי זײַנען אַרײַנגעגאַנגען אין דער מלחמה.
[30]און דער מלך פֿון אַרָם האָט באַפֿוילן די הויפּטלײַט
פֿון זײַנע רײַטוועגן, אַזוי צו זאָגן: איר זאָלט ניט מלחמה
האַלטן מיט קלײן אָדער גרויס, נאָר מיטן מלך פֿון ישׂראל
אַלײן. [31]און עס איז געווען, ווי די הויפּטלײַט פֿון די רײַט־
וועגן האָבן געזען יהוֹשָפָטן, אַזוי האָבן זיי געזאָגט: דאָס איז
דער מלך פֿון ישׂראל. און זיי האָבן אים אַרומגערינגלט
מלחמה צו האַלטן. האָט יהוֹשָפָט אַ געשריי געטאָן, און
יהוה האָט אים געהאָלפֿן, און גאָט האָט זיי אָפּגעצויגן פֿון
אים. [32]וואָרום עס איז געווען, ווי די הויפּטלײַט פֿון די
רײַטוועגן האָבן געזען אַז דאָס איז ניט דער מלך פֿון ישׂראל,
אַזוי זײַנען זיי אָפּגעטרעטן פֿון הינטער אים.
[33]און אַ מאַן האָט אָנגעצויגן זײַן בויגן גלאַט אין דער
וועלט, און האָט געטראָפֿן דעם מלך פֿון ישׂראל צווישן
דעם אונטערפּאַנצער און צווישן דעם ברוסטשילד. האָט
ער געזאָגט צו דעם טרײַבער: פֿאַרקער דײַן האַנט, און
זאָלסט מיך אַרויספֿירן פֿון דער מחנה, וואָרום איך בין
פֿאַרוווּנדט געוואָרן.
[34]און די מלחמה איז געשטיגן אין יענעם טאָג; און דער
מלך פֿון ישׂראל האָט זיך אויפֿגעהאַלטן שטײענדיק אין דעם
רײַטוואָגן אַנטקעגן די אַרַמים ביז אָוונט; און אַקעגן דער
צײַט פֿון זונאונטערגאַנג איז ער געשטאָרבן.

יט 1 און יהוֹשָפָט דער מלך פון יהודה האָט זיך אומגע־
קערט אַהיים בשלום קיין ירושָלַיִם. 2 איז אים אַרויסגע־
גאַנגען אַנטקעגן יֵהוא דער זון פון חֲנָנִי, דער זעער, און
ער האָט געזאָגט צום מלך יהוֹשָפָט: האָסטו געטאָרט העלפן
דעם רשע, און ליב האָבן די שׂוֹנאים פון גאָט? און פון וועגן
דעם איז אויף דיר אַ צאָרן פון פאַר גאָט. 3 אָבער גוטע
זאַכן געפינען זיך אין דיר, וואָס דו האָסט אויסגעראַמט די
געצנבוימער פון לאַנד, און געקערט דיין האַרץ צו זוכן
גאָט.

4 און יהוֹשָפָט איז געזעסן אין ירושָלַיִם. אָבער ער איז
ווידער אַרויסגעגאַנגען צווישן פאָלק, פון באֵר־שֶבַע ביזן
באַרג אפרים, און האָט זיי אומגעקערט צו יהוה דעם גאָט
פון זייערע עלטערן. 5 און ער האָט אויפגעשטעלט ריכ־
טער אין לאַנד, אין אַלע באַפעסטיקטע שטעט פון יהודה,
שטאָט פאַר שטאָט. 6 און ער האָט אָנגעזאָגט די ריכטער:
זעט וואָס איר טוט, וואָרום ניט פאַר אַ מענטשן משפט איר,
נאָר פאַר גאָט, און ער איז לעבן אייך ביים אַרויסזאָגן אַ
משפט. 7 און אַצונד, זאָל די מוֹרא פאַר גאָט זיין אויף אייך;
היט אייך וואָס איר טוט, וואָרום ביי יהוה אונדזער גאָט איז
ניטאָ קיין אומרעכט, אָדער שוינען עמיצן, אָדער נעמען
שוֹחד.

8 און אויך אין ירושָלַיִם האָט יהוֹשָפָט אויפגעשטעלט
פון די לֵוִיִים און די כֹהנים, און פון די הויפּטן פון די פאָ־
טערהייזער פון ישׂראל, פאַר משפטים פון גאָט, און פאַר
שטרייטזאַכן. און זיי האָבן זיך אומגעקערט קיין ירושָלַיִם.
9 און ער האָט זיי באַפוילן, אַזוי צו זאָגן: אַזוי זאָלט איר זיך
באַגיין: מיט מוֹרא פאַר גאָט, מיט געטרייַשאַפט, און מיט
אַ גאַנצן האַרצן. 10 און ביי יעטוועדער שטרייט וואָס וועט

קומען פאַר אַייך פון אַייערע ברידער וואָס זיצן אין זייערע
שטעט, צווישן בלוט און בלוט, צווישן לערנונגען און געבאָט,
חוקים און געזעצן, זאָלט איר זיי וואָרענען, זיי זאָלן זיך ניט
פאַרשולדיקן צו גאָט, אַז עס זאָל זיין אַ צאָרן אויף אַייך
און אויף אַייערע ברידער; אַזוי זאָלט איר טאָן, און איר
וועט זיך ניט פאַרשולדיקן. [11]און אָט איז אַמַריָהו דער
כֹּהן־גָדול איבער אַייך פאַר אַלע זאַכן פון גאָט, און זבַדיָהו
דער זון פון יִשמָעֵאלן, דער פירשט פון דעם הויז פון יהודה,
פאַר אַלע זאַכן פון מלך; און אויפזעערס זיינען די לוִיִים
פאַר אַייך; זייט שטאַרק און טוט, און גאָט וועט זיין מיט
דעם גוטן.

כ [1]און עס איז געווען נאָך דעם, זיינען געקומען די קינדער
פון מוֹאָב, און די קינדער פון עַמוֹן, און מיט זיי פון די
עַמוֹנים, אַקעגן יהוֹשָפָטן אויף מלחמה. [2]איז מען געקומען
און מע האָט אָנגעזאָגט יהוֹשָפָטן, אַזוי צו זאָגן: אויף דיר
קומט אַ גרויסער המון פון יענער זייט ים, פון אַרָם, און
זע, זיי זיינען אין חַצְצוֹן־תָּמָר, דאָס איז עֵין־גֶדי. [3]האָט
יהוֹשָפָט מוֹרא געקריגן, און ער האָט געקערט זיין פנים צו
זוכן גאָט, און ער האָט אויסגערופן אַ תָּעֲנית איבער גאַנץ
יהודה. [4]און יהודה האָט זיך אַיינגעזאַמלט צו בעטן ביי
גאָט; יאָ, פון אַלע שטעט פון יהודה איז מען געקומען צו
זוכן גאָט. [5]און יהוֹשָפָט האָט זיך געשטעלט אין דער אַיינ־
זאַמלונג פון יהודה און ירושָלַיִם, אין הויז פון גאָט, פאַר
דעם נייען הויף, [6]און ער האָט געזאָגט: יהוה דו גאָט פון
אונדזערע עלטערן, דו ביסט דאָך גאָט אין הימל, און דו
געוועלטיקסט איבער אַלע קיניגרייכן פון די פעלקער,
און אין דיין האַנט איז כּוח און גבורה, און אַקעגן דיר
איז זיך ניט צו שטעלן. [7]דו אונדזער גאָט, האָסט דאָך

פאַרטריבן די באַוווינער פון דעמדאָזיקן לאַנד פון פאַר דיין
פאָלק ישׂראל, און האָסט עס אַוועקגעגעבן צו דעם זאָמען
פון אַברהם דיין ליבהאָבער, אויף אייביק. [8]און זיי זיינען
געזעסן דרינען, און האָבן דיר געבויט דרינען אַ הייליקטום
צו דיין נאָמען, אַזוי צו זאָגן: [9]אַז עס וועט קומען אויף אונדז
אַן אומגליק, אַ שווערד, אַ משפט, אָדער אַ מגפה, אָדער
אַ הונגער, וועלן מיר זיך שטעלן פאַר דעמדאָזיקן הויז
און פאַר דיר—וואָרום דיין נאָמען איז אין דעמדאָזיקן הויז—
און מיר וועלן שרייען צו דיר אין אונדזער נויט, און דו
וועסט צוהערן און וועסט העלפן. [10]און אַצונד, אָט זיינען
די קינדער פון עַמון און מואָב און דעם באַרג שֵׂעִיר, וואָס
דו האָסט ניט געלאָזט ישׂראל אַריינגיין צו זיי, ווען זיי זיינען
געקומען פון לאַנד מִצרַיִם, נייערט זיי האָבן זיך אָפגעקערט
פון זיי, און האָבן זיי ניט פאַרטיליגט. [11]און אָט פאַר־
געלטן זיי אונדז, צו קומען אונדז פאַרטרייבן פון דיין אַרב
וואָס דו האָסט אונדז געמאַכט אַרבן. [12]גאָט אונדזערער,
ווילסטו ניט טאָן אַ משפט אויף זיי? וואָרום אין אונדז איז
ניטאָ קיין כוח אַקעגן דעמדאָזיקן גרויסן המון וואָס קומט
אויף אונדז, און מיר ווייסן ניט וואָס מיר זאָלן טאָן, נייערט
אויף דיר זיינען אונדזערע אויגן.

[13]און גאַנץ יהודה זיינען געשטאַנען פאַר גאָט; אויך
זייערע קליינע קינדער און זייערע ווייבער און זייערע זין.

[14]איז אויף יַחזיאֵל דעם זון פון זכַריָהו, דעם זון פון
בּנָיָה, דעם זון פון יעִיאֵל, דעם זון פון מַתַּניָה דעם לֵוִי, פון
די קינדער פון אָסָף, געווען דער גייסט פון גאָט, אין מיטן
פון דער אַיינזאַמלונג. [15]און ער האָט געזאָגט: פאַרנעמט,
גאַנץ יהודה, און באַוווינער פון ירושָלַיִם, און מלך יהוֹשָפָט:
אַזוי האָט גאָט צו אייך געזאָגט: איר זאָלט ניט מורא האָבן

און ניט אַנגסטן פֿאַר דעמדאָזיקן גרויסן המון, וואָרום ניט
אַייער מלחמה איז דאָס נאָר גאָטס. [16]מאָרגן נידערט
אַראָפּ אויף זיי; זעט, זיי גייען אַרויף מיט דעם אַרויפֿגאַנג
פֿון ציץ, און איר וועט זיי טרעפֿן אין עק טאָל, פֿאַר דעם
מדבר פֿון ירואל. [17]ניט איר וועט דאָס מאָל דאַרפֿן
מלחמה האַלטן; שטעלט אַייך אויס, שטייט, און זעט די
ישועה פֿון גאָט מיט אַייך, יהודה און ירושָׁלַיִם; איר זאָלט
ניט מורא האָבן און ניט אַנגסטן, מאָרגן גייט אַרויס אַקעגן
זיי, און גאָט וועט זײַן מיט אַייך.
[18]האָט יהוֹשָפָט זיך געבויגט מיטן פּנים צו דער ערד,
און גאַנץ יהודה און די באַוווינער פֿון ירושָׁלַיִם זיינען געפֿאַלן
פֿאַר גאָט, זיך צו בוקן צו גאָט. [19]און די לוִיִים פֿון די קינדער
פֿון די קהָתים, און פֿון די קינדער פֿון די קָרחים, זיינען
אויפֿגעשטאַנען צו לויבן יהוה דעם גאָט פֿון ישׂראל אויף
אַ גאָר הויכן קָול.
[20]און זיי האָבן זיך געפֿעדערט אין דער פֿרי, און זיינען
אַרויסגעגאַנגען צום מדבר פֿון תּקוֹעַ; און בײַ זייער אַרויס־
גיין האָט יהוֹשָפָט זיך געשטעלט, און האָט געזאָגט: הערט מיך
צו, יהודה און באַוווינער פֿון ירושָׁלַיִם: גלויבט אין יהוה
אַייער גאָט, און איר וועט אָנהאַלטןא, גלויבט אין זיינע
נביאים, און איר וועט באַגליקן.
[21]און ער האָט געהאַלטן אַן עצה מיטן פֿאָלק; און ער
האָט געשטעלט זינגער צו גאָט וואָס זאָלן געבן אַ לויב אין
הייליקער שיינקייט, בײַם אַרויסגיין פֿאַר די באַוואָפֿנטע, און
זאָגן: גיט אַ דאַנק צו גאָט, וואָרום אויף אייביק איז זיין חסד.
[22]און אין דער צייט וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן אַ געזאַנג און
אַ לויב, האָט גאָט געשטעלט לויערער אויף די קינדער
פֿון עַמוֹן, מוֹאָב און דעם באַרג שֵׂעִיר, וואָס זיינען געקומען

א ווערטשפּיל: הַאֲמִינוּ – וְתֵאָמֵנוּ.

קיין יהודה; און זיי זיינען געשלאָגן געוואָרן. [23]וואָרום די
קינדער פון עמון און מואָב האָבן זיך געשטעלט אַקעגן די
באַוווינער פון באַרג שֵׂעִיר, צו פאַרוויסטן און צו פאַרטיליקן;
און ווי זיי האָבן פאַרלענדט די באַוווינער פון באַרג שֵׂעִיר,
האָבן זיי געהאָלפן אומצוברענגען איינער דעם אַנדערן.
[24]און יהודה איז געקומען צו דעם וואַכטורעם אין דער
מדבר, און זיי האָבן זיך אומגעקוקט אויף דעם המון, ערשט
זיי ליגן פּגָרים אויף דער ערד, און קיינער איז ניט אַנטרונען
געוואָרן. [25]און יהוֹשָפָט און זיין פאָלק זיינען געקומען צו
רויבן זייער זאַקרויב, און זיי האָבן געפונען ביי זיי אַ סך
אי פאַרמעג אי פּגָרים מיט טייערע זאַכן, און זיי האָבן צו־
גענומען פאַר זיך, ביז זיי האָבן מער ניט געקענט טראָגן;
און זיי האָבן געהאַלטן אין רויבן דריי טעג דעם זאַקרויב,
וואָרום ער איז געווען פיל. [26]און אויפן פירטן טאָג האָבן
זיי זיך איינגעזאַמלט אין טאָל בְּרָכָה, וואָרום דאָרטן האָבן
זיי געמאַכט אַ בְּרָכָה צו גאָט; דרום רופט מען דעם נאָמען
פון יענעם אָרט דער טאָל בְּרָכָה ביז אויף היינט. [27]און
אַלע מענער פון יהודה און ירושָלַיִם און יהוֹשָפָט זיי פאַרויס
האָבן זיך אומגעקערט צוריקצוגיין קיין ירושָלַיִם מיט פרייד,
וואָרום גאָט האָט זיי דערפרייט איבער זייערע פיינט.
[28]און זיי זיינען געקומען קיין ירושָלַיִם מיט גיטאַרן און מיט
האַרפן און מיט טרומייטן צום הויז פון גאָט. [29]און אַ פּחד
פון גאָט איז געווען אויף די מלוכות פון די לענדער, ווען
זיי האָבן געהערט אַז יהוה האָט מלחמה געהאַלטן מיט די
פיינט פון ישׂראל. [30]און יהוֹשָפָטס מלוכה איז געווען רואיק
וואָרום זיין גאָט האָט אים באַרוט פון רונד אַרום.
[31]און יהוֹשָפָט האָט געקיניגט איבער יהודה; פינף און
דרייסיק יאָר איז ער אַלט געווען אַז ער איז געוואָרן מלך,

און פינף און צוואַנציק יאָר האָט ער געקיניגט אין ירושָלַיִם.
און דער נאָמען פון זיין מוטער איז געווען עֲזוּבָה די טאָכ־
טער פון שִׁלחִין.
[32]און ער איז געגאַנגען אין דעם וועג פון זיין פאָטער
אָסאָן—און האָט זיך ניט אָפּגעקערט דערפון—צו טאָן וואָס
איז רעכטפאַרטיק אין די אויגן פון גאָט. [33]נאָר די בָּמות
זיינען ניט אָפּגעטאָן געוואָרן, און דאָס פאָלק האָט נאָך אַלץ
ניט געקערט זייער האַרץ צו דעם גאָט פון זייערע עלטערן.
[34]און די איבעריקע זאַכן וועגן יהושָפָטן, די ערשטע
אַזוי ווי די לעצטע, זיי זיינען באַשריבן אין די ווערטער פון
יֵהוא דעם זון פון חֲנָנִין, וואָס איז אַריין אין בוך פון די
מלכים פון ישׂראל.
[35]און נאָך דעם האָט יהושָפָט דער מלך פון יהודה זיך
צונויפגעחברט מיט אַחַזְיָה דעם מלך פון ישׂראל, וואָס האָט
געטאָן שלעכטס. [36]און ער האָט אים צוגעחברט צו זיך,
צו מאַכן שיפן אויף צו גיין קיין תַּרשיש; און זיי האָבן גע־
מאַכט שיפן אין עציון־גֶבֶר. [37]האָט אֱלִיעֶזֶר דער זון פון
דוֹדָוָהוּן פון מָרֵשָׁה נביאות געזאָגט אויף יהושָפָטן, אַזוי צו
זאָגן: ווייל דו האָסט זיך צונויפגעחברט מיט אַחַזְיָהון, וועט
גאָט צעבּרעכן דיינע אַרבעט. און די שיפן זיינען צעבּראָכן
געוואָרן, און זיי האָבן ניט געקענט גיין קיין תַּרשיש.

כא [1]און יהושָפָט האָט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן,
און ער איז באַגראָבן געוואָרן אין דודס־שטאָט; און
זיין זון יהוֹרָם איז געוואָרן מלך אויף זיין אָרט.
[2]און ער האָט געהאַט ברידער, יהושָפָטס זין: עֲזַרְיָה,
און יחיאֵל, און זכַריָהו, און עֲזַריָהו, און מיכָאֵל, און שפַטיָהו;
די אַלע זיינען געווען זין פון יהושָפָט דעם מלך פון ישׂראל.

[3]און זייער פֿאָטער האָט זיי געגעבן גרויסע מתּנות פֿון זיל־
בער און גאָלד און טייערע זאַכן, מיט פֿעסטונגשטעט אין
יהודה. אָבער די מלוכה האָט ער געגעבן יהורָמען, וואָרום
ער איז געווען דער בּכור. [4]און ווי יהורָם איז אויפֿגע־
שטאַנען אויף זיין פֿאָטערס מלוכה, און האָט זיך באַפֿעס־
טיקט, אַזוי האָט ער געהרגעט אַלע זיינע ברידער מיטן
שווערד, און אויך פֿון די האַרן פֿון ישׂראל.
[5]צוויי און דרייסיק יאָר איז יהורָם אַלט געווען, אַז ער
איז געוואָרן מלך, און אַכט יאָר האָט ער געקיניגט אין
ירושלַיִם. [6]און ער איז געגאַנגען אין דעם וועג פֿון די מלכים
פֿון ישׂראל, אַזוי ווי דאָס הויז פֿון אַחְאָב האָט געטאָן;
וואָרום ער האָט געהאַט אַחְאָבס טאָכטער פֿאַר אַ ווייב;
און ער האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פֿון גאָט.
[7]אָבער גאָט האָט ניט געוואָלט אומברענגען דאָס הויז פֿון
דוד, פֿון וועגן דעם בונד וואָס ער האָט געשלאָסן מיט דודן,
און אַזוי ווי ער האָט אים צוגעזאָגט, צו געבן אים און זיינע
קינדער אַ ליכט אַלע טעג.
[8]אין זיינע טעג איז אֱדוֹם אָפּגעפֿאַלן פֿון אונטער דער
האַנט פֿון יהודה, און זיי האָבן געמאַכט איבער זיך אַ מלך.
[9]און יהורָם איז אַריבערגעגאַנגען מיט זיינע הויפּטלייט,
און אַלע רייטוועגן מיט אים; און ער איז אויפֿגעשטאַנען ביי
נאַכט, און האָט געשלאָגן די אֱדוֹמים וואָס האָבן אַרומגע־
רינגלט אים און די הויפּטלייט פֿון די רייטוועגן.
[10]אַזוי איז אֱדוֹם אָפּגעפֿאַלן פֿון אונטער דער האַנט פֿון
יהודה ביז אויף היינטיקן טאָג. דענסמאָל אין דער איי־
גענער צייט איז אָפּגעפֿאַלן לִבנָה פֿון אונטער זיין האַנט;
ווייל ער האָט פֿאַרלאָזן גאָט דעם האַר פֿון זייערע עלטערן.
[11]ער האָט אויך געמאַכט בָּמוֹת אויף די בערג פֿון יהודה,

און ער האָט געמאַכט אויסגעלאַסן די באַוווינער פון ירושָלַיִם,
און האָט אַראָפּגעפירט יהודה.
[12]איז געקומען צו אים אַ געשריפט פון אֵלִיָהו דעם
נביא, אַזוי צו זאָגן: אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר פון
דיין פאָטער דודן: דערפאַר וואָס דו ביסט ניט געגאַנגען
אין די וועגן פון דיין פאָטער יהושָפָטן, און אין די וועגן פון
אָסאָ דעם מלך פון יהודה, [13]נייערט דו ביסט געגאַנגען אין
דעם וועג פון די מלכים פון ישׂראל, און האָסט געמאַכט
אויסגעלאַסן יהודה און די באַוווינער פון ירושָלַיִם, אַזוי ווי
דאָס הויז פון אַחְאָב האָט זיי געמאַכט אויסגעלאַסן, און
האָסט אויך געהרגעט דיינע ברידער פון דיין פאָטערס
הויז, וואָס זיינען געווען בעסער פון דיר, [14]זע, וועט גאָט
אַצונד פּלאָגן מיט אַ גרויסער פּלאָג דיין פאָלק, און דיינע
קינדער, און דיינע ווייבער, און דיין גאַנצן פאַרמעג. [15]און
דו וועסט זיין אין גרויס קרענק פון אַ קראַנקשאַפט אין דיינע
געדערים, ביז דיינע געדערים וועלן אַרויסקריכן פון דער
קרענק טעג נאָך טעג.
[16]און גאָט האָט דערוועקט אויף יהורָמען דעם גייסט
פון די פּלשתּים, און פון די אַראַבער וואָס לעבן די כּושים.
[17]און זיי זיינען אַרויפגעגאַנגען אויף יהודה, און האָבן זיך
אַריינגעבראָכן אין איר, און האָבן געפאַנגען דעם גאַנצן
פאַרמעג וואָס האָט זיך געפונען אין מלכס הויז, און אויך
זיינע זין און זיינע ווייבער, און אים איז ניט איבערגעבליבן
קיין זון, אַחוץ יהואָחָז דער אינגסטער פון זיינע זין. [18]און
נאָך דעם אַלעמען האָט אים גאָט געפּלאָגט אין זיינע געדער־
רים מיט אַ קרענק ניט אויסצוהיילן. [19]און עס איז געווען
נאָך טעג און טעג–בעת דער סוף פון צוויי יאָר איז געווען
אַריבער, זיינען אים די געדערים אַרויסגעקראָכן פון זיין

קרענק; און ער איז געשטאָרבן אין בייזע ווייטאָקן; און מע
האָט ניט געמאַכט נאָך אים אַ פֿאַרברענונג אַזוי ווי די פֿאַר־
ברענונג פֿון זײַנע עלטערן.
[20]צוויי און דרייסיק יאָר איז ער אַלט געווען, אַז ער איז
געוואָרן מלך, און אַכט יאָר האָט ער געקיניגט אין ירושָלַיִם;
און ער איז אַוועק אָן נַחַת; און מע האָט אים באַגראָבן אין
דודס־שטאָט, אָבער ניט אין די קברים פֿון די מלכים.

כב [1]און די באַוווינער פֿון ירושָלַיִם האָבן געמאַכט פֿאַר
אַ מלך אויף זײַן אָרט אַחַזיָהו, זײַן אינגסטן זון, וואָרום
אַלע עלטערע האָט אויסגעהרגעט די באַנדע וואָס איז
געקומען מיט די אַראַבער אין לאַגער. אַזוי איז אַחַזיָהו,
דער זון פֿון יהוֹרָם דעם מלך פֿון יהודה, געוואָרן מלך.
[2]צוויי און פֿערציק יאָר איז אַחַזיָהו אַלט געווען, אַז ער איז
געוואָרן מלך, און איין יאָר האָט ער געקיניגט אין ירושָלַיִם.
און דער נאָמען פֿון זײַן מוטער איז געווען עֲתַלְיָהו די טאָכ־
טער פֿון עָמרין.
[3]ער אויך איז געגאַנגען אין די וועגן פֿון אַחְאָבס הויז,
וואָרום זײַן מוטער איז געווען זײַן עצה־געבערן אויף צו
טאָן שלעכטס. [4]און ער האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין
די אויגן פֿון גאָט, אַזוי ווי דאָס הויז פֿון אַחְאָב, וואָרום זיי
זײַנען געווען זײַנע יוֹעֲצים נאָך זײַן פֿאָטערס טויט, צו זײַן
אונטערגאַנג. [5]ער איז אויך געגאַנגען אין זייער עצה, און
איז אַוועק מיט יהוֹרָם דעם זון פֿון אַחְאָבן, דעם מלך פֿון
ישׂראל, אויף מלחמה אַקעגן חֲזָאֵל דעם מלך פֿון אַרָם אין
רָמוֹת־גִלְעָד; און די אַרַמים האָבן פֿאַרוווּנדט יוֹרָמען.
[6]און ער האָט זיך אומגעקערט זיך צו היילן אין יִזְרְעֶאל
פֿון די ווונדן וואָס מע האָט אים פֿאַרוווּנדט אין רָמָה, ווען

ער האָט מלחמה געהאַלטן מיט חזָאֵל דעם מלך פון אַרָם.
און עֲזַריָהו דער זון פון יהוֹרָמען, דער מלך פון יהודה,
האָט אַראָפּגענידערט צו זען יהוֹרָם דעם זון פון אַחְאָבן
אין יִזרְעֶאל, ווען ער איז געווען קראַנק.
[7]און די מַפָּלה פון אַחַזיָהון איז געווען פון גאָט—אַז ער
זאָל קומען צו יוֹרָמען; וואָרום אַז ער איז געקומען, איז ער
אַרויסגעגאַנגען מיט יהוֹרָמען צו יֵהוא דעם זון פון נִמשִין,
וואָס גאָט האָט אים געזאַלבט, כּדי צו פאַרשניידן דאָס הויז
פון אַחְאָב. [8]און עס איז געווען, ווי יֵהוא האָט זיך אָפּגע־
רעכנט מיט דעם הויז פון אַחְאָב, האָט ער געטראָפן די
האַרן פון יהודה, און די זין פון אַחַזיָהוס ברידער, וואָס
האָבן געדינט בײַ אַחַזיָהון, און ער האָט זיי געהרגעט. [9]און
ער האָט געזוכט אַחַזיָהון, און מע האָט אים געכאַפּט ווי
ער איז געווען באַהאַלטן אין שוֹמרוֹן, און מע האָט אים
געבראַכט צו יֵהוּאן, און מע האָט אים געטייט. און זיי
האָבן אים באַגראָבן, וואָרום זיי האָבן געזאָגט: ער איז דער
זון פון יהוֹשָפָטן, וואָס האָט געזוכט גאָט מיט זײַן גאַנצן
האַרצן. און עס איז ניט געווען פון אַחַזיָהוס הויז ווער עס
זאָל האָבן כּוח אָנצוהאַלטן די מלוכה.

[10]און ווי עֲתַליָהו די מוטער פון אַחַזיָהון האָט געזען אַז
איר זון איז טויט, איז זי אויפגעשטאַנען, און האָט אומגע־
בראַכט דעם גאַנצן קיניגלאַכן אָפּשטאַם פון דעם הויז פון
יהודה. [11]האָט יהוֹשַבעַת די טאָכטער פון דעם מלך גע־
נומען יוֹאָש דעם זון פון אַחַזיָהון, און האָט אים אַרויסגע־
גנבעט פון צווישן דעם מלכס זין וואָס האָבן געזאָלט געטייט
ווערן, און האָט אים און זײַן אַם אַרײַנגעבראַכט אין אַ
שלאָפקאַמער. און יהוֹשַבעַת די טאָכטער פון דעם מלך

יהוֹרָם, די ווייַב פון יהוֹיָדָע דעם כּהן—וואָרום זי איז געווען
די שוועסטער פון אַחזיָהון—האָט אים באַהאַלטן פון עַתַליָהון,
און זי האָט אים ניט געטייט. [12]און ער איז געווען באַהאַלטן
ביי זיי אין הויז פון גאָט זעקס יאָר. און עַתַליָהו האָט גע־
קיניגט איבערן לאַנד.

כג [1]און אויפן זיבעטן יאָר האָט זיך יהוֹיָדָע געשטאַרקט,
און ער האָט אַריינגענומען די הויפּטלייט פון די הונ־
דערטן, עֲזַריָה דעם זון פון ירוֹחָמען, און יִשמָעֵאל דעם זון
פון יהוֹחָנָנען, און עֲזַריָהו דעם זון פון עוֹבֵדן, און מַעֲשֵׂיָהו
דעם זון פון עֲדָיָהון, און אֱלישָפָט דעם זון פון זִכריִן, מיט
זיך אין אַ בונד. [2]און זיי זיינען אַרומגעגאַנגען אין יהודה,
און האָבן איינגעזאַמלט די לְוִיִם פון אַלע שטעט פון יהודה,
און די הויפּטן פון די פאָטערהייזער פון ישראל, און זיי זיי־
נען געקומען קיין ירושָלַיִם. [3]און די גאַנצע איינזאַמלונג
האָט געשלאָסן אַ בונד מיטן מלך אין הויז פון גאָט; און ער
האָט צו זיי געזאָגט: אָט, זאָל דער זון פון מלך קיניגן, אַזוי
ווי גאָט האָט גערעדט וועגן די זין פון דודן. [4]דאָס איז די
זאַך וואָס איר זאָלט טאָן: אַ דריטל פון אייך, די וואָס קומען
אַריין שבת, פון די כּהנים און פון די לְוִיִם, זאָלן זיין פּאַר
טויערלייט ביי די שוועלן; [5]און אַ דריטל פון אייך אין מלכס
הויז, און אַ דריטל אין דעם גרונטטויער; און דאָס גאַנצע
פאָלק זאָל זיין אין די הויפן פון גאָטס הויז. [6]און קיינער
זאָל ניט אַריינקומען אין הויז פון גאָט, נאָר די כּהנים, און
די וואָס באַדינען פון די לְוִיִם; זיי מעגן אַריינקומען, וואָרום
זיי זיינען הייליק. אָבער דאָס גאַנצע פאָלק זאָל אָפּהיטן
די אָפּהיטונג פון גאָט. [7]און די לְוִיִם זאָלן אַרומרינגלען
דעם מלך רונד אַרום, איטלעכער מיט זיינע וואָפן אין זיין
האַנט; און דער וואָס קומט אַריין אין הויז, זאָל געטייט

ווערן. און זײַט מיט דעם מלך בײַ זײַן אַרײַנגײן און בײַ
זײַן אַרױסגײן.
8 האָבן די לוִיִם און גאַנץ יהודה געטאָן אַזױ װי אַלץ
װאָס יהוֹיָדָע דער כֹּהן האָט באַפֿױלן, און זײ האָבן געבראַכט
איטלאַכער זײַנע מענטשן, די װאָס קומען אַרײַן שבת, מיט
די װאָס גײען אַרױס שבת, װאָרום יהוֹיָדָע דער כֹּהן האָט
ניט אַװעקגעלאָזט די אָפּטײלונגען. 9 און יהוֹיָדָע דער כֹּהן
האָט געגעבן די הױפּטלײט פֿון די הונדערטן די שפּיזן
און די פּאַנצערס און די שילדן פֿון דעם מלך דוד, װאָס
אין הױז פֿון גאָט. 10 און ער האָט אױסגעשטעלט דאָס
גאַנצע פֿאָלק, איטלאַכן מיט זײַן װאָפֿן אין זײַן האַנט, פֿון
דער רעכטער זײַט פֿון הױז ביז דער לינקער זײַט פֿון הױז,
בײַם מזבח און בײַם הױז, לעבן מלך רונד אַרום. 11 און
זײ האָבן אַרױסגעפֿירט דעם מלכס זון, און האָבן אָנגעטאָן
אױף אים די קרױן און די [קיניגלאַכע] צײכנס, און האָבן
אים געמאַכט פֿאַר אַ מלך; און יהוֹיָדָע און זײַנע זין האָבן
אים געזאַלבט, און זײ האָבן געזאָגט: לעבן זאָל דער מלך.
12 און עֲתַלְיָהוּ האָט געהערט דעם קָול פֿון דעם פֿאָלק
װאָס לױפֿט און לױבט דעם מלך, און זי איז געקומען צום
פֿאָלק אין גאָטס הױז. 13 און זי האָט געזען, ערשט דער
מלך שטײט אױף זײַן בימה אין אַײַנגאַנג, און די האַרן און
די טרומײטערערס לעבן מלך, און דאָס גאַנצע פֿאָלק פֿון
לאַנד פֿרײט זיך און בלאָזט אין טרומײטן, און די זינגערס
מיט כּלֵי־זֶמֶר װאָס פֿירן אָן דעם לױבגעזאַנג; האָט עֲתַלְיָהוּ
צעריסן אירע קלײדער, און האָט געזאָגט: אַ בונט! אַ בונט!
14 האָט יהוֹיָדָע אַרױסגעפֿירט די הױפּטלײט פֿון די
הונדערטן, די אױפֿזעער פֿון חיל, און ער האָט צו זײ גע־
זאָגט: פֿירט זי אַרױס אינעװײניק פֿון די רײען, און דער װאָס

גייט איר נאָך, זאָל געטייט ווערן מיטן שווערד. וואָרום
דער כֹּהן האָט געזאָגט: איר זאָלט זי ניט טייטן אין הויז פון
גאָט.
15 האָבן זיי געמאַכט פאַר איר אָרט, און זי איז אַריינ־
געגאַנגען דורך דעם אַיינגאַנג פון פערדטויער אין מלכס
הויז; און זיי האָבן זי דאָרטן געטייט.
16 און יהוֹיָדָע האָט געשלאָסן אַ בונד צווישן אים און
צווישן דעם גאַנצן פאָלק און צווישן מלך, צו זיין צום פאָלק
פון יהוה. 17 און דאָס גאַנצע פאָלק איז אַריינגעגאַנגען אין
הויז פון בַּעַל, און האָבן עס אַיינגעוואָרפן, און זיינע מזבחות
און זיינע בילדער האָבן זיי צעבראָכן, און מַתָּן דעם כֹּהן
פון בַּעַל האָבן זיי געהרגעט פאַר די מזבחות.
18 און יהוֹיָדָע האָט געגעבן די אויפזעאונג פון גאָטס הויז
אין דער האַנט פון די כֹּהנים פון שבט לֵוִי, וואָס דוד האָט
אַיינגעטיילט איבער דעם הויז פון גאָט, אויפצוברענגען די
בראַנדאָפּפער פון גאָט, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן אין
תּוֹרת־משה, מיט שׂמחה, און מיט געזאַנג לויט דעם אַיינשטעל
פון דודן. 19 און ער האָט געשטעלט די טויערלייט ביי די
טויערן פון גאָטס הויז, אַז דער וואָס איז אומריין פון וואָסער
עס איז זאַך, זאָל ניט אַריינקומען. 20 און ער האָט גענומען
די הויפּטלייט פון די הונדערטן, און די גרויסע לייט, און
די געוועלטיקער איבער דעם פאָלק, און דאָס גאַנצע פאָלק
פון לאַנד, און האָט אַראָפּגעבראַכט דעם מלך פון גאָטס
הויז, און זיי זיינען אַריינגעגאַנגען דורך דעם אויבערשטן
טויער אין מלכס הויז, און האָבן אַרויפגעזעצט דעם מלך
אויף דעם טראָן פון מלוכה. 21 און דאָס גאַנצע פאָלק
האָט זיך געפרייט, און די שטאָט איז געווען רואיק. און
עֲתַלְיָהוּן האָבן זיי געטייט מיטן שווערד.

כד [1]זיבן יאָר איז יוֹאָש אַלט געווען, אַז ער איז געוואָרן
מלך, און פערציק יאָר האָט ער געקיניגט אין ירושָלַיִם.
און דער נאָמען פון זיין מוטער איז געווען צִבְיָה פון בְּאֵר־
שֶׁבַע.
[2]און יוֹאָש האָט געטאָן וואָס איז רעכטפאַרטיק אין די
אויגן פון גאָט אַלע טעג פון יהוֹיָדָע דעם כֹּהן. [3]און יהוֹיָדָע
האָט פאַר אים גענומען צוויי ווייבער; און ער האָט געבאָרן
זין און טעכטער.
[4]און עס איז געווען נאָך דעם, האָט יוֹאָש געהאַט אין
האַרצן צו באַנייען דאָס הויז פון גאָט. [5]און ער האָט איינ־
געזאַמלט די כֹּהנים און די לוִיִים, און ער האָט צו זיי געזאָגט:
גייט אַרויס צו די שטעט פון יהודה, און קלייבט אויף פון
גאַנץ ישׂראל געלט אויף צו פאַרריכטן דאָס הויז פון אייער
גאָט פון יאָר צו יאָר; און איר זאָלט אייך אײַלן וועגן דער
זאַך. אָבער די לוִיִים האָבן זיך ניט געאײַלט. [6]האָט דער
מלך גערופן יהוֹיָדָע דעם הויפּט, און האָט צו אים געזאָגט:
פאַרוואָס האָסטו ניט פאַרלאַנגט פון די לוִיִים, צו ברענגען
די אָפּגאָב [אַרויפגעלייגט] פון משה דעם קנעכט פון גאָט,
און פון דער איינזאַמלונג פון ישׂראל, פאַר דעם געצעלט
פון געזעץ? [7]וואָרום עַתַלְיָהוּ די מַרשַעַת, אירע זין האָבן
צעבראָכן דאָס הויז פון גאָט, און אויך אַלע געהייליקטע
זאַכן פון גאָטס הויז האָבן זיי פאַרטאָן פאַר די בַּעַל־געטער.
[8]און דער מלך האָט געהייסן, און מע האָט געמאַכט אַ
קאַסטן, און אים אַוועקגעשטעלט ביים טויער פון גאָטס
הויז פון אויסנווייניק. [9]און מע האָט אַרויסגעלאָזט אַן
אויסרוף אין יהודה און אין ירושָלַיִם, צו ברענגען די אָפּגאָב
[אַרויפגעלייגט] פון משה דעם קנעכט פון גאָט אויף ישׂראל
אין מדבר. [10]און אַלע האַרן און דאָס גאַנצע פאָלק האָבן

זיך געפּרייט, און זיי האָבן געבראַכט און אַריינגעוואָרפן
אין קאַסטן ביז פול. 11און עס איז געווען, בעת מע פלעגט
ברענגען דעם קאַסטן צו די אויפזעער פון מלך דורך דער
האַנט פון די לוִיִים, און ווי זיי האָבן געזען אַז עס איז דאָ
פיל געלט, אַזוי פלעגט קומען דער שרייבער פון מלך,
און דער אויפזעער פון דעם כּהן־גָדול, און זיי פלעגן אויס־
ליידיקן דעם קאַסטן, און אים אַוועקטראָגן און אים אומ־
קערן אויף זיין אָרט. אַזוי האָבן זיי געטאָן טאָג אין טאָג,
און זיי האָבן אָנגעזאַמלט געלט לרוב. 12און דער מלך
און יהוֹיָדָע האָבן עס געגעבן צו די ווערקמייסטער איבער
דער אַרבעט פון גאָטס הויז; און זיי האָבן געדונגען שטיינ־
העקער און האָלצמייסטער, צו באַנייען דאָס הויז פון גאָט,
און אויך אײַזן־ און קופּערשמידן, צו פאַרריכטן דאָס הויז
פון גאָט. 13און די בַּעַל־מלאָכות האָבן געאַרבעט, און די
אַרבעט איז פאַרריכט געוואָרן דורך זייער האַנט, און זיי
האָבן צוריקגעשטעלט דאָס הויז פון גאָט אויף זיין שטאַנד,
און אים באַפעסטיקט. 14און אַז זיי האָבן געענדיקט, האָבן
זיי געבראַכט פאַר דעם מלך און יהוֹיָדָען דעם רעשט געלט,
און מע האָט דערפון געמאַכט כּלים פאַר גאָטס הויז, כּלים
צום דינען און אויפברענגען, און שאָלן, און גילדערנע און
זילבערנע כּלים. און מע פלעגט אויפברענגען בראַנד־
אָפּפער אין הויז פון גאָט תּמיד אַלע טעג פון יהוֹיָדָען.
15און יהוֹיָדָע איז געוואָרן אַלט און זאַט מיט טעג, און
ער איז געשטאָרבן; הונדערט און דרייסיק יאָר איז ער
אַלט געווען, אַז ער איז געשטאָרבן. 16און מע האָט אים
באַגראָבן אין דודס־שטאָט לעבן די מלכים, ווייל ער האָט
געטאָן גוטס צווישן ישׂראל, און פאַר גאָט און זיין הויז.
17און נאָך דעם טויט פון יהוֹיָדָען זיינען געקומען די

האַרן פון יהודה, און זיי האָבן זיך געבוקט צום מלך.
דענסמאָל האָט דער מלך זיך צוגעהערט צו זיי. [18]און זיי
האָבן פאַרלאָזן דאָס הויז פון יהוה דעם גאָט פון זייערע
עלטערן, און זיי האָבן געדינט די געצנבוימער, און די געצנ־
בילדער, און עס איז געווען אַ צאָרן אויף יהודה און ירושָלַיִם
פאַר דער דאָזיקער פאַרשולדיקונג זייערער. [19]און ער
האָט געשיקט צו זיי נביאים, זיי אומצוקערן צו גאָט, און
זיי האָבן זיי געוואָרנט, אָבער זיי האָבן ניט צוגעטאָן דאָס
אויער.
[20]און דער גייסט פון גאָט האָט אָנגעקליידט זכַריָה
דעם זון פון יהוֹיָדע דעם כּהן, און ער האָט זיך געשטעלט
איבער דעם פאָלק, און האָט צו זיי געזאָגט: אַזוי האָט גאָט
געזאָגט: פאַרוואָס טרעט איר איבער די געבאָט פון יהוה,
אַז איר זאָלט ניט באַגליקן? ווארום איר האָט פאַרלאָזן
יהוה, און ער האָט אײַך פאַרלאָזן. [21]האָבן זיי געמאַכט
אויף אים אַ בונט, און האָבן אים פאַרשטיינט מיט שטיינער
אויף דעם באַפעל פון מלך, אין הויף פון גאָטס הויז.
[22]און דער מלך יוֹאָש האָט ניט געדאַכט אָן דעם חסד
וואָס זיין פאָטער יהוֹיָדע האָט מיט אים געטאָן, און ער האָט
געהרגעט זיין זון. און אַז ער איז געשטאָרבן, האָט ער
געזאָגט: גאָט וועט זען און וועט אויפמאָנען.
[23]און עס איז געווען, ביים אַרומדריי פון יאָר, איז אַרויפ־
געגאַנגען אויף אים דער חיל פון אַרָם, און זיי זיינען געקומען
קיין יהודה און ירושָלַיִם, און האָבן אומגעבראַכט אַלע
האַרן פון פאָלק פון צווישן דעם פאָלק, און זייער גאַנצן
רויב האָבן זיי אַוועקגעשיקט צום מלך פון דַרמֶשֶׂק. [24]הגם
דער חיל פון אַרָם איז געקומען מיט ווינציק מענטשן, אָבער
גאָט האָט איבערגעגעבן אין זייער האַנט זייער אַ גרויסן

חיל, ווייל זיי האָבן פאַרלאָזן גאָט דעם האַר פון זייערע
עלטערן. און זיי האָבן געטאָן אַ משפּט אויף יואָשן. [25]און
אַז זיי זיינען אַוועק פון אים—וואָרום זיי האָבן אים געלאָזן
אין גרויס קראַנקשאַפט—האָבן זיינע קנעכט געמאַכט אַ בונט
אויף אים—פאַר דעם בלוט פון די זין פון יהוֹיָדָע דעם כֹּהן—
און זיי האָבן אים געהרגעט אויף זיין בעט, און ער איז גע־
שטאָרבן. און מע האָט אים באַגראָבן אין דודס־שטאָט,
אָבער מע האָט אים ניט באַגראָבן אין די קבֿרים פון די
מלכים. [26]און דאָס זיינען די וואָס האָבן געמאַכט דעם
בונט אויף אים: זָבָד דער זון פון שִמְעָת דער עַמוֹנִית, און
יהוֹזָבָד דער זון פון שִמְרִית דער מוֹאָבִית.
[27]און זיינע זין, און די פיל נבֿואות איבער אים, און די
באַפעסטיקונג פון גאָטס הויז, זיי זיינען באַשריבן אין דעם
מִדרַש פון דעם בוך פון די מלכים. און זיין זון אַמַציָהו איז
געוואָרן מלך אויף זיין אָרט.

**כה** [1]צו פינף און צוואַנציק יאָר איז אַמַציָהו געוואָרן מלך,
און ניין און צוואַנציק יאָר האָט ער געקיניגט אין
ירושָלַיִם. און דער נאָמען פון זיין מוטער איז געווען יהוֹעַדָן
פון ירושָלַיִם. [2]און ער האָט געטאָן וואָס איז רעכטפאַרטיק
אין די אויגן פון גאָט, אָבער ניט מיט אַ גאַנצן האַרצן.
[3]און עס איז געווען, ווי די מלוכה איז געווען באַפעס־
טיקט ביי אים, אַזוי האָט ער געהרגעט זיינע קנעכט וואָס
האָבן דערשלאָגן זיין פאָטער דעם מלך. [4]אָבער זייערע
קינדער האָט ער ניט געטייט, נייערט אַזוי ווי עס שטייט
געשריבן אין דער תּוֹרה, אין דעם בוך פון משהן, וואָס גאָט
האָט באַפוילן, אַזוי צו זאָגן: פאָטערס זאָלן ניט געטייט
ווערן פאַר קינדער און קינדער זאָלן ניט געטייט ווערן

פאַר פּאָטערס; נייערט יעטוועדער פאַר זיין זינד זאָל גע־
טייט ווערן.
[5]און אַמַציָהו האָט אײַנגעזאַמלט יהודה, און האָט זיי
אויסגעשטעלט לויט די פּאָטערהייזער, לויט די הויפּטלייט
פון די טויזנטן און לויט די הויפּטלייט פון די הונדערטן,
גאַנץ יהודה און בנימין; און ער האָט זיי געציילט פון צוואַנ־
ציק יאָר אַלט און העכער, און האָט זיי געפונען דריי הונ־
דערט טויזנט געקליבענע מענער, וואָס קענען אַרויסגיין
אין חיל, וואָס האַלטן אַ שפּיז און אַ פּאַנצער. [6]און ער
האָט אָנגעדונגען פון ישׂראל הונדערט טויזנט העלדישע
גיבורים פאַר הונדערט צענטנער זילבער.
[7]און אַ געטלאַכער מאַן איז געקומען צו אים, אַזוי צו
זאָגן: מלך, זאָל דער חיל פון ישׂראל ניט גיין מיט דיר, ווייל
גאָט איז ניט מיט ישׂראל, מיט אַלע קינדער פון אפרים.
[8]וואָרום אַז דו וועסט גיין, מעגסטו פירן ווי שטאַרק די
מלחמה, וועט דיך גאָט מאַכן פאַלן פאַר דעם פיינט, ווייל
ביי גאָט איז די מאַכט צו העלפן און צו מאַכן פאַלן. [9]האָט
אַמַציָהו געזאָגט צו דעם געטלאַכן מאַן: אָבער וואָס טוט
מען וועגן די הונדערט צענטנער וואָס איך האָב געגעבן
דער מחנה פון ישׂראל? האָט דער געטלאַכער מאַן געזאָגט:
גאָט קען דיר געבן מער ווי דאָס. [10]האָט זיי אַמַציָהו אָפּ־
געזונדערט, די מחנה וואָס איז צו אים געקומען פון אפרים,
אויף צו גיין אַהיים; און זייער צאָרן האָט זייער געגרימט
אויף יהודה, און זיי האָבן זיך אומגעקערט אַהיים אין גרימ־
צאָרן.
[11]און אַמַציָהו האָט זיך געשטאַרקט, און ער האָט אָנ־
געפירט זיין פאָלק, און ער איז געגאַנגען צום טאָל פון זאַלץ,
און האָט געשלאָגן פון די קינדער פון שׂעיר צען טויזנט.

12און צען טויזנט האָבן די קינדער פון יהודה געפאַנגען לעבעדיקערהייט, און זיי האָבן זיי געבראַכט אויפן שפּיץ פעלז, און זיי אַראָפּגעוואָרפן פון שפּיץ פעלז, ביז זיי זיינען אַלע צעהאַקט געוואָרן.

13אָבער די לייט פון דער מחנה וואָס אַמַציָהו האָט אומגעקערט פון צו גיין מיט אים אין דער מלחמה, האָבן זיך צעשפּרייט איבער די שטעט פון יהודה, פון שומרון און ביז בית־חורון, און זיי האָבן פון זיי געשלאָגן דריי טויזנט, און האָבן געראַובט פיל רויב.

14און עס איז געווען, נאָכדעם ווי אַמַציָהו איז געקומען פון שלאָגן די אַדומים, האָט ער געבראַכט די געטער פון די קינדער פון שֵׂעִיר, און האָט זיי זיך אויפגעשטעלט פאַר געטער, און ער פלעגט זיך בוקן פאַר זיי, און רייכערן צו זיי. 15האָט דער צאָרן פון גאָט געגרימט אויף אַמַציָהון, און ער האָט געשיקט צו אים אַ נביא, און ער האָט צו אים געזאָגט: נאָכוואָס זוכסטו די געטער פון דעמדאָזיקן פאָלק, וואָס האָבן ניט מציל געווען זייער פאָלק פון דיין האַנט? 16און עס איז געווען, אַז ער האָט גערעדט צו אים, האָט [דער מלך] צו אים געזאָגט: האָבן מיר דיך פאַר דעם יועץ פון מלך געמאַכט? הער דיר אויף; נאָכוואָס זאָל מען דיך שלאָגן? האָט דער נביא אויפגעהערט, און ער האָט געזאָגט: איך ווייס אַז גאָט האָט באַראָטן דיך אומצוברענגען, ווייל דו האָסט דאָס געטאָן, און האָסט ניט צוגעהערט צו מיין עצה.

17און אַמַציָהו דער מלך פון יהודה האָט זיך באַקלערט, און האָט געשיקט צו יוֹאָש דעם זון יהוֹאָחָז דעם זון פון יֵהוּאן, דעם מלך פון ישׂראל, אַזוי צו זאָגן: קום לאָמיר זיך אָנקוקן אין פּנים.

[18]האָט יואָש דער מלך פון ישׂראל געשיקט צו אַמַציָהו
דעם מלך פון יהודה, אַזוי צו זאָגן: דער דאָרן וואָס אין
לבָנון האָט געשיקט צו דעם צעדערבוים וואָס אין לבָנון,
אַזוי צו זאָגן: גיב דיין טאָכטער צו מיין זון פאַר אַ ווייב.
איז פאַרבייגעגאַנגען אַ ווילדע חיה וואָס אין לבָנון, און האָט
צעטראָטן דעם דאָרן. [19]דו קלערסט, אָט האָסט געשלאָגן
אֱדוֹם, און דיין האַרץ האָט דיך דערהויבן זיך צו באַרימען.
זיץ אַצונד אין דער היים. נאָכוואָס זאָלסטו זיך רייצן מיט
אומגליק, און פאַלן דו און יהודה מיט דיר.
[20]אָבער אַמַציָהו האָט ניט צוגעהערט; וואָרום דאָס איז
געווען פון גאָט, כּדי זיי צו געבן אין דער האַנט [פון זייערע
פיינט], ווייל זיי האָבן געזוכט די געטער פון אֱדוֹם. [21]און
יואָש דער מלך פון ישׂראל איז אַרויפגעגאַנגען, און ער און
אַמַציָהו דער מלך פון יהודה האָבן זיך אָנגעקוקט אין פּנים
אין בֵּית־שֶׁמֶש וואָס געהערט צו יהודה. [22]און יהודה איז
געשלאָגן געוואָרן פאַר ישׂראל, און זיי זיינען אַנטלאָפן
איטלאַכער צו זיינע געצעלטן.
[23]און אַמַציָהו דעם מלך פון יהודה, דעם זון פון יואָש
דעם זון פון יהוֹאָחָז, האָט יואָש דער מלך פון ישׂראל גע־
כאַפּט אין בֵּית־שֶׁמֶש, און האָט אים געבראַכט קיין ירושָׁלַיִם;
און ער האָט דורכגעבראָכן די מויער פון ירושָׁלַיִם פון דעם
טויער פון אפרים ביז דעם ווינקלטויער, פיר הונדערט
איילן. [24]און [ער האָט צוגענומען] דאָס גאַנצע גאָלד און
זילבער, און אַלע כּלים, וואָס האָבן זיך געפונען אין הויז
פון גאָט אונטער עוֹבֵד־אֱדוֹמען, און די אוצרות פון דעם
מלכס הויז, און מַשכּון־קינדער, און האָט זיך אומגעקערט
קיין שומרון.
[25]און אַמַציָהו דער זון פון יואָשן, דער מלך פון יהודה,

האָט געלעבט נאָך דעם טויט פון יואָש דעם זון פון יהואָחָזן,
דעם מלך פון ישׂראל, פופצן יאָר.
26און די איבעריקע זאַכן װעגן אַמַציָהון, די ערשטע
אַזױ װי די לעצטע, זײ זײנען שױן באַשריבן אין בוך פון די
מלכים פון יהודה און ישׂראל. 27און פון דער צײַט אָן װאָס
אַמַציָהו האָט זיך אָפּגעקערט פון הינטער גאָט, האָט מען
געבונטעװעט אַ בונט אױף אים אין ירושָלַיִם; און ער איז
אַנטלאָפן קײן לָכיש, אָבער מע האָט נאָכגעשיקט נאָך אים
קײן לָכיש, און מע האָט אים דאָרטן געטײט. 28און מע האָט
אים געבראַכט אױף פערד, און מע האָט אים באַגראָבן
לעבן זײנע עלטערן אין דער שטאָט יהודה.

כו 1און דאָס גאַנצע פאָלק פון יהודה האָט גענומען עוזִיָהון,
װאָס איז געװען זעכצן יאָר אַלט, און זײ האָבן אים גע־
מאַכט פאַר אַ מלך אױף דעם אָרט פון זײן פאָטער אַמַציָהון.
2ער האָט אַרומגעבױט אֵילוֹת און האָט זי אומגעקערט
צו יהודה, נאָכדעם װי דער מלך האָט זיך געלײגט מיט
זײנע עלטערן.
3זעכצן יאָר איז עוזִיָהו אַלט געװען, אַז ער איז געװאָרן
מלך, און צװײ און פופציק יאָר האָט ער געקיניגט אין
ירושָלַיִם. און דער נאָמען פון זײן מוטער איז געװען יכָליָה
פון ירושָלַיִם.
4און ער האָט געטאָן װאָס איז רעכטפאַרטיק אין די אױגן
פון גאָט, אַזױ װי אַלץ װאָס זײן פאָטער אַמַציָהו האָט געטאָן.
5און ער האָט זיך אָפּגעלײגט אױף זוכן גאָט אין די טעג
פון זכַריָהון, װאָס איז געװען פאַרשטאַנדיק אין דער זעאונג
פון גאָט; און אין די טעג װאָס ער האָט געזוכט יהוה האָט
אים גאָט באַגליקט.

6און ער איז אַרויסגעגאַנגען און האָט מלחמה געהאַלטן
מיט די פּלִשתּים, און האָט אײַנגעבראָכן די מויער פֿון גַת,
און די מויער פֿון יַבנֶה, און די מויער פֿון אַשדוֹד, און געבויט
שטעט אַרום אַשדוֹד, און צווישן די פּלִשתּים. 7און גאָט
האָט אים געהאָלפֿן אַקעגן די פּלִשתּים, און אַקעגן די אַראַ־
בער, וואָס זײַנען געזעסן אין גור־בַּעַל, און די מְעונים. 8און
די עַמוֹנים האָבן געגעבן מתּנות צו עוּזִיָהון; און זײַן שם איז
געגאַנגען ביז מע קומט קיין מִצרַיִם, וואָרום ער איז געווען
שטאַרק ביז גאָר. 9און עוּזִיָהו האָט געבויט טורעמס אין
ירוּשָלַיִם בײַם ווינקלטויער, און בײַם טויער פֿון טאָל, און
בײַם עק, און ער האָט זיי באַפֿעסטיקט. 10און ער האָט
געבויט טורעמס אין דער מדבּר, און האָט אויסגעהאַקט
פֿיל ברונימער, וואָרום ער האָט געהאַט פֿיל פֿי אי אין דער
נידערונג, אי אין דעם פֿלאַכלאַנד; [און ער האָט געהאַט]
אַקערלײַט און גערטענירער אויף די בערג, און אין כַּרמֶל,
וואָרום ער איז געווען אַ ליבהאָבער פֿון ערד.
11און עוּזִיָהו האָט געהאַט אַ חיל פֿון קריגסלײַט וואָס
זײַנען אַרויסגעגאַנגען אויף מלחמה אין מחנות, לויט דעם
מספּר פֿון זייער ציילונג דורך דער האַנט פֿון יְעִיאֵל דעם
שרײַבער, און מַעֲשֵׂיָהו דעם אויפֿזעער, אונטער דער האַנט
פֿון חֲנַניָהון, איינעם פֿון די האַרן פֿון מלך. 12די גאַנצע
צאָל פֿון די הויפּטן פֿון פֿאָטערהײַזער, די העלדישע
גיבּוֹרים, איז געווען צוויי טויזנט און זעקס הונדערט. 13און
אונטער זייער האַנט איז געווען אַ קריגס־חיל פֿון דרײַ
הונדערט טויזנט און זיבן טויזנט און פֿינף הונדערט וואָס
האָבן געהאַלטן מלחמה מיט שטאַרקן כּוֹח, צו העלפֿן דעם
מלך אַקעגן דעם פֿײַנט. 14און עוּזִיָהו האָט צוגעגרייט פֿאַר
זיי, פֿאַר דעם גאַנצן חיל, שילדן, און שפּיזן, און קיווערס,

און פֿאַנצערס, און בויגנס, און שליידערשטיינער. 15און ער
האָט געמאַכט אין ירושָלַיִם קונציקע געשטעלן, אויסגע־
טראַכט פֿון אַ מייַנסטער, צו זיין אויף די טורעמס און אויף
די שפּיצן, אויף צו שיסן מיט פֿײַלן און מיט גרויסע שטיינער;
און זיין שם איז אַרויסגעגאַנגען ביז אין מֶרחַקים, וואָרום
ער איז וווּנדערלאַך געהאָלפֿן געוואָרן, ביז ער איז געוואָרן
שטאַרק.

16אָבער ווי ער איז שטאַרק געוואָרן, האָט זיין האַרץ
זיך דערהויבן ביז צום פֿאַרדאָרבן ווערן, און ער האָט
געפֿעלשט אָן גאָט זיין האַר, און ער איז אַרייַנגעגאַנגען אין
הֵיכל פֿון גאָט צו רייכערן אויף דעם מזבח פֿאַר ווייַרויך.
17איז אַרייַנגעגאַנגען נאָך אים עֲזַריָהו דער כֹּהן, און מיט
אים אַכציק כֹּהנים פֿון גאָט, העלדישע יונגען. 18און זיי האָבן
זיך געשטעלט פֿאַר דעם מלך עוּזִיָהו, און זיי האָבן צו אים
געזאָגט: ניט פֿאַר דיר, עוּזִיָהו, איז רייכערן צו גאָט, נאָר
פֿאַר די כֹּהנים, די קינדער פֿון אַהרן, וואָס זיינען געהייליקט
אויף צו רייכערן. גיי אַרויס פֿון הייליקטום, וואָרום דו
האָסט געפֿעלשט, און דאָס וועט דיר ניט זיין צום כּבוד ביי
גאָט דעם האַר. 19האָט עוּזִיָהו געצערנט; און אין זיין האַנט
איז געווען אַ רייכערפֿאַן אויף צו רייכערן; און ווי ער האָט
געצערנט אויף די כֹּהנים, אַזוי האָט אַ צרעת אויסגעבראָכן
אויף זיין שטערן, פֿאַר די כֹּהנים אין גאָטס הויז, לעבן דעם
מזבח פֿאַר ווייַרויך. 20און עֲזַריָהו דער כֹּהן־גָדול און אַלע
כֹּהנים האָבן זיך אומגעקוקט, ערשט ער איז מצוֹרע אויף
זיין שטערן; האָבן זיי אים אויף גיך אַוועקגענומען פֿון דאָרטן,
און אויך ער האָט זיך געאײַלט אַרויסצוגיין, ווייל גאָט האָט
אים געפּלאָגט.

21און דער מלך עוּזִיָהו איז געווען מצוֹרע ביז דעם טאָג

פון זיין טויט; און ער איז געזעסן אין אַן אָפּגעזונדערטן
הויז, אַ מצורע; וואָרום ער איז אָפּגעשניטן געוואָרן פון
גאָטס הויז. און זיין זון יותָם איז געווען איבער דעם מלכס
הויז; ער האָט געמשפּט דאָס פאָלק פון לאַנד.
[22]און די איבעריקע זאַכן וועגן עוזיָהון, די ערשטע אַזוי
ווי די לעצטע, האָט באַשריבן ישַעיָהו הנביא דער זון פון
אָמוצן.
[23]און עוזיָהו האָט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, און
מע האָט אים באַגראָבן ביי זיינע עלטערן אין דעם קבר־
פעלד פון די מלכים, וואָרום זיי האָבן געזאָגט: ער איז אַ
מצורע. און זיין זון יותָם איז געוואָרן מלך אויף זיין אָרט.
כז [1]פינף און צוואַנציק יאָר איז יותָם אַלט געווען, אַז
ער איז געוואָרן מלך, און זעכצן יאָר האָט ער גע־
קיניגט אין ירושָלַים. און דער נאָמען פון זיין מוטער איז
געווען ירושָה די טאָכטער פון צָדוקן.
[2]און ער האָט געטאָן וואָס איז רעכטפאַרטיק אין די
אויגן פון גאָט, אַזוי ווי אַלץ וואָס זיין פאָטער עוזיָהו האָט
געטאָן; נאָר ער איז ניט אַריינגעגאַנגען אין הֵיכל פון גאָט.
אָבער דאָס פאָלק איז נאָך אַלץ געווען פאַרדאָרבן.
[3]ער האָט געבויט דעם אויבערשטן טויער פון גאָטס
הויז, און אין דער מויער פון עוֹפֶל האָט ער פיל געבויט.
[4]און ער האָט געבויט שטעט אין די בערג פון יהודה, און
אין די וועלדער האָט ער געבויט פּאַלאַצן און טורעמס.
[5]און ער האָט מלחמה געהאַלטן מיט דעם מלך פון די קינ־
דער פון עַמון, און האָט זיי איבערגעשטאַרקט, און די קינ־
דער פון עַמון האָבן אים געגעבן אין יענעם יאָר הונדערט
צענטנער זילבער, און צען טויזנט כּור ווייץ, און גערשטן
צען טויזנט. דאָס אייגענע האָבן אים די קינדער פון עַמון

געבראַכט אויך אויפֿן צווייטן יאָר און אויפֿן דריטן. 6און
יותם איז געוואָרן שטאַרק, וואָרום ער האָט אויפגעפּאַסט
זיינע וועגן פֿאַר גאָט זיין האַר.
7און די איבעריקע זאַכן וועגן יותמען, און אַלע זיינע
מלחמות, און זיינע פירונגען, זיי זיינען באַשריבן אין בוך
פֿון די מלכים פֿון ישׂראל און יהודה.
8פינף און צוואַנציק יאָר איז ער אַלט געווען, אַז ער איז
געוואָרן מלך, און זעכצן יאָר האָט ער געקיניגט אין ירושָלַיִם.
9און יותם האָט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, און
מע האָט אים באַגראָבן אין דודס־שטאָט. און זיין זון אָחָז
איז געוואָרן מלך אויף זיין אָרט.

כח 1צוואַנציק יאָר איז אָחָז אַלט געווען, אַז ער איז גע־
וואָרן מלך, און זעכצן יאָר האָט ער געקיניגט אין
ירושָלַיִם.
און ער האָט ניט געטאָן וואָס איז רעכטפאַרטיק אין די
אויגן פֿון גאָט, אַזוי ווי זיין פֿאָטער דוד. 2נאָר איז געגאַנגען
אין דעם וועג פֿון די מלכים פֿון ישׂראל. און ער האָט אויך
געמאַכט געגאָסענע בילדער צו די בַעַל־געטער. 3און ער
האָט געריייכערט אין דעם טאָל פֿון בֶּן־הִנוֹם, און האָט
פֿאַרברענט זיינע זין אין פייער, אַזוי ווי די אומווערדיקייטן
פֿון די פֿעלקער וואָס גאָט האָט פֿאַרטריבן פֿון פֿאַר די
די קינדער פֿון ישׂראל. 4און ער האָט געשלאַכט און גע־
רייכערט אויף די בָמות, און אויף די בערגלאַך, און אונ־
טער יעטוועדער צווייגהאַפֿטיקן בוים. 5און גאָט זיין האַר
האָט אים געגעבן אין דער האַנט פֿון דעם מלך פֿון אַרָם;
און זיי האָבן אים געשלאָגן, און האָבן געפֿאַנגען פֿון אים אַ
גרויס געפֿאַנגענשאַפֿט, און געבראַכט קיין דַרמֶשֶׂק. און

אויך אין דער האַנט פון דעם מלך פון ישׂראל איז ער גע־
געבן געוואָרן, און ער האָט אים געשלאָגן אַ גרויסן שלאַק.
[6]און פֶּקַח דער זון פון רמַלְיָהוּן האָט אויסגעהרגעט אין
יהודה הונדערט און צוואַנציק טויזנט אין איין טאָג, אַלע
העלדישע יונגען; פאַרוואָס זיי האָבן פאַרלאָזן גאָט דעם האַר
פון זייערע עלטערן. [7]און זִכרי דער גיבור פון אפרים
האָט געהרגעט מַעֲשֵׂיָהוּ דעם זון פון מלך, און עַזריקָם דעם
פירשט פון הויז, און אֶלקָנָה דעם שֵׁני־לַמֶלֶך. [8]און די קינ־
דער פון ישׂראל האָבן געפאַנגען פון זייערע ברידער צוויי
הונדערט טויזנט ווייבער, זין, און טעכטער, און אויך פיל
זאַקרויב האָבן זיי גערויבט פון זיי, און געבראַכט דעם זאַק־
רויב קיין שוֹמרוֹן.

[9]און דאָרטן איז געווען אַ נביא פון גאָט וואָס זיין נאָמען
איז געווען עוֹדֵד; איז ער אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגן דעם חיל
וואָס איז געקומען קיין שוֹמרוֹן, און ער האָט צו זיי געזאָגט:
זעט, פון וועגן דעם גרימצאָרן פון גאָט דעם האַר פון אײַ־
ערע עלטערן אויף יהודה האָט ער זיי געגעבן אין אײַער
האַנט, אָבער איר האָט זיי געהרגעט מיט אַ צאָרן וואָס
גרייכט ביז צום הימל. [10]און אַצונד ווילט איר די קינדער
פון יהודה און ירושָלַיִם באַצווינגען פאַר קנעכט און פאַר
דינסטן צו אײַך. זיינען דען ניטאָ אַפילו בײַ אײַך אַליין
פאַרשולדיקונגען אַקעגן גאָט אײַער האַר? [11]דרום הערט
מיך צו אַצונד, און קערט אום די געפאַנגענשאַפט וואָס איר
האָט געפאַנגען פון אײַערע ברידער, וואָרום דער גרימצאָרן
פון גאָט איז אויף אײַך.

[12]האָבן עטלאַכע פון די הויפּטלייט פון די קינדער פון
אפרים, עַזַריָהוּ דער זון פון יהוֹחָנָנען, בֶּרֶכיָהוּ דער זון פון
משִׁלֵמוֹתן, און יחִזקִיָהוּ דער זון פון שַׁלוּמען, און עֲמָשָׂא

דער זון פון חַדלַין, זיך אויפגעשטעלט אַקעגן די וואָס
זײַנען געקומען פון דער מלחמה. [13]און זיי האָבן צו זיי
געזאָגט: איר זאָלט ניט ברענגען אַהער די געפאַנגענע,
וואָרום אַ פאַרשולדיקונג אַקעגן גאָט ווילט איר ברענגען
אויף אונדז, נאָך צוצולייגן צו אונדזערע זינד און צו אונדזער
פאַרשולדיקונג; וואָרום גרויס איז אונדזער פאַרשולדיקונג
און אַ גרימצאָרן איז אויף ישׂראל.

[14]האָבן די באַוואָפנטע אַוועקגעלאָזט די געפאַנגענע
און דעם רויב, פאַר די פירשטן און דער גאַנצער אײַנואַמ־
לונג. [15]און די מענער וואָס זײַנען אָנגערופן געוואָרן מיט די
נעמען, זײַנען אויפגעשטאַנען, און האָבן גענומען די גע־
פאַנגענע, און אַלע זייערע נאַקעטע האָבן זיי באַקליידט
פון דעם זאַקרויב; און אַז זיי האָבן זיי באַקליידט און זיי
באַשוכט, און זיי געגעבן עסן און טרינקען, און זיי באַזאַלבט,
האָבן זיי אַלע זייערע שוואַכע אַוועקגעפירט אויף אייזלען,
און זיי געבראַכט קיין יריחו דער שטאָט פון טייטלבוימער,
צו זייערע ברידער, און האָבן זיך אומגעקערט קיין שומרון.

[16]אין יענער צײַט האָט דער מלך אָחָז געשיקט צו די
מלכים פון אַשור, זיי זאָלן אים העלפן. [17]וואָרום די
אַדוֹמים זײַנען ווידער געקומען, און האָבן געשלאָגן יהודה
און געפאַנגען געפאַנגענע. [18]און די פּלִשתּים האָבן זיך
צעשפּרייט אין די שטעט פון דער נידערונג, און פון דָרום
יהודה, און זיי האָבן באַצוווּנגען בֵית־שֶמֶש, און אַיָלוֹן, און
גְדֵרוֹת, און שׂוֹכוֹ מיט אירע טעכטערשטעט, און תִּמְנָה מיט
אירע טעכטערשטעט, און גִמזוֹ מיט אירע טעכטערשטעט;
און זיי האָבן זיך דאָרטן באַזעצט. [19]וואָרום גאָט האָט
געמאַכט אונטערטעניק יהודה פון וועגן אָחָז דעם מלך
פון ישׂראל, ווײַל ער האָט געווילדעוועט אין יהודה און

געפּעלשט אַ פּעלשונג אָן גאָט. 20און תִּלְגַת־פִּלְנֶסֶר, דער
מלך פון אַשור, איז געקומען אויף אים, און האָט אים גע־
דריקט און אים ניט געשטאַרקט. 21וואָרום אָחָז האָט אויס־
געליידיקט דאָס הויז פון גאָט, און דאָס הויז פון דעם מלך
און די פירשטן, און אַוועקגעגעבן דעם מלך פון אַשור,
אָבער עס האָט אים ניט געהאָלפן.
22און אין דער צייט וואָס אים האָט צוגעדריקט האָט
ער נאָך מער געפּעלשט אָן גאָט, דערדאָזיקער מלך אָחָז.
23און ער האָט געשלאַכט צו די געטער פון דַרמֶשֶׂק וואָס
האָט אים געשלאָגן, און ער האָט געזאָגט: ווייל די געטער
פון די מלכים פון אַרָם העלפן זיי, דרום וועל איך שלאַכטן
צו זיי, אַז זיי זאָלן מיר העלפן. און זיי זיינען געווען אַ
שטרויכלונג פאַר אים און פאַר גאַנץ ישׂראל. 24און אָחָז
האָט אַיינגעזאַמלט די כּלים פון גאָטס הויז, און האָט צע־
האַקט די כּלים פון גאָטס הויז, און פאַרשלאָסן די טירן
פון גאָטס הויז, און זיך געמאַכט מזבחות אויף יעטוועדער
ווינקל אין ירושָלַיִם. 25און אין יעטוועדער שטאָט פון יהודה
האָט ער געמאַכט בָּמות אויף צו רייכערן צו פרעמדע גע־
טער, און האָט דערצערנט יהוה דעם גאָט פון זיינע עלטערן.
26און די איבעריקע זאַכן וועגן אים, און אַלע זיינע
פירונגען, די ערשטע אַזוי ווי די לעצטע, זיי זיינען באַשריבן
אין בוך פון די מלכים פון יהודה און ישׂראל.
27און אָחָז האָט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, און
מע האָט אים באַגראָבן אין שטאָט, אין ירושָלַיִם; וואָרום
מע האָט אים ניט געבראַכט אין די קברים פון די מלכים
פון ישׂראל. און זיין זון יְחִזְקִיָהוּ איז געוואָרן מלך אויף
זיין אָרט.

כט 1יחִזקִיָהו איז געוואָרן מלך צו פינף און צוואַנציק יאָר,
און ניין און צוואַנציק יאָר האָט ער געקיניגט אין
ירושָלַיִם. און דער נאָמען פון זיין מוטער איז געווען אַבִיָה
די טאָכטער פון זכַריָהון.
2און ער האָט געטאָן וואָס איז רעכטפאַרטיק אין די
אויגן פון גאָט, אַזוי ווי אַלץ וואָס זיין פאָטער דוד האָט גע־
טאָן. 3ער האָט אין ערשטן יאָר פון זיין מלוכה, אין ערשטן
חודש, געעפנט די טירן פון גאָטס הויז, און זיי פאַרריכט.
4און ער האָט געבראַכט די כֹהנים און די לֵוִיִים, און האָט
זיי אײַנגעזאַמלט אויף דעם ברייטן פּלאַץ אין מזרח. 5און
ער האָט צו זיי געזאָגט: הערט מיך צו, לֵוִיִים, הייליקט אײַך
אַצונד, און הייליקט דאָס הויז פון גאָט דעם האַר פון אײַ־
ערע עלטערן, און טראָגט אַרויס די אומריינִיקייט פון
הייליקטום. 6וואָרום אונדזערע עלטערן האָבן געפעלשט,
און האָבן געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט
אונדזער האַר, און האָבן אים פאַרלאָזן, און אַוועקגעדרייט
זייער פּנים פון גאָטס מִשכּן, און צוגעקערט דעם רוקן.
7זיי האָבן אויך פאַרשלאָסן די טירן פון פאָדערהויז, און פאַר־
לאָשן די ליכט, און קיין ווייריך האָבן זיי ניט געריכערט,
און קיין בראַנדאָפּפער האָבן זיי ניט אויפגעבראַכט אין
הייליקטום צום גאָט פון ישׂראל. 8און דער צאָרן פון גאָט
איז געווען אויף יהודה און ירושָלַיִם, און ער האָט זיי גע־
מאַכט פאַר אַ גרויל, פאַר אַ שרעק, און פאַר אַ שמוצערונג,
אַזוי ווי איר זעט מיט אײַערע אויגן. 9און אָט זיינען אונדזערע
עלטערן געפאַלן דורכן שווערד, און אונדזערע זין, און
אונדזערע טעכטער, און אונדזערע ווייבער, זיינען אין
געפאַנגענשאַפט איבער דעם. 10אַצונד איז אין מיין האַרצן
צו שליסן אַ בונד צו גאָט דעם האַר פון ישׂראל, כּדי זיין

גרימצאָרן זאָל זיך אָפּקערן פון אונדז. [11]מײַנע קינדער,
איר זאָלט אַצונד ניט זײַן אָפּגעלאָזט, וואָרום אײַך האָט גאָט
אויסדערווײלט צו שטײן פאַר אים, אים צו באַדינען, און
זײַן צו אים דינער און רײכערן.
[12]זײַנען אויפגעשטאַנען די לְוִיִים: מַחַת דער זון פון
עֲמָשַׂין, און יוֹאֵל דער זון פון עֲזַרְיָהוּן, פון די קינדער פון
די קְהָתִים; און פון די קינדער פון מְרָרִי, קִיש דער זון פון
עַבְדִין, און עֲזַרְיָהוּ דער זון פון יְהַלֶלְאֵלן; און פון די גֵרשוּנים,
יוֹאָח דער זון פון זִמָּהן, און עֵדֶן דער זון פון יוֹאָחן; [13]און
פון די קינדער פון אֱלִיצָפָן, שִׁמְרִי, און יְעִיאֵל; און פון די
קינדער פון אָסָף, זְכַרְיָהוּ, און מַתַּנְיָהוּ; [14]און פון די קינדער
פון הֵימָן, יְחִיאֵל, און שִׁמְעִי; און פון די קינדער פון ידותון,
שְׁמַעְיָה, און עֻזִּיאֵל. [15]און זײ האָבן אײַנגעזאַמלט זײערע
ברידער, און זײ האָבן זיך געהײליקט, און זײַנען געקומען
אַזוי ווי דעם מלכס באַפעל לויט די ווערטער פון גאָט, צו
רײניקן דאָס הויז פון גאָט. [16]און די כֹּהנים זײַנען אַרײַנ־
געגאַנגען אינעווײניק אין הויז פון גאָט, צו רײניקן, און זײ
האָבן אַרויסגעטראָגן די גאַנצע טומאָה וואָס זײ האָבן געפונען
אין דעם טעמפּל פון גאָט, אין הויף פון גאָטס הויז; און די
לְוִיִים האָבן עס צוגענומען אַרויסצוטראָגן דרויסן צום טײך
קִדרוֹן. [17]און זײ האָבן אָנגעהויבן הײליקן אין ערשטן טאָג
פון ערשטן חודש, און אין אַכטן טאָג פון חודש זײַנען זײ גע־
קומען אין דעם פאָדערהויז פון גאָט; און זײ האָבן געהײ־
ליקט דאָס הויז פון גאָט אין אַכט טעג; און אין זעכצנטן טאָג
פון ערשטן חודש האָבן זײ געענדיקט. [18]און זײ זײַנען אַרײַנ־
געגאַנגען אינעווײניק [אין פּאַלאַץ] צום מלך חִזְקִיָהוּ, און
האָבן געזאָגט: מיר האָבן גערײניקט דאָס גאַנצע הויז פון
גאָט, און דעם מזבח פאַר בראַנדאָפּפער און אַלע זײַנע

כלים, און דעם טיש פֿאַר דער אויסלייגונג [פֿון ברויט] און
אַלע זײַנע כּלים. 19און אַלע כּלים וואָס דער מלך אָחָז האָט
אַוועקגעוואָרפֿן אין זײַן מלוכה, ווען ער האָט געפֿעלשט,
האָבן מיר צורעכטגעמאַכט און געהייליקט, און אָן זײַנען זיי
פֿאַר דעם מזבח פֿון גאָט.

20האָט זיך געפֿעדערט דער מלך יחִזקִיָהו, און ער
האָט אײַנגעזאַמלט אַלע האַרן פֿון שטאָט, און ער איז אַרויפֿ־
געגאַנגען אין גאָטס הויז. 21און מע האָט געבראַכט זיבן
אָקסן, און זיבן ווידערס, און זיבן שעפּסן, און זיבן ציגנבעק,
פֿאַר אַ זינדאָפּפֿער פֿאַר דער מלוכה, און פֿאַר דעם
הייליקטום, און פֿאַר יהודה. און ער האָט געהייסן די
קינדער פֿון אַהרן, די כֹּהנים, זיי אויפֿבּרענגען אויף דעם
מזבח פֿון גאָט. 22און זיי האָבן געשאָכטן די רינדער, און די
כֹּהנים האָבן צוגענומען דאָס בלוט, און געשפּרענגט אויפֿן
מזבח; און זיי האָבן געשאָכטן די שעפּסן, און געשפּרענגט
דאָס בלוט אויפֿן מזבח. 23און מע האָט גענענט די בעק
פֿון זינדאָפּפֿער פֿאַר דעם מלך און דער אײַנזאַמלונג, און
זיי האָבן אָנגעלעגט אויף זיי זייערע הענט. 24און די כֹּהנים
האָבן זיי געשאָכטן, און האָבן אַרויפֿגעטאָן זייער בלוט
פֿאַר אַ זינדאָפּפֿער אויפֿן מזבח, כּדי מכפּר צו זײַן אויף
גאַנץ ישׂראל; וואָרום דער מלך האָט אָנגעזאָגט אַז פֿאַר
גאַנץ ישׂראל זאָל זײַן דאָס בראַנדאָפּפֿער און דאָס זינד־
אָפּפֿער.

25און ער האָט געשטעלט די לוִיִים אין גאָטס הויז מיט
צימבלען, מיט גיטאַרן, און מיט האַרפֿן, לויט דעם באַפֿעל
פֿון דודן, און גָד דעם מלכס זעער, און נָתָן דעם נביא;
וואָרום דער באַפֿעל איז געווען פֿון גאָט דורך זײַנע נביאים.
26און די לוִיִים זײַנען געשטאַנען מיט די כּלֵי־זֶמֶר פֿון דודן,

און די כֹּהנים מיט טרומייטן. 27און חִזקִיָהו האָט געהייסן
אויפברענגען דאָס בראַנדאָפּפער אויפן מזבח, און בעת
דאָס בראַנדאָפּפער האָט זיך אָנגעהויבן, האָט זיך אָנגעהויבן
דאָס געזאַנג פון גאָט מיט די טרומייטן, און אין איינעם מיט
די כלי־זֶמֶר פון דוד דעם מלך פון ישׂראל. 28און די גאַנצע
איינזאַמלונג האָט זיך געבוקט, און די זינגערס האָבן געזונגען,
און די טרומייטן האָבן געטרומייטערט—דאָס אַלץ האָט
אָנגעהאַלטן ביז דאָס בראַנדאָפּפער האָט זיך געענדיקט.
29און ווי מע האָט געענדיקט אויפברענגען, האָט דער
מלך און אַלע וואָס האָבן זיך געפונען מיט אים, געקניט און
זיך געבוקט. 30און דער מלך יחִזקִיָהו און די האַרן האָבן
געהייסן די לֵוִיִם לויבן גאָט אין די ווערטער פון דודן און
אָסָף דעם זעער, און זיי האָבן געלויבט מיט שׂמחה, און
האָבן זיך גענייגט און זיך געבוקט.
31און יחִזקִיָהו האָט זיך אָפּגערופן און האָט געזאָגט:
אַצונד האָט איר דערפילט אײַער האַנט[א] צו גאָט; גענענט,
און ברענגט שלאַכטאָפּפער און דאַנקאָפּפער אין הויז פון
גאָט. און די איינזאַמלונג האָט געבראַכט שלאַכטאָפּפער
און דאַנקאָפּפער, און איטלעכער וואָס זײַן האַרץ איז געווען
ווייליק—בראַנדאָפּפער. 32און די צאָל פון די בראַנדאָפּפער
וואָס די איינזאַמלונג האָט געבראַכט, איז געווען זיבעציק
רינדער, הונדערט ווידערס, צוויי הונדערט שעפּסן; די
אַלע פאַר אַ בראַנדאָפּפער צו גאָט. 33און די געהייליקטע
זײַנען געווען זעקס הונדערט רינדער, און דריי טויזנט שאָף.
34אָבער די כֹּהנים זײַנען געווען צו ווייניק, און זיי האָבן ניט
געקענט אָפּשינדן אַלע בראַנדאָפּפער; האָבן זייערע ברי־
דער די לֵוִיִם זיי אונטערגעהאָלפן ביז די אַרבעט איז געווען
געענדיקט, און ביז די כֹּהנים האָבן זיך געהייליקט; וואָרום

[א] ד. ה. זיך איינגעווייט.

די לוִיִם זיינען געווען רעכטפאַרטיקער אין האַרצן זיך צו הייליקן פון די כֹּהנים.
35און אויך בראַנדאָפּפער זיינען געווען לרוב, מיט פעטס פון פרידאָפּפער, און מיט גיסאָפּפער צו די בראַנד־אָפּפער.
אַזוי איז אַיינגעשטעלט געוואָרן דער דינסט פון גאָטס הויז. 36און יחזקִיָהו און דאָס גאַנצע פאָלק האָבן זיך געפרייט איבער דעם וואָס גאָט האָט אָנגעברייט פאַר דעם פאָלק, וואָרום די זאַך איז געשען פּלוצלינג.

ל 1און יחזקִיָהו האָט געשיקט צו גאַנץ ישׂראל און יהודה, און ער האָט אויך געשריבן בריוו צו אפרים און מנשה, צו קומען אין הויז פון גאָט אין ירושָלַיִם צו מאַכן דעם קָרבן־
פֶּסַח צו גאָט דעם האַר פון ישׂראל. 2און דער מלך און זיינע האַרן און די גאַנצע עדה אין ירושָלַיִם האָבן זיך
באַקלערט צו מאַכן דעם קָרבן־פֶּסַח אין צווייטן חודש.
3וואָרום זיי האָבן אים ניט געקענט מאַכן אין יענער צייט,[א]
ווייל ניט גענוג כֹּהנים האָבן זיך געהאַט געהייליקט, און דאָס
פאָלק איז ניט געווען אַיינגעזאַמלט אין ירושָלַיִם. 4און די
זאַך איז געווען גלייך אין די אויגן פון מלך, און אין די אויגן
פון דער גאַנצער עדה. 5און זיי האָבן באַשטימט די זאַך,
אַרויסצולאָזן אַן אויסרוף אין גאַנץ ישׂראל, פון באֵר־שֶבַע
און ביז דָן, צו קומען מאַכן קָרבן־פֶּסַח צו גאָט דעם האַר
פון ישׂראל אין ירושָלַיִם; וואָרום מע האָט אים שוין פון לאַנג
ניט געהאַט געמאַכט אַזוי ווי עס שטייט געשריבן.
6און די לויפערס זיינען געגאַנגען מיט בריוו פון דער
האַנט פון מלך און זיינע האַרן, דורך גאַנץ ישׂראל און יהודה,
און לויט דעם באַפעל פון דעם מלך, אַזוי צו זאָגן: קינדער

א ד. ה. אין ערטשן חודש.

פון ישׂראל, קערט אײַך אום צו גאָט דעם האַר פון אַברהם,
יצחק, און ישׂראל, כּדי ער זאָל זיך אומקערן צו די אַנט־
רונענע וואָס זײַנען אײַך געבליבן פון דער האַנט פון די
מלכים פון אַשור. [7]און איר זאָלט ניט זײַן אַזוי ווי אײַערע
פאָטערס, און אַזוי ווי אײַערע ברידער, וואָס האָבן גע־
פעלשט אָן גאָט דעם האַר פון זײַערע עלטערן, און ער האָט
זיי געמאַכט פאַר אַ בײַזוווּנדער, אַזוי ווי איר זעט. [8]אַצונד,
זאָלט איר ניט האַרט מאַכן אײַער נאַקן אַזוי ווי אײַערע
עלטערן; גיט די האַנט צו גאָט, און קומט אין זײַן הייליקטום
וואָס ער האָט געהייליקט אויף אײביק, און דינט גאָט אײַער
האַר, כּדי זײַן גרימצאָרן זאָל זיך אָפּקערן פון אײַך.
[9]וואָרום אַז איר וועט זיך אומקערן צו גאָט, וועלן אײַערע
ברידער און אײַערע זין קריגן דערבאַרימונג בײַ זײַערע
פאַנגערס, און זיך אומקערן צו דעמדאָזיקן לאַנד, וואָרום
דערבאַרימדיק און לײַטזעליק איז גאָט אײַער האַר, און
ער וועט ניט אָפּקערן דעם פּנים פון אײַך, אַז איר וועט זיך
אומקערן צו אים.
[10]און די לויפערס זײַנען געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט
דורך לאַנד אפרים און מנשה, און ביז זבולון; אָבער מע
האָט געלאַכט פון זיי און געשפּעט פון זיי. [11]נאָר טייל
פון אָשר און מנשה און זבולון זײַנען געוואָרן אונטערטעניק,
און זײַנען געקומען קיין ירושָלַיִם. [12]אויך אין יהודה איז
געווען די האַנט פון גאָט זיי צו געבן איין האַרץ צו טאָן דעם
באַפעל פון דעם מלך און די האַרן, לויט דעם וואָרט פון
גאָט.
[13]און עס האָבן זיך אויפגעקליבן אין ירושָלַיִם אַ סך
פאָלק צו מאַכן דעם יום־טוב פון מצות אין צווייטן חודש—
זײַער אַ גרויסע אײַנזאַמלונג. [14]און זיי זײַנען אויפגעשטאַנען

און האָבן אָפּגעטאָן די מזבחות וואָס אין ירושָׁלַיִם, און אַלע
רייכערערטער האָבן זיי אָפּגעטאָן, און אַריינגעוואָרפֿן
אין טייך קִדרוֹן. [15]און זיי האָבן געשאָכטן דעם קָרבן־פֶּסַח
אין פערצנטן טאָג פון צווייטן חודש; און די כֹּהנים און די
לְוִיִם האָבן זיך געשעמט, און זיי האָבן זיך געהייליקט, און
געבראַכט בראַנדאָפּפער אין הויז פון גאָט. [16]און זיי זיינען
געשטאַנען אויף זייער אָרט, אַזוי ווי זייער דין, לויט דער
תּוֹרה פון משה דעם געטלאַכן מאַן; די כֹּהנים האָבן גע־
שפּרענגט דאָס בלוט פון דער האַנט פון די לְוִיִם. [17]וואָרום
אַ סך זיינען געווען אין דער אַיינזאַמלונג וואָס האָבן זיך ניט
געהייליקט; דרום זיינען די לְוִיִם געווען איבער דער שעכ־
טונג פון דעם קָרבן־פֶּסַח פאַר איטלאַכן וואָס איז ניט ריין,
כּדי צו הייליקן צו גאָט. [18]ווייל דאָס רֹוב פון דעם פאָלק,
צומייניסט פון אפרים און מנשה, יִשָׂשכָר און זבולון, האָבן
זיך ניט געריייניקט; נאָר זיי האָבן געגעסן דעם קָרבן־פֶּסַח
ניט ווי עס שטייט געשריבן, ווייל יחִזקִיָהו האָט מתפּלל געווען
אויף זיי, אַזוי צו זאָגן: גאָט דער גוטער זאָל מכפּר זיין אויף
[19]איטלאַכן וואָס האָט געקערט זיין האַרץ צו זוכן גאָט יהוה,
דעם גאָט פון זיינע עלטערן, הגם ניט לויט דער ריינקייט
וואָס מע דאַרף ביי הייליקייט. [20]און גאָט האָט צוגעהערט
יחִזקִיָהון, און ער האָט פאַרשוינט דאָס פאָלק.

[21]און די קינדער פון ישׂראל וואָס האָבן זיך געפונען אין
ירושָׁלַיִם, האָבן געמאַכט דעם יוֹם־טוב פון מצות זיבן טעג
מיט גרויס שׂמחה; און די לְוִיִם און די כֹּהנים האָבן געלויבט
גאָט טאָג אין טאָג, מיט שטאַרקע כּלֵי־זֶמֶר צו גאָט. [22]און
יחִזקִיָהו האָט גערעדט צום האַרצן פון די לְוִיִם וואָס
זיינען געווען וווילפאַרשטאַנדיק וועגן גאָט. און זיי האָבן
געגעסן די זיבן טעג פון יוֹם־טוב, שלאַכטנדיק שלאַכט־

אָפּפער, און דאַנקענדיק גאָט דעם האַר פון זייערע על־
טערן.
23און די גאַנצע אײַנזאַמלונג האָט זיך באַקלערט צו
מאַכן נאָך אַנדערע זיבן טעג; און זיי האָבן געמאַכט זיבן
טעג אַ שׂמחה. 24וואָרום דער מלך חִזקִיָהו האָט מנדב געווען
פאַר דער אײַנזאַמלונג טויזנט אָקסן און זיבן טויזנט שאָף,
און די האַרן האָבן מנדב געווען פאַר דער אײַנזאַמלונג
טויזנט אָקסן און צען טויזנט שאָף, און פיל כֹּהנים האָבן זיך
געהייליקט. 25און די גאַנצע אײַנזאַמלונג פון יהודה, און
די כֹּהנים און די לְוִיִם, און די גאַנצע אײַנזאַמלונג וואָס איז
געקומען פון ישׂראל, און די פרעמדע וואָס זײַנען געקומען
פון לאַנד ישׂראל, אָדער וואָס זײַנען געזעסן אין יהודה,
האָבן זיך געפרייט. 26און עס איז געווען אַ גרויסע שׂמחה
אין ירושָלַיִם, וואָרום פון די טעג פון שלמה דעם זון פון
דודן, דעם מלך פון ישׂראל, איז אַזויוואָס ניט געווען אין
ירושָלַיִם. 27און די כֹּהנים און די לְוִיִם זײַנען אויפגעשטאַנען
און האָבן געבענטשט דאָס פאָלק, און זייער קָול איז צו־
געהערט געוואָרן, און זייער תּפילה איז געקומען צו זײַן
הייליקער וווינונג, אין הימל.
לא 1און אַז מע האָט דאָס אַלץ געענדיקט, זײַנען אַרויס־
געגאַנגען אַלע ישׂראל וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען,
צו די שטעט פון יהודה, און זיי האָבן צעבראָכן די זײַלשטיי־
נער, און אָפּגעהאַקט די געצנבוימער, און אײַנגעוואָרפן די
בָמות און די מזבחות, פון גאַנץ יהודה און בנימין, און אין
אפרים און מנשה, ביז צום פאַרלענדן. און אַלע קינדער
פון ישׂראל האָבן זיך אומגעקערט איטלאַכער צו זײַן אייגנ־
טום אין זייערע שטעט.
2און יחִזקִיָהו האָט באַשטימט די אָפּטיילונגען פון די

כֹּהנים און די לְוִיִם לויט זייערע אָפּטיילונגען, איטלאַכן ווי
נאָך זיין דינסט, סיי די כֹּהנים סיי די לְוִיִם, פאַר בראַנד־
אָפּפּער, און פאַר פרידאָפּפּער, אויף צו דינען, און צו
דאַנקען און לויבן אין די טויערן פון גאָטס לאַגערן; [3]און
דעם מלכס צושטייער פון זיין פאַרמעג פאַר די בראַנד־
אָפּפּער—פאַר די בראַנדאָפּפּער פון אין דער פרי און פון
אָוונט, און די בראַנדאָפּפּער פון די שבתים, און פון ראשׁ־
חודש, און פון די יָום־טובים, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן
אין דער תּורה פון גאָט. [4]און ער האָט אָנגעזאָגט דעם
פאָלק, די באַוווינער פון ירושָלַיִם, צו געבן דעם טייל פון
די כֹּהנים און די לְוִיִם, כּדי זיי זאָלן זיך האַלטן אָן דער
תּורה פון גאָט. [5]און ווי דאָס וואָרט איז פאַרשפּרייט גע־
וואָרן, אַזוי האָבן די קינדער פון ישׂראל געבראַכט פיל
ערשטע פון תּבואה, ווין, און אייל, און האָניק, און אַלערליי
איינקום פון פעלד, און מעשׂר פון אַלצדינג האָבן זיי גע־
בראַכט לרוב. [6]און די קינדער פון ישׂראל און יהודה וואָס
זיינען געזעסן אין די שטעט פון יהודה, זיי אויך האָבן גע־
בראַכט מעשׂר פון רינדער און שאָף, און מעשׂר פון די
הייליקע גאָבן וואָס זיינען געהייליקט געוואָרן צו גאָט זייער
האַר; און זיי האָבן אָנגעלייגט הויפנס־הויפנסווייז. [7]אין
דריטן חודש האָט מען אָנגעהויבן לייגן דעם גרונט פון די
הויפנס, און אין זיבעטן חודש האָט מען געענדיקט. [8]זיינען
געקומען יחִזקִיָהו און די האַרן, און זיי האָבן באַקוקט די
הויפנס, און האָבן געבענטשט גאָט און זיין פאָלק ישׂראל.
[9]און יחִזקִיָהו האָט געפרעגט די כֹּהנים און די לְוִיִם וועגן די
הויפנס. [10]האָט אים געענטפערט עֲזַרְיָהו דער כֹּהן־גָדול
פון דעם הויז פון צָדוק, און האָט געזאָגט: זינט מע האָט
אָנגעהויבן ברענגען די אָפּשיידונג אין הויז פון גאָט, האָבן

מיר געגעסן צו זאַט, און נאָך איבערגעלאָזט פיל; וואָרום
גאָט האָט געבענטשט זיין פאָלק; און וואָס איז איבערגע־
בליבן איז דידאָזיקע הורבע.
[11]האָט יחִזקִיָהו געהייסן צוגרייטן קאַמערן אין גאָטס
הויז, און מע האָט צוגעגרייט. [12]און מע האָט ערלאַך אַריינ־
געבראַכט די אָפּשיידונג, און דעם מעשׂר, און די הייליקע
גאָבן; און דער אָנפירער איבער זיי איז געווען כָּנַניָהו דער
לֵוִי, און זיין ברודער שִׁמעִי, דער צווייטער. [13]און יחיאֵל,
און עֲזַזיָהו, און נַחַת, און עֲשָׂהאֵל, און ירימוֹת, און יוֹזָבָד,
און אֶליאֵל, און יִסמַכיָהו, און מַחַת, און בּנָיָהו, זיינען געווען
אויפזעערס אונטער דער האַנט פון כָּנַניָהון און זיין ברודער
שִׁמעִין, לויט דעם באַפעל פון דעם מלך יחִזקִיָהו און עֲזַריָהו
דעם פירשט פון גאָטס הויז. [14]און קוֹרֵא דער זון פון יִמנָה,
דער לֵוִי, דער טויערמאַן אין מזרח, איז געווען איבער די
נדבות צו גאָט, אויף פאַנאַנדערצוטיילן די אָפּשיידונג פון
גאָט און די גאָר הייליקע גאָבן. [15]און אונטער אים איז
געווען עֵדֶן, און מִניָמין, און יֵשוּעַ, און שמַעיָהו, אֲמַריָהו, און
שכַניָהו, אין די שטעט פון די כֹּהנים, כּדי ערלאַך צו געבן
צו זייערע ברידער לויט די אָפּטיילונגען, אַזוי דעם גרויסן
אַזוי דעם קליינעם.–[16]אַחוץ צו די וואָס זיינען געווען פאַר־
צייכנט פון מאַנספאַרשוינען, פון דריי יאָר אַלט און העכער,
אַלע וואָס קומען אין הויז פון גאָט לויט דעם טאָגטעגלאַכן
באַדאַרף צו זייער דינסט אויף זייערע וואַכן לויט זייערע
אָפּטיילונגען. [17]און די פאַרצייכעניש פון די כֹּהנים לויט
זייערע פאָטערהייזער, און פון די לוִיִים, פון צוואַנציק יאָר
אַלט און העכער, איז געווען לויט זייערע וואַכן אין זייער
אָפּטיילונגען–[18]און צו די וואָס זיינען געווען פאַרצייכנט פון
אַלע זייערע קליינע קינדער, זייערע ווייבער, און זייערע

זין, און זייערע טעכטער—צו דער גאַנצער עדה; וואָרום אין
זייער ערלאַכקייט האָבן זיי זיך געהייליקט צום הייליקן
דינסט. [19]און פֿאַר די קינדער פֿון אַהרן, די כּהנים, אין
די אָפֿענע פֿעלדער פֿון זייערע שטעט, זיינען געווען אין
איטלאַכער שטאָט מענטשן וואָס זיינען געווען אָנגערופֿן מיט
די נעמען, צו געבן חלקים צו אַלע מאַנספּאַרשוינען צווישן
די כּהנים, און צו אַלע וואָס זיינען געווען פֿאַרצייכנט צווישן
די לוִיִם.
[20]און אַזוי האָט יחִזקִיָהו געטאָן אין גאַנץ יהודה. און
ער האָט געטאָן וואָס איז גוט און רעכטפֿאַרטיק און וואָר־
האַפֿטיק פֿאַר גאָט זיין האַר. [21]און אין איטלאַכער זאַך
וואָס ער האָט אָנגעהויבן אין דעם דינסט פֿון גאָטס הויז,
און אין דער תּוֹרה און אין דעם געבאָט, כּדי צו זוכן גאָט
זיין האַר, האָט ער מיט זיין גאַנצן האַרצן געאַרבעט, און
האָט באַגליקט.

לב [1]נאָך דידאָזיקע געשעענישן און טריישאַפֿט, איז געקו־
מען סַנחֵריב דער מלך פֿון אַשור, און ער איז אַריין אין
יהודה, און האָט געלעגערט אויף די באַפֿעסטיקטע שטעט,
און ער האָט זיי געוואָלט איינברעכן פֿאַר זיך. [2]און ווי
יחִזקִיָהו האָט געזען אַז סַנחֵריב איז געקומען, און זיין פּנים
איז אויף מלחמה אַקעגן ירושָלַיִם, [3]האָט ער אַן עצה געהאַלטן
מיט זיינע האַרן און זיינע גיבּוֹרים וועגן פֿאַרשטאָפּן די וואַ־
סערן פֿון די קוואַלן וואָס אויסן שטאָט; און זיי האָבן אים
געהאָלפֿן. [4]און עס האָבן זיך איינגעזאַמלט פֿיל פֿאָלק,
און זיי האָבן פֿאַרשטאָפּט אַלע קוואַלן, און דעם טייך וואָס
פֿליסט דורכן מיטן לאַנד, אַזוי צו זאָגן: נאַכסאָל זאָלן די
מלכים פֿון אַשור קומען און געפֿינען אַ סך וואַסער? [5]און
ער האָט זיך געשטאַרקט, און האָט פֿאַרבויט די גאַנצע

אַײנגעבראָכענע מויער, און זי אַרויפֿגעבראַכט ביז די
טורעמס, און נאָך אַן אַנדער מויער דערויסן; און ער האָט
באַפֿעסטיקט מִלוא אין דודס־שטאָט, און ער האָט געמאַכט
וואָפֿן לרוב און שילדן. 6און ער האָט געמאַכט הויפּטלײַט
פֿון מלחמה איבערן פֿאָלק, און האָט זײ אַײנגעזאַמלט צו
זיך אויפֿן ברײטן פּלאַץ בײַם שטאָטטויער, און ער האָט
גערעדט צו זײער האַרצן, אַזוי צו זאָגן: 7זײַט שטאַרק און
פֿעסט; איר זאָלט ניט מורא האָבן און ניט אַנגסטן פֿאַר דעם
מלך פֿון אַשור, און פֿאַר דעם גאַנצן המון וואָס מיט אים,
וואָרום מיט אונדז איז אַ גרעסערער ווי מיט אים. 8מיט
אים איז אַן אָרעם פֿון פֿלײש, און מיט אונדז איז גאָט אונדזער
האַר, אונדז צו העלפֿן און צו פֿירן אונדזערע מלחמות.
און דאָס פֿאָלק האָט זיך פֿאַרלאָזט אויף די ווערטער פֿון
יחִזקִיָהו דעם מלך פֿון יהודה.
9נאָכדעם האָט סַנחֵריב דער מלך פֿון אַשור געשיקט
זײַנע קנעכט קײן ירושָלַיִם–און ער איז געווען בײַ לָכיש,
און זײַן גאַנצע ממשלה מיט אים–צו יחִזקִיָהו דעם מלך פֿון
יהודה, און צו גאַנץ יהודה וואָס אין ירושָלַיִם, אַזוי צו זאָגן:
10אַזוי האָט געזאָגט סַנחֵריב דער מלך פֿון אַשור: אויף וואָס
פֿאַרזיכערט איר אײַך, און זיצט אין באַלעגערונג אין
ירושָלַיִם? 11פֿאַרוואָר, יחִזקִיָהו רעדט אײַך אײַן, כּדי אײַך
צו לאָזן שטאַרבן פֿון הונגער און פֿון דאָרשט; אַזוי צו זאָגן:
יהוה אונדזער גאָט וועט אונדז מציל זײַן פֿון דער האַנט
פֿון דעם מלך פֿון אַשור. 12איז דאָס ניט דער יחִזקִיָהו וואָס
האָט אָפּגעטאָן זײַנע בָמות און זײַנע מזבחות, און האָט גע־
זאָגט צו יהודה און צו ירושָלַיִם, אַזוי צו זאָגן: פֿאַר אײן
מזבח זאָלט איר זיך בוקן, און אויף אים זאָלט איר רײכערן?
13ווײסט איר דען ניט וואָס איך און מײַנע עלטערן האָבן

געטאָן צו אַלע אומות פון די לענדער? האָבן די געטער פון
די פעלקער פון די לענדער געקענט מציל זיין זייער לאַנד
פון מיין האַנט? 14ווער איז צווישן אַלע געטער פון דידאָזיקע
פעלקער וואָס מיינע עלטערן האָבן פאַרוויסט, וואָס האָט
געקענט מציל זיין זיין פאָלק פון מיין האַנט, אַז אייער גאָט
זאָל אייך קענען מציל זיין פון מיין האַנט? 15און אַצונד,
זאָל אייך חִזקִיָהו ניט נאַרן, און זאָל ער אייך ניט אײַנרעדן
אַזויוואָס, און איר זאָלט אים ניט גלויבן, וואָרום קיין גאָט
פון קיין פאָלק אָדער קיניגרייך האָט ניט געקענט מציל זיין
זיין פאָלק פון מיין האַנט, און פון דער האַנט פון מיינע
עלטערן, וועט אײַער גאָט אײַך געוויס ניט מציל זיין פון
מיין האַנט.

16און זיינע קנעכט האָבן נאָך מער גערעדט אויף גאָט
דעם האַר, און אויף יחִזקִיָהו זיין קנעכט. 17און אַ בריוו האָט
ער געשריבן צו לעסטערן גאָט דעם האַר פון ישׂראל, און
צו רעדן קעגן אים, אַזוי צו זאָגן: אַזוי ווי די געטער פון די
אומות פון די לענדער, וואָס האָבן ניט מציל געווען זייער
פאָלק פון מיין האַנט, אַזוי וועט דער גאָט פון יחִזקִיָהו ניט
מציל זיין זיין פאָלק פון מיין האַנט. 18און זיי האָבן אויס־
גערופן אויף אַ הויכן קָול, אויף יהודיש, צו דעם פאָלק פון
ירושָלַיִם וואָס אויף דער מויער, זיי איבערצושרעקן און זיי
צו צעטומלען, כּדי זיי זאָלן קענען באַצווינגען די שטאָט.
און זיי האָבן גערעדט וועגן דעם גאָט פון ירושָלַיִם אַזוי ווי
וועגן די געטער פון די פעלקער פון דער ערד, געמאַכט
פון מענטשנס הענט.

20האָט דער מלך יחִזקִיָהו, און ישַעְיָהו הנביא דער זון
פון אָמוֹצן, מתפּלל געווען וועגן דעם, און זיי האָבן געשריען
צום הימל. 21און גאָט האָט געשיקט אַ מלאַך, און ער האָט

פֿאַרטיליגט יעטוועדער העלדישן גיבור און אָנפֿירער און
הויפּטמאַן אין לאַגער פֿון דעם מלך פֿון אַשור; און ער האָט
זיך אומגעקערט מיט שאַנד אין פּנים צו זיין לאַנד. און ווי
ער איז אַריינגעגאַנגען אין הויז פֿון זיין גאָט, האָבן די וואָס
זיינען אַרויס פֿון זיינע אינגעווייד, אים דאָרטן געמאַכט
פֿאַלן מיטן שווערד.
[22]אַזוי האָט גאָט געהאָלפֿן יחִזקִיָהון און די באַוווינער
פֿון ירושָלַיִם פֿון דער האַנט פֿון סַנחֵריב דעם מלך פֿון
אַשור, און פֿון דער האַנט פֿון אַלעמען; און ער איז זיי בײַ־
געשטאַנען רונד אַרום. [23]און פֿיל האָבן געבראַכט געשאַנ־
קען צו גאָט קיין ירושָלַיִם, און טייערע מתּנות צו יחִזקִיָהו
דעם מלך פֿון יהודה, און ער איז דערהייכט געוואָרן אין
די אויגן פֿון אַלע פֿעלקער נאָך דעם.
[24]אין יענע טעג איז יחִזקִיָהו קראַנק געוואָרן ביז צום
שטאַרבן, און ער האָט מתפּלל געווען צו גאָט, און גאָט האָט
אים געענטפֿערט, און האָט אים געגעבן אַ צייכן. [25]אָבער
יחִזקִיָהו האָט ניט אומגעקערט אַזוי ווי אים איז געטאָן גע־
וואָרן, וואָרום זיין האַרץ האָט זיך דערהויבן, און עס איז
געווען אַ צאָרן אויף אים און אויף יהודה און ירושָלַיִם.
[26]האָט יחִזקִיָהו זיך אונטערטעניקט פֿון דער האָפֿערדיקייט
פֿון זיין האַרצן, ער און די באַוווינער פֿון ירושָלַיִם, און דער
צאָרן פֿון גאָט איז ניט געקומען אויף זיי אין די טעג פֿון
יחִזקִיָהון.
[27]און יחִזקִיָהו האָט געהאַט עושר און כּבוד זייער פֿיל,
און האָט זיך געמאַכט שאַצקאַמערן פֿאַר זילבער און פֿאַר
גאָלד, און פֿאַר טייערע שטיינער, און פֿאַר בשָׂמים, און פֿאַר
שילדן, און פֿאַר אַלערליי גלוסטיקע זאַכן; [28]און שפּייכלערס
פֿאַר דעם איינקום פֿון תּבואה, און וויין, און אייל; און שטאַלן

פאַר אַלערליי בהמות, און סטאַדעס אין געהעפטן. [29]און
ער האָט זיך אַיינגעשאַפט שטעט, און פי פון שאָף און רינ־
דער לרוב; וואָרום גאָט האָט אים געשאָנקען זייער אַ גרויס
פאַרמעג. [30]און דער אייגענער יחִזקִיָהו האָט פאַרשטאָפּט
דעם אויבערשטן אויסגאַנג פון די וואַסערן פון גיחון, און
האָט זיי געמאַכט גיין גלייך אַראָפּ צו מערב פון דודס־
שטאָט. און יחִזקִיָהו האָט באַגליקט אין זיין יעטוועדער
טואונג. [31]אָבער ביי די שלוחים פון די האַרן[א] פון בָבל
וואָס האָבן געשיקט צו אים נאָכצופרעגן וועגן דעם וווּנדער־
צייכן וואָס איז געשען אין לאַנד, האָט אים גאָט פאַרלאָזן,
אים צו פּרוּוון, כּדי צו וויסן אַלץ וואָס ביי אים אין האַרצן.
[32]און די איבעריקע זאַכן וועגן יחִזקִיָהון, און זיינע
חסָדים, זיי זיינען באַשריבן אין דער זעאונג פון ישַעְיָהו
הנביא דעם זון פון אָמוֹצן אין בוך פון די מלכים פון יהודה
און ישׂראל. [33]און יחִזקִיָהו האָט זיך געלייגט מיט זיינע
עלטערן, און מע האָט אים באַגראָבן אויף דעם אַרויפגאַנג
פון די קברים פון די קינדער פון דוד; און גאַנץ יהודה און
די באַוווינער פון ירושָלַיִם האָבן אים אָנגעטאָן כּבוד ביי
זיין טויט. און זיין זון מנשה איז געוואָרן מלך אויף זיין
אָרט.

## לג

[1]צוועלף יאָר איז מנשה אַלט געווען, אַז ער איז גע־
וואָרן מלך, און פינף און צוואַנציק יאָר האָט ער גע־
קיניגט אין ירושָלַיִם.
[2]און ער האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון
גאָט, אַזוי ווי די אומווערדיקייטן פון די פעלקער וואָס גאָט
האָט פאַרטריבן פון פאַר די קינדער פון ישׂראל. [3]און ער
האָט ווידער אָפּגעבויט די בָמות וואָס זיין פאָטער יחִזקִיָהו

א זע מלכים ב׳ כ, 13 און ווייטער.

האָט אַיינגעוואָרפן, און ער האָט אויפגעשטעלט מזבחות
צו די בַעַל־געטער, און האָט געמאַכט געצנבוימער, און זיך
געבוקט צו דעם גאַנצן חיל פון הימל, און זיי געדינט.
4און ער האָט געבויט מזבחות אין הויז פון גאָט, וואָס גאָט האָט
געזאָגט: אין ירושָלַיִם זאָל זיין מיין נאָמען אויף אייביק.
5און ער האָט געבויט מזבחות צו דעם גאַנצן חיל פון הימל
אין ביידע הויפן פון גאָטס הויז. 6און ער האָט געמאַכט
דורכגיין זיינע זין דורכן פייער[א] אין דעם טאָל פון בֶּן־הִנֹּום,
און ער האָט געברויכט צייכנזעעריי און געצויבערט, און
געמאַכט כישוף, און ער האָט אַיינגעשאַפט די וואָס וואָרזאָגן
מיט אַ גייסט אָדער אַ רוח. ער האָט געמערט צו טאָן וואָס
איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט, אים צו דערצערענען.
7און ער האָט אַריינגעשטעלט דעם געשניצטן געץ וואָס ער
האָט געמאַכט, אין הויז פון גאָט, וואָס גאָט האָט געזאָגט צו
דודן און צו זיין זון שלמהן: אין דעמדאָזיקן הויז, און אין
ירושָלַיִם, וואָס איך האָב אויסדערוויילט פון אַלע שבטים
פון ישׂראל, וועל איך טאָן מיין נאָמען אויף אייביק; 8און
איך וועל מער ניט אָפּטאָן דעם פוס פון ישׂראל פון דער
ערד וואָס איך האָב באַשערט פאַר אייערע עלטערן, אויב
זיי וועלן נאָר היטן צו טאָן אַלץ וואָס איך האָב זיי באַפוילן,
לויט דער גאַנצער תּורה און די חוקים און די געזעצן, דורך
משהן. 9און מנשה האָט פאַרפירט יהודה און די באַוווינער
פון ירושָלַיִם צו טאָן מער שלעכטס פון די פעלקער וואָס
גאָט האָט פאַרטיליגט פון פאַר די קינדער פון ישׂראל.
10און גאָט האָט גערעדט צו מנשהן און צו זיין פאָלק,
אָבער זיי האָבן ניט פאַרנומען. 11און גאָט האָט אויף זיי
געבראַכט די חיל־פירער פון דעם מלך פון אַשור, און זיי
האָבן באַצוווּנגען מנשהן מיט רינגען, און האָבן אים געשמידט

[א] ד. ה. פאַרברענען צום גאָט מולך.

אין קופּערנע קייטן, און אַוועקגעפירט קיין בָּבל. [12]און
אַז אים האָט צוגעדריקט, האָט ער געבעטן ביי גאָט זיין האַר,
און ער איז געוואָרן זייער אונטערטעניק פאַר דעם גאָט
פון זיינע עלטערן. [13]און ער האָט מתפּלל געווען צו אים;
און ער האָט זיך געלאָזט דערבעטן פון אים, און האָט צו־
געהערט זיין בקשה, און האָט אים אומגעקערט קיין ירושָלַיִם
צו זיין מלוכה; און מנשה האָט געוווּסט אַז יהוה איז גאָט.
[14]און נאָכדעם האָט ער געבויט אַן אויסנווייניקסטע
מויער צו דודס־שטאָט, אין מערב פון גיחון, אין טאָל, און
ביים איינגאַנג פון פישטויער; און ער האָט אַרומגערינגלט
דעם עוֹפֶל, און האָט זי געמאַכט זייער הויך. און ער האָט
אַריינגעזעצט חיל־פירער אין אַלע באַפעסטיקטע שטעט
אין יהודה. [15]און ער האָט אָפּגעטאָן די פרעמדע געטער,
און דעם געץ פון גאָטס הויז, און אַלע מזבחות וואָס ער
האָט געבויט אויף דעם באַרג פון גאָטס הויז, און אין
ירושָלַיִם; און ער האָט זיי אַרויסגעוואָרפן אויסן שטאָט.
[16]און ער האָט אויפגעבויט דעם מזבח פון יהוה, און האָט
געשלאַכט אויף אים שלאַכטאָפּפער און דאַנקאָפּפער; און
ער האָט אָנגעזאָגט יהודה צו דינען יהוה דעם גאָט פון ישׂראל.
[17]פאַרוואָר, דאָס פאָלק האָט נאָך אַלץ געשלאַכט אויף די
בָּמות, אָבער נאָר צו יהוה זייער גאָט.
[18]און די איבעריקע זאַכן וועגן מנשהן, און זיין תּפילה
צו זיין גאָט, און די ווערטער פון די זעערס וואָס האָבן צו
אים גערעדט אין נאָמען פון גאָט דעם האַר פון ישׂראל, זיי
זיינען דאָ אין די געשעענישן פון די מלכים פון ישׂראל.
[19]און זיין תּפילה, און ווי אַזוי [גאָט] האָט זיך געלאָזט דער־
בעטן פון אים, און זיין גאַנצע זינד און זיין פעלשונג, און די
ערטער וואָס ער האָט אין זיי געבויט בָּמות, און אויפגע־

שטעלט געצנבוימער און געשניצטע בילדער, איידער ער
איז געוואָרן אונטערטעניק, זיי זײַנען באַשריבן אין די ווער־
טער פֿון די זעערס.
[20]און מנשה האָט זיך געלייגט מיט זײַנע עלטערן, און
מע האָט אים באַגראָבן אין זײַן היים. און זײַן זון אָמון איז
געוואָרן מלך אויף זײַן אָרט.

[21]צוויי און צוואַנציק יאָר איז אָמון אַלט געווען, אַז ער
איז געוואָרן מלך, און צוויי יאָר האָט ער געקיניגט אין
ירושָלַיִם.
[22]און ער האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פֿון
גאָט אַזוי ווי זײַן פֿאָטער מנשה האָט געטאָן; און צו אַלע
געשניצטע בילדער וואָס זײַן פֿאָטער מנשה האָט געמאַכט,
האָט אָמון געשלאַכט, און זיי געדינט. [23]און ער איז ניט
אונטערטעניק געוואָרן פֿאַר גאָט אַזוי ווי זײַן פֿאָטער מנשה
איז אונטערטעניק געוואָרן, נאָר ער, אָמון, האָט אַלץ מער
זיך פֿאַרשולדיקט.
[24]און זײַנע קנעכט האָבן געמאַכט אַ בונט אויף אים,
און האָבן אים געטייט אין זײַן הויז. [25]און דאָס פֿאָלק פֿון
לאַנד האָט דערשלאָגן אַלע וואָס האָבן געמאַכט דעם בונט
אויף דעם מלך אָמון. און דאָס פֿאָלק פֿון לאַנד האָט
געמאַכט זײַן זון יאשִיָהו פֿאַר אַ מלך אויף זײַן אָרט.

לד [1]אַכט יאָר איז יאשִיָהו אַלט געווען, אַז ער איז געוואָרן
מלך, און איין און דרײַסיק יאָר האָט ער געקיניגט אין
ירושָלַיִם.
[2]און ער האָט געטאָן וואָס איז רעכטפֿאַרטיק אין די
אויגן פֿון גאָט, און איז געגאַנגען אין די וועגן פֿון זײַן פֿאָטער

דודן, און האָט זיך ניט אָפּגעקערט רעכטס אָדער לינקס.
3און אין אַכטן יאָר פון זיין מלוכה, אַז ער איז נאָך געווען
אַ אינגל, האָט ער אָנגעהויבן זוכן דעם גאָט פון זיין פאָטער
דודן; און אין צוועלפטן יאָר האָט ער אָנגעהויבן רייניקן
יהודה און ירושָלַיִם פון די בָּמות, און די געצנבוימער, און
די געשניצטע און די געגאָסענע בילדער. 4און מע האָט
אַײנגעוואָרפן פאַר אים די מזבחות פון די בַּעַל־געטער; און
די זונזיילן וואָס אויבן איבער זיי האָט ער אָפּגעהאַקט; און
די געשניצטע און די געגאָסענע בילדער האָט ער צעבראָכן
און צעשטויסן, און פאַנאַנדערגעשאָטן אויף די קברים פון
די וואָס האָבן געשלאַכט צו זיי. 5און די ביינער פון די
כֹּהנים האָט ער פאַרברענט אויף זייערע מזבחות, און ער
האָט גערייניקט יהודה און ירושָלַיִם. 6און אַזוי אין די
שטעט פון מנשה און אפרים און שמעון און ביז נפתּלי,
מיט זייערע אייגענע ברעכגעצייג, רונד אַרום. 7און ער
האָט אַײנגעוואָרפן די מזבחות, און די געצנבוימער, און די
געשניצטע בילדער האָט ער צעהאַקט אויף דין, און אַלע
זונזיילן האָט ער אָפּגעהאַקט אין גאַנצן לאַנד ישׂראל; און
ער האָט זיך אומגעקערט קיין ירושָלַיִם.

8און אין אַכצנטן יאָר פון זיין מלוכה, נאָכן רייניקן
דאָס לאַנד און דאָס הויז, האָט ער געשיקט שָפָן דעם זון
פון אַצַלְיָהון, און מַעֲשֵׂיָהו דעם האַר פון דער שטאָט, און
יוֹאָח דעם זון פון יוֹאָחָזן, דעם פאַרצייכענער, צו פאַרריכטן
דאָס הויז פון גאָט זיין האַר. 9און זיי זיינען געקומען צו
חִלְקִיָהו דעם כֹּהן־גָדול, און האָבן אָפּגעגעבן דאָס געלט
וואָס איז געבראַכט געוואָרן אין הויז פון גאָט, וואָס די לֵוִיִם,
די שוועלהיטערס, האָבן אויפגעזאַמלט פון דער האַנט פון
מנשה און אפרים, און פון גאַנצן איבערבלייב פון ישׂראל,

און פון גאַנץ יהודה און בנימין, און זיך אומגעקערט קיין
ירושָלַיִם. [10]און זיי האָבן עס געגעבן אויף דער האַנט פון
די ווערקמײַנסטער וואָס זיינען געווען געשטעלט אין הויז
פון גאָט; און די ווערקמייַנסטער וואָס האָבן געאַרבעט אין
הויז פון גאָט, האָבן עס אויסגעגעבן אויף צורעכטצומאַכן
און פאַרריכטן דאָס הויז פון גאָט, [11]און געגעבן צו די האָלצ־
מייַנסטער, און צו די בוימייַנסטער, אויף צו קויפן גע־
האַקטע שטיינער, און האָלץ פאַר לייסטן, און אויף צו
לייגן באַלקנס אויף די הייזער וואָס די מלכים פון יהודה
האָבן געלאָזט צעשטערט ווערן. [12]און די מענטשן האָבן
ערלאַך געטאָן די אַרבעט; און איבער זיי זיינען געווען גע־
שטעלט יַחַת, און עוֹבַדיָהו, די לוִיִים, פון די קינדער פון
מְרָרִי; און זכַריָה, און משוּלָם, פון די קינדער פון די קהָתִים,
אויף אויפצופּאַסן; און אַנדערע לוִיִים – איטלאַכער וואָס
האָט זיך פאַרשטאַנען אויף כּלֵי־זֶמֶר. [13]זיי זיינען אויך געווען
איבער די לאַסטטרעגער, און האָבן אויפגעפּאַסט אויף
אַלע וואָס האָבן געטאָן אַרבעט אין אַלערליי מלאָכות.
און טייל פון די לוִיִים זיינען געווען שרייבערס, און אויפ־
זעערס, און טויערלייט.

[14]און ווען זיי האָבן אַרויסגענומען דאָס געלט וואָס איז
געבראַכט געוואָרן אין הויז פון גאָט, האָט חִלקִיָהו דער
כֹּהן געפונען דאָס בוך פון גאָטס תּוֹרה געגעבן דורך משהן.
[15]האָט חִלקִיָהו זיך אָפּגערופן און האָט געזאָגט צו שָפָן דעם
שרייבער: איך האָב געפונען דאָס בוך פון גאָטס תּוֹרה אין
הויז פון גאָט. און חִלקִיָהו האָט געגעבן דאָס בוך צו שָפָנען.
[16]האָט שָפָן געבראַכט דאָס בוך צום מלך, און ער האָט
אויך געבראַכט דעם מלך אן ענטפער, אַזוי צו זאָגן: אַלץ
וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן אויף דער האַנט פון דיינע

קנעכט, טוען זיי. [17]און זיי האָבן אויסגעשאָטן דאָס געלט וואָס האָט זיך געפונען אין הויז פון גאָט, און האָבן עס גע־געבן אויף דער האַנט פון די געשטעלטע, און אויף דער האַנט פון די ווערקמײַנסטער.

[18]און שָפָן דער שרײַבער האָט דערציילט דעם מלך, אַזוי צו זאָגן: אַ בוך האָט מיר געגעבן חִלקִיָהו דער כֹהן. און שָפָן האָט דערפון געלייענט פאַר דעם מלך. [19]און עס איז געווען, ווי דער מלך האָט געהערט די ווערטער פון דער תּורה, אַזוי האָט ער צעריסן זײַנע קליידער. [20]און דער מלך האָט באַפוילן חִלקִיָהון, און אַחיקָם דעם זון פון שָפָנען, און עַבדוֹן דעם זון פון מיכָהן, און שָפָן דעם שרײַ־בער, און עַשָיָה דעם מלכס דינער, אַזוי צו זאָגן: [21]גייט פרעגט בײַ גאָט פאַר מיר, און פאַר די וואָס זײַנען איבער־געבליבן אין ישׂראל און אין יהודה, וועגן די ווערטער פון דעם געפונענעם בוך, וואָרום גרויס איז דער גרימצאָרן פון גאָט וואָס איז אויסגעגאָסן אויף אונדז, פאַרוואָס אונדזערע עלטערן האָבן ניט געהיט דאָס וואָרט פון גאָט, צו טאָן אַזוי ווי אַלץ וואָס שטייט געשריבן אין דעמדאָזיקן בוך.

[22]איז געגאַנגען חִלקִיָהו, און די וואָס דער מלך [האָט געהייסן], צו חוּלדָה דער נביאה, דער ווײַב פון שַלום דעם זון פון תָּקהַת, דעם זון פון חַסרָהן, דעם קליידערהיטער—און זי האָט געוווינט אין ירושָלַיִם, אין צווייטן שטאָטפערטל —און זיי האָבן אַזוי גערעדט צו איר. [23]האָט זי צו זיי געזאָגט: אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר פון ישׂראל: זאָגט צו דעם מאַן וואָס האָט אײַך געשיקט צו מיר: [24]אַזוי האָט גאָט געזאָגט: זע, איך ברענג אַן אומגליק אויף דעמדאָזיקן אָרט און אויף זײַנע באַוווינער—אַלע קללות וואָס שטייען גע־שריבן אין דעם בוך וואָס מע האָט געלייענט פאַר דעם

מלך פון יהודה. 25 דערפאַר וואָס זיי האָבן מיך פאַרלאָזן,
און האָבן גערייכערט צו פרעמדע געטער, כּדי מיך צו
דערצערענען מיט אַלע מעשׂים פון זייערע הענט, און מיין
גרימצאָרן איז אויסגעגאָסן אויף דעמדאָזיקן אָרט, און ער
וועט ניט פאַרלאָשן ווערן. 26 און צו דעם מלך פון יהודה
וואָס שיקט אײַך צו פרעגן ביי גאָט, צו אים זאָלט איר אַזוי
זאָגן: אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר פון ישׂראל: וועגן די
ווערטער וואָס דו האָסט געהערט, 27 איז, ווייל דיין האַרץ
איז דערווייכט געוואָרן, און דו ביסט געוואָרן אונטערטעניק
פאַר גאָט אַז דו האָסט געהערט זיינע ווערטער וועגן דעמ־
דאָזיקן אָרט און וועגן זיינע באַוווינער—ווייל דו ביסט גע־
וואָרן אונטערטעניק פאַר מיר, און האָסט צעריסן דיינע
קליידער, און האָסט געוויינט פאַר מיר, דרומעך האָב איך
צוגעהערט, זאָגט גאָט. 28 זע, איך זאַמל דיך אײַן צו דיינע
עלטערן, און דו וועסט אײַנגעזאַמלט ווערן אין דיין קבר
בשלום, און דיינע אויגן וועלן ניט זען אַלדאָס בייז וואָס איך
ברענג אויף דעמדאָזיקן אָרט און אויף זיינע באַוווינער.
און זיי האָבן געבראַכט צום מלך דעם ענטפער.
29 און דער מלך האָט געשיקט, און האָט אײַנגעזאַמלט
אַלע עלטסטע פון יהודה און ירושָלַיִם. 30 און דער מלך איז
אַרויפגעגאַנגען אין הויז פון גאָט, מיט אַלע מענער פון יהודה
און באַוווינער פון ירושָלַיִם, און די כֹּהנים און די לְוִיִם,
און דעם גאַנצן פאָלק פון קלענסטן ביזן גרעסטן. און ער
האָט געלייענט אין זייערע אויערן אַלע ווערטער פון דעם
בוך פון בונד וואָס איז געפונען געוואָרן אין הויז פון גאָט.
31 און דער מלך האָט זיך געשטעלט אויף זיין אָרט, און ער
האָט געשלאָסן אַ בונד פאַר גאָט, צו גיין נאָך גאָט, און צו
היטן זיינע געבאָט און זיינע אָנזאָגן און זיינע געזעצן, מיט זיין

גאַנצן האַרצן און מיט זײַן גאַנצער זעל, צו טאָן די ווערטער
פֿון דעם בונד וואָס שטייען געשריבן אין דעמדאָזיקן בוך.
[32]און ער האָט געמאַכט צושטיין אַלע וואָס האָבן זיך געפֿונען
אין ירושָלַיִם און בנימין; און די באַוווינער פֿון ירושָלַיִם
האָבן געטאָן אַזוי ווי דער בונד פֿון גאָט, דעם גאָט פֿון זײַ־
ערע עלטערן. [33]און יאשיָהו האָט אָפּגעטאָן אַלע אומ־
ווערדיקייטן פֿון אַלע לענדער פֿון די קינדער פֿון ישׂראל;
און ער האָט געמאַכט דינען אַלע וואָס האָבן זיך געפֿונען
אין ישׂראל, דינען גאָט דעם האַר פֿון זייערע עלטערן.
אַלע זײַנע טעג האָבן זיי זיך ניט אָפּגעקערט פֿון הינטער
גאָט זייער האַר.

לה [1]און יאשיָהו האָט געמאַכט אין ירושָלַיִם קָרבן־פֶּסַח
צו גאָט; און מע האָט געשאָכטן דעם קָרבן־פֶּסַח אין
פערצנטן טאָג פֿון ערשטן חודש. [2]און ער האָט געשטעלט
די כֹּהנים אויף זייערע וואַכן, און האָט זיי געשטאַרקט צו
דעם דינסט פֿון גאָטס הויז. [3]און ער האָט געזאָגט צו די
לוִיִם וואָס האָבן געלערנט גאַנץ ישׂראל, די וואָס זײַנען
געווען הייליק צו גאָט; שטעלט אַרײַן דעם הייליקן אָרון
אין דעם הויז וואָס שלמה דער זון פֿון דודן, דער מלך פֿון
ישׂראל, האָט געבויט; איר דאַרפֿט מער ניט טראָגן אויפֿן
אַקסל; אַצונד דינט גאָט אײַער האַר און זײַן פֿאָלק ישׂראל.
[4]און ברייט אײַך אָן נאָך אײַערע פֿאָטערהײַזער לויט אײַערע
אײַנטיילונגען אין דעם געשריפֿט פֿון דוד דעם מלך פֿון
ישׂראל, און אין דעם געשריפֿט פֿון זײַן זון שלמהן. [5]און
שטייט אין הייליקטום לויט די אָפּטיילונגען פֿון די פֿאָטער־
הײַזער פֿון אײַערע ברידער, די קינדער פֿון פֿאָלק, און
[פֿאַר איטלאַכער אָפּטיילונג] אַ טייל פֿון אַ פֿאָטערהויז פֿון
די לוִיִם. [6]און שעכט דעם קָרבן־פֶּסַח, און האַלט אײַך

הייליק, און גרייט צו פאַר אײַערע ברידער, כּדי צו טאָן אַזוי ווי דאָס וואָרט פון גאָט דורך משהן.
[7]און יאשִיָהו האָט אָפּגעשיידט פאַר די קינדער פון פאָלק שאָף: שעפּסן און יונגע ציגן–אַלץ פאַרן קָרבּן־פֶּסַח פאַר אַלע וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען–דרייסיק טויזנט אין צאָל, און רינדער דריי טויזנט. די דאָזיקע זיינען געווען פון דעם מלכס פאַרמעג. [8]און זיינע האַרן האָבן אָפּגעשיידט אַ נדבה פאַר דעם פאָלק, פאַר די כּהנים, און פאַר די לֵוִיִים. חִלקִיָהו, און זכַריָהו, און יחיאֵל, די פירשטן פון גאָטס הויז, האָבן געגעבן די כּהנים פאַרן קָרבּן־פֶּסַח צוויי טויזנט און זעקס הונדערט [שאָף], און רינדער דריי הונדערט. [9]און כָּנַניָהו, און שמַעְיָהו, און נתַנאֵל, זיינע ברי־דער, און חַשַביָהו, און יעִיאֵל, און יוֹזָבָד, די האַרן פון די לֵוִיִים, האָבן אָפּגעשיידט פאַר די לֵוִיִים פאַרן קָרבּן־פֶּסַח פינף טויזנט [שאָף], און רינדער פינף הונדערט.
[10]אַזוי איז צוגעגרייט געוואָרן דער דינסט, און די כּהנים האָבן זיך געשטעלט אויף זייער אָרט, און די לֵוִיִים אויף זייערע אָפּטיילונגען, לויט דעם באַפעל פון מלך. [11]און זיי האָבן געשאָכטן דעם קָרבּן־פֶּסַח, און די כּהנים האָבן געשפּרענגט דאָס בלוט פון זייער האַנט; און די לֵוִיִים האָבן אָפּגעשונדן. [12]און זיי האָבן אַוועקגענומען די טיילן וואָס דאַרפן אויפגעבראַכט ווערן, כּדי זיי צו געבן צו די אָפּטיי־לונגען פון די פאָטערהייזער פון די קינדער פון פאָלק אויף מקריב צו זיין צו גאָט, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן אין דעם בוך פון משהן; און דעסגלייכן מיט די רינדער. [13]און זיי האָבן געבראָטן דעם קָרבּן־פֶּסַח אויפן פייער, אַזוי ווי דער דין; און די געהייליקטע קרבנות האָבן זיי געקאָכט אין טעפּ, און אין קעסלען, און אין פאַנען, און פאַנאַנדער־

געטראָגן אויף גיך צו אַלע קינדער פון פאָלק. [14]און דערנאָך
האָבן זיי צוגעגרייט פאַר זיך און פאַר די כֹּהנים; וואָרום די
כֹּהנים, די קינדער פון אַהרן, זיינען געווען פאַרנומען מיט
אויפברענגען די טיילן וואָס דאַרפן אויפגעבראַכט ווערן
און דאָס פעטס ביז נאַכט; דרום האָבן די לוִיִם צוגעגרייט
אי פאַר זיך, אי פאַר כֹּהנים, די קינדער פון אַהרן.
[15]און די זינגערס, די קינדער פון אָסָף, זיינען געווען
אויף זייער אָרט, לויט דעם באַפעל פון דודן, און אָסָף,
און הֵימָן, און ידותון דעם מלכס זעער. און די טויערלייט
זיינען געווען ביי איטלאַכן טויער. זיי האָבן ניט גענדאַרפט
אָפּטרעטן פון זייער דינסט, וואָרום זייערע ברידער די
לוִיִם האָבן צוגעגרייט פאַר זיי.
[16]אַזוי איז צוגעגרייט געוואָרן דער גאַנצער דינסט פון
גאָט אין יענעם טאָג, צו מאַכן דעם קָרבן־פֶּסַח, און אויפ־
צוברענגען בראַנדאָפּפער אויפן מזבח פון גאָט, לויט דעם
באַפעל פון דעם מלך יאשִיָהו. [17]און די קינדער פון ישׂראל
וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען, האָבן געמאַכט דעם קָרבן־
פֶּסַח אין יענער צייט, און דעם יָום־טוב פון מצות זיבן טעג.
[18]און אַ קָרבן־פֶּסַח אַזאַ ווי דער איז ניט געמאַכט געוואָרן
פון די טעג פון שמואל דעם נביא אָן; און אַלע מלכים פון
ישׂראל האָבן ניט געמאַכט אַזאַ קָרבן־פֶּסַח ווי עס האָט
געמאַכט יאשִיָהו, און די כֹּהנים, און די לוִיִם, און גאַנץ
יהודה און ישׂראל וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען, און די
באַוווינער פון ירושָלַיִם. [19]אין אַכצנטן יאָר פון יאשִיָהוס
מלוכה איז געמאַכט געוואָרן דערדאָזיקער פֶּסַח.

[20]נאָך דעם אַלעם, אַז יאשִיָהו האָט געהאַט צוגעגרייט
דאָס הויז, איז אַרויפגעגאַנגען נכוֹ דער מלך פון מִצרַיִם,

מלחמה צו האַלטן אויף כּרכּמיש בײַם פּרָת, און יאשִיָהו
איז אַרויסגעגאַנגען אַקעגן אים. 21 האָט ער געשיקט שלוחים
צו אים, אַזוי צו זאָגן: וואָס קער איך זיך אָן מיט דיר, מלך
פון יהודה? ניט קעגן דיר איז דאָס הײַנט, נאָר קעגן דעם
הויז מיט וועמען איך בין אין מלחמה; און גאָט האָט אָנגע־
זאָגט מיך צו אײַלן; האַלט זיך אָפּ פון גאָט וואָס איז מיט מיר,
כּדי ער זאָל דיך ניט אומברענגען. 22 אָבער יאשִיָהו האָט
ניט אָפּגעקערט זײַן פּנים פון אים, נאָר מלחמה האַלטן מיט
אים האָט ער געזוכט[א]; און ער האָט ניט צוגעהערט צו די
ווערטער פון נכוֹ, פון גאָטס מויל אַרויס, און ער איז גע־
קומען מלחמה האַלטן אין דעם טאָל פון מגִדוֹ. 23 האָבן די
בויגנשיסערס געשאָסן אויף דעם מלך יאשִיָהו, און דער
מלך האָט געזאָגט צו זײַנע קנעכט: נעמט מיך אַוועק, וואָרום
איך בין שטאַרק פאַרווונדעט געוואָרן. 24 האָבן אים די
קנעכט אַראָפּגענומען פון זײַן רײַטוואָגן, און האָבן אים
אַרויפגעזעצט אויף דעם צווײטן רײַטוואָגן וואָס ער האָט
געהאַט, און אים אַוועקגעפירט קיין ירושָלַיִם. און ער איז
געשטאָרבן, און איז באַגראָבן געוואָרן אין די קברים פון
זײַנע עלטערן. און גאַנץ יהודה און ירושָלַיִם האָבן גע־
טרויערט אויף יאשִיָהון. 25 און יִרמִיָהו האָט געקלאָגט אויף
יאשִיָהון, און אַלע זינגערס און זינגערנס האָבן גערעדט אין
זייערע קלאָגלידער פון יאשִיָהון, ביז אויף הײַנט. און מע
האָט זיי געמאַכט פאַר אַ מִנהג אין ישׂראל, און זיי זײַנען
פאַרשריבן אין די קלאָגלידער.

26 און די איבעריקע זאַכן וועגן יאשִיָהון, און זײַנע חסָדים,
לויט ווי עס שטייט געשריבן אין דער תּוֹרה פון גאָט, 27 און
זײַנע אויפטוען, די ערשטע אַזוי ווי די לעצטע, זיי זײַנען
באַשריבן אין בוך פון די מלכים פון ישׂראל און יהודה.

א זע אָנמערקונגען.

לו 1און דאָס פֿאָלק פֿון לאַנד האָט גענומען יהואָחָז דעם
זון פֿון יאשיָהון, און זיי האָבן אים געמאַכט פֿאַר אַ
מלך אויף זיין פֿאָטערס אָרט, אין ירושָלַיִם.
2דריי און צוואַנציק יאָר איז יואָחָז אַלט געווען, אַז ער
איז געוואָרן מלך, און דריי חדשים האָט ער געקיניגט אין
ירושָלַיִם. 3און דער מלך פֿון מִצרַיִם האָט אים אַראָפּגע־
זעצט אין ירושָלַיִם, און האָט באַשטראָפֿט דאָס לאַנד מיט
הונדערט צענטנער זילבער און אַ צענטנער גאָלד.
4און דער מלך פֿון מִצרַיִם האָט געמאַכט זיין ברודער
אֶליָקים פֿאַר אַ מלך איבער יהודה און ירושָלַיִם, און ער
האָט אומגעביטן זיין נאָמען אויף יהויָקים. און זיין ברודער
יואָחָזן האָט נכו גענומען און אים געבראַכט קיין מִצרַיִם.

5פֿינף און צוואַנציק יאָר איז יהויָקים אַלט געווען, אַז
ער איז געוואָרן מלך, און עלף יאָר האָט ער געקיניגט אין
ירושָלַיִם.
און ער האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פֿון
גאָט זיין האַר.
6איז אַרויפֿגעגאַנגען אויף אים נבוכַדנֶצַר דער מלך פֿון
בָבל, און האָט אים געשמידט אין קופּערנע קייטן, כּדי אים
אַוועקצופֿירן קיין בָבל. 7אויך פֿון די כּלים פֿון גאָטס הויז
האָט נבוכַדנֶצַר געבראַכט קיין בָבל, און זיי אַריינגעשטעלט
אין זיין טעמפּל אין בָבל.
8און די איבעריקע זאַכן וועגן יהויָקימען, און זיינע אומ־
ווערדיקייטן וואָס ער האָט געטאָן, און וואָס מיט אים האָט
געטראָפֿן, דאָס איז באַשריבן אין בוך פֿון די מלכים פֿון
ישׂראל און יהודה.
און זיין זון יהויָכין איז געוואָרן מלך אויף זיין אָרט.

[9]אַכט יאָר איז יהוֹיָכין אַלט געווען, אַז ער איז געוואָרן
מלך, און דריי חדשים מיט צען טעג האָט ער געקיניגט אין
ירושָלַיִם.
און ער האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון
גאָט.
[10]און צום אומקער פון יאָר, האָט דער מלך נבוּכַדנֶצַר
געשיקט, און האָט אים געבראַכט קיין בָּבֶל, מיט די גלוס-
טיקע כּלים פון גאָטס הויז. און ער האָט געמאַכט זיין
ברודער צִדקִיָהון פאַר אַ מלך איבער יהודה און ירושָלַיִם.

[11]איין און צוואַנציק יאָר איז צִדקִיָהו אַלט געווען, אַז ער
איז געוואָרן מלך, און עלף יאָר האָט ער געקיניגט אין
ירושָלַיִם.
[12]און ער האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון
גאָט; ער איז ניט אונטערטעניק געוואָרן פאַר יִרמִיָהו דעם
נביא [וואָס האָט גערעדט] פון גאָטס מויל. [13]און ער האָט אויך
ווידערשפעניקט אָן דעם מלך נבוּכַדנֶצַר וואָס האָט אים באַ-
שוואָרן ביי גאָט; און ער האָט שטייף געמאַכט זיין נאַקן, און
האַרט געמאַכט זיין האַרץ, זיך ניט אומצוקערן צו גאָט דעם
האַר פון ישׂראל. [14]אויך אַלע האַרן פון די כֹּהנים און פון
פאָלק האָבן געפעלשט אַ גרויס פעלשונג, אַזוי ווי אַלע
אומווערדיקייטן פון די פעלקער, און זיי האָבן פאַראומ-
רייניקט דאָס הויז פון גאָט וואָס ער האָט געהייליקט אין
ירושָלַיִם. [15]און גאָט דער האַר פון זייערע עלטערן האָט
געשיקט צו זיי דורך זיינע שלוחים, נאָכאַנאַנד געשיקט,
וואָרום ער האָט זיך דערבאַרימט אויף זיין פאָלק און אויף
זיין וווינונג. [16]אָבער זיי פלעגן שפעטן פון די שלוחים פון
גאָט, און פאַראַכטן זיינע ווערטער, און זיך לוסטיק מאַכן

איבער זיינע נביאים, ביז דער גרימצאָרן פון גאָט איז אויפ־
געגאַנגען אַקעגן זיין פאָלק, אַז קיין תּרופה איז מער ניט
געווען. [17]און ער האָט אַרויפגעבראַכט אויף זיי דעם מלך
פון די כַּשׂדים, וואָס האָט געהרגעט זייערע יונגע לייט מיטן
שווערד אין זייער בֵּית־מִקדָש, און האָט זיך ניט דערבאַרימט
אויף אַ בָּחור אָדער אַ מיידל, אַ זקן אָדער אַ גרייז; אַלעמען
האָט ער געגעבן אין זיין האַנט. [18]און אַלע כּלים פון גאָטס
הויז, די גרויסע אַזוי ווי די קליינע, און די אוצרות פון גאָטס
הויז, און די אוצרות פון מלך און זיינע האַרן, אַלץ האָט
ער געבראַכט קיין בָּבֶל. [19]און זיי האָבן פאַרברענט דאָס
הויז פון גאָט, און איינגעוואָרפן די מויער פון ירושָלַיִם, און
אַלע אירע פּאַלאַצן האָבן זיי פאַרברענט אין פייער, און
אַלע אירע גלוסטיקע כּלים האָבן זיי צעשטערט. [20]און די
וואָס זיינען געבליבן פון שווערד האָט ער פאַרטריבן קיין
בָּבֶל, און זיי זיינען געוואָרן צו אים און צו זיינע זין פאַר
קנעכט ביז דער מלוכה פון מַלכות פָּרַס; [21]כּדי צו דערפילן
דאָס וואָרט פון גאָט דורך יִרמְיָהוס מויל: ביז די ערד וועט
אָפּצאָלן אירע [ניט געהאַלטענע] שבתים; אַלע טעג פון
איר וויסט זיין האָט זי געהאַלטן שבת, ביז צו דערפילן
זיבעציק יאָר.

[22]און אין ערשטן יאָר פון כּוֹרֶשׁ דעם מלך פון פָּרַס, אַז
עס איז אויסגעפירט געוואָרן דאָס וואָרט פון גאָט דורך
יִרמְיָהוס מויל, האָט גאָט דערוועקט דעם גייסט פון כּוֹרֶשׁ
דעם מלך פון פָּרַס, און ער האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויסרוף
אין זיין גאַנצן קיניגרייך, און אויך דורך אַ געשריפט, אַזוי
צו זאָגן: [23]אַזוי האָט געזאָגט כּוֹרֶשׁ דער מלך פון פָּרַס:
אַלע קיניגרייכן פון דער ערד האָט מיר געגעבן יהוה דער
גאָט פון די הימלען; און ער האָט מיר באַפוילן אים צו בויען

אַ הויז אין ירושָלַיִם וואָס אין יהודה; ווער עס איז דאָ צווישן
אַייך פון זיין גאַנצן פאָלק, זאָל יהוה זיין גאָט זיין מיט אים,
און זאָל ער אַרויפגיין.